דיא אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק.

# דיא קולטורגעשיכטע

## דער מענש און זיין אַרבייט

זייט ער האָט זיך בעוויזען אויף דער ערד
ביז אונזער צייט.

צוזאַמענגעשטעלט נאָך פיעלע וויסענשאַפטליכע ווערק איבער דעם
לעבען און פיהרונגען פון מענשען אין אַלע צייטען און לענדער.
מיט פיעלע ערקלערענדע צייכנונגען.

— פון —

## פיליפּ קראַנץ

צווייטער באַנד.

פינפטע אויפלאַגע.

ארויסגעגעבען פון
א. מ. יעוואַלענקאָ, ניו יאָרק.

### צווייטער באנד.

# געזעלשאפטליכע קולטור:

## פאמיליען, אייגענטהום, שטאאטען, געריכטען.

---

## אינהאלטס פערצייכניס.



---

# ערשטער קאפיטעל.

## דיא געזעלשאַפטליכע זייט פון מענשען.

איבער נאַכפאָרשונגען און זייערע מעטהאָדען. — דיא נאַטירליכקייט פון דיא פערטהיילונגען פון דער אַלגעמיינער קולטור־ארבייט. — דער העערדען־געפיהל און זיינע אורזאַכען. — דיא אָרגאַניזאַציאָן פון ביהנען. — דיא גרופּירונג פון סטאַדעס. — דאָס פאַמיליען־לעבען ביי חיות. — דיא ערשטע מענשליכע פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָנען. — מאַטריאַרכאַט און פאַטריאַרכאַט אין זייער פערבינדונג מיט אַקערבוי און פיהפיטערונג.

---

וויא ריכטיג עס איז, אז די ערשטע זאָרג פון מענשען איז געוועזן צו שאַפען זיך שפּייז, איז עס אבער ניט ווייניגער ריכטיג, אז דערמיט אליין האט זיך ניט געענדיגט זייער טהעטיגקייט, ווען זיי האבען נאך אפילו געקלעטערט אויף ביימער, ווי אפען. דער מענש איז אימער געוועזן א שכלידיגע חיה, און אין דער צייט, ווען ער האָט אָנגעשטרענגט זיינע פיזישע קרעפטען צו בעפרידיגען זיינע נאטירליכע בעדירפניסע, האט ער אויך געארבייט מיט'ן קאָפּ און אנגעווענדעט זיין גייסטיגע קראפט, אום דאָס לייכטער און בעסער אייסצופיהרען.ביידע קרעפטע ווירקען שטענדיג צוזאמען, און מען קען זיי ניט אָפּזונדערן. דאָס, וואָס מיר רופען גוף און נשמה, איז שליסליך איין אָרגאַניזם, און דיא האַנדלונגען

פון מענשען זיינען שטענדיג דער רעזולטאט פון זעהר פיעלע און צוזאַמענגעפלאָנטערטע אָרגאַנישע בעוועגונגען. דיא פערטהיילונגען און צערגלידערונגען, וואָס מיר מאַכען ביי אונזערע נאַכפאַרשונגען, זיינען נור קינסטליכע אדער, ריכטיגער, *אַבסטראַקטע*, ד. ה. אין דיא גדאַנקען, דאָס טוען מיר נאָר, אום צו ערלייכטערן אונזער נאַכפאָרשונג, אום ריכטיגער צו פערשטיין דיא אורזאַכען און דיא רעזולטאַטען פון אלעס, וואָס רינגעלט אונז ארום. מיר בענוצען זיך דאָ מיט דיא פעהיגקייט פון אונזער גייסט זיך פאָרצושטעלען זאכען ניט וויא זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט, נאר וויא זיי *וואָלטען געקענט זיין אונטער בעשטימטע בעדינגונגען*. און ווען ניט דיזע פעהיגקייט אונזערע צו אַבסטראַגירען אדער זיך צו בילדען זאַכען אין דיא גדאַנקען, וואָלטען מיר איינפאַך קיינע וויסענשאַפטען געהאַט.

דאָ איז ניט דער אָרט זיך אַריינצולאָזען אין בעטראַכטונגען, וויא מיר דיינקען, ווי אזוי מיר בילדען זיך בעגריפע, ווי אזוי מיר ציהען שליסע און אויך וועלכע מעטהאָדען מיר ווענדען אָן אין וויסענשאַפטליכע נאַכפאָרשונגען, דען מיר שרייבען דאך ניט א בוך איבער לאָגיק; אבער עס וועט ניט זיין איבריג זיך אבצושטעלען א ביסעל, אָבצושטעלען אויף דעם מעטהאָד, אָן וועלכען מיר האַלטען זיך אין אונזער קולטור געשיכטע. דיזער מעטהאָד איז דער *אַנאַליטישער*, דאָס הייסט: דער צערגלידערנדער אין פערבינדונג מיט דעם זאָ־גענאַנטען *היסטאָריש־פערגלייכענדען* מעטהאָד (דאָס הייסט: געפינען עהנליכקייט אין דיא אויפטואונגען, מנהגים א. ז. וו. ביי פערשיעדענע פעלקער אין פערשיעדענע צייטען). מיר פערשטייען און וויסען, אַז דיא קולטור איז אַ רעזולטאַט פון זעהר פיעלע אורזאַכען און אז מיר מוזען זיי אלע אין בעטראַכט נעהמען, אום צו ציהען ריכטיגע שליסע און אום ניט אָבצו־ווייכען פון דער ווירקליכקייט. מיר מוזען זיך רעכנען מיט אלע פאַקטען און מיט אלע פאַסירונגען אין דער קולטור־געשיכטע; נאר אזוי וויא זייער צאָהל איז אונגעהייער גרויס, פערשיעדען און אָפט איינפאַך ווידערשפּרעכענד, זאָ וועלען מיר צו קיין טאָלק ניט קומען, ווען מיר זאָלען זיי ניט *סאָרטירען* און *פערגלייכען* נאך געוויסע סמנים און אומשטענדען. מיר סטאַרען זיך אלץ מעה״ר צו צערגלידערן דאָס גאַנצע אויף זיינע בעשטאַנד־

טהיילען, הגם מיר ווייסען, אז דיזע בעשטאנדטהיילע האָבען קיין מאָל ניט עקזיסטירט בעזונדער און קענען אויך בעזונדער ניט עקזיסטירען. דערביי בעמערקען מיר, וועלכע פון זיי זיינען וויכטיגער און נויטווענדיגער פאַר דאָס גאַנצע, און פון זיי פאַנגען מיר צוערשט אָן אונזער נאָכפאָרשונג. אום ריכטיג צו פערשטיין א געוויסען מעכאַניזם—לאָמיר זאָגען: א זייגער— מוזען מיר פאַנאַנדערנעהמען אַלע זיינע טהיילען, און דאָן וועלען מיר אויך אויסגעפינען, וועלכע פון זיי זיינען נייטיג פיר דיא בעוועגונג זעלבסט, וועלכע דיענען פיר בעשטימטע בעוועגונגען און וועלכע איינפאַך פיר שיינ־ קייט. אויספאָרשענדיג און אַנאַליזירענדיג יעדען טהייל, קענען מיר שוין נאָכהער אַלעס צוזאַמענשטעלען אין אָרדנונג און ווידער קריגען דאָס גאַנצע.

אין דעם פאַל מיט דעם זייגער איז אבער דיא צערגלידערונג אדער אנאליז און דיא צוזאַמענשטעלונג אדער סינטהעזא לייכטע און איינפאַכע אַרבייט, דען דיא טהיילען ענדערן זיך דערביי ניט, זיינען בעזונדערע זאַכען, וואָס עקזיסטירען פאַר זיך, וויא מען זאָל זיי ניט לייגען און צוזאַמענשטעלען. דיא רעדעלע פון א זייגער בלייבט אַלע מאָל א רעדעלע; נור אום דער זייגער זאָל קענען גיין, מוז מען איהר אַוועקשטעלען אויף איהר בעשטימטען פּלאַטץ אין דעם גאַנצען מעכאַניזמוס. גאַנץ אנדערש וואָלט עס אָבער געוועזען, ווען יעדע רעדעלע און יעדער שרייפעל פון זייגער וואָלט געוועזען צוזאַמענגעבונדען, צוזאַמענגעשמאָלצען אדער צוזאַמענגעוואַק־ סען, אז מען וואָלט ניט געקענט ארויסנעהמען איינע אָהן דערביי צו שעדיגען, אומענדערן אָדער איינפאַך צו צערשטערן דיא אנדערע. דאָן וואָלט מען שוין געמוזט זוכען פערשיעדענע מיטעל, ווי אזוי צו דערגרייכען און צו בעגרייפען מיט'ן שכל דיא ווירקונג און דיא ראָלע פון יעדע פון זיי, איבערלאזענדיג דאָס גאַנצע וויא עס איז. אזא אנאַליז איז שוין ניט איינפאַך, נאר זעהר פערשיעדען און קאָמפּליצירט. אויף יעדען שריט טרעפט מען אָן שוויריגקייט און אָבצאַמונגען, וועלכע מען מוז ארומגיין מיט'ן שכל, דאָס הייסט: זיך פאָרצושטעלען אָהן דיזע נאַטירליכע אָבצאַמונגען און פערבינדונגען און צו דערגרייכען מיט'ן געדאַנקען צו דעם גרונד פון

דער זאך, וואָס מען וויל אַנאַליזירען, צו איהר ריכטיגער ספּרונגדזינע, וויא פערבאָרגען זיא זאָל ניט זיין. נאר וויא שווער עס איז ניט דער אַנאַליז פון אזעלכע צוזאַמענגעפלאָכטענע אדער קאָמפּליצירטע זאכען, איז זייער צוזאמענשטעלונג אדער סינטהעז ניט דער ערך נאָך שווערער און ניט זעלטען גאַנץ אונמעגליך.

און אזעלכע קאמפּליצירטע זאכען זיינען ניט נאר אלע אָרגאַ־ניזמען, פון דעם מיקראָב, וואס מען קען נאר דערזעהען דורך א שטאַרקע פערגרעסערונגס־גלאָז, ביז דעם מענש; זאָנדערן אויך אלע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען. יעדער שריט אויף דעם קולטור־וועג איז אזוי אָבהענגיג פון אזוי פיעל פערשיע־דענע ווירקונגען און אורזאכען, דאס עס איז זעהר שווער צו בעשטי־מען דעם אָנפאַנג און צו ענטדעקען דיא שפּורען. אויסער צופעלע, מיט וועלכע מען מוז זיך אויך רעכנען אין דער געשיכטע פון פעל־קער אזוי גוט וויא פון איינצעלנע פּערזאָנען, ווירקען אויף דיא ענטוויקלונג פון א פאָלק דער קלימאַט, דער אויסזעהען, דיא פּרוכט־באַרקייט, דיא וואַסערן א. ז. וו. פון דער געגענד, וואו עס קומט דעם פאָלק אוים צו פערבלייבען; דיא נאכבארשאַפט פון אנדערע פעלקער, דיא צוזאַמענמישונגען מיט פרעמדע, א. ז. וו. וויא מיר האָבען שוין ניט איין מאָל געהאט דיא געלעגענהייט צו זעהען אין דיא פאָריגע קאַפּיטעלך, האָט דאָס אלעס צוזאמען ארויסגערופען געוויסע רעזולטאַטען, און איין זאך האט נויטווענדיגער ווייזע מיטגע־שלעפּט דיא אַנדערע; אבער אום צו בעשטימען מיט מעהר אדער ווייניגער זיכערהייט, וועלכע רעדעלע אין דיזען ריזיגען און קאָמפּלי־צירטען קולטור־מעכאַניזמוס האָט פריהער אָדער שטאַרקער געווירקט אויף דעם רעזולטאַט, מוזען מיר איהר זעהען אָפּצוזונדערן אין אונזערע נאכפאָרשונגען און בעטראַכטען איהר אין אונזערע גע־דאַנקען זעלבסטשטענדיג. יעדען פאַקט וועגען דיא אויפטואונגען פון דיא פאַרצייטיגע מענשען און וועגען דעם לעבען פון דיא היינטיגע ווילדע מענשען מוזען מיר צוערשט גוט בעטראַכטען פון אלע זייטען, איהם ריכטיג אַנאַליזירען, וויא ווייט ער שטימט מיט דיא אומ־שטענדען; נאכהער זוכען עהנליכע צו איהם, פערגלייכען, געפינען, וויא

וויט מעגליך, זייער צוזאַמענהאַנג און צולעצט זיי סאָרטירען אדער *קלאַסיפיצירען* אין אָבטהיילונגען, אין א געוויסע אָרדנונג.

אָט אזוי אַנאַליזירענדיג און פערגלייכענדיג, זוכענדיג אריינצודרינגען מיט אונזער גייסטיגע אויג אין דעם תוך פון יעדע זאַך, ענטדעקען מיר דיא פערבאָרגענסטע סודות פון דער נאַטור און קענען אויך אָנצייגען דעם וועג, וואָס מענשען זיינען דורכגעגאַנגען פון אָנפאַנג ביז יעצט. נאָר נעהמענדיג איין זאַך אין בעטראַכט און אָפּזונדערנדיג איהר אין אונזער גייסט פון אַנדערע זאַכען, וויא ענג און אָרגאַניש זיי זיינען מיט איהר ניט פערבונדען, דאַרפען מיר דאָך ניט פערגעסען דיזען צוזאַמענהאַנג און דיא רעזולטאַטען דערפון, און צוגלייך דאַרפען מיר אויך זיך אָנשטרענגען, אום נאַכהער *צוזאַמענצושטעלען* דיא אָבגעזונדערטע טהיילען אלס *איין גאַנצעס*, וויא זיי זיינען טאַקע אין אמת'ן. דאַן ערשט קענען מיר האָבען א ריכטיגען בילד פון דעם גאַנצען אין אונזער מוח.

אין אונזערע קולטור־געשיכטליכע נאַכפאָרשונגען האָבען מיר זיך געהאַלטען און וועלען זיך האַלטען אָן דיזען שטרענג־וויסענשאַפטליכען מעטאָד. זאָנסט וואָלט עס ניט געווען א קולטור־געשיכטע, וועלכע צייגט אויף שטענדיגע ענטוויקלונג און פאָרטשריט, נאָר א זאַמלונג פון בעשרייבונגען און מעשות אָהן צוזאַמענהאַנג און נוצען. דיא קולטור־געשיכטע קען מען פערגלייכען צו א קייט, וואָס איהרע רינגען זיינען ניט נאָר צו־וואָרפען, איבערגעריסען, זאָנדערן אויך צוזאַמענגעפלאָכטען אָדער צוזאַמענגעשמאָלצען פון פערשיעדענע דראָטען. צו בעשטימען צוערשט, פון וועלכע דראָטען יעדער רינג איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען, און נאַכהער צוזאַמענצובינדען אי׳ איין גאַנצע קייט דיזע רינגען אין זייער נאַטירליכער ·ורוים און רייהע וויא זיי האָבען אויסגעזעהען און געפאָלגט איינער נאָך דעם אַנדערן אין דיא פערגאַנגענע צייטען — דאָס איז אונזער צוועק. אין דיא פאָריגע קאַפּיטלעך האָבען מיר שוין אויסגעפונען און אַנאַליזירט פיעלע דראָטען פון פערשיעדענע רינגען, אבער אַנדערע דראָטען האָבען מיר אפילו ניט אָנגעריהרט, אום זיך ניט צוזאַמענצופּלאָנטערן. מיר האָבען נעמליך צוערשט בעטראַכט דעם מענש אלס א'ן

איינצעלנע פערזאָן, אדער וויא מען זאָגט אויף דעם וויסענשאפטליכען לשון, אינדיווידום, הגם מיר האָבען געוואוסט, אז אין גאנצען אָפגעזונדערט איז ער קיין מאָל ניט געווען. דער מענש איז פון דער נאטור א געזעלשאפטליכע חיה און האָט שטענדיג געלעבט אין קאָמפאניעס, אין גרופען. נור אין אונזערע געדאנקען קענען מיר איהם אָבטהיילען פון אנדערע. נאטירליך, איינער האָט א מאָל געקענט פערבלאָנדזען אין דיא וועלדער און פערבלייבען ווירקליך גאנץ אליין, אבער דאָס איז נור געווען א צופאל און האָט אזוי ווייניג צו טהאָן געהאט מיט דער קולטור־ארבייט, וויא דער צופעליגער טויט פון איין אנדערן. אין אלגעמיין האָבען מענשען געלעבט צוזאמען און אויך געמוזט צוליעב בעסערע בעשיצונג צוזאמען לעבען, וויינינגסטענס אין פאמיליעס ווען זיי האָבען זיך צוערשט בעוויזען אויף דער ערד. פאלגליך האָבען זיי, אויסער שפייז, געמוזט אויך זאָרגען וועגען אנדערע זאכען וועלכע זיינען ענג פערבונדען מיט דיזע צוזאמענלעבונגען.

נאר ווען מען בעטראכטעט מענשען אלס א זאמלונג פון איינצעלנע פערזאָנען, אָהן שום געזעלשאפטליכע פערבינדונג, זאָ האָבען זיי קיין אנדער בעדירפנים און שטרעבונג, וויא בלויז צו ערנעהרען זיך און צו געפינען מיטעל, וויא אזוי לייכטער און בעסער צו קריגען שפייז. דיזע מיטעל זיינען געוויינליך אויסגעפונען געוואָרען דורך דיא צוזאמענווירקונג און פערקעהר צווישען פיעלע, אלזאָ דורך געזעלשאפטליכע אורזאכען, אָבער דאס האבען מיר נאך אין אכט ניט גענומען, ווייל דאס וואָלט אונז נאר אראָבגעפיהרט פון גלייכען וועג און צוזאמענגעפלאָנטערט דיא דראָטען פון דיא רינגען אין דער קולטור־קייט. און נאכפאָרשענדיג דעם מענשען שריט ביי שריט אין זיין גאנג פאָרווערטס צו שאפען זיך שפייז און איבערהויפט א בעסערן מאטעריעלען לעבען, אזוי וויא ער וואָלט געווען א'ן אָפגעזונדערטע חיה און וועגען קיינע אנדערע זאכען גאָר קיין מאָל ניט געדיינקט, זיינען מיר צוגעקומען ביז צו דיא געשיכטליכע צייט, ווען, מיר ווייסען, מענשען זיינען שוין געווען אָרגאניזירט אין מעכטיגע שטאאטען און זיינען שוין אין זייער גייס־

טיגע ענטוויקלונג דערגאנגען צו ענטוויקעלטע רעליגיאָנען, שריפטען און פיליזאָפיען. מיר האָבען דיא גאנצע צייט געמאכט אבסטראקציאָנען וועגען דיא נאטור פון מענשען, דאס הייסט: זיך פאָרגעשטעלט זיי אלס בעשעפעניסען, וואָס לעבען יעדער פאר זיך און זאָרגען נור וועגען זייער, פראָסט גערעט, קישקע, אבער דערמיט איז פון דעסטוועגען דיא ריכטיגקייט פון אונזערע אויספיהרונגען וועגען דיא שטורפענווייזע ענטוויקלונג פון דער מאטעריעלער קולטור (ערנעהרונג, קליידונג, וואהנונגען און דיא מיטעל און אינסטרומענטען דערצו) אויף א האָר ניט אָבגעשוואכט געוואָרען; דען אויסער דעם, וואָס מיר האָבען דאָך קיין זאך ניט אויסגעטראכט און זיך נור געשטיצט אויף אונבעשטרייטבארע פאקטען, וועלכע ענדערן זיך דאָך ניט, וויא מיר זאָלען זיי ניט סאָרטירען און אין וואָס פאר א'ן אָרדנונג און רייהע מיר זאָלען זיי ניט שטעלען (א מעסער, צום ביישפיעל, בלייבט דאָך א מעסער, וואס מיר זאָלען מיט איהם ניט שניידען און וויא מיר זאָלען איהם ניט אוועקלייגען) — אויסער דעם האָבען מיר דאָך דערביי אין *זינען* *געהאט*, אז דיא מענשען זיינען דערביי געווען אויף אירגענד וועלכער ווייזע *פערבונדען* צוזאמען און האָבען אָנגעשטרענגט זייער *גייסטיגע* קראפט ביי יעדען שריט אויף דעם ענטוויקלונגס־לייטער.

יעצט בלייבט אונז אויסצוגעפינען דיזע דראָטען אין דיא רינגען פון דער קולטור־קייט און בעשטימען זייערע פלעכטונגען און ווירקונגען אין פערשיעדענע צייטען. מיר וועלען אבער ווידער מאכען א'ן אבסטראקציאָן, און נעמליך: בעטראכטען דערווייל דעם מענש אלס א *געזעלשאפטליכע* בעשעפענים, לאָזענדיג אויף שפעטער דיא נאכפאָרשונג פון זיין גלייכצייטיגע *גייסטיגע* ארבייט. דיזע נייע אַבסטראקטע צערגלידערונג פון מענשען איז ניט בלויז נייטיג צו ערלייכטערן אונזער נאכפאָרשונג און ניט צו פערפלאָנטערן זיך אין זייטיגע וועגען, ריסקירענדיג דערביי צו פערלירען דיא פונקטען און די פערקניפלונגען פון דיא דראָטען אין דעם רינג; זאָנדערן זיא איז אויך *נאטירליכערווייזע* *ריכטיג*, דען עס פערשטייט זיך פון זעלבסט, אז דער ערשטער מענש האָט

פריהער אָנגעפאנגען צו פערבינדען זיך מיט אנדערע, וויא צו פילאָזאָפירען וועגען דיא נאטור און זיך אויסטראכטען שפראכען און שריפטען. דיא גייסטיגע קראפט פון מענשען האָט זיך שטענדיג ארויסגעוויזען; אבער דיא פראגע איז, *אויף וואָס* זיא ווערט *פריהער* אנגעווענדעט: אויף דיא בעפרידיגונג פון זיינע *אייגענע* בעדירפניסע אלס איינצעלנע פערזאָן, אויף דיא בעפרידיגונג פון זיינע בעדירפניסע אלס א מיטגליעד פון א געוויסע גרופע מענשען, אָדער אויף דיא בעפרידיגונג פון זיין ריין־גייסטיגע בעדירפנים צו וויסען וואָס עס טהוט זיך ארום איהם און צו דערגיין דיא סודות פון דער נאטור? נון, מען דארף ניט פיעל קלערען צו ענטפערן דערויף, אז דיא ריין־גייסטיגע ארבייט איז אָנגעווענדעט געוואָרן אין דער אָרדנונג, וויא עס איז געשטעלט אין דער פראגע און וויא מיר פאָרשען עס נאָך אין דער קולטור־געשיכטע. מיר קענען דארום אויך זאָגען, אז דאָס איז ניט בלויז א'ן אבסטראקטע, זאָנדערן אויך א *נאטירליכע אָרדנונג*, הגם ביי אלע ווילדע פעלקער געפינען מיר שוין, אז דיזע אלע בעדירפניסע ווערען *גלייכצייטיג* בעפרידיגט מעהר אָדער ווייניגער, און מיר קענען אויס דעם שליסען, אז אזוי איז עס אויך געוועזן אין דיא גרוי־אלטע ביז־היסטאָרישע צייטען.

אלזאָ, מיר וועלען דאָ יעצט אָנפאנגען אונזער נאכפאָרשונג וועגען דעם מענשען ניט אלס א'ן איינצעלנע פערזאָן, נאר אלס א *טהייל* פון א גרופע, אלס א מיטגליעד פון א *געזעלשאפטליכע אָרגאניזאציאָן*, וויא קליין און שוואך דיזע אָרגאניזאציאָן זאָל ניט זיין. אום אויסצומיידען מעגליכע מיספערשטענדניסע, ווילען מיר גלייך בעמערקען, אז אונטער דעם וואָרט *געזעלשאפט* פערשטייען מיר דאָ *אירגענד וועלכע* פערבינדונג פון איין מענש מיט דעם אנדערן, איינפאך אלס א *היפוך* צו זייער אָבגעזונדערטקייט און איינצעלהייט.

פון *וואָס* אָבער זאָלען מיר אָנפאנגען אונזער נאכפאָרשונג, פון וועלכען פונקט זאָלען מיר דאָ ארויסגיין? לאָמיר זיך ווידער צוערשט ווענדען צו דער הילפע פון אנאליטישען מעטאָד.

צערגלידערנדיג אין אונזערע געדאנקען דיא אלע אונז בעקאנטע געזעלשאפטליכע פערבינדונגען ניט נאר אונטער מענשען, זאָנדערן אויך אונטער חיות, און גרינדליך נאכפאָרשענדיג יעדע פון זייערע טהיילען, קומען מיר און מוזען אויך קומען צום שלוס, אז דיא ערשטע ווירקליך דויערנדע און פעסטע פערבינדונג איז אימער געווען צווישען דיא מוטער און איהרע קינדער. נאטירליך דער געשלעכטליכער פערקעהר איז שטענדיג אָנגעגאנגען אונטער מענשען, זויא אונטער אלע אָרגאנישע בעשעפעניסען; אָבער פון אזא פערקעהר ביז אזא פערבינדונג צווישען א מאַן מיט א פרוי, וויא מיר פערשטייען עס יעצט אונטער דעם וואָרט הייראטה, איז אזוי וויט, וויא פון א נידריגע חיה, וואָס דארף גאָר ניט אויפפאסען אויף דיא ניי־געבאָרענע, צום ביישפיעל, א פיש, ביז צו א ציוויליזירטען מענש. איידער מענער האָבען זיך אָנגעפאנגען מעהר אדער ווייניגער צוצובינדען צו פרויען און צו זייערע קינדער זיינען פאָריבער ווער ווייסט וויא פיעל יאהרען, וויא מיר וועלען עס לערנען אויס דיא מערקווירדיגע קולטור־געשיכטליכע פאקטען, וועלכע מיר וועלען ווייטער בריינגען. דיא פערבינדונג פון דער מוטער מיט איהרע קינדער איז אָבער ניט נאָר א פאקט, וואָס ווערט אויך בעשטעטיגט אויס דעם לעבען פון פיעלע סאָרטען חיות, זאָנדערן זיא האָט איינפאך געמוזט צו יעדער צייט עקזיסטירען, אום אָנצוהאלטען דעם מענשליכען געשלעכט, דען קינדער פאָדערן לאנגיעהריגע אויפפאסונג און, וויא מיר וועלען עס ווייטער זעהען, מוזען פרויען אין ווילדען צושטאנד קאָרמענען זייערע קינדער מיט זייער אייגענע מילך גאנצע פיער יאָהר.

איבערהויפט בעמערקען מיר, אז וואָס לענגער און זאָרגפעלטיגער חיות מוזען אויפפאסען אויף זייערע ניי־געבאָרענע, אלץ מעהר און שטארקער איז ביי זיי ענטוויקעלט דיא נייגונג צו געפינען זיך צוזאמען אין סטאדעס, און קאָמפאניעס. אזעלכע חיות האָבען וואָס מען רופט א העערדען (סטאדע)־געפיהל, ד. ה. א געפיהל ניט צו פערבלייבען אליין, אָבגעזונדערט, נאר צו זיין צוזאמען אין א קאָמפאניע און צו שלעפען זיך איינע נאָך דיא אנדערע

און זאָגאר נאָך אָנפיהרער. דיא חיות אָבער, וויא פיש און שלאַנ־
גען, וואָס ענטוויקלען זיך גאַנץ זעלבסטשטענדיג פון די אייעלעך און
געפינען גלייך שפּייז אָהן שום הילפע פון דיא עלטערן, בילדען שוין
קיינע פערבינדונגען אפילו ווען זיי קלייבען זיך אין געוויסע צייטען
צוזאַמען אויף איין אָרט. דורך דעם, וואָס זיי לייגען מאַסען אייער,
זיינען זיי פאַרסטראַכירט פון פערניכטונג, און הגם זעהר פיעל איי־
עלעך גייען פערלאָרען, בלייבט דאָך אַלץ גענוג פיר וויטערע פער־
מעהרונג. און זאָגאר ביי פליגען אָדער, ריכטיגער, אינזעקטען, גע־
פינט מען, דאָס דיא יעניגע פון זיי, וואס קריגען גלייך שפּייז אליין,
וויא זיי ווערען נור געבאָרען, האבען קיינע פערבינדונגען צווישען זיך,
וועהרענד ביי אַנדערע, וואָס מוזען שוין שפּייזען און האָדעווען זייערע
נייגעבאָרענע, וויא, צום בייספּיעל, דיא בינען און מוראַש׳עס, עק־
זיסטירעןווירקליך וואונדערבאַרע אָרגאַניזאַציאָנען. דיא הילפלאָזיג־
קייט פון דיא נייגעבאָרענע האָט דאָ, וויא אין אלע אזעלכע פעלע,
נעפיהרט צו א געוויסע *פלאַנמעסיגע* גרופּירונג אָדער אָרגאַני־
זאַציאָן, וואס איהר צענטער איז דיא *מוטער*. דיא הערשערין אין
דער מערקווירדיגער בינען־מלוכה איז דיא אייערלייגענדע נקבה, און
דיא גאַנצע זאָרג וועגען שפּייז טראָגען דיא איבריגע נקבות, וועה־
רענד דיא זכרים זיינען איינפאַך ליידיג־גייערס און אומזיסטע פרעסער.
ביי בינען עקזיסטירט שוין אויך א פערטהיילונג פון ארבייט,
און נאָך מעהר ביי דיא אמייזען (מוראַשקעס); אבער אין סטאַדעס
פון פיעלע העכערע חיות, זאָגאר ביי בהמות, געפינען מיר שוין גאָר
ניט אַזאַ אַרבייטס־פערטהיילונג, און דיא גרופּירונג איז אויך פון
א׳ן אַנדער אַרט. דער אָנפאַנג איז ווידער דיא מוטער מיט איה־
רע קינדער; אָבער זייער פערבינדונג דויערט אָפט נאר ביז דיא ניי־
געבאָרענע ווערען דערוואַקסען, און די גאַנצע סטאַדע ווערט שוין
אָנגעפיהרט פון דעם שטאַרקסטען און ערפאַהרענסטען *זכר*. דיא
גרופּירונג, וואו דיא מוטער פערבלייבט דער צענטער, איז פון דער
נאַטור זעלבסט בעשרענקט, דען זיא בעציהט זיך אויף א בעשטימ־
טע צאָהל קינדער און דאָס אויך זאָלאַנג זיי זיינען נאָך קליין און
שוואַך; אָבער טהיילווייז אוים געוואָהנהייט און מייסטענס אוים עק־

זיסטענץ־פערזיכערונג האַלטען זיי זיך שוין אויף צוזאַמען, ווען עס
קומען צו נייע מוטערס מיט נייע קינדער, און עס ענטשטעהט אַזוי
א גאַנצע סטאַדע, וואָס שלעפּט זיך בעוואוסטלאָז נאָך דיא שטאַרק־
סטע און מוטהיגסטע, אום זיך בעסער אָנצוהאַלטען אין דעם קאַמפּף
אומס דאַזיין. מיט דער צייט ווערט דיזער העערדען־געפיהל אַלץ
שטאַרקער אייגגעוואָרצעלט, און דער שטאַרקסטער און ערפאַהרענ־
סטער זכר ווערט דער נאַטירליכער פיהרער פון גאַנץ גרויסע סטאַ־
דעס. אַזעלכע גרופּירונגען אונטער דער אָנפיהרונג פון זכרים קענען
אַלץ גרעסער ווערן. וועגען דיא היענעס (אַזעלכע רויבטהיערען אין
אַפריקאַ) דערציילט מען, אַז זיי מאַכען אָנפאַלונגען אין א מערקוויר־
דיגער אָרדנונג און אין גרויסע צאָהלען אונטער דער לייטונג פון
איין זכר. מערקווירדיג איז אויך דערביי, דאָס ביי מאַנכע חיות זיינע
ענטשטאַנען בעזונדערע סטאַדעס פון נקבות מיט דיא יונגע חיות
און בעזונדערע סטאַדעס פון דערוואַקסענע זכרים, וויא יעגערס וויי־
סען עס גאַנץ גוט.

ביי איינינע סאָרטען חיות, בעזאָנדערס ביי פייגלעך, נעהמט
אויף דער זכר אַנטהייל אין האָדעווען דיא נײ־געבאָרענע, און דער־
פון זיינען שוין אַרויסגעקומען נעהענטערע פערבינדונגען צווישען דיא
זכרים און נקבות, נעמליך: פּ אָ אָ ר ע ן. דער געניאַלער נאַטורפאָר־
שער ד אַ ר ו ו י ן האָט שוין אָנגעצייגט, אַז חיות זיינען גאָר ניט אַזוי
גלייכגילטיג אין זייער געשלעכטליכע בענעהמונג, וויא מען קען עס
דיינקען. ער האָט בעוויזען, אַז זייערע געשלעכטליכע בעציהונגען
זיינען אַזוי פעסט און פּלאַנמעסיג, דאָס מען קען אָננעהמען, אַז דאָס
איז ווייניגסטענס דער אָנפאַנג פון א פאַמיליען־לעבען. אַנדערע נאַ־
טורפאָרשער האָבען אויסגעפונען נאָך בעווייזע דערצו, נאר מיר קענען
זיך דאָ ניט אָפּשטעלען דערויף, דען עס וועט אונז אַוועקפיהרען
צו ווייט פון אונזער ענין.

געפינענדיג, דאָס מאַנכע סאָרטען חיות לעבען פּאָרענווייז און
פיהרען, קען מען זאָגען, אַ׳ן אַנשטענדיגען פאַמיליען־לעבען, וואָלט
מען געקענט מיינען, אַז מענשען האָבען געוויס גלייך פון אָנפאַנג
געפיהרט א מעהר אדער ווייניגער אָרגאַניזירטען פאַמיליען־לעבען, וואו

וויינינגסטענס דער פאָטער האָט שוין עטוואָס געזאָרגט וועגען זיינע קינדער. דיא פאַקטען פון דער קולטור געשיכטע ציינען אָבער עט־וואָס גאַנץ אַנדערעס. נאָך מיט א יאָהר דרייסיג צוריק האָבען אפילו גרויסע געלעהרטע געמיינט, אז דיא פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן פון דיא פאָרצייטיגע מענשען איז געווען מעהר אדער וויינינגער עהנ־ליך צו אונזערע און יעדענפאַלס צו דיא, וועלכע ווערט געשילדערט אין דער ביבעל און וועלכע האָט זיך ענטוויקעלט ביי דיא ציוויליזירטע פעלקער פון דער אַלטער צייט, ספּעציעל ביי אידען, גריכען און רוימער; און נעמליך: אז דער מאַן האָט געהאַט איינע אָדער מעהרערע פרויען, אָבער איז געווען דער פאָלשטענדיגער הערשער איבער דיא פרויען און דיא קינדער. אזא מין פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן הייסט דיא פּאַטריאַרכאַלישע פון דיא גריכישע ווערטער: פּאַטריא — פאַמיליע און ארקעין — הערשער, אָדער דיא פאַ־טערליכע. מען האָט אזוי שטאַרק געגלויבט, אז אימער האָבען נאר עקזיסטירט פּאַטריאַרכאַלישע פאַמיליען, דאָס מען האָט איינפאַך געלייקענט אדער אין אכט ניט גענומען די פאַקטען פון אַלטע גרי־כישע און רוימישע שרייבערס און פון רייזענדע צווישען דיא יעצטיגע ווילדע פעלקער, אז עס זיינען געווען און נאָך פערבליבען א סך פעלקער, וואו דיא פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן איז גאָר געווען א מאַט־ריאַרכאַלישע אָדער מוטערליכע. דיא בעריהמטע בעשרייבונג פון הערָאָדאָטוס, דעם אַלט־גריכישען רייזענדען און פאָטער פון געשיכטע, אז א געוויסער פאָלק מיט דעם נאָמען ליקיער האָט געפיהרט דיא פאַמיליען־רעכנונג נאָך דיא מוטערס און אז דיא קינ־דער האָבען געהערט צו דיא מוטערס, האָט מען איינפאַך געהאַל־טען פאַר א באָבע־מעשה.

אין דיא לעצטע צוואַנציג יאָהר האָט מען אָבער געמאַכט א זעלבע גרינדליכע נאַכפאָרשונגען וועגען דיא ענטשטעהונג פון פאַמי־ליען, דאָס דיא אַלטע מיינונג איז אין גאַנצען פערוואָרפען געוואָרן און דאָס מען אנערקענט שוין אין דער וויסענשאַפט, אז אין דער גאַנצער וועלט האָבען צוערשט עקזיסטירט מאַטריאַרכאַלישע פאַמיליעס מיט א גאַנצע סיסטעם פון פיהרונגען און רעכט, וועלכע

מען בעצייכענט אונטער דיא ווערטער: מ א ט ר י א ר כ א ט און מ ו ט ע ר ־ ר ע כ ט. דיא סיסטעם פון פאטריארכאלישע פאמיליעס מיט דיא פיהרונגען און רעכטע, וועלכע זיינען שוין אונז גוט בעקאנט און וועלכע ווערען בעצייכענט אונטער דיא ווערטער: פ א ט ר י א ר כ א ט און פ אָ ט ע ר ־ ר ע כ ט, איז איינגעפיהרט געוואָרן יאָהרטויזענדע שפעטער. און דאָס אויך ניט אָהן א לאנגען און אָפט ביטערן קאמפף צווישען מענער און פרויען, וויא מיר וועלען עס זעהען ווייטער. אין פיעלע ערטער זיינען נאָך ביז היינט צו טאָג פערבליבען איינפיהרונגען, וואס זיינען געשטיצט אויף דעם אלטען מוטער־רעכט, וויא מיר וועלען עס בעווייזען מיט פאקטען.

אין דיא קאפיטלעך איבער דעם יעגערישען צושטאנד ווען דיא פרויען האָבען אָנגעפאנגען זיך צו בעשעפטיגען מיט אקערבוי און איבער דיא ענטשטעהונג פין פייער איז שוין בעמערקט געוואָרן, אז דאָס האָט געפיהרט צו דער אונאבהייניגקייט און זעלבסטשטענדיגקייט פון דער פרוי און צו דער ענטוויקלונג פון מוטער־רעכט. דאָס איז גאנץ ריכטיג און פערשטענדליך, דען דיא פרוי האָט צוגעשטעלט מיט איהר ארבייט פלאנץ־שפייז און איז אלזאָ געווען עקאָנאָמיש אונאבהייניג; אָבער דיזע עקאָנאָמישע אונאבהייניגקייט איז ניט געווען דיא אורזאכע פוז מוטער־רעכט און יעדענפאלס ניט פון מאטריארכאט, זאָנדערן איינער פון דיא רעזולטאטען פון דיזער פאמיליען־אָרגאניזאציאָן. דיא מוטער האָט אליין געמוזט זאָרגען פיר זיך מיט איהרע קינדער, דען דער פאָטער האָט זיך וועגען דעם אָנפאנגס גאר ניט געקימערט. און ביסלעכווייז, ווען דורך אקערבוי איז איהר ארבייט אלץ פרוכטבארער און וויכטיגער געוואָרן, און דיא פאמיליען־אנגעלעגענהייטען האבען זיך צוגלייך מעהר ענטוויקעלט, האָט דיזע זעלבסטשטענדיגע פרויען־ארבייט נאָר צוגעהאלפען וואָס לענגער אָנצוהאלטען דיא מאטריארכאלישע פאמיליען־אָרגאניזאציאָן מיט אלע איהרע פאָלגען, טראָץ דיא אלץ שטייגענדע אונצופרידענהייט פון דיא מענער מיט דער „הערשאפט פון פרויען". לאנג האָבען דיא מענער געקעמפפט, אום צו ווערן דיא הערשער און צו בעפעסטיגען דעם פאטריארכאט; אָבער זיי האָבען דאָס ערשט געקענט דורכפיהרען, ווען

זיי האָבען, דורך דיא ענטוויקלונג פון פיהטערונג, געקענט שאפען גענוג שפייז פיר זיך און זייערע פאמיליעס און האָבען זיך שוין געקענט מעהר אָדער ווייניגער בעגיין אָהן דיא ריין־עקאָנאָמישע הילפע פון דיא פרויען. דער פיהטערנדער אָדער נאָמאדען צושטאנד כאראקטערי־זירט זיך דארום מיט א גרויסע אומענדרונג אין דער פאמיליען־אָרגאַ־ניזאציאָן, נעמליך מיט דיא צושטערונג פון מאטריארכאט און דיא איינפיהרונג פון פאטריארכאט, וויא דאָס איז שוין געווען אָנגעדייטעט אין דעם קאפיטעל איבער פיה־פיטערונג.

אָט אזוי קניפּעלט זיך דאָס איין קולטור־דראָט מיט דעם אַנ־דערן אין איין רינג; אָט אזוי ווירקט עס איין איינפיהרונג אויף דיא אַנדערע; אָט אזוי ענדערט עס זיך דורך פערשיעדענזייטיגע ווירקונ־גען איין צושטאַנד אין א׳ן אנדערן.

דער פיהפיטערנדער צושטאַנד האָט אויך געפיהרט צו דער ענטוויקלונג פון שקלאווערייִ, פריוואט־אייגענטהום און שטארקע מלוכות אין ענגער פערבינדונג מיט דעם פאָטער־רעכט, וויא עס וועט אין א׳ן אַנדער אָרט בעוויזען ווערן; נאָר דער־ווייל ווילען מיר דאָס אלעס לאָזען אָן א זייט און זיך נעהמען צו א גרינדליכע און אויספיהרליכע נאכפאָרשונג פון דיא ערשטע פאַ־מיליען־אָרגאַניזאציאָנען — מאטריארכאט — א׳ן אָרגאַניזאציאָן, וועלכע עס איז שוין אונז יעצט שווער צו בעגרייפען, הגם אייניגע טהיילען פון איהר עקזיסטירען נאָך יעצט אין פערשיעדענע ערטער.

---

# צווייטער קאַפּיטעל.

## דער אָנפאַנג און דיא ענטוויקלונג פון מוטערליכע פאַמיליען.

דיא נאַטירליכע פערבינדונג פון מוטערס מיט קינדער. — דיא נויט־ווענדיגקייט צו זויגען קינדער פיער־פינף יאָהר און די רעזולטאַטען דערפון. — גרופּירונגען פון פרויען און פון מענער. — מאַטריאַרכאַט ביי פיעלע פעלקער. — פערוואַנדשאַפט און ירושה נאָך דער מוטער־זייט. — אַלטע און נייע הייראַטס־פאָרמען ביי מאַלאַיער פעלקער. — בלוטפערוואַנדשאַפט נור דורך דיא מוטער. — ברודערשאַפט דורך בלוטמישונג. — בלוטפערוואַנדשאַפט אלס גרונד פון מאַטריארכאַט. — פערוואַנדשאַפט־סיסטעמען ביי ווילדע פעלקער. — בלוטש אַנד אין דיא ערשטע מוטערליכע פאַמיליען. — ענד גאַמיע. — פאָליאַנדריע און פּאָליגאַמיע צוזאַמען. — דיא ערמאָרדונג פון מיידלעך אלס א גרונד פון פאָליאַנדריע. — פּאָליאַנדריע און לעווראַט (חליצה) ביי פער־שיעדענע פעלקער. — עקסאָגאַמיע. — דער מנהג צו געבען מענער נדן.

אויב מיר וואָלטען ניט געהאט אונבעשטרייטבארע בעווייזע, אז דיא ערשטע פאָרמע פון פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן איז געווען א מאַט־ריארכאלישע, וואָלטען מיר אויך אזוי בעדארפט דיינקען אויף דעם

גרונד, דאָס דיא ערשטע און נאָך ביז יעצט שטאַרקסטע נאַטירלי־
כע פערבינדונג פון מענשען איז דיא פערבינדונג פון דער מוטער
מיט דיא קינדער. דיא נאַטור אַליין האָט ארויסגערופען און פעסט
בעשטימט דיזע פערבינדונג, אַזוי וויא זיא שאַפט לעבען איבערהויפּט,
און אַלע וויטערע פערבינדונגען האָבען זיך שוין ביסלעכווייז ענטווי־
קעלט און געמוזט ענטוויקלען אויף דיזען פונדאַמענט. דיא מיי־
נונג, אַז דיא פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן איז שטענדיג געווען און האָט
נאָר געקענט זיין א פּאַטריאַרכאַלישע, וויא זיא איז יעצט פערבלי־
בען ביי ציוויליזירטע פעלקער — זעלבסטפערשטענדליך, אין א שטאַרק
פערענדערטער פאָרמע נאָך דיא פאָרדערונגען, זיטען און בעגריפע
פון דער צייט — דיזע מיינונג האָט נאָר געקענט ענטשטיין און אַזוי
אַלגעמיין פערשפּרייטעט ווערן, ווייל מיר זיינען שוין אַזוי צוגעוויינט
געוואָרן צו בעטראַכטען דעם פאָטער אַלס דעם הויפּט פון דער
פאַמיליע, דאָס מיר קענען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, אַז א מאָל
איז עס געווען גאַנץ אַנדערס, נעמליך: אַז דיא מוטער איז געווען
דער הויפּט פון דער פאַמיליע. אַזא מיינונג וואָלט ווירקליך געהאַט
א גרונד, ווען עס וואָלט בעוויזען ווערן, דאָס דער מאַן איז פון דער
נאַטור אַזוי געשאַפען געוואָרן, אַז ער זאָל עבענזאָ צוגעבונדען ווערן
צו זיין פרוי און זיינע קינדער, וויא דיא מוטער צו איהרע קינדער.

נון, מיר ווייסען אַלע, אַז דאָס איז ניט דער פאַל, הגם פאָ־
טערס פיהלען שוין יעצט געוויינליך ליעבע צו זייערע קינדער און צו
דיא מוטערס פון זייערע קינדער. דיזער געפיהל און בעזאָנדערס דיא
פּפליכטען, וואָס מענער ערפילען און מוזען אויך ערפילען אונ־
טער דעם צוואַנג פון געזעץ, זיינען נאָר א רעזולטאַט פון דעם גרוי־
סען פאָרטשריט, וואָס מענשען האָבען דורכגעמאַכט אין זייערע גע־
זעלשאַפטליכע פערבינדונגען זייט דיא ערשטע צייטען ביז יעצט. דיא
פערהעלטניסע פון מענער און פרויען אין דיא ערשטע צייטען זיינען
געווען בלויז, וויא ביי חיות. דער מאַן האָט נור געזוכט דיא פרוי
צוליעב דעם געשלעכטליכען פערקעהר, און וועגען דיא קינדער האָט
ער געזאָרגט נאָך פיעל וויניגער, וויא מיר זעהען עס ביי מאַנכע
מינים חיות, ביי וועלכע דיא זכרים העלפען דיא נקבות צו האָדעווען

דיא נײ־געבאָרענע. אויס דיא שילדערונגען פון רייזענדע איבער דיא ווילדע פעלקער זעהען מיר אויך, וויא גלייכגילטיג עס זיינען דיא פאָ־טערס צו זייערע קינדער און וויא ווייניג דיא מענער און אפילו דיא פרויען ווייסען פון דעם, וואס מיר רופען ליעבע. איין רייזענדער דערציילט, צום ביישפיעל, וועגען א נײ־זעעלאנדער, ביי וועמען דיא אויראָפּעער האָבען געקויפט זיינעם א יונגען זוהן, דאָס ער וואָלט זיך מיט מעהר געפיהל און אויפרעגונג געשיידעט מיט זיין הונט, וויא מיט זיין זוהן.

דער מאַן האָט ניט געקענט צוגעבונדען ווערן צו דער פרוי, שוין לאָזענדיג אָן א זייט דיא שוועריגקייט צו קריגען שפּייז און דיא נייגונג צו וואַנדערונגען. אויך צוליעב דעם, וואָס דיא מוטערס האָ־בען געמוזט פיעלע יאָהרען האָדעווען מיט זייער איינענע מילך דיא קינדער און אין דיזער גאַנצער צייט זיך צוריקהאַלטען פון גע־שלעכטליכען פערקעהר. מיר האָבען שוין געזעהען אין דעם קאַפּי־טעל איבער דיא ערשטע שפּייז פון מענשען, אז ביז מען איז דער־גאַנגען צו געברויכען מילך זיינען פאַריבער ווער ווייסט וויא פיעל יאָהרען. אזוי וויא מען האָט אלעם געגעסען רויערהייט און מען האט אויך ניט געהאַט לייכטע און פאַסענדע פאַר יונגע קינדער שפּייז, ווען מען האָט שוין אויסגעפונען פייער און אָנגעפאַנגען צו בראָטען און צו קאָכען, זאָ האָבען דיא מוטערס געמוזט זויגען זייערע קינדער אזוי לאַנג ביז דיא קינדער האָבען שוין געקענט פערדייהען דיא גראָבע שפּייז. און אז מען האָט שוין געקענט מעלקען בהמות, איז עס אויך ניט אזוי לייכט געווען צו פערבייטען דיזע מילך אויף מענ־שליכע, וויא מען קען עס מיינען. אונזערע קינדער קענען שוין פערטראָגען דיא קינסטליכע ערנעהרונגס-מיטעל, וואָס מיר בעזיצען יעצט; אבער איינינע ראַסען פערטראָגען עס נאָך ניט. זייערע קינ־דער מוזען אַלץ א לענגערע צייט געהאָדעוועט ווערן מיט פרויען־מילך. דיא שקלאַווען־בעזיצער אין אמעריקא פלעגען זיך בעקלאָגען, דאָס נעגער־קינדער פלעגען אויסשטאַרבען מאַסענווייז, ווען מען פלעגט זיי אָפּגעוויינען פון דער ברוסט. פאַר מענשען אין דעם ווילדען צושטאַנד איז עס איבערהויפּט לייכטער צו האָדעווען קינ־

דער אויף דעם נאַטירליכען וועג, ד. ה. דורך זויגען מוטערמילך, וויא
צו זוכען פאַר זיי פּאַסענדע שפּייז. וויא פיעל מיהע און צייט עס
האָט ניט געקאָסט דער מוטער צו שאַפען זיך שפּייז, האָט זיא שוין
דערמיט אויך געקראָגען א זאַפּאַס מילך פאַר איהר קינד. זיא האָט
אַלזאָ נאר בעדאַרפט זאָרגען פיר זיך זעלבסט, און דאָס קינד האָט
זיא געלאָזט זויגען ביז עס האָט שוין געקענט פערדייהען דיא גע־
וויינליכע שפּייז.

מיר געפינען יעצט, דאָס זאָגאר ביי אזעלכע אזיאַטישע קול־
טור־פעלקער, וויא דיא סיאַמעזער, לאָזען דיא מוטערס זויגעז
זייערע קינדער ביז דריי און פיער יאָהר. דאָס זעלבע איז אויך, וויא
רייזענדער מעלדען, ביי דיא אפריקאַנער און פּאָלינעזיער פעלקער.
אין דיא צייטען, ווען מען האָט נאָך ניט געהאַט פייער אדער ניט
געקענט קאָכען, איז דיא צייט פון קאָרמענען קינדער געווים געוועזן
נאָך לענגער, און אונזערע פאָרפאַטערס האָבען אויך שטענדיג זיך
געסטאַרעט צו פערלענגערן דיא זויג־צייט פון קינדער און האָבען גע־
שיצט דיא פרויען, וואָס האָבען זיך אזוי אלץ לענגער אָפּגעגעבען צו
זייערע קינדער, ענטזאַגענדיג זיך דערביי פון געשלעכטליכען פערקעהר.

דיזער פאַקט, וויא אונבעדייטענד ער מעג אונז שיינען, האָט
געהאַט זעהר פיעל העכסט וויכטיגע רעזולטאַטען אויסער דעם, וואָס
דיא מענער האָבען צוליעב דעם געזוכט אַנדערע פרויען און האָבען
אין גאַנצען פערגעסען אָן דיא מוטערס און דיא קינדער. דער וויכ־
טיגסטער רעזולטאַט איז געוועזן, וואָס דיא קינדער האָבען זיך גע־
פיהלט פיעל מעהר צוגעבונדען צו זייערע מוטערס, וויא דאָס איז יעצט
דער פאַל, ווען א קינד געדיינקט שוין ניט, אז זיין מוטער האָט איהם
געזויגען. זיי זיינען געוועזן עפּעס אזוי וויא צוזאַמענגעוואַקסען, און דיא
קינדער האָבען שוין ניט געקענט פערגעסען, אז זיי האָבען נור געקענט
בלייבען ביי'ן לעבען דורך זייערע מוטערס. דיא פערבינדונג איז שוין
געוועזן אזאַ לאַנגע און ענגע, דאָס דיא קינדער זיינען שוין פערבליבען
לעבען זייערע מוטערס זאָ לאַנג עס איז נאר מעגליך געוועזן און האָ־
בען זיך געפיהלט הילפלאָז אָהן זייערע מוטערס אפילו, ווען זיי זיינען
שוין געוועזן דערוואַקסענע. דערצו נאָך ווערן ווילדע גיכער ענטוויקעלט

געשלעכטליך, וויא ציוויליזירטע, ווייל זיי דיינקען ווייניגער און פיהרען א מעהר פיזישען לעבען, כמעט וויא חיות. אין ווארימע לענדער קומט דיא צייטיגקייט פון מענשען איבערהויפּט פיעל שנעלער, וויא אין לענדער מיט א מעסיגען אדער קאלטען קלימאט. דארום איז דיא צייט צווישען דעם אָבּגעוויינען זיך פון זויגען און דעם אלטער פיר געשלעכטליכען פערקעהר געוועזן זעהר א קורצע , פיר מיידלעך ניט מעהר וויא זיבען־אכט יאָהר, זאָ דאָס דיא פערבינדונג מיט דער מוטער איז געווען אלץ נעהענטער און ענגער און דיא מוטער איז פערבּליבּען דער צענטער, ווערענד דער פאָטער איז געווען א פרעמדער ווען ער פלעגט שוין זאָגאר קומען פון צייט צו צייט זיך זעהען מיט דער פרוי.

ווייטער האָט עס געפיהרט דערצו, אז מוטערס האָבען געמוזט אויפאָפּפּערן זייער געשלעכטליכע תאוה אויס ליעבע צו דיא קינדער און אז מען האָט ביסלעכוויז אויך אָנגעפאנגען אויפצופּאַסען, דאָס פרויען זאָלען קיין פערקעהר ניט האָבּען מיט מענער, ווען זיי האָדעווען א קינד. עס פערשטייט זיך, אז אין דער צייט, ווען דיא מוטער־ברוסט איז געווען דער איינציגער שפּייז־מיטעל פיר קינדער בּיז פיער און פינף יאָהר, איז דיא געבורט פון נאָך א קינד ווערענד דיזער צייט געווען א טויט־אורטהייל פיר איינעם פון זיי. אין אזא פאל פלעגט מען דעם ניי־געבּארענעם איינפאַך ערמאָרדען. אין דיא צייטען, ווען עס איז אזוי שווער געווען צו שאפען זיך גענוג שפּייז און ווען מען האָט אָפט צוגעהונגערט, איז קינדער־מאָרד געווען איינגעפיהרט בּיי אלע פעלקער אין ווילדען צושטאנד, נאָר עס פערשטייט זיך, אז מען האָט עס ניט געטאָן אויס פערגניגען אָדער אויס בּלוטדורשטיגקייט, זאָנדערן ווען דיא נויט אָדער געוויסע דערמיט פערבּונדענע רעליגיעזע צערעמאָניעס האָבען געצוואונגען דערצו. ווילדע מענשען זיינען דאָך אין אלגעמיין ניט גרויזאמער, וויא רויבטהיערע, און זאָ לאנג זיי קענען נור שפּייזען און בעשיצען דיא עקזיסטענץ פון זייערע קינדער, טוען זיי עס נאטירליך. אָבער ווען בּיי א פרוי איז געבּאָרען געוואָרן נאָך א קינד, בשעת זיא האָט געהאלטען אין זויגען א'ן אנדערן, זאָ האָט מען עס שוין געמוזט ערמאָרדען נור צוליעב דעם, ווייל דיא

עלטערן זיינען געווען זאָרגלאָז און לייכטזיננינ. דיא פעראַנטוואָרט־ליכקייט פון אַזאַ ערמאָרדונג איז נאַטירליכערווייזע געפאַלען אויף דער פרוי, און מען האָט דארום אָנגעהויבען צו קוקען אויף אַזאַ פרוי מיט בייזע אויגען, איהר צו פערדאַמען און אַלץ שטרענגער צו בעשטראָפען.

ביי פיעלע אַפריקאַנער ווערט אַזאַ לייכטזיננינגע פרוי זעהר גרויזאַם בעשטראָפט. ביי אייניגע פעלקער, וויא צום ביישפיל ביי דיא וואַזאַראַמען אין אָסט־אַפריקאַ, קוקט מען זאָגאַר מיט פערדאַכט אויף אַ פרוי, ביי וועלכע אַ זויג־קינד שטאַרבט. דיא צייט פון זויגען איז דאָרט געוויינליך דריי יאָהר, און דארום, ווען אַזאַ זויג־קינד שטאַרבט אַוועק, רעכענט מען, אַז דיא פרוי האָט אַליין אומגעבראַכט איהר קינד, אום צו קענען בעפרידיגען איהר געשלעכט־ליכע תאוה. מען בעליידיגט איהר און מען טייטעלט אויף איהר מיט דיא פינגער, ווען זיא יאָמערט איבער דעם טויט פון איהר קינד, און וויא גרויזאַם און באַרבאַריש דאָס איז, דאַרף מען אָבער ניט פערגעסען, אַז דער אָנפאַנג דערפון איז געווען אַ זעהר וויכטי־גער און ריין־מענשליכער פאָרטשריט אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען.

געוויינליך פלעגען זיך דיא מוטערס אַליין בעשרענקען און צו־ריקהאַלטען און אויפפאַסען אויף זייערע קינדער אַזוי זאָרגפעלטיג, וויא עס איז נאַר מעגליך געווען. דיא קינדער פלעגען בלייבען מיט איהר צוזאַמען כמעט שטענדיג. בעזאָנדערס איז עס אַזוי געווען, וויא עס פערשטייט זיך פון זעלבסט, מיט דיא מיידלעך. דיא בחורים האָבען געקענט פון צייט צו צייט מיטגיין מיט דיא יעגערס, אום צו קריגען טהיערשפייז, און מיט דער צייט אין גאַנצען זיך אָבטהיי־לען פון דער מוטער; אָבער דיא טעכטער פלעגען בלייבען לעבען דער מוטער אפילו ווען זיי פלעגען שוין אַליין ווערן מוטערס. זייערע מענער פלעגען צושטעלען טהיער־שפייז נאָך דעם געיעג און פלעגען פערבלייבען אַזוי לאַנג, וויא זיי האָבען געוועלט. עס האָבען זיך אויף דיזער ווייזע געבילדעט גרופּעס פון פרויען, וויא מיר זעהען עס אויך ביי מאַנכע חיות. דיא מענער פלעגען זיך ארומשלעפען ארום דיא לאַגערס אָדער וואָהנונגס־פּלעצער פון דיא פרויען און

האָבען זיך מיט דער צייט פערבונדען אין יעגער־גרופען, אום לייב־טער צו קריעגען טהיער־שפייז. עס פערשטייט זיך, אז דיא לעצטע פערבינדונגען האָבען נאר געוויינליך עקזיסטירט אין דער צייט פון געיעג און אז זיי פלעגען זיך שטענדיג ענדערן און אָפט אין גאנצען צופאלען ווערן צוליעב שטרייטען.

דיא פרויען־אָרגאניזאציאָן, געשטיצט אויף א נאטירליכען און נויטווענדיגען צוזאמענהאנג צווישען איהרע מיטגליעדער, איז אָבער געווען א שטענדיגע אונטער געוויינליכע אומשטענדען און איז דא־רום פערבליעבען אלס צענטער פון גזעלשאפטליכע פערבינדונגען אויף דער גאנצער ערד אין דער גאנצער צייט, ביז דער פיהפיטערנדער צושטאנד האָט זיך פעסט ענטוויקעלט, און ביי מאנכע ווילדע פעל־קער נאָך ביז דעם היינטיגען טאָג. אונטער אזעלכע אומשטענדען איז עס גאנץ נאטירליך געווען, אז קינדער זאָלען זיך רעכענען נאָך זייערע מוטערס און ניט נאָך זייערע פאָטערס, פון וועלכע זיי האָבען ניט געוואוסט און אין דיא ערשטע צייטען אויך גאָר ניט געקענט וויסען, דען דער געשלעכטליכער פערקעהר איז געווען א זעהר גע־מישטער, — און אז דערפון זאָל מיט דער צייט ארויסקומען א גאנ־צע פאמיליען־סיסטעם, וואָס מיר רופען אין דער קולטור־געשיכטע מיט דעם וואָרט מאטריארכאט.

אלס איינער פון דיא נעהענטסטע מוסטערס פון דיזער סיס־טעם, וועלכע מיר קענען פון ערשטען בליק גאָר ניט בעגרייפען, קען יעצט דיענען דיא אָרגאניזאציאָן פון דעם נעגער שטאם באַ־לאָנד ביי דעם טייך זאמבעזי אין זיד־אָסט אפריקא. דער בעריהמטער ענגלישער מיסיאָנער און רייזענדער ליווינגסטאָן איז זעהר פערוואונדערט געווען צו געפינען ביי דיזען שטאם אזעלכע פאמיליען־פיהרונגען, וועלכע ער האָט זיך גאָר ניט פאָרגעשטעלט. צוערשט איז ער איבערראשט געוואָרען דורך דיא אונאבהייניגע לאגע פון פרויען ביי דיזע ווילדע און נאכהער האָט ער געמוזט בעשטעטיגען דיא מעלדונגען פון אייניגע פאָרטוגעזער, וועלכע ער האָט געהאלטען פאר באָבע־מעשות. ער האָט נעמליך מיט זיינע אייגענע אויגען גע־זעהען, דאָס דער מאן, וואָס וויל הייראטהען, מוז ניט אנדערס ארי־

בערציהען אין דעם דערפעל פון זיין ווייב און זיך פערפפליכטען צוצושטעלען האַלץ דער מוטער פון דער כלה און ניט צו אַרבייטען פיר וועמען עס איז אַהן דיא ערלויבניס פון דער כלה'ס מוטער. אויסער דעם מוזען דיא קינדער פערבלייבען מיט דער מוטער, ווען זיא שיידעט זיך מיט איהר מאַן. דערפאַר קריעגט דער מאַן פון דיא פרויען גענוג שפייז. אזעלכע זאָ צו זאָגען קאָנטראַקטען שליסען דיא מענער מיט עטליכע פרויען אין דעם זעלבען דאָרף, און ביי דיא באַלאָנדען עקזיסטירט אַלזאָ פּאָליגאַמיע (פיעל ווייבעריי), הגם דיא מענער זיינען אין זייער חיונה אָפּהענגיג פון דיא פרויען. ליווינגסטאָן דערציילט אויך, אז ער האָט געהערט, וויא איינער פון אזעלכע מענער האָט, זיצענדיג אויף א בוים געקלאָגט: „הערט! הערט! איך האָב געמיינט, אז איך האָב חתונה געהאַט מיט פרויען; אָבער זיי זיינען גאָר מכשפות. אָ, איך אָרימער יונגע! איך האָב קיין איינציגע פרוי!"
דיא אורזאַכע פון זיין קלאָגען איז איינפאַך געוועזן, וואָס זיינע פרויען האָבען איהם ניט נעגעבען עסען; — זייער געוויינליכע און בעסטע שטראָף פיר אונגעהאָרכזאַמע מענער.

צו דער צייט, ווען ליווינגסטאָן האָט דאָס געשריבען, האָט מען נאָך ניט געמאַכט גרינדליכע נאָכפאָרשונגען וועגען דעם מאַטריאַרכאַט, און ער איז דאַרום נאָך מעהר פערוואונדערט געוואָרען צו געפינען אזעלכע פאַמיליען-פערהעלטניסע ביי דיא באַלאָנדען, ווען ער האָט געזעהען, אז ביי דיא אַרומיגע פעלקער און ספּעציעל ביי דיא זולוסען זיינען שוין דיא פרויען איינפאַך שקלאַווינען פון דיא מענער. דיא אורזאַכע דערפון איז אָבער דיא זעלבע, וואָס מיר געפינען איבעראַל ביי דעם איבערגאַנג פון מוטערליכע צו פאָטערליכע פאַמיליען-הערשאַפט: דיא אַרומיגע פעלקער זיינען נעמליך פּיהפּיטערער וועהרענד ביי דיא באַלאָנדען איז פּיהפּיטעריי אונמעגליך צוליעב א געוויסע גיפטיגע פליעגע, וואָס טויטעט דיא בהמות. דיא באַלאָנדען בעשעפטיגען זיך דאַרום נור מיט אַקערבוי, זאָ דאָס דיא פרויען, וועלכע זיינען דיא עכטע אַקערבויער, האָבען אויך אָנגעהאַלטען זייער אַלטע הערשאַפט.

אין אפריקא איז דער מאַטריאַרכאַט איבערהויפּט זעהר וויית

פערשפּרייט, הגם ניט אין זיין רייגער אַלטער פאָרמע. מען הערט דאָרט אָפט מעשות וועגען פעלקער, וואָס געפינען זיך אונטער דער הערשאַפט פון פרויען, און דיא אויראָפּעאישע רייזענדע האָבען דאָס אָנגענומען אין אָנפאַנג איינפאַך פאר באָבע־מעשות און פאַנטאַזיעס; אבער ביסלעכוויז זיינען זיי אליין צוגעקומען צו פעלקער, וואו פרויען פיהרען דיא רעדעל. א געוויסער אָרט אין צענטראַל אַפריקאַ ניט ווייט פון נילוס טראָגט ביי דיא אַראַבען דעם נאמען „בעלעד־על־מראַ", וואס עס בעדייטעט: „פרויען־לאנד". דער שטאַם ווערט בעהערשט פון א פרוי, וואס טראָגט דעם נאָמען מבאַנגהע (קעניגין). אפילו ביי דיא געפעהרליכע רויבער־פעלקער אין דער סאַהאַרא־וויסטענס, דיא זאָ־גענאַנטע טואַרעגען, ווערט דיא פערוואַנדשאַפט און דיא אנגעהעריגקייט צו א שטאַם גערעכענט נאך דער מוטער. ביי דיא אשאַנטיער, א קריגערישער נעגערשטאַם אין וועסט־אַפריקאַ, וואו מענשענפרעסעריי איז געווען איינגעפיהרט אויף דיא שרעקליכסטע אַרט ביז דיא ענגלענדער האָבען איינגענומען דאָס לאַנד, אפילו ביי זיי איז נאָך פערבליבען פון דעם אַלטען מוטער־רעכט, אז דיא מוטער־קעניגין מעג זיך אריינמישען אין רעגירונגס־אַנגעלעגענהייטען און אַרויסגיין פון הויז אָהן א שלייער. אין באָרנו (סודאַן) האָט דיא מוטער־קעניגין א גרויסע דעה, און אין דאַרפור (עגיפּטישער סודאַן) האט געהערשט א פרוי ביז דיא סאָלדאַטען פון עגיפּטישען כעדיוו האבען איינגענומען דיא געגענד. פיעלע רייזענדע האבען בעמערקט, אז דערוואקסענע נעגערס שרייען אויס „מאַמאַ!" ווען זיי ווערן דערשראָקען אדער איבערראַשט און דאָס ווערט צוגעשריבען צו דער אַלטער געוואָהנהייט זיך צו רעכענען נאך דער מוטער. ביי דעם שטאַם באַנגאַלו אין זיד־אַפריקאַ איז איינגעפיהרט, אז דיא קינדער פון א פרוי געהערן צו איהר ברודער, און ער פערקויפט זיי אויך ניט זעלטען צו בעצאהלען זיינע שולדען. אין גווינעא (וועסט־אַפריקאַ) איז איינגעפיהרט געווען, אז דיא ירושה פון א טייכען מאַן, אויסער זיין געוועהר, פלעגט איבערגיין צו דעם זוהן פון זיין שוועסטער, און, וויא דער רייזענדער סמיטה מעלדעט, אויף דעם גרונד,

דאס דיזער זוהן איז דאָך שוין זיכער א פערוואַנדטער פון דעם גע־
שטאָרבענעם. אין צענטראַל־אפריקא, דערציילט א׳ן אַנדער רייזענ־
דער, „בלייבט דיא הערשאַפט שטענדיג אין איין פאַמיליע; אָבער דער
זוהן ירש׳ענט קיין מאָל ניט זיין פאָטער. דיא ירושה גייט איבער
צום זוהן פון דעם קעניג׳ס שוועסטער, דען דערמיט ווערט גע־
זיכערט דיא ריינקייט פון דער קעניגליכער פאַמיליע“. „דאס בעווייזט,
בעמערקט דיזער רייזענדער, וויא ווייניג מען שעצט דיא טוגענד און
טרייהייט פון פרויען אין דיזען לאַנד“; אָבער אין דער ווירקליכקייט
איז עס נאָר א פערבליבענער צייכען פון דיא אוראַלטע צייטען,
ווען קינדער האבען זיך גאר אנדערס ניט געקענט רעכענען, וויא
נאָך דער מוטער. אין קאָנגאָ פאָלגען אויך דיא אָנפיהרערס אדער
קעניגע נאָך דער מוטער־זייט „אלס א פאָרזיכט, דאָס דיא קעניגע
זאלען האָבען ריינע קעניגליכע בלוט“.

עהנליכע ערקלערונג וועגען דיא „ריינקייט פון בלוט“ דורך
דיא מוטער ווערן אָנגעגעבען יעצט וועגען אזעלכע מנהגים, און
הגם עס איז זעהר מעגליך, אז דיזער גרונד האט זיין ווירקונג ביי
דער ווייטערער פערשפרייטונג און ענטוויקלונג פון מאטריארכאַט,
איז עס אבער זיכער, אז אין אָנפאַנג איז דיא מוטערליכע פאַמיליען־
אָרגאַניזאַציאָן ארויסגערופען געוואָרן נאר דורך דיא אויבענאָנגעצייג־
טע נאַטירליכע אורזאכען.

מאטריארכאַלישע איינפיהרונגען געפינען מיר נאָך יעצט ביי
פילע פעלקער אויסער אין אַפריקא. נאַכפאָרשער און רייזענדע אין
אינדיען דערציילען, אז ביי אייניגע פעלקער עקזיסטירט „דער מערק־
ווירדיגער מנהג צו לאָזען דיא ירושה נאך דער מוטער־זייט און צו
רעכענען פערוואנדשאַפט נאך דער מוטער“. ביי אייניגע פון דיזע
פעלקער ווייסען דיא קינדער ניט פון זייערע פאָטערס, און דיא פאָ־
טערס ווייסען ניט פון זייערע קינדער. דער פערמעגען גייט צו דיא
קינדער פון דער שוועסטער און איבערהויפט נאך דיא
בלוטפערוואנדשאַפט מיט דער מוטער. ביי דיא לימבוסען (אין אינ־
דיען) מוז דער פאָטער אויסקויפען זיינע זיהן ביי דער מוטער
פאר א געוויסע סומע געלט, אויב ער וויל, אז זיי זאָלען געהערן צו

איהם, ד. ה. טראָגען זיין נאמען און אריינטרעטען אין זיין שטאַם. דיא מיידלעך בלייבען אָבער שטענדיג ביי דער מוטער און געהערן צו איהר שטאַם.

ביי דיא אינדיאַנער איז דיא פערוואַנדשאַפט מיט דעם אָנקעל (דעם ברודער פון דער מוטער) געווען בעטראַכטעט אלס דיא נעהענטסטע און דיא וויכטיגסטע. ניט דער פאָטער פון דיא קינדער, נאר דיזער איז געווען גערעכענט פאר דעם הויפט פון זיין שוועסטערס פאַמיליע. ביי דעם שטאַם טשאַקטאַס, צום ביישפיעל, דאַרפען דיא אַמעריקאַנער בעאַמטע אָנפרעגען דעם אָנקעל און ניט דעם פאָטער, ווען זיי ווילען אָננעהמען אַ׳ן אינדיאַנער אינגעל אין אַ שולע. אין מעקסיקאָ און אויף דעם אינזעל האַאיטי איז דער מוטער׳ס ברודער אויך געווען גערעכענט פאר דעם הויפט פון דער פאַמיליע. ביי דיא פערואַנער איז דיא ירושה געוויינליך פערבליבען אין דער מוטער׳ס זייט פון דעם מאַן, דאס הייסט ביי זיינע פּלעמעניקעס און ניט ביי זיינע זיהן. ביי דיא אינדיאַנער פון דיא נאָרד־טהיילען פון קאַנאַדאַ ווערן דיא קינדער אימער בעצייכענט נאָך דער מוטער; אויב אַ פרוי האט געהאט קינדער פון עטליכע מענער ווערן דיזע אלע קינדער גערופען נאָך איהר נאָמען. זיי גיבען יעצט דערויף פאָלגענדע ערקלערונג: „אזוי וויא דיא קינדער קריגען זייערע נשמות פון דעם פאָטער, ד. ה. דעם טהייל וואָס מען זעהט ניט, און אזוי וויא דער גוף, דער טהייל וואָס מען זעהט, קומט פון דער מוטער, דאַרום איז עס פערנינפטיגער צו רופען און צו רעכענען דיא קינדער נאָך דער מוטער. זייער אָפּשטאַמונג פון איהר איז זיכער, וועהרענד וועגען דעם פאָטער קען זיין אַ צווייפעל, אויב ער איז ווירקליך זייער פאָטער". ביי דיא אינדיאַנער־שטאַמען, וואָס ווערן גערופען איראָקעזען און וואס זיינען אזוי אויספיהרליך און גרינדליך אויסגעפאָרשט געוואָרן פון דעם בעריהמטען אַמעריקאַנער געלעהרטען מאָרגאַן, ציהט זיך דיא רעכנונג נאָך דער פרויען־זייט. דיא קינדער געהערן צו דעם שטאַם פון דער מוטער. אויב אַ מאַן פון דעם שטאַם קאַיוגאַ פערבינדעט זיך מיט אַ פרוי פון דעם שטאַם דעלאַוואַר, ווערן דיא קינדער גערעכענט פאר

דעלאווארען און בלייבען פרעמדע צום פאָטער ביז ער ערקלערט זיי פאַר זיינע קינדער דורך א געוויסע צערעמאָניע. און ווען א דעלאוואר האט חתונה מיט א קאיוגער פרוי, געהערען דיא קינדער צום קאיוגער שטאם — אלץ נאך דער מוטער.

אויף אייניגע אינזלען פון גרויסען אָקעאַן ווערן אריסטאָקראַטישע פאמיליען גערעכענט נאָך דער מוטער; און אויב דיא מוטער געהערט ניט צום אַדעל־שטאַנד, געהערען אויך ניט איהרע קינדער. אויף אַנדערע אינזלען געהערען דיא קינדער צום שטאם פון דער מוטער אדער פון דעם פאָטער, וויא מען רעדט אויס פאַר דער חתונה. אויף דיא קאראָליגען און מאַריאַנען אינזלען פלעגען דיא העכסטע און געשעצעסטע אמטע איבערגיין נאך דער מוטער׳ס זייט. אין אלגעמיינען בעמערקט מען יעצט אין פאָלינעזיען, אז דיא מאטריארכאלישע פאָרמען גייען אלץ מעהר איבער אין פאטריארכאלישע — א׳ן איבערגאַנג, וועלכער ווערט גשילדערט און ערקלערט ווערען אין א ווייטערן קאפיטעל.

אין וועסט־אויסטראַליען טראָגען דיא קינדער דעם שטאם־נאָמען פון זייערע מוטער. אין מאנכע אנדערע ערטער פון אויסטראַליען געהערן שוין אָבער דיא קינדער צום שטאם פון פאָטער.

זאָגאר ביי פיעלע מאלאיער פעלקער, וועלכע געהערן שוין צו דיא קולטור־ענטוויקעלטע, בעשטייט נאך אייגענטליך דיא פאמיליע אויף דער מוטער מיט איהרע קינדער. דער פאָטער ווערט גאר ניט אררייגנערעכענט. ער איז מעהר צוגעבונדען צו זיינע ברידער און שוועסטער, וויא צו זיין פרוי און קינדער. דער הויפּט פון דער פאַמיליע איז דער עלטעסמער ברודער פון דער מוטער. דאָס לאַנד געהערט צום גאנצען שטאם אדער, וויא זיי רופען עס, זוקו, און דיא אנגעהעריגקייט צו דיזען זוקו ווערט בעשטימט דורך דיא מוטער׳ס זייט. נאך דער חתונה פערבלייבט דער מאן אין דער פאמיליע פון זיין מוטער און העלפט בעארבייטען איהר חלק לאנד. זיין פרוי און קינדער העלפט ער נאר צופעליג צו אין קלייניגקייטען. דער מוטער׳ס ברודער טראָגט אלע פפליכטען פון א פאָטער צו זיין שוועסטער׳ס קינדער, צו זיינע פלעמעניקעס. נאך זיין טויט

גייט איבער דיא השגחה צו דעם עלטסטען פון דיא בלוטפערוואנדטע, דאס הייסט צו דיא קרובים פון דער מוטער׳ס זייט. דער פאָטער נעהמט נאר זיינע קינדער אונטער זיין שוץ, ווען זיי בלייבען אָהן א מוטער און האָבען קיין איינציגען דערוואַקסענעם אָנקעל. דאָס אייגענטהום פון א מאַלאיער, אפילו ווען ער האָט עס זיך אליין ערוואָרבען, גייט איבער בירושה צו זיינע ברידער, שוועסטער און צו דיא קינדער פון זיינע שוועסטער, ד. ה. אַלזאָ צו דיא בלוטפערוואַנדטע ווען ער וויל א מאל מאַכען א געשאַנק זיין פרוי און קינדער, דאַרף ער פריהער אויסבעטען דיא ערלויבניס ביי זיינע ברידער און שוועסטער. דער הויפט פון דער מוטער־פאַמיליע פערוואַלטעט דאס אלגעמיינע אייגענטהום אונטער דעם קאָנטראָל פון זיינע שוועסטער, און ביי דיא מייסטע מַאלאיער פעלקער גייט דיא ירושה איבער ניט צום זון פון דעם פערשטאָרבענעם, נאר צום זון פון זיין שוועסטער, ד. ה. זיין בלוטפערוואַנדטען פלעמעניק.

אין דער זעלבער צייט זיינען שוין ביי דיא זעהר ענטוויקעלטע מאַלאיער פעלקער איי־נגעפיהרט געוואָרן נייע הייראַטס־פאָרמען. דיא עלטעסטע פאָרמע אונטער דעם נאָמען „אַמביליאַנאַק“ איז בעגרינדעט אויף דעם מאַטריאַרכאַט, דען דיא פרוי האט אלע רעכטע איבער דעם מאַן וועלכער מוז אריבערציהען אין דער הויז פון זיין שוויגערמוטער. דיזע פאָרמע ווערט שוין אבער ביי פיעלע פעלקער אָנגענומען אלס א שענדליכע פיר א מאַנספערזאָן. דיא מענער וועלכע קענען אנדערס ניט חתונה האָבען, פערבלייבען שוין ליעבערסט אונפערהייראַטעט. יעדער מאנספערזאָן זוכט שוין התונה צו האָבען דורך דיא איינווילליגונג פון דער כלה אליין (דיזע הייראַטס־פאָרמע הייסט: „זעמאַנדאָ“) און נאך מעהר דורך קויפען א כלה (דיזע הייראַטס־פאָרמע הייסט: „בזשודזשור“). דיזע צוויי פאָרמען ווערן אלץ מעהר פערשפרייט אויך אונטער דעם איינפלוס פון דעם פערקעהר מיט אייראָפּעער און איבערהויפט מיט פעלקער, ביי וועלכע עס הערשט דער פאַטריאַרכאַט.

מיט אזעלכע ביישפיעלען קען מען אָנפילען גאַנצע ביכער; אבער דיא אויבענגעבראַכטע זיינען פאָרלויפיג גענוג, אום צו פער־

שטיין, אז דער נאַטירליכער גרונד פון מאַטריאַרכאַט איז שטענדיג געווען און פערבליבען אין דעם בעגריף פון בלוטפערוואַנד־שאַפט בלויז דורך דיא מוטער. נאָך דיא גאר ערשטע מענשען האָבען געמוזט בעמערקען, דיא ענגע פערבינדונג פון שוואַנגערן מיט דיא אָבשטעלונג פון מאָנאַטליכע בלוט־רייניגונג פון פרויען (זוב דמי נדה]. דער שלוס דערפון איז געווען, אז זיי האָבען אָנגעהייבען צו בעטראַכטען בלוט אלס דעם קוועל פון לעבען און אז נור מענשען, אין וועלכע עס פליסט דאָס בלוט פון איין מוטער, קע-נען גערעכענט ווערן פאַר ווירקליכע קרובים, פאַר אמת'ע בלוטפער־וואַנדטע. דיזער בעגריף איז נאָך אייגענטליך איינגעוואָרצעלט ביי אונז אויך; אבער דיא ערשטע מענשען האָבען עס פערשטאַנען בוכ־שטעבליך און האָבען אָרגאַניזירט זייער פאַמיליען־לעבען אויף דיא לאָגישע שליסע דערפון. דיא רעליגיעזע בעגריפע האָבען ביסלעכווייז אויך אָנגעפאַנגען בעגרינדעט צו ווערן אויף דער מיינונג, אז בלוט איז לעבען און לעבען איז בלוט. אין דער ביבעל ווערט בלוט אויך בעטראַכטעט אלס דער קוואַל פון דער נשמה פון לעבען.

ברודערשאַפט איז דאַרום געווען בלוטפערוואַנדשאַפט דורך דער מוטער, און דאָס האָט שוין נאַטירליכערווייזע געפיהרט צו דעם אלגעמיין פערשפרייטעטען מנהג פון שליסען ברודערשאַפט דורך בלוטמישונג. אויב א קרוב איז נור דער, וואָס אין זיינע אָדערן פליסט דאָס זעלבע בלוט, זאָ איז דערפון נאַטירליך געווען צו ציהען דעם שלוס, אז צוויי פרעמדע מענשען קענען אויך ווערן ברידער, ווען זיי זאָלען צוזאַמענמישען זייער בלוט. דיא פאָר־מען און צערעמאָניעס צו שליסען אזא ברודערשאַפט זיינען זעהר פערשיעדען; אבער דיזע פעשיעדענהייט צייגט נאר אָן, אז דער גע־דאַנקען איז זעלבסטשטענדיג ענטשטאַנען ביי אלע פעלקער, דען ווען איין פאָלק וואָלט דיזען געדאַנקען איבערגענומען ביי א'ן אַנדערן, וואָלטען אויך דיא פאָרמען און צערעמאָניעס איבערגענומען געוואָרן אין דער זעלבער צייט. אויף וועלכער ארט דיא בלוטמישונג זיינען ניט אָנגעגאַנגען, דורך אויסטרינקען דאָס געמיינשאַפטליכע בלוט, דורך מאַכען זיך וואונדען אויף געוויסע טהיילען פון קערפער און

נאכהער לאָזען פליסען דאָס בלוט, אז עס זאָל זיך צוזאַמענמישען אין דיא קערפּערס — דער צוועק און דער רעזולטאַט איז געווען דער זעלבער, נעמליך: ברודערשאַפט דורך בלוט איז געשלאָסען געוואָרען.

דיזע אוראַלטע פאָרמע צו שליסען ברודערשאַפט איז נאָך פערבליבען ביז יעצט אין פיעלע ערטער. איין אויראָפּעאישער רייזענדער איז אויף דיזער אַרט געוואָרען א ברודער פון א פּרינץ אין מ א ד א ג א ס ק א ר אונזערע פאָרפאַטערס האָבען אויך אזוי געהאַנדעלט. אין דיא גריכישע לעגענדען ווערט דערציילט, וויא מען איז געוואָרען ברודער דורך צוזאַמענמישען בלוט. מען נעהמט אָן, אז דער ווײן וואָס מיר טרינקען צו שליסען „ברודערשאַפט", איז אויך אַ׳ן אָנווייזונג אויף דאָס בלוט, וואָס אונזערע אורעלטערן האָבען ביי אזא געלעגענהייט געברויכט. אָנפאַנגס האָט מען נעמליך צוגעמישט צום געטראַנק א ביסעל בלוט פון דיא פערברידערטע; אבער מיט דער צייט האָט מען זיך שוין גענוגט צו טרינקען בלוט, און ווײן איז מייסטענס פערבליבען אלס דער ברודערשאַפט־געטראַנק.

ווען מיר זאָלען דאָס אַלעס נעהמען אין אַנבעטראַכט, וועלען מיר בעגרייפען, אז ביי דיא ערשטע מענשען האָט איבערהויפּט געקענט אויסקומען, דאָס צווישען דעם פאָטער און דעם קינד עקזיסטירט גאָר קיין בלוטפערוואַנדשאַפט. דיא ערשטע מענשען האָבען ניט געוואוסט פון חקירות און האָבען געהאַנדעלט נאָך דיא בעגריפע, וועלכע האָבען זיך ביי זיי צוערשט ענטוויקעלט. ער האָט געזעהען, אז קינדער קומען פון דער מוטער׳ס בלוט, און ער האָט דערפון געשלאָסען, אז נור זיי זיינען דורך דעם פערבונדען. דער פאָטער, ווען ער איז געווען פון אַ׳ן אַנדער בלוט־אָבשטאַמונג, איז דארום פערבליבען א פרעמדער צו זיינע א י י ג ע נ ע ק י נ ד ע ר און אַ׳ן אייגענער צו דיא ק י נ ד ע ר פ ו ן ז י י ן ש ו ו ע ס ט ע ר. יעדער מאַן אלס נעהענטסטער קרוב פון זיין שוועסטער איז געווען בעטראַכטעט אלס דער נאַטירליכער בעשיצער פון איהר און פון איהרע קינדער. און דערמיט איז געלייגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון דיא מאַטריאַרכאַלישע פאָרמען, וועלכע זיינען נאָך פערבליבען ביז היינט צו טאָג, וויא מיר האָבען עס אויבען געזעהען.

וויא שווער עס איז אונז יעצט צו פערשטיין דיא איינפיה־
רונגען ביי פיעלע פעלקער, אז דער הויפט פון דער פאמיליע ווערט
גערעכענט דער ברודער פון דער מוטער (דאס זאָ־גענאנטע „אָנקעל־
רעכט"), און אז דיא ירושה נייט איבער צו דיא קינדער פון דעם
מאַנ'ס שוועסטער (דאס זאָגענאנטע „נעפפען־רעכט"), קענען מיר עס
נאך בענעהמען, ווען מיר גייען אויס פון דעם בעגריף וועגען בלוט־
פערוואנדשאפט דורך דער מוטער; אבער דיא סיסטעמען פון פער־
וואנדשאפט, וועלכע האָבען זיך מיט דער צייט ענטוויקעלט און
וועלכע געלעהרטע נאכפאָרשער האָבען געפונען ביי פעלקער אין
ווילדען צושטאנד, זיינען שוין פאר אונז אזוי משונה'דיג, דאס מיר
מוזען זעהר לאנג וועגען דעם נאכקלערען, אום צו דערגיין פיעל
ווינציג א טאָלק. מען דארף פריהער גאנץ גרינדליך אויספאָרשען
דיא פערוואנדשאפט־נעמען און זייערע בעדייטונגען אין דיא קעפ פון
ד י א  ו ו י ל ד ע, אום צו פערשטיין דיזע סיסטעמען. דער אמע־
ריקאנער נאכפאָרשער מאָרגאן האָט צוזאמענגעשטעלט דיא פער־
וואנדשאפט־סיסטעמען פון 139 פעלקער, און פון ערשטען בליק
ווערט מען איינפאך צומישט, ווען מען געפינט, צום ביישפיעל, אזא
רעכנונג, וויא ביי דיא איינגעבאָרענע פון דיא האוואיער אינזלען. אין
זייער שפראך זיינען אפילו ניטאָ בעזונדערע ווערטער צו בעצייכנען
א פאָטער און א מוטער. דער וואָרט „מאקוא בעדייטעט: „דער
וואס האָט געבאָרען", און מיט דיזען וואָרט רופט מען ניט נאר
דעם לייבליכען פאָטער, זאָנדערן דיא  ב ר י ד ע ר  פון דעם פאָטער
און פון דער מוטער. דיא מוטער און איהרע שוועסטער, וויא אויך
דיא שוועסטער פון פאָטער, ווערן גערופען מיט איין און דעם זעלבען
וואָרט. אונטער אזא סיסטעם זיינען שוין גאר ניטאָ אָנקעלס און
טאנטעס, און יעדעס קינד האט א סך פאָטערס און מוטערס.
דארום רעכענען זיך טאקע דיזע אלע קינדער פאר ברידער און
שוועסטער. דיא האוואיער האָבען דערפאר אבער בעזונדערע ווער־
טער פיר א ברודער און שוועסטער נאך זייער  א ל ט ע ר. אין בעצוג
אויף  אָ נ ג ע נ ו מ ע נ ע  קינדער האבען זיי א גאנצע רעכנונג. פיר
מאנכע פון זייערע בעצייכנונגען פון פערוואנדשאפט קען מען נאר ניט

צוקלייבען א וואָרט אין דיא אויראפּעאישע שפּראכען. אין אלגעמיינען זיינען דארטען ניט גערעכענט פאָטערס, מוטערס, אָנקלען, טאַנטעס, פּלעמעניקעס און פּלעמעניצעס, זאָנדערן אורעלטערן, עלטערן, ברידער און שוועסטער, קינדער און אייניקלעך.

דיזע מערקווירדיגע סיסטעם פון פערוואַנדשאַפט איז נאָך פערשפּרייטעט אויף אנדערע אינזלען פון גרויסען אָקעאַן, און אין מאנכע פון זיי איז זיא אויך פערבונדען מיט ירושה נאָך דער מוטער׳ס זייט. אויף אייניגע אינזלען זיינען שוין דאָ בעזונדערע ווערטער פיר פאָטער און מוטער, הגם דיזע ווערטער ווערן נאָך אויך אָנגעווענדעט צו דיא ברידער און שוועסטער פון דיא מוטערס און פאָטערס. שוועסטערקינדער רופען זיך אַלזאָ אויך ברידער און שוועסטער. וויא ווייט מען האט ביז יעצט נאכגעפאָרשט, איז דיא האוואַאישע פערוואַנדשאַפט־סיסטעם איינע פון דיא עלטעסטע, און זיא איז נאר פערבליבען ביז יעצט, ווייל ביי דיא פּאָלינעזער איז דער געשלעכטליכער פערקעהר זעהר פריי און דיא הייראַטס־פאָרמען זיינען זעהר שוואכע. ביי אייניגע אַמעריקאַנער פעלקער, בעזאָנדערס ביי דיא איראָקעזען, איז דיא פערוואַנדשאַפט־סיסטעם אויך ניט פיעל מעהר ענטוויקעלט, וויא ביי דיא האוואַיער. דער ברודער פון דער מוטער רופט זיך שוין אָנקל אבער דער ברודער פון דעם פאָטער הייסט נאָך פאָטער און דיא שוועסטער פון דער מוטער און פון דעם פאָטער הייסען נאָך מוטערס. דיא אָבטהיילונג פון דער מוטערס ברודער איז וואהרשיינליך געקומען דורך דעם, וואָס מען האט איהם אנערקענט אלס דעם הויפּט פון דער פאַמיליע.

ביי געוויסע אנדערע פעלקער איז שוין איינגעפיהרט געוואָרן אזא סיסטעם פון פּלעמעניקעס: דיא זיהן פון ברידער זיינען פיר דיא מענער געוועזען זיהן און פיר דיא פרויען פלעמעניקעס און דיא זיהן פון שוועסטער זיינען פיר דיא מענער געוועזען פּלעמעניקעס און פיר דיא פרויען זיהן. דיזע רעכנונג צייגט שוין אָן אויף א צייט, ווען ברידער און שוועסטער האבען שוין ניט געטאָרט הייראַטען, נאר דיא ברידער האבען געמיינשאַפטליך געהאַט ווייבער, און שוועסטער זיינען געוועזען דיא פרויען פון איין מאַן. אזעל

בע אונטערשיעדע אין דיא פערוואנדשאפט־רעכנונג פיר פרויען און מענער געפינען מיר ביי פיעלע אַנדערע פעלקער, און געוויינליך ציינען זיי אָן אויף דיא נאַטירליכע ענטוויקלונג אין דיא וויטערע ליניען פון פערוואנדשאפט. ספעציעל שווער איז איינגעפיהרט גע־וואָרן דער אונטערשיעד צווישען ברידער־שוועסטער און שוועסטער־קינדער. אין פיעלע בארבארישע שפראכען פעהלען אין גאַנצען ווערטער ביי פערשיעדענע פעלקער צו בעצייכנען שוועסטערקינדער, און דיא נאַכפאָרשונג פון דיא ווערטער צו בעצייכנען א פּלעמעניק איז זעהר בעלעהרענד אין דיזער בעציהונג.

מיר קענען זיך אבער דאָ ניט פערנעהמען מיט אזעלכע איינ־צעלהייטען. מיר האָבען נאר אין קורצען אָנגעצייגט אויף איינינע פון דיא זאָנדערבארסטע פאר אונז פערוואנדשאפט־סיסטעמען, אום גרינגדליכער צו פערשטיין דיא מאטריארכאלישע פאמיליען־אָרגאַני־זאציאָן אין אַלגעמיינען. לאָמיר זיך טאקע צוריק קעהרן צו דעם אָנפאַנג פון דיזער אָרגאַניזאציאָן.

דיזען אָנפאַנג קענען מיר זיך נאר פאָרשטעלען, שטיצענדיג זיך אויף דיא פאקטען, וועלכע זיינען ביז יעצט צוזאמענגעקליבען געוואָרן אין בעצוג אויף דעם מאטריארכאט אין אַלגעמיינען; אָבער עס פערשטייט זיך, אז דיא נאך ביז יעצט פערבליבענע עלטעסטע און ווילדעסטע פאָרמען, איינינע פון וועלכע מיר האָבען שוין אויבען בעשריבען, זיינען א גרויסער פאָרטשריט אין פערגלייך מיט דיא פאמיליען־פיהרונגען פון דיא ערשטע מענשען.

דאָן איז דיא מוטער געווען דיא ווירקליכע הערשערין אין איהר פאמיליען־קרייז, און דיא מענער פון פרעמדע פאמיליעס זיינען נאר געווען צופעליגע געסט. ערשט ביסלעכוויז זיינען מענער צו געוואָהנט געוואָרן צו פערבלייבען אין דער נאכבארשאפט פון דיא געצעלטען, וואו פרויען האבען געווירטהשאפט און צוגעשטעלט פלאנץ־שפייז. דיא מיידלעך, וועלכע זיינען וואהרשיינליך געוואָרן מוטערס, וויא נור דיא נאַטור האט עס ערלויבט, זיינען פערבליבען מיט זייערע קינדער לעבען זייערע מוטער, און עטליכע דורות פרויען מיט זייערע

קינדער זיינען אַלזאָ געווען דיא ערשטע געזעלשאַפטליכע גרופּען. דיא מענער, וועלכע פלעגען מייסטענס אַרומוואַנדערן, זוכענדיג טהיער שפּייז, פלעגען נאַטירליך צוגעצויגען ווערן צו דיזע גרופּען. אבער עס איז אויך נאַטירליך, אז זיי פלעגען דאָרטען אויפגענומען ווערן מיט דער בעדינגונג צו העלפען אין דער הויזליכער ארבייט — לאָמיר זאָגען צו האַקען האָלץ, וויא ביי דיא באַלאָנדען אין אַפריקאַ — זאָ לאַנג זיי פלעגען פערבלייבען. ניט ווילענדיג האבען דיא ווילדע ארומבלאָנדזערס געמוזט פאָלגען דיא פרויען און מיט דער צייט, איבערהויפּט אויף דיא עלטערע יאָהרען, זיך בעזעצען אין דעם אָרט פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציאָן. דורך דיא פרוי איז דער מאַן אזוי ביסלעכווייז דיסציפּלינירט געוואָרן. און ווען ער פלעגט זיין פויל און ניט פאָלגען, פלעגען שוין דיא ערשטע פרויען געווים זיך אזוי אָפּרעכענען מיט איהם, וויא דיא באַלאָנדען־פרויען, וואָס האבען געלאָזט הונגערן און קלאָגען זייער געמיינשאַפטליכען מאַן. איהם איז דאַן קיין אנדער ברירה ניט געבליבען, וויא אָדער צו טאָן, וואס דיא פרויען און ד. ה. דיא מוטער, האט געהייסען, אָדער איבערוואַנדערן צו אַ'ן אנדער גרופּע פרויען.

זאָ לאַנג א מאַנספּערזאָן האט געהאָלפען מיט זיין ארבייט דיא פרויען, האָבען זיי איהם נאַטירליך געזוכט צו האלטען לעבען זיך וואָס נעהענטער און שטאַרקער. ער איז אויך געווען זייער נאַטירליכער בעשיצער אין פאַל פון געפאהר. דיא פרויען האָבען דאַרום געמוזט זעהען אָנצוהאַלטען לעבען זיך ווייניגסטענס זייערע אייגענע זכרים, און דאָס האט שוין געמוזט פיהרען צו בלוטשאַנדע (גלוי ערוה). דאָס איז צוערשט געווען נויטווענדיג פיר דיא עקזיסטענץ פון דיא גאַנצע גרופּע, און דער געשלעכטליכער פערקעהר איז צוליעב דעם אָנגעגאַנגען אין דער מוטערליכער פאַמיליע אפילו צווישען ברידער און שוועסטער. דיא מענער זיינען שוין דאָפּעלט צוגעבונדען געוואָרן צו דעם אָרט פון דיא פרויען און זיינען דאָרט פערבליבען אונטער געוויינליכע אומשטענדען. דיא פרויען און דיא מענער פון איין אָבשטאַמונג האָבען אַלזאָ געלעבט און געאַרבייט צוזאַמען אונטער דער אויפזיכט פון דיא עלטערע פרויען, און

מיט דער צייט איז דורך דעם ענטשטאַנען ביי אייניגע פעלקער דיא זאָ־גענאַנטע ענדאָגאַמיע (פון דיא גריכישע ווערטער: ענדאָ — אינעוועניג, גאַמאָס — חתונה), דאָס הייסט: דער מנהג צו שליסען געשלעכטליכע פערבינדונגען נור צווישען דיא מיטגליעדער פון איין שטאַם.

ביי אייניגע פעלקער איז נאָך דיזער מנהג ביז יעצט פערבליבען. זאָ איז עס פערבאָטען ביי דיא אַבאָרען, קאַקטשי און גאָסען אין אינדיען צו הייראַטהען אויסערהאַלב דעם שטאַם. ביי זיי איז שוין אָבער צוגלייך איינגעפיהרט אויך עקסאָגאַמיע (עקסא בעדייטעט: אויסערהאַלב), דאס הייסט: דער מנהג חתונה צו האָבען נאר צווישען מיטגליעדער פון פערשיעדענע שטאַמען. דיא ענדאָגאַמיע בעציהט זיך נעמליך אויפ'ן גאַנצען שטאַם, אבער צווישען דיא נעהענטערע גרופען אדער שבטים עקזיסטירט שוין עקסאָגאַמיע. ביי אייניגע ווילדע שטאַמען אין צענטראַל אַפריקאַ איז ענדאָגאַמיע אין פולען גאַנג. ביי אייניגע אינדיאַנער שטאַמען, וויא, צום ביישפיעל, ביי דיא אַטען אין נאָרד־וועסט אַמעריקאַ, האט מען נאר בעטראַכט אלס, זאָ צו זאָגען, געזעצליכע פרויען דיא ווייבער פון דעם זעלבען שטאַם מיט דיא מענער. ווען זיי פלעגען פאַנגען אין זייערע מלחמות פרויען פון א פרעמדען שטאַם, פלעגען זיי שוין בעטראַכטען דיזע פרויען אלס קעפס־ווייבער און שקלאַווינען. וואס פאר א הויכע לאַגע א פרוי האט ניט פערנומען אין איהר אייגענעם שטאַם, נאר אלס א געפאַנגענע אין א פרעמדען שטאַם האט זיא שוין ניט געקענט חתונה האבען מיט א מאַן פון דיזען פרעמדען שטאַם. דיזער מנהג איז אבער שוין אויך געוועזען א רעזולטאַט פון שקלאַווערייי, וועלכע איז געוועזען ענג פערבונדען מיט געפאַנגענשאַפט, וויא מיר וועלעז עס זעהען אין דיא קאַפיטלעך איבער דיא ענטוויקלונג פון פריוואַט־אייגענטהום.

אויף דעם אינזעל יאַוואַ (אין זיד־אָסט אַזיען) האַלט זיך נאָך דאס פאָלק קאַלאַנגי אָן ענדאָגאַמיע. און וויא א יונגער מאַן שדכנ'ט זיך צו א מיידעל, דאַרף ער בעווייזען, אז זיי זיינען ביידע פון איין שטאַם. דיא טאָטערס אין מאַנדזשוריאַ

(אין נאָרד פון כינא) דערלאָזען ניט חתונות צווישען פערזאָנען, וואס „טראָגען פערשיעדענע פאמיליען־נעמען". ביי דיא בעדואינען (דיא וואנדערנדע אראבער) האט יעדער מאַן דאס אויסשליסליכע רעכט חתונה צו האבען מיט זיין קוזינע. ליווינגסטאָן דערציילט, אז „דיא פרויען פון דעם שטאם אקאמבי אין זיד־אפריקא האָבען קיין מאָל ניט חתונה מיט מענער פון א'ן אנדער שטאם". אין גואם איז אָנגענומען, אז ברידער און שוועסטער זאָלען הייראטהען צווישען זיך, און אזעלכע פערבינדונגען ווערן בעטראכטעט אלס „מעהר נא־טירליכע און אנשטענדיגע". אין ניי־זעעלאנד קוקט מען מיט בייזע אויגען אויף איינעם, וואס הייראטעט מיט א פרוי פון א פרעמדען שטאם, ווען דערמיט זיינען פערבונדען פאָליטישע רעכנונגען און אינטערעסען, און אזעלכע חתונות זיינען דאָרטען דארום זעהר זעלטען. דיא האָטענטאָטען האָבען אויך זעהר זעלטען חתונה אויסער־האלב זייער דאָרף.

דיא אינקאס, דיא הערשענדע פאמיליע אין פערו, פלעגען נאר חתונה האָבען אויף זייערע שוועסטער. אין גאנצען לאנד איז שוין איינגעפיהרט געווען דער פאטריארכאט, און דער פאָטער איז געווען דער אונבעשרענקטער הערשער אין דער פאמיליע; אבער דער אלטער און נאטירליכער געדאנקען, אז בלוטפערוואנדשאפט קומט נאר דורך דיא מוטער, איז פערבליבען, און אום עס זאָל גאָר קיין צווייפעל ניט זיין וועגען זייער אָבשטאמונג פלעגען דיא אינקאס הייראטהען זייערע אייגענע שוועסטער. צוליעב דיא זעלבע אורזאכען האט דער הער־שער ביי דיא מאלאגאשען אין מאדאקאסקאר חתונה אויף זיין טאנטע אָדער שוועסטער.

אין דיא ערשטע מוטערליכע פאמיליעס איז דער געשלעכטלי־כער פערקעהר איבערהויפט געווען פריי, דען, אויסער דיא נויטווענ־דיגקייט צו האלטען דיא זכרים און נקבות פון איין פאמיליע צוזא־מען, וויא ווייט נאר מעגליך, האט מען נאך גאר ניט געוואוסט, וואס בלוטשאנדע בעדייטעט. דיא ערשע בעשרענקונגען ביין פאָרען זיך האָבען נאר געקענט זיין נאטירליכע, און נעמליך, אז יונגע האָבען אויסגעמיידט צו פערבינדען זיך מיט עלטערע, וויא ווייט דיא

אומשטענדען האָבען עס דערלאָזען. דיא פרויען האבען זיך געמוזט צוריקהאלטען יאָהרענלאנג, וויא שוין אָנגעצייגט, אום צו זויגען זייערע קינדער, און דיא מענער האָבען דערווייל געלעבט מיט פרויען, וואָס האָבען שוין ניט געהאט זויגלינגע. עס זיינען נאך ניט געווען גענוג שפייז־מיטעל, אז איין מאן זאָל קענען ערנעהרען א סך פרויען; און אלע פרויען זיינען דארום געווען פיר אלע מענער, און פערקעהרט. דער מאן האָט ניט בעהערשט דיא פרוי, און זיא האָט געלעבט מיט וועמען זיא האט געוואָלט. אין דער מוטערליכער פאמיליע איז דארום דאָס צוזאמענלעבען געווען א געמיינשאפטליכער אין אלע בעציהונגען. דיא מענער און פרויען האָבען זיך שטענדיג געביטען דורך דעם געבורט פון קינדער, און פאָלי־אנדריע (פון דיא גריכישע ווערטער פאָלי — פיעל און אנדעו — מאן) אָדער פיעל־מענעריי איז דארום אָנגענאנגען צוגלייך מיט פאָליגאמיע אָדער פיעל־ווייבעריי. דיא קינדער האָבען דארום געהערט צו אלעמען, אויב דיא מענער זיינען געווען פון איינע־נע אדער פרעמדע פאמיליעס, און געוואוסט האבען זיי נאטירליך נור פון זייערע מוטערס, נאך וועלכע זיי האָבען זיך גערעכענט ביי דער פערמעהרונג פון דיא פאמיליעס ביז צו מעהר אדער וויניגער גרויסע שטאמען.

פאָליאנדריע איז אין אָנפאנג בעזאָנדערס פערשפרייט געוואָרן דורך דעם, וואָס ביי אלעווילדע פעלקער פלעגט מען מייסטענס ערמאָרדען ניי־געבאָרענע מיידעלעך, זאָ דאָס עס זיינען געווען וויניג פרויען. קינדער פלעגט מען טויטען, וויא שוין געזאָגט, ווענען מאנגעל אין שפייז און ווענען דיא אונמעגליכקייט פיר איין פרוי צו זויגען צוויי קינדער מיט א מאָל. ווען אבער דיא מענשהייט האט זיך שוין, וויניגסטענס אין אייניגע גינסטיגע ערטער, אזוי פערמעהרט, אז איין שטאם האט אָנגעהייבען צו פערכאפען געיעג־פלוצער, זאָ דאס עס זיינען ארויסגעקומען מלחמות, זאָ האט נאטירליך יעדער שטאם געזוכט צו האבען וואס מעהר מענער און וואס וויניגער פרויען. ביי איבערפאלונגען זיינען פרויען מיט זייערע קינדער געווען א שטערונג און צו געיעג האָבען זיי אויך ניט געטויגט, און מען

פלעגט זיי דארום אונבארמהערציג טויטען, וויא זיי פלעגען געבאָרען ווערן. דיא פערבליבענע פרויען פלעגען דארום געצוואונגען ווערן צו לעבען מיט א סך מענער,

עס זיינען נאך ביז יעצט פערבליבען פעלקער, וואו פּאָליאַנדריע איז איינגעפיהרט. בעזאָנדערס איז פּאָליאנדריע איינגעוואָרצעלט אויף דעם אינזעל סעילאָן (צום זיד פון אינדיען), אין אינדיען זעלבסט, אין טיבעט, קאשעמיר און איבערהויפּט צווישען דיא פעלקער אין דיא הימאַלאַיער בערג (אויף דעם נאָרד־גרענעץ פון אינדיען). אין פיעלע אנדערע ערטער, וויא ניי־זעעלאַנד, דיא אלעאוטישע אינזלען, אייניגע אינזלען פון גרויסען אָקעאַן, מאַנכע ערטער פון אפריקא, אויסטראַליען און אמעריקא (ביי דיא איראָקעזען אויך), געפינט מען פּאָליאַנדרישע פיהרונגען. ביי מאַנכע אויראָפּעאישע פעלקער, וויא דיא ברעטאָנער, פּיקטען א. ז. וו. זיינען אויך פערבליבען פּאָליאנדרישע פערבינדונגען אין דער צייט פו דיא רוימישע אימפּעריע.

מיט פּאָליאנדריע אדער אייגענטליך מיט דער געמיינשאפטליכקייט פון פרויען איז אויך געוויסערמאסען פערבונדען דער מנהג ביי פיעלע פעלקער, דאס ברידער האָבען צוזאמען איינע אָדער עטליכע פרויען. מיט דער צייט, איבערהויפּט ווען דיא בעגריפע פון פּריוואַט־אייגענטהום האָבען זיך אלץ ווייטער ענטוויקעלט און מענער האבען אָנגעהייבען צו בעטראַכטען זייערע פרויען אלס זייער אייגענטהום, איז דערפון פערבליבען דער זעהר ווייט פערשפּרייטעטער מנהג אז דער איינגערער ברודער מוז חתונה האבען מיט דיא פרויען פון דעם פערשטאָרבענעם עלטערן ברודער. דער מנהג ווערט אין דער קולטורגעשיכטע בעצייכענט אונטער דעם נאָמען לעווי־ראט, און ביי דיא אידען איז ער נאך ביז היינטיגען טאָג פערבונדען, וויא מיר ווייסען, אונטער דעם נאָמען „חליצה״; אבער נאר אין דעם פּאַל, ווען דער ברודער שטארבט קינדערלאָז, וואָס עס איז שוין אויך פערבונדען מיט פיעל שפּעטערע רעליגיעזע בעגריפע, וויא מיר וועלען עס זעהען אין דיא קאפּיטלעך איבער רעליגיאָנען.

דער לעווי־ראַט איז נאָך אין קראַפט ביי דיא מאָנגאָלען און

ביי פיעלע ווילדע און האַלב־ווילדע פעלקער. ליווינגסטאָן דערציילט וועגען אייניגע פעלקער אין זיד־אפריקא: „ווען דער עלטערער ברודער שטאַרבט, נעהמט דער נעכסטער זיינע פרויען, אזוי וויא ביי אידען, און דיא קינדער, וואס ווערן נאָכדעם געבאָרען, רעכענען זיך פאַר דיא קינדער פון דעם פערשטאָרבענעם". ביי דעם פאָלק נ א א י־ר ע ן אין אינדיען עקזיסטירט א מנהג אונטער דעם נאָמען „סאגאַ־אי", אַז דער אינגערער ברודער מוז חתונה האָבען מיט דער אלמנה פון זיין עלטערן ברודער. ביי דיא איינגעבאָרענע פון דיא אינזלען אויף דעם גרויסען אָקעאַן איז איינגעפיהרט, אז אלע פרויען פון דיא פערשטאָרבענע ברידער גייען איבער צו דעם נעכסטען ברודער.

אין אלגעמיינען איז פּאָליאנדריע געזעצליך איינגעפיהרט געוואָרן דאָרט, וואו עס זיינען ווייניג פרויען צוליעב פערשיעדענע אורזאכען. מיט דער צייט האָבען זיך דערפון ענטוויקעלט פערשיע־דענע קוריעזע מנהגים, וועלכע זיינען, וויא דער לעטוויראַט, שפּעטער פערבונדען געוואָרן מיט אייגענטהומס־רעכטע, ווען דער פּאטריאַר־כאַט איז שוין אריין אין פולע קראַפט. דער אלט־גריכישער געאָ־גראף ס ט ר א ב א ן דערציילט פון אזא זאָנדערבארען מנהג ביי א געוויסען פאָלק אין אזיען: יעדער מאַן האָט געמוזט אָפּלאָזען זיינע א פרוי, ווען זיא האט שוין געהאַט מיט איהם דריי קינדער, אום זיא זאָל קענען חתונה האָבען מיט אַ'ן אַנדערן. זאָגאַר ביי דיא רוימער איז א מאָל געווען א מנהג אָפּצולאָזען פרויען אױף א צייט, און ביי פיעלע פעלקער איז נאָך יעצט אין קראַפט דער מנהג מכבד צו זיין מיט פרויען דיא געסט. וועגען מאַנכע פון אזעלכע מנהגים וועלען מיר נאָך שפּעטער האָבען צו ריידען, נאַר יעדענ־פאַלס בעווייזען זיי, וויא ד ז ש א ה ן ל א ב ב א ק בעמערקט עס גאַנץ ריכטיג, וויא אונגעהייער גרייס עס איז דער אונטערשיעד אין דיא בעגריפען פון ווילדע און ציוויליזירטע מענשען וועגען דיא גע־שלעכטליכע בעציהונגען.

דער מאַנגעל אַן פרויען האָט אָבער אויך געפיהרט צו פער־כאַפּונגען פון פרויען און צו מלחמות וועגען זיי. וואס ווייטער פעל־

קער האָבען אָנגעהייבען צו פיהרען מלחמות, אלץ מעהר און עפטער האָט עס געטראָפען, אז מען האָט גערויבט פרויען. דיא בלוטיגסטע שטרייטען זיינען ענטשטאַנען צוליעב דעם, זאָ דאָס מיט דער צייט האָבען וויניגסטענס אייניגע בענאַכבארטע שטאַמען געמוזט שליסען פריעדען, אום זיך געגענזייטיג צו בייטען מיט דיא פרויען. עס איז מעגליך, אז דיא ערשטע מענשען האָבען ביסלעכווייז אויסגעפונען, דאָס בלוטשאַנדע פיהרט צו זעהר שלעכטע רעזולטאַטען, מאַכענדיג דיא קינדער פיזיש און גייסטיג שוואך. זיי האָבען ענדליך געמוזט בעמערקען, אז דיא קינדער פון פערשיעדענע עלטערן זיינען געוויינליך שטאַרקער און פעהיגער, וויא דיא קינדער פון נאָהענטע בלוטפערוואַנדטע. נור יעדענפאַלס, וואָס פאַר אורזאכען עס האָבען ניט געפיהרט צו דיא אָבשאַפונג פון בלוטשאַנדע און צו דיא איינפיהרונג פון בעשרענקונגען אין געשלעכטליכע פערבינדונגען און בעזאָנדערס פון עקסאָגאַמיע, נאר ביי פיעלע פעלקער אויף דער נידריגסטער ווילדער שטופע געפינען מיר שוין, אז התונות גייען נאר צווישען פערזאָנען פון בעזונדערע שטאַמען. עקסאָגאַמיע שיינט אונז זעהר זאָנדערבאַר, אָבער אז זיא איז ענטשטאַנען דורך א נאַטירליכע ענטוויקלונג פון געשלעכטליכע און געזעלשאַפטליכע פערבינדונגען אונטער דעם מאַטריאַרכאַט, אין דעם איבערצייגען מיר זיך, ווען מיר בעטראַכטען וויא ווייט עס איז פערשפרייט דיזע פאָרמע פון הייראַטהען. עקסאָגאַמיע איז זיכער מעהר פערברייטעט, וויא ענדאָגאַמיע, און זאָגאַר דיא פעלקער, וואָס זיינען ענדאָגאַמיש אין בעצוג אויף אַנדערע פעלקער, דאָס הייסט: הייראַטען ניט פערזאָנען פון פרעמדע פעלקער, זיינען דאָך עקסאָגאַמיש אין בעצוג אויף זייערע שבטים אדער געוויסע גרויסע פאַמיליען. דערביי פערבלייבט דיא מוטערליכע אָרגאַניזאַציאָן מיט איהר סיסטעם פון פערוואַנדשאַפט און ירושה וויא אויך מיט דיא געמיינשאַפטליכקייט פון פרויען; נאר דיא בלוטשאַנדע ווערט דערמיט אָבגעשאַפט.

דיא איינפאַכסטע און וואַהרשיינליך דיא עלטעסטע פאָרמען פון עקסאָגאַמיע קען מען יעצט געפינען ביי אייניגע איינגעבאָרענע פעלקער פון אויסטראַליען. אלס ביישפיעל וועלען מיר דאָ ברייגען דיא

פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן פון דעם שטאַם קאַמילאַראָי אין ניו־דר־אויסטראַליען. דיזער שטאַם איז בלויז צוטהיילט אויף צוויי גרופּען: קומיט און קראָקי. דיא מענער און דיא פרויען פון יעדער גרופּע טאָרען אויף קיין פאַל ניט הייראַטען אונטער זיך. ווען א קומיט וויל התונה האבען, מוז ער ניט אַנדערש נעהמען א פרוי פון דער קראָקי־גרופּע, און פערקעהרט. דיא קינדער געהערען צו דער גרופּע פון דער מוטער, דאָס הייסט: ווען א מאַנספּערזאָן קומיט הייראַטעט א פרוי קראָקי, זיינען דיא קינדער אויך קראָקיס און פערקעהרט. דיא קינדער טראָגען אויך דעם נאָמען פון דער מוטער.ביידע גרופּען זיינען צו־וואָרפען אויף א גרויסע שטיק לאַנד און וואָהנען צוזאַמען אין דערפּ־לעך. יעדער קומיט בעטראַכט אַלע ווייבער פון דער גרופּע קראָקי פאר זיינע פרויען, און פערקעהרט, און וואַנדערנדיג פון איין דאָרף צום אַנדערן, האט דער מאַנספּערזאָן איבעראַל פרויען, וועלכע בע־טראַכטען זיי אויך אלס זייערע גנזעצליכע מענער. דורך דעם איז אויך וואַהרשיינליך אזוי פערשפּרייט געוואָרן מיט דער צייט דער זאָ־גענאַנ־טער העטעריזמוס אדער מנהג פאָרצושלאָגען פרויען צו געסט.

עקסאָגאַמיע ווערט אזוי שטרענג אָבגעהיט ביי איינינע אויס־טראַליער פעלקער, דאָס ווען איינער רויבט א פרוי און ער געפינט אויס, אז זיא געהערט צו זיין שטאַם, האט ער מיט איהר ניט חתונה. אין עקסאָגאַמישע גרופּען עקזיסטירען עבענזאָ פּאָליאַנדריע און פּאָלי־גאַמיע, וויא אין ענדאָגאַמישע גרופּען, נאר חתונות צווישען ברידער און שוועסטער קענען שוין אין דיא ערשטע ניט פאָרקומען. דאס הייראַטען אין עקסאָגאַמישע גרופּען איז אייגענטליך ניט צווישען איינ־צעלנע פערזאָנען, נאר צווישען שטאַמען, און דיא אַנגעהעריגקייט צו איין שטאַם גיט שיין יעדען מאַן דאס רעכט צו האַלטען דיא פרויען פון דעם אַנדערן עקסאָגאַמישען שטאַם פאַר זיינע ווייבער. יעדער קומיט ווערט דאַרום אויך גערעכענט פאר דעם פאָטער פון אַלע קינדער אין דער גרופּע קראָקי, און יעדער קראָקי ווערט גערעכענט פאר דעם פאַטער פון אַלע קינדער אין דער גרופּע קומיט.

עהנליכע עקסאָגאַמישע גרופּען געפינט מען אויך ביי פעלקער אויף איינינע אינזלען פון גרויסען אָקעאַן, אין אַפריקאַ און אין אַמערי־

קאַ. ביי אייניגע אינדיאַנער שטאַמען אין נאָרד־אַמעריקאַ און ספּעציעל ביי דיא איראָקעזען איז שוין עקסאָגאַמיע געווען אַ זעהר ענטוויקעלטע סיסטעם. דיא איראָקעזען זיינען געווען צוטהיילט אויף זאָגענאַנטע פראַטריען (ברודערשאַפטען), און יעדע פראַטריע איז בעשטאַנען פון עטליכע גרויסע פאַמיליען אדער שבטים. דאס הייראַטען צווישען דיא שבטים פון איין פראַטריע איז געווען פערבאָטען, און דער מאַן און דיא פרוי האבען געמוזט געהערען צו פערשיעדענע פראַטריען. דיא פערוואַנדשאַפט איז געווען נאָך דער מוטער, אבער דיא הערשאַפט האט שוין אייגענטליך געהערט צום אָנקעל, דעם ברודער פון דער מוטער. אזוי וויא דיא פאָטערס האָבען געהערט צו אַ'ן אנדער שבט און פראַטריע און האבען נאר פון צייט צו צייט זיך געזעהען מיט זייערע פרויען און קינדער, זאָ זיינען דיא פערבינדונגען צווישען זיי געווען זעהר שוואַכע, וועהרענד דער ברודער פון דער מוטער איז געווען נאָהענט לעבען זיין שוועסטער און איהרע קינדער, וועלכע ער האט אויך גערעכענט אלס זיינע אמת'ע בלוטפערוואַנדטע, און ער האט דארום געקענט מעהר אויף זיי אויפפּאַסען. זיין מאַכט איז צוליעב דעם מיט דער צייט געשטיגען, און עס איז אַלזאָ אויסגעקומען, אז יעדער פאָטער איז ניט געווען דער בעפעהלסגעבער איבער זיינע אייגענע קינדער נאר איבער דיא קינדער פון זיינע שוועסטער. ביי אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן האָט שוין אַ מאַן ניט געטאָרט חתונה האבען מיט אַ פרוי פון זיין שטאַם חגם זיי זיינען גאר קיינע קרובים ניט געווען נאָך אונזערע בעגריפע. דערפאַר אָבער זיינען שוין מעגליך געווען חתונות צווישען אָנקעלס און פלעמעניצעס און צווישען טאַנטעס און פלעמעניקעס. איבערהויפּט איז דיא גאַנצע פערוואַנדשאַפט־רעכנונג געווען אַ גאַנץ אַנדערע אין פערגלייך מיט אונזערע, וויא מיר האָבען עס שוין פריהער געצייגט.

מיר וואָלטען נאָך געקענט ברייננען אַ סך אנדערע פאַקטען וועגען דיא יעצט נאָך עקזיסטירענדע עקסאָגאַמישע שטאַמען; אָבער דאָס געזאָגטע איז גענוג צו פערשטיין דיזען מערקווירדיגען מנהג, וועלכער שיינט אונז פון דעם ערשטען בליק אזוי ווילד און זאָנדער־

באר. עקסאָגאַמיע איז שליסליך איינע פון דיא פיעלע פאָרמען פון מאַטריארכאַט.

נאָך איינער פון דיא מערקווירדיגע רעזולטאַטען פון מאַטרי־אַרכאַט איז געווען דער מנהג, אז ניט דיא כלה, נאָר דער חתן האָט בעדאַרפט געבען נדן, אזא איינפיהרונג האָט זעלבסטפערשטענדליך געקענט קומען נור דאַן, ווען דורך דיא ענטוויקלונג פון דיא מאַ־טעריעלע קולטור האט מען שוין געקענט אָנזאַמלען עפּעס און בע־זיצען א פערמעגען. אין דיא ערשטע צייטען, ווען מען האָט ווירק־ליך נור געלעבט פון האַנט אין מויל און ווען דיא זאַכען, וואָס א מענש האָט געקענט בעטראַכטען אלס זיינע אייגענע, האט ער נאָר געטראָגען אויף זיך (דאס זיינען מייסטענס געווען פוץ־זאַכען), האָט גאָר קיינעם ניט געקענט איינפאַלען דער געדאַנקען צו פערלאַנגען עטוואס, ווען עס איז איהם אויסגעקומען צו פערלאָזען זיין פאַמיליע אדער זיין שטאַם. גאַנץ אַנדערס איז עס שוין געווען, ווען יעדער איינער האָט געהאַט א חלק אין דיא שוין אָנגעקליבענע זאַפּאַסען. אוועקגייענדיג, האָט ער שוין געקענט אָנהייבען צו פערלאַנגען זיין חלק. אונטער מאַטריאַרכאַלישע פיהרונגען האָט דיא מוטער קיין מאָל ניט אזוי געהערשט, וויא דער פאָטער אונטער פאַטריאַרכאַלי־שע פיהרונגען. דיא מוטער איז אייגענטליך געווען דיא פערמיטלע־רין און צוזאַמענבינדענדע קראַפט פון דער גאַנצער פאַמיליע. דאס פערמעגען, וואָס איז געשאַפען געוואָרן דורך געמיינשאַפטליכע אר־בייט, האָט געהערט צו דער גאַנצער הויזגעזינד, און דיא מוטער האָט קיין מאָל ניט בעהויפּטעט, אז דאָס איז איהר אייגענטהום, וויא דער פאָטער האָט עס נאָכהער געטאָן, ווען ער איז געוואָרן דער אונבעשרענקטער פאַמיליען־הערשער. אלע האָבען געארבייט צוזאַמען און זיך בענוצט מיט דיא געמיינשאַפטליכע פּראָדוקטען נאָך דיא בעשטימטע בעדירפניסע. עס איז געווען, וויא מען רופט עס, דער פּרימיטיווער (אורשפּרינגליכער) קאָמוניזמוס.

מיט דער צייט אָבער, ווען דיא בעגריפע פון פּריוואַט־אייגענ־טהום און פון פּערזענליכע רעכט האָבען זיך ביסלעכווייז ענטוויקעלט, האָט דער מאַן, וואָס האָט פערלאָזען זיין מוטערליכע פאַמיליע צו־

ליעב א ווייב אין אַ׳ן אַנדער פאַמיליע, אָנגעהייבען צו פערלאַנגע־
א בעפרידיגונג פאַר זיין חלק אין דעם געמיינשאַפטליכען פאַמיליען־
פערמעגען, און דאָס האָט ארויסגערופען דעם מנהג צו געבען מענער
נדן, א מנהג, וואָס איז נאָך פערבליבען ביי אייניגע פעלקער אונ־
טער דעם מאַטריאַרכאַט ביז היינטיגען טאָג און וואס שיינט אונז
פון ערשטען בליק גאַנץ אונפערשטענדליך.

# דריטער קאַפּיטעל.

## צייכענס פון מוטער־רעכט ביי ציוויליזירטע פעלקער.

דיא ענדערונג פון אַלטע מנהגים. — מענער־סעודות אין ספּאַרטע. — מאַטריאַרכאַלישע סמנים אויף עגיפּטישע — ביבלישע בעוויזע וועגען מוטער־רעכט ביי אידען. — מאַטריאַרכאַלישע מנהגים ביי אַראַבען. — אָנווייזונגען אויף מוטער־רעכט אין גריכישע לעגענדען. — דער ראַיעלער גרונט פון דיא געשיכטען וועגען אַמאַזאָנען. — דיא לעגענדע וועגען דיא שטאָט אַטהען. — דיא בעשרייבונגען פון גריכישע היסטאָריקער וועגען אַמאַזאָנען און מאַטריאַרכאַלישע פעלקער. — מוטער־רעכט ביי סלאַווען, גערמאַנען און דיא אוראייננוואָהנער פון אייראָפּאַ. — א צייכען דערפון ביי דיא באַסקען אין שפּאַניען. — אָנווייזונגען אויף מוטער־רעכט אין דיא אַלטע אייראָפּעאישע געזעצגעבונגען.

---

ווען מען האט, נאָך דיא אויבענגעבראַכטע און א גאַנצע מאַסע אַנדערע פאַקטען, פעסטגעשטעלט דיא עקזיסטענץ פון מאַטריאַרכאַלישע פאַמיליען פאָרמען ביי אלע פעלקער אין דעם ווילדען און האַלב־ווילדען צושטאַנד, האָט מען נאַטירליך אויך אלץ מעהר

אָנגעהייבען נאַכצוזוכען, אויב ביי דיא ציוויליזירטע פעלקער פון אַל־טערטהום און פון אונזער צייט זיינען ניט פערבליבען עפּעס צייכענס און אָנווייזונגען אויף זייער אַמאָליגען מוטער־רעכט. אזעלכע נאָכ־זוכונגען זיינען געוועזן זעהר וויכטיג ניט נאר אום צו בעשטעטיגען דיא נאַטירליכע ענטשטעהונג פון מאַטריאַרכאַט אויך ביי דיא אור־עלטערן פון דיא אויראָפּעאישע פעלקער, וועלכע לעבען זייט יאהר־טויזענדע אונטער פּאַטריאַרכאַלישע פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָנען, זאָנדערן אויך, אום אָבצושטרייטען דיא בעהויפּטונגען פון מאַנכע געלעהרטע, אז דיא אַריער פעלקער זיינען געוועזן געוויסערמאַסען אַ׳ן אויסנאַהמע פון דעם כלל. אויסער דעם זיינען איבערהויפּט אזעלכע קולטור־געשיכטליכע נאַכפאָרשונגען וויכטיג און אינטערעסאַנט אין העכסטען גראַד, ווייל דערביי עפענט זיך פאַר אונזערע אויגען אַ בילד פון דעם לעבען פון אונזערע פאָרפאַטערס און מיר קענען אויך פערצייכ־נען דיא שטופען פון ענטוויקלונג און פאָרטשריט אין דיא פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָנען פון ווילדהייט ביז צו ציוויליזאַציאָן.

מיר ווילען זיך דאַרום עטוואָס לענגער אָפּשטעלען אויף דיא בעלעהרנדסטע און וויכטיגסטע בעווייזע, וואָס זיינען שוין צוזאַמענ־געקליבען געוואָרן פון אונערמידליכע געלעהרטע וועגען דעם אַלטען מאַטריאַרכאַט ביי אלע פעלקער, וועלכע זיינען שוין אין דיא היסטאָ־רישע צייטען געוועזן פאָלקאָם פּאַטריאַרכאַליש. דערביי ווילען מיר אויך האָבען אַ זעהר גוטע געלעגענהייט צו זעהען, וויא מען דערגייט דעם ריכטיגען זינען פון מנהגים און צערעמאָניעס, וועלכע האָבען פון דעם ערשטען בליק גאָר קיין שייכות ניט מיט דעם מאַטריאַרכאַט.

מיר ווייסען נאַטירליך, אז מדות און מנהגים בייטען זיך מיט דער צייט און ענדערן זיך שטענדיג, דען זאָנסט וואָלט דאָך איבער־הויפּט ניט געוועזן מעגליך אירגענד וועלכער פאָרטשריט אין געזעל־שאַפטליכען לעבען. אַלטע פיהרונגען מוזען נאַטירליך אָפּטרעטען זייער פּלאַץ צו נייע; אבער, אויסער דעם, וואָס דיזע ענדערונגען קומען ניט פאָר מיט דיא זעלבע שנעלקייט אין אלע ערטער, פער־בלייבען נאָך אָפּט מאַנכע מנהגים אדער יעדענפאַלס צייכענס פון זיי אזוי לאַנג, אז מען פערגעסט גאָר אָן דיא אורזאַכען און אומ־

שטענדען, וועלכע האָבען זיי ארויסגערופען. געוויינליך פערבלייבען אָנווייזונגען אויף גאַנץ אַלטע פיהרונגען אין דיא רעליגיאָנען, וויא מיר האָבען דאָס שוין עטליכע מאָל געהאַט דיא געלעגענהייט צו זעהען אין דיא פאָריגע קאַפּיטעלעך; אבער אויך ניט זעלטען אין פּראַקטישען לעבען. מאַנכע פון דיא אַלטע מנהגים קריגען מיט דער צייט א גאַנץ אַנדער זינען און צוועק און פערבלייבען עפּעס וויא א שטענדיגער גוף, אין וועלכען דיא נייע דורות בלאָזען אריין נייע נשמות.

אין בעצוג אויף דעם אַמאָליגען מאַטריאַרכאַט ביי פּאַטריאַרכאַלישע פעלקער זיינען פערבליבען גראַדע א סך ענטשיעדענע צייכענס נאָך אין אונזער צייט, וואס יעדער פון זיי בעזונדער בעטראַכטעט, קען אונז נאָר אראָפּפיהרען פון ריכטיגען וועג און וואס אַלע צוזאַמען געפינען נאָר א׳ן ערקלערונג אין דעם פריהערן מוטער־רעכט.

זאָ, צום ביישפּיעל, ווייסען מיר פון דער געשיכטע, אז ביי דיא גריכען אין ספּאַרטע זיינען איינגעפיהרט געוועזען בעזונדערע געמיינשאַפטליכע סעודות פיר מענער. ווען מיר וואָלטען גאָר ניט וויסען פון מאַטריאַרכאַט, וואָלטען מיר פון דיזען מנהג געוויס ניט געשלאָסען, אז ביי דיא ספּאַרטאַנער איז ער נאָר געוועזען א רעזולטאַט פון מאַטריארכאַלישע פיהרונגען. יעצט אבער קומען מיר גלייך צו אזא שלום, בעזאָנדערס נאָך ווען מיר געפינען א׳ן עהנליכען מנהג ביי פעלקער, וואו דער מאַטריאַרכאַט איז נאָך מעהר אָדער וויניגער פערבליבען ביז יעצט, וויא אויף אייניגע אינזלען פון גרויסען אָקעאַן. אין דעם קאַפּיטעל איבער שפּייז האָבען מיר שוין געזעהען, דאָס ביי פּאָלינעזיער עסען דיא מענער גאַנץ בעזונדער פון דיא פרויען, ספּעציעל טהיערשפּייז, און אז פלייש איז מיט דער צייט זאָגאַר געוואָרן „טאַבו״ (טריפה) פאַר דיא פרויען. נון, נאַכפאָרשענדיג דעם בעוואוסטען ספּאַרטאַנער מנהג, וועלכען מען האָט גערעכענט פאַר א גאַנץ אָריגינעלע און אייגענטהימליכע איינפיהרונג פון דיזען גריכישען קריעגער־שטאַט, האָט מען אויסגעפונען, אז ניט נאָר זיינען עהנליכע מענער־סעודות איינגעפיהרט געוועזען ביי דיא גריכען אויף דעם אינזעל קרעטא און אפילו אין דיא גריכישע קאָלאָניעס אין זיד־איטאַליען, זאָנדערן אז ביי דיזע סעודות האט מען מייסטענס געברויכט פלייש, וועהרענד צו הויז

האט מען מייסטענס געגעסען פלאנץ־שפייז. דער פערגלייך פון דיא ספּארטאנער מיט דיא פּאָלינעזיער, וועלכע האָבען זעלבסטפערשטענד־ליך איינע פון דיא אַנדערע קיין מאָל ניט געקענט וויסען, איז דאָ אַלזאָ ריכטיג אפילו אין דיא איינצעלהייטען. איבערהויפּט ווייסען מיר שוין, אז אין דיא ערשטע צייטען פון מאטריארכאט האָבען דיא מענער געהאט בעזונדערע יעגער־אָרגאניזאציאָנען, אום צו קריגען פלייש, און אז אין דיא דערפער פון דיא פרויען האָבען זיי מייסטענס געגעסען פלאנץ־שפייז איינפאך, ווייל פלייש האָבען זיי שוין דאָרט ניט געקענט קריגען; זאָ דאָס עס איז נאטירליך, אז דיא זאָ־גענאנטע ספּארטא־נער סעודות זיינען ערטערוויז פערבליבען שוין לאנג נאך דעם, וויא פאָטער־רעכט איז איינגעפיהרט געוואָרן און מען האָט שוין געהאט פלייש אָהן געיעג.

נאך קלאָרער ווערט דיא פערבינדונג פון דיא מענער־סעודות מיט דעם מאטריארכאט, ווען מיר געפינען, אז אין ספּארטע זיינען דיא פרויען געווען פיעל פרייער, וויא אין אלע אַנדערע טהיילען פון גריכענ־לאנד. א ר י ס ט א ָ ט ע ל ס האָט זאָגאר דערפאר קריטיקירט דיא בעריהמטע געזעצגעבונג פון דעם ספּארטאנער קעניג ל י ק ו ר ג, וועל־כער האָט געלעבט מיט א יאהר ניין הונדערט פאר דער קריסטליכער צייטרעכנונג. דיא ספּארטאנער פרויען האָבען נעמליך אָנגעפיהרט דיא גאנצע הויזווירטהשאפט מיט דער הילפע פון שקלאווען, און הגם דער מאָן האָט זיך שוין גערעכענט פאר דעם אייגענטהימער פון לאנד, איז ער דאָך פערבליבען דער ק ע ס ט נ י ק פון זיין פרוי.

דיא עגיפּטישע מאָנומענטען צייגען אויך, אז א מאָל האָט דאָרט געהערשט דער מאטריארכאט. פיעלע פון דיזע מאָנומענטען ווערן בעצירט מיט דיא נעמען פון דיא מוטערס. איין זעהר אַלטער הויכער טיטול אין עגיפּטען, דער נעכסטער נאך דעם קעניגליכען, פלעגט איבערגיין בירושה ניט פון פאָטער צום זוהן נאר צום עלטעס־טען אייניקעל פון דער מ ו ט ע ר ל י כ ע ר ז י י ט. אין אָנפאנג איז איבערהויפּט ביי דיא אוראַלטע איינוואָהנער פון מצרים געווען איינגע־פיהרט ירושה נאך דער מוטער׳ס זייט, וואס עס איז א זיכערער צייכען פון מאטריארכאט.

אז בײ אידען איז געװען א מאָל א מוטערליכע פאמיליען־אָרגאַ־ניזאַציאָן, אויף דעם צײגט אויך קלאָר אָן דיא ביבעל, װעלכע שיל־דערט אונז שוין דיא ערשטע פּאַטריאַרכאַלישע פיהרונגען. אברהם, דער ערשטער פון דיא אבות, איז א פּאַטריאַרך אין פולען זינען פון דיזען װאָרט. ער איז דער פאָלשטענדיגער הערשער איבער זײנע פרויען און קינדער. דיא מעשה מיט יצחק׳ן צײגט יעדענפאַלס, אז פאָטערס האָבען דאַן געהאַט דאָס פאָלקאָמענע רעכט אפילו צו טויטען זײערע קינדער. פון דעסטװעגען איז נאָך דיא פערװאַנד־שאַפט פערבליבען נאָך דער מוטער׳ס זײט, דען אברהם זעלבסט ענטשולדיגט זיך פאַר אבימלך מלך גרר, װאָס ער האָט אָנגעגעבע זײן װײב שרה פאַר זײנע א שװעסטער, אָט מיט דיזע װערטער: „וגם אמנה אחותי בת אבי היא, אך לא בת אמי, ותהי לי לאשה“; דאס בעדײטעט אַלזאָ, דאס אזוי װיא שרה איז געװען זײן שװעסטער נאָך דעם פאָטער און נ י ט נאָך דער מוטער, דאַרום האט ער שוין ג ע ק ע נ ט מיט איהר הײראַטהען. אזאַ שװעסטער איז שוין ניט גערעכענט געװען פאַר א׳ן אמת׳ע בלוטפערװאַנדטע, װיא עס איז נאַטירליך אונטער מאַטריאַרכאַלישע בעגריפע פון פערװאַנדשאַפט. און זאָגאַר אין דוד המלך׳ס צײטען געפינען מיר, אז עס זײנען נאָך מעגליך געװען חתונות צװישען זיהן און טעכטער פון אײן פאָטער, דען װען אמנון װיל פערגװאַלטיגען זײן שװעסטער תמר, האַלטענדיג יעדענפאַלס, אז דאס איז שוין ניט א בלוטשאַנדע, װײל זײ זײנען ניט פון אײן מוטער, בעט זיא איהם דאס ניט צו טאָן אויף צוליעב דעם, װײל דוד המלך װעט עס איהם דאָך ערלויבען, װען ער, אמנון, זאָל עס נאר אָפען פערלאַנגען בײ איהם (זיא זאָגט אויסדריקליך: „ועתה דבר נא אל המלך כי לא ימנעני ממך“, שמואל ב, י״ג). און נור אבשלום, אלס איהר ברודער אויך פון א י י ן מ ו ט ע ר, האַלט זיך פערפּפליכטעט צו נעהמען ראַכע פאַר איהר שאַנדע, דען אזאַ ראַכע, װיא איבערהויפּט גאולת הדם (אויס־לײזונג פון פערגאָסענע בלוט), איז אונטער מאַטריאַרכאַלישע פיה־רונגען געװען, װיא מיר װעלען עס שפּעטער זעהען, דיא פפליכט פון דיא פערװאַנדטע נאָך דער מוטער׳ס זײט.

**דיא מעשה מיט יפתח הגלעדי** (שופטים, י"א, ב) צייגט, אז דיא ירושה האט געהערט נור צו דיא ברידער פון איין מוטער דען מען האט איהם פעריאַגט, ווייל ער איז געווען גלעד׳ס זוהן פון א׳ן אנדער פרוי. אין א׳ן אנדער אָרט פון שופטים ח, י"ט געפינען מיר, דאס גדעון האט אויסגעשריען, ווען ער האט געפאַנגען זבח וצלמנע: „אחי בני אמי הם, חי השם לו החיתם אותם לא הרגתי אתכם (דאס זיינען געווען דיא ברידער פון מיין מוטער. וויא גאט לעבט, ווען איהר וואָלט זיי ניט אומגעבראכט וואָלט איך אייך ניט געהרג׳עט). דאס צייגט, אז ניט נאר דיא ברידער פון איין מוטער זיינען געווען גערעכענט פאר דיא ריכטיגע ברידער, נאר אז פאר זייער ערמאָרדונג האט שוין דער נעכסטער בלוטפערוואנדטער געמוזט זיין דער גואל הדם, דער בלוט־ערלייזער. דעם מלך׳ס מוטער האט אין ארץ־ישראל געשפיעלט א וויכטיגע פאָליטישע ראָלע און יעדענפאלס א פיעל גרעסערע, וויא דעם מלך׳ס פרוי. יעקב׳ס דיענסט ביי זיין שווער לבן איז דאך אויך ענג פערבונדען מיט מאטריארכאלישע פיהרונגען.

ביי דיא אראַבען האט עקזיסטירט אזא מנהג: איינינע מענער האבען געלעבט מיט איין פרוי. דער ערשטער, וואס פלעגט קומען צו איהר, פלעגט איבערלאָזען ביין אריינגאַנג א שטעקען אלס א סיגנאַל. דיזע פּאָליאנדריע איז ביי זיי נאך פערבליבען אין דער צייט פון מאהאָמעד. ביי דיא סעקטע שיאיטען ווערט נאך אזא מין געשלעכטליכע פערבינדונג אנערקענט אויך יעצט; אָבער ביי דיא סעקטע סוניטען איז עס אָבגעשאַפט געוואָרן אונטער דעם חאליף אָמאר. דיא געזעלשאַפטליכע לאַגע פון קינדער ווערט ביי דיא אראבען בעשטימט דורך דיא מוטער און ניט דורך דעם פאָטער. זאָ, צום ביישפּיעל, געהערט דער זוהן פון א שקלאווין און פון א פרייען מאַן צו דעם הערר פון דער מוטער. דאָס צייגט דייטליך, אז אָנפאַנגס איז דעם פאָטער׳ס רעכט אויף דיא קינדער איבערהויפּט ניט אנערקענט געווען. דערצו נאך ווערט ביי דיא אראבען ערלויבט א חתונה פון א פרוי מיט דעם ברודער פון איהר פאָטער, הגם זיי היטען אָפּ זעהר שטארק, אז פערוואנדטע

זאָגען ניט הייראטען, ווייל זיי האלטען, אז פון אזעלכע פערבינדונגען ווערען די קינדער שוואכע און קריינקליכע. דאָס בעווייזט אַלזאָ, אז דער ברודער פון פאָטער איז ניט גערעכענט געווען אלס א פערוואנדטער מיט זיין פלעמעניצע. העכסט וואהרשיינליך שטאמט ביי אידען דיא ערלויבנים פון חתונות פון אָנקעל׳ס מיט פלעמעניצעס, אבער ניט פון טאנטעס מיט פלעמעניקעס, אויך פון אזא מאטריארכאלישען בעגריף וועגען פערוואנדשאפט.

פיעלע אראבער פעלקער טראָגען אויך נעמען פון פרויען, און דער אראבישער וואָרט „באטן", מיט וועלכען מען בעצייכענט א פאמיליע און א שטאם, בעדייטעט אייגענטליך „דיא ברוסט פון א פרוי". דיא מיטגליעדער פון איין פאמיליע רופען זיי מיט א וואָרט, וואס בעדייטעט: „דיא יעניגע, וועלכע האָבען געזויגט דאס זעלבע מילך". דיא אראבער גלויבען נאך אויך ביז׳ן היינטיגען טאָג, אז דיא איינגעבאָרענע אייגענשאפטען פון א מענש גייען איבער בירושה ניט פון פאָטער צום זוהן, נאר פון דער מוטער׳ס ברודער צום פלעמעניק, אלזאָ נאך דער מאטריארכאלישער פערוואנדשאפט. און ביי אידען האָט מען אויך אזוי געגלויבט אפילו אין דיא תלמודישע צייטען. אין דער גמרא (יבמות, מ"ב, ב.) ווערט אויסדריקליך ערקלערט: „רוב בנים הולכים אחרי אחי האם (דאס רוב קינדער גיבען זיך איין אין דיא ברידער פון דער מוטער)". אין א׳ן אנדער אָרט פון תלמוד (בבא בתרא ק"י, ב.) ווערט רעקאָמענדירט: „הנושא אשה צריך לבדוק באחיה (ווען איינער נעהמט א פרוי, זאל ער נאכזוכען דעם כאראקטער פו איהרע ברידער)". און דער גרונד פון דיזע רעקאָמענדאציאָן ווערט דאָרט ערקלערט דערמיט, וואס אין דער ביבעל ווערט דערציילט: „ויקח אהרון את אלישבע בת עמנדב אחות נחשון (און אהרון האָט געהייראטעט אלישבע דיא טאָכטער פון עמינדב דיא שוועסטער פון נחשון). דיא תלמודיסטען האבען זיך נעמליך געפרעגט, און מיט רעכט: צוואָס דארף נאָך דיא ביבעל אויסדריקליך דערציילען, אז אהרון׳ס פרוי איז געווען נחשון׳ס שוועסטער? איז עס דען ניט גענוג געווען צו דערמאָנען דעם נאָמען פון איהר פאָ־

טער? און זיי זיינען געקומען צום שלום, וועלכער איז אויך קולטור־געשיכטליך ריכטיג, אז אהרון האט נאכגעזוכט דעם כאראקטער פון זיין פרוי׳ס ברידער.

איבריגענס, נאך ביז היינט צו טאג עקזיסטירט ביי אידען א גלויבען, אז קינדער גיבען זיך איין אין דעם אנקעל פון דער מוטער׳ס זייט, ד. ה. דיא פלעמעניקעס זיינען עהנליכע צו זייערע מוטערליכע אנקעלס און נ י ט צו זייערע פאטערס; און ווען מען זאל וועגען דעם ריידען מיט אלטפרענקישע ווייבער, וועלען זיי נאך זוכען צו איבערצייגען אין דעם מיט ביישפיעלען און ראיות אויס זייערע אייגענע ערפאהרונגען, וויא דער און דער פלעמעניק איז טאקע „אויס־געגאסען" אין זיין אנקעל.

אויס האמער׳ס שילדערונגען זעהען מיר אויך, אז ביי דיא גריכען איז דיא ריכטיגע פערוואנדשאפט גערעכענט געווען נאך דער מוטער און אז חתונות צווישען ברידער און שוועסטער פון איין פאטער, אבער ניט פון איין מוטער, האבען נאך דאן דארום עקזיסטירט. האמער דיינקט, אז דער פערלוסט פון א זוהן איז ניט אזוי שמערצליך, וויא דער פערלוסט פון א ברודער פון איין מוטער. ווען דער העלד א כ י ל ע ס נעהמט בלוטיגע ראכע פאר דעם טויט פון פ א ט ר א ק ל ע ס דורך דיא האנד פון דעם טראיער העלד ה ע ק ט א ר, בעט ל י ק א א ן ביי איהם גנאדע אויף דעם גרונד, דאס ער, ליקאאן, איז נאר העק־טאר׳ס ברודער פון איין פאטער, אבער ניט פון איין מוטער. אין איין אלטע גריכישע מעשה ווערט געשילדערט, וויא א מוטער רופט דעם טויט אויף איהר זוהן׳ס קאפ, ווייל ער האט ערמארדעט איהר לייב־ליכען ברודער.

בעזאנדערס כאראקטעריסטיש איז אין דיזער בעציהונג דיא גריכישע לעגענדע איבער דעם העלד א ר ע ס ט. אין דיזער לעגענדע ווערט שוין געשילדערט דער קאמפף צווישען דעם אלטען מוטער־רעכט און דעם נייעם פאטער־רעכט, א קאמפף, וועלכער איז איבער־ראל אנגעגאנגען לאנגע יאהרען. ארעסט האט נעמליך געטויטעט זיין מוטער ק ל י ט ע מ נ ע ס ט ר ע אויס ראכע פאר דעם טויט פון זיין פאטער א ג א מ ע נ א דורך איהר האנד. דערפאר פערפאלגען

איהם דיא ע ר י נ י ם, דיא אַלטע געטינען, וועלכע פערטהיידיגען דאס מוטער־רעכט געגען דעם גאָט א פּ אָ ל אָ ן, וועלכער טרעט אויף אלס דער פערטהיידיגער פון פאָטער־רעכט. עס קומט פאָר א געריכט, און ביידע זייטען דריקען אויס זייערע מיינונגען. דיא ערינים טענה׳ן, אז א פרוי דאַרף מען ניט בעשטראָפען פאַר א „קרימינאַל־פערברעכען“, ווען זיא טויטעט איהר מאַן און דעם פאָ־טער פון איהרע קינדער, ווייל זיא איז ניט א בלוטספערוואַנדטע פון איהר מאַן. דיא ערינים האבען דאַרום ניט פערפאָלגט אָרעסט׳ס מוטער, דען גאולת הדם פאַלט נאר אויף בלוטספערוואַנדטע, דאס הייסט: אויף דיא פערוואַנדטע פון דער מוטער׳ס זייט. און ווענ־דענדיג זיך צו אָרעסט׳ן, שרייען זיי אויס מיט א פייערדיגען צאָרן: „האט זיא דען דיך, בלוטפערגיסער, ניט געטראָגען אונטער איהר הארץ? זאָגסטו דען זיך אָפּ פון דיין מוטער׳ס טייערע בלוט?“

דאָ קומט אָבער אַפּאָלאָן צו הילפע אויף אָרעסט׳ס זייט. ער האט עס אויך צוגערעט אָרעסט׳ן צו נעהמען נקמה פאר זיין פאָטער אפילו געגען זיין אייגענע מוטער. און ער ענטפערט אויף דיא אַנ־קלאַגע פון דיא ערינים און קינדיגט דערביי אָן דאָס נייע פאָטער־רעכט מיט דיזע ווערטער: „דיא מוטער שאַפט ניט דאס קינד, נאר ערנעהרט, וואָס עס איז פערזייהט... דער פ אָ ט ע ר ש אַ פ ט, דיא מוטער בעהאַלט נאר דיא זריעה“... דיא ערינים קענען שוין ניט אָפּשטרייטען אַפּאָלאָן׳ס מיינונג; אָבער זיי ערקלערן איהם פאַר א רעוואָלוציאָנער און זאָגען איהם: „דו, י ו נ ג ע ר גאָט, צוטרייסעלסט דיא ק ר ע פ ט ע פ ו ן ג ר ו י ־ אַ ל ט ע צ י י ט ע ן; אונז, דיא אַלטע, ווילסטו ארונטערשליידערן“.

דיא שאַלען פון גערעכטיגקייט בלייבען אבער נאך אלץ אין גלייכגעוויכט נאך דיזע אלע טענות פיר מוטער־רעכט און פיר פאָטער־רעכט. דיא שטימען פון דיא ריכטער זיינען גלייך צוטהיילט און נאר א ט ה ע ן, דיא געטין־פ ע ר מ י ט ל ע ר י ן, וועלכע האט קיין מ ו ט ע ר געהאט און איז ניט פ ע ה י ג געוועזן צו געבאָרען קינדער, וויא דיא לעגענדע דערציילט, וועגט איבער מיט איהר שטיין דיא שאָל אויף אָרעסט׳ס זייט. דערביי ערקלערט זיא: „פיר אָרעסט׳ן

לייג איך דיזען שטיין, דען איך האב קיין מוטער געהאַט, וואָס זאָל מיך געבאָרען. איך האַלט י ע צ ט דאַרום, אז קלענער איז דיא שטראָף פאר דיא ערמאָרדונג פון א פרוי, וועלכע האט אומגעבראַכט איהר מאַן, דעם ב ע ל ה ב י ת״. און אָרעסט ווערט דאַן פרייגעשפּראָכען אין נאָמען פון פאָטער־רעכט, און דיא עריניס, דיא פערטרעטערינען פון מוטער־רעכט, קלאָגען דאַן: „אָה, י ו נ ג ע געטער, איהר צושטערט דאס א ל ט ע ר ע כ ט, דיא אלטע געזעץ; איהר רייסט זיי ארויס פון אונזערע הענד״.

אויף דעם קאַמפּף צווישען דעם אלטען מאַטריאַרכאַט און דעם נייען פּאַטריאַרכאַט צייגט אויך אָן דיא לעגענדע איבער א ל ק מ ע ן, וועלכער האָט געטויטעט זיין מוטער ע ר י פ י ל אַ, ווייל זיא איז געוואָרען אונטריי צו זיין פאָטער צוליעב א טייערן האַלזבאַנד, וואס א׳ן אנדער מאַן האט איהר געשאָנקען. קיינע פון דיא אַלטע געטינען פערפאָלגט ניט דיא אונטרייע פרוי, ווייל נאך דעם מוטער־רעכט מעג זיא לעבען מיט וועמען זיא וויל. נאר ווען אלקמען נעהמט ראַכע פאר זיין פאָטער, דאַן טרעט שוין גענגען איהם ארויס דיא „מוטער־ערד״ זעלבסט, דיא ריכטיגע בעשיצערין פון מוטער־רעכט, און ער ווערט אזוי פערפאָלגט, דאס ער געפינט קיין רוהע אין ערגעץ ניט. אבער אַפּאָלאָן קומט איהם אויך צו הילפע און צייגט איהם אָן, אלס א רעטונגס־אָרט אויף אַן אינזעל, וועלכער איז שוין ניט געשאַפען געוואָרען פון דער „מוטער־ערד״ אין דער צייט פון אַלקמען׳ס מוטערמאָרד, נעמליך אויף א׳ן אינזעל, וועלכער האט זיך ש פ ע ט ע ר ארייסגעהויבען פון ים. ערשט דאָרט, אין דיזען נ י י ע ן אָרט, קען אַלקמען געפינען רוהע פאר זיין פערטהיידיגונג פון פאָטער־רעכט.

דיא פערשיעדענע באָבע־מעשות וועגען דיא אַ מ אַ ז אָ נ ע ן, קריגערישע פרויען, וועלכע האָבען געפיהרט שלאַכטען מיט מענער, ווייזען אויך אָן אויף דעם קאַמפּף צווישען מוטער־רעכט און פאָטער־רעכט, ווען מיר פאָרשען נאר גרינדליך נאך דיזע געשיכטען און זוכען אָפּצוטהיילען דיא איינבילדונגען און פאַנטאַזיעס פון דיא קערנדלעך וואהרהייט, וועלכע מיר געפינען אין זיי. דיא געשיכטען פון דיא

אלטע פאעטען און שרייבערס וועגען דעם  ה א ס  פון דיא אמאזא־
נען צו מענער איבערהויפט, וועגען זייערע אייגענע קעניגרייכען,
וועגען אפשניידען זייערע בריסט א. ז. וו., זיינען נאטירליך מיט דער
צייט אויסגעטראכט געווארן, אום שענער, אנציהענדער און שטאר־
קער פארצושטעלען דיא שטרייטען, וואס זיינען ווירקליך פארגעקור־
מען צווישען פרויען און מענער, ווען דער פאטריארכאט איז אלץ
מעהר אריינגעטראטען אין קראפט. ווען מיר וואלטען ניט געהאט
אנדערע דירעקטע בעווייזע וועגען מוטער־רעכט און וועגען דיא
פערשטענדליכע פראטעסטען פון פרויען געגען דעם פאטריארכאט,
וואלטען מיר טאקע געהאלטען דיא געשיכטע וועגען אמאזאנען פאר
געוויינליכע באבע־מעשות, וויא מען האט עס טאקע גערעכענט ביז
דיא לעצטע צייט; אבער זיי קריגען א גאנץ ראיעלען גרונד, ווען
מיר בעטראכטען זיי אין פערבינדונג מיט אלע נאכפארשונגען
וועגען מאטריארכאט.

מיר ווען דא אנאליזירען א פאר פון דיא פאעטישע גרי־
כישע לעגענדען וועגען דיא אמאזאנען, אום צו ענטדעקען זייער
ראיעלען גרונד.

איין מעשה וועגען דיא אמאזאנען דערציילט, אז  ט ה ע ז ע א ו ס
איינער פון דיא אלטע העלדען און געזעצגעבער אין אטהען, האט
בעזיעגט דיא אמאזאנען, וועלכע האבען זיך צוזאמענגעקליבען לעבען
דעם בארג  א ר ע ס  אונטער דער פיהרונג פון זייער קעניגין  ה י־
פ א ל י ט א. מיט דיזען זיעג פאנגט זיך אן דיא גלענצענדע גע־
שיכטע פון אטהען, דער צענטראל־פונקט פון דיא גריכישע ציוויל־
זאציאן, און דיא איינצעלהייטען פון דיזער שלאכט זיינען געווען
פערצייכענט אויף דיא ווענט ארום  א ק ר א פ א ל, דיא פעסטונג
פון דער שטאט, און האבען געדיענט אלס א רייכער מאטעריאל
פיר דיא קונסטווערק פון דיא גריכישע פאעטען, מאלערס און
סקולפטארען. אין אטהען איז אויך געווען א זייל אויף דעם ארט,
וואו דיא אמאזאנען־קעניגין היפאליטא איז געפאלען טויט. לעבען
דעם טעמפעל צו עהרע פון טהעזעאוס האט זיך געפונען דער ארט,
וואו מען האט געשלאסען פריעדען מיט דיא בעזיעגטע אמאזאנען

און וואו מען האָט נאָכהער געפייערט מיט צערעמאָניעס און שפּיעלען דעם אָנדיינקען אָן דיא געפאַלענע מענער און פרויען. אין דעם אָרט אמאזאָנעאום זיינען געווען בעגראָבען איינינע אמאזאָנען. אין גאַנץ גריכענלאַנד זיינען געווען געבויט מאָנומענטען צו אַנדיינקונג פון דיזער פּאַסירונג.

דיא פראַגע איז יעצט: וואָלט מען דען געמאַכט אזא גרויסען וועזען וועגען א שלאַכט מיט פרויען, וואָלט מען דען געבויט אזוי פיעל טעמפּלען און מאָנומענטען צום אַנדענקען פון דיא העלדען און העלדינען אין דיזער שלאַכט, ווען דיא גאַנצע מעשה וואָלט גאר גיט געווען בעגרינדעט אויף א ווירקליכען פאַקט, ווען זיא וואלט נאר געווען אויסגעטראַכט פון איין מענש? געוויס ניט. עפּעס האט דאָ געמוזט פּאַסירען, און גראַדע זעהר וויכטיגעס, מיט וואָס דאס גאַנצע נאַציאָנאַלע לעבען פון דיא גריכען איז געווען איינג פערבונדען. פון דער אַנדער האַנד שיקט זיך עפּעס דאָך ניט, אז פרויען זאָלען פיהרען אזעלכע בלוטיגע שלאַכטען' וויא ארום דעם באַרג אַרעס. אמת, דיא פרויען זיינען טאקע בעזיעגט געוואָרן, אבער דיא זעלבע לעגענדע צייגט אונז אויך, אז דאס איז געקומען דורך דעם, וואס דיא אמאזאָנען האבען זיך צוטהיילט אויף צוויי פּאַרטייען; איינע זיינען געווען פיר דיא פּאָרטזעצונג פון זייער פריהערע הערשאַפט, דיא אַנדערע האָבען זיך געלאָזט בעהערשען פון דיא מענער אונטער דעם איינפלוס פון ליעבע. אַנטיאָפּא, איינע פון אזעלכע ליעבענדע אמאזאָנען, וועלכע האט זיך גראַדע פערליעבט אין טהעזעאוס'ן זעלבסט, האט זאָגאר געקעמפּפט מיט דיא מענער געגען איהרע שוועסטער. דיא לעגענדע דערציילט אונז אז נאכהער איז זיא געווען א פערמיטלערין ביי'ן שליעסען פריעדען און האט אויפגעפּאַסט אויף איהרע פערוואונדעטע שוועסטער.

עס פערשטייט זיך, אז אָהן דיא אריינמישונג פון געטער האבע' זיך דיא גריכען ניט געקענט בעגיין ביי זייערע שילדערונגען י גע! דיזע אמאזאָנען שלאַכט, וויא פון אלע שפּעטערע. און ווען מיר בע־טראַכטען, וועלכע געטער זיינען אין דעם בעזאָנדערס אריינגע־מישט געווען, זאָ געפינען מיר, אז פּאָסיידאָן, דער ים־גאָט, דער הויפּט

בעשיצער פון דיא פעלקער, וועלכע זיינען אריבער פון אינזעל קרעטא נאך גריכענלאנד און האבען זיך נאך טהיילווייז געפיהרט מאטריאר־כאליש, איז בעזייטיגט געווארן פון דעם העלד טהעזעאוס, וועלכער האט פערניכטעט דיא הערשאפט פון קרעטא איבער דיא פערבליבענע אין גריכענלאנד. דאס איז אייגענטליך געווען א קאמפף צווישען דיא מוטערלאנד קרעטא (דיא קרעטאנער האבען טאקע זייער היימאט מוטערלאנד און ניט פאטערלאנד) און איהרע קאלאניעס. מיר געפינען דא ווידער דעם יונגען גאט אפאלאן און דיא קלוגע געטין־פערמיטלערין אטהען אויף דער זייט פון דיא מענער און געגען ניט נאר דיא אמאזאנען, זאנדערן אויך געגען דעם קרעטאנער גאט פאסעידאן, הגם דער לעצטער איז שוין אויך א מענער־גאט פיר פאטער־רעכט. דערפון קענען מיר שוין מיט זיכערהייט שליסען, אז דער קאמפף איז אנגעגאנגען צווישען פעלקער אונטער דעם מאטריארכאט און פעלקער, וועלכע האבען שטריינג גענומען איינפיהרען פאטער־רעכט. דיא שלאכט מיט דיא אמאזאנען איז אלזא אין אמת׳ן געווען א שלאכט מיט פעלקער אונטער דער הער־שאפט פון מוטער־רעכט. אונטער דיא אמאזאנען דארפען מיר דארום איינפאך פערשטיין דעם מאטריארכאט. נור דיא פאעטישע איינבילדונג פון דיא גייסטרייכע גריכען האט מיט דער צייט אומ־געוואנדעלט אלע פערטהיידיגער פון מאטריארכאט אין קריגערי־שע פרויען אונטער דעם אלגעמיינעם נאמען אמאזאנען. אויב פרויען זעלבסט האבען טאקע גענומען אנטהייל אין דער שלאכט, וויא דיא לעגענדע דערציילט, איז שוין ניט וויכטיג. דיא הויפטזאך איז, וואס דיא שלאכט איז געפיהרט געווארן אין זייער נאמען פילייכט טאקע אונטער דער פיהרונג פון דער קעניגין היפאליטא, נעמליך: פון מאטריארכאלישע פעלקער. דיזע היפאליטא איז וואהר־שיינליך געווען א מין אידישע דבורה.

הערקולעס, דער גריכישער שמשון הגבור, איז אויך געווען איינער פון דיא העלדען און האלב־געטער, וויא טהעזעאוס, פערסע־אוס א. ז. וו., וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט אין דיא לעגענדען מיט זייער קאמפף געגען מאטריארכאט. דער אלט־גריכישער שריי־

בער דיאָדאָר פון סיציליען בעמערקט: „הערקולעס, וועמעס אויפגאַבע עס איז געווען צו בעגליקען דיא גאַנצע מענשהייט, האט געהאַלטען פאר אונגערעכט צו לאָזען איינינע פעלקער אונטער דער שענדליכער הערשאַפט פון פרויען". אזוי וויא מיט דער צייט האבען דיא גריכען געמאַכט הערקולעסען פאר דעם העלד פון פערשיעדענע גרויסע טהאַטען, האבען זיי איהם אויך ארויסגעשטעלט פאר דעם הויפּט־קעמפּפער געגען מוטער־רעכט. דיא אַכטע פון זיינע בעריהמ־טע צוועלף גבורות איז נעמליך געווען זיין זיעג איבער גאָרגאָן און אַנדערע אמאַזאָנען. איבעראַל, וואו ער האט זיי נאר געטראָ־פען, האט ער זיי פערניכטעט. זיינע רייזען צו בעקעמפּפען דיא אַמאַזאָנען, וויא אויך דיא רייזען מיט דעם זעלבען צוועק פון אַנדע־רע גריכישע העלדען, צייגען נאר, אז דער קאַמפּף מיט דיא מאַט־ריארכאַלישע פעלקער איז אַלץ וויינטער אָנגעגאַנגען ביז צו דיא גרענעצען פון דער גריכישער וועלט, זאָ דאס שפּעטער האט מען אַלץ דערציילט וועגען אמאַזאָנען־לענדער ערגעץ ביי דיא ברעגעס פון שווארצען ים און אין אזיען. דיא גריכען, וועלכע האבען שוין אין זייער לאַנד איינגעפיהרט דאס פאָטער־רעכט אזוי שטארק, דאס פרויען האבען אויפגעהערט צו שפּיעלען אירגענד וועלכע ראָלע אין פּאָליטישען לעבען און צו הויזע זיינען זיי אויך געווען זעהר אונטערוואָרפען, האבען אין זייערע קאָלאָניעס גֶעפונען דיא איינגע־באָרענע מיט מאַטריארכאַלישע פיהרונגען, און דער קאַמפּף מיט דיא אַמאַזאָנען איז דארום אַהין איבערגעגאַנגען. אָט אזוי האט דיא גריכישע ציוויליזאַציאָן ביסלעכווייז פערניכטעט דיא מאַטריארכאַ־לישע פאָרמען אין אַלע ערטער, וואוהין זיא האט נאר דערגרייכט. אין דיא אַלע שלאַכטען מיט דיא אַמאַזאָנען, פון וועלכע דיא גריי־כישע לעגענדען דערציילען, בלייבען דיא מענער, דיא העלדען, אַלס דיא זיעגער, און דאס בעדייטעט נאר, אז דער פאַטריארכאַט האט אין דיזע אלע לענדער ארויסגעשטויסען דעם מאַטריארכאַט.

דער גאַנצער זאָ־גענאַנטער העלדישער פּעריאָד פון גריכענ־לאַנד, דאס הייסט: דיא צייט, ווען מענער ווערן דיא אָנפיהרער אַנשטאָט דיא פרויען־העלדינען, פון וועלכע דיא עלטערע לעגענדען

דערצייכען און פון וועלכע דער גרויסער גריכישער פּאָעט העזיאָד (האט געלעבט אין איין צייט מיט האָמער'ן) זינגט אזוי הערליך — דיזער פּעריאָד איז עפּעס אזוי וויא אין גאַנצען אָבגעגעבען צו שלאַכטען מיט אַמאַזאָנען; אָבער מיט דער צייט מוזען שוין דיא העלדען אליין ווייטער פאָהרען, אום צו געפינען דיא מלוכות פון דיא אַמאַזאָנען. איבערהויפּט איז עס ניט אַ צופאַל, וואס דיא ערשטע לעגענדען ביי פיעלע פעלקער דערציילען אונז וועגען פרויען וואס האבען אָנגעפיהרט אַרמיעס און געגריינדעט מלוכות, וויא סעמיראַמידאַ, דידאָנאַ א. ז. וו. דאס איז נאר אַ'ן אָנווייזונג, אז ביי דיזע פעלקער איז איינגעפיהרט געווען דער מאַטריאַרכאַט. אויס דיא גריכישע לעגענדען זעהען מיר, אז דיא ערטער און אינזלען, וואו דער מאַטריאַרכאַט איז לענגער פערבליבען אין קראַפט, האבען אויך געהאַט מעהר פרויען־העלדינען. דיא לעגענדע איבער דיא רייזע פון דיא אַרגאָנאַוטען מיט דעם העלד יאַזאָן אלס אָנפיהרער דערציילט, אז אין דעם לאַנד ליוויא האבען געלעבט העלדינען, וועלכע האבען יאַזאָנען בעפוילען פריהער פאר אליין צו ליעבען דיא מוטער. קאָלכידאַ, דאס לאַנד הינטער דיא קאַוקאַזער בערג און ניט ווייט פון שוואַרצען ים, וואוהין דיא אַרגאנאַוטען זיינען געפאָהרען צו פערכאַפּען דעם „גאָלדענען פליעס“, איז אויך געווען אונטער דעם שוץ פון פיעלע געטינען און פרויען־העלדינען, וויא העקאַטאַ, צירצעאַ א. ז. וו. אין דיזע ערטער האט זיך טאַקע דאס מוטער־רעכט זיך לאַנג אָנגעהאַלטען.

ווענען הערקולעסען, אלס דעם הויפּט־קעמפּפער פיר פאָטער־רעכט, ווערט אויך אין דיא לעגענדען דערציילט, דאס ער האט איינגעפיהרט אין אָלימפּיאַ גרויסע פעסטליכקייטען צו עהרע פון דעם הויפּט־גאָט זעאוס — דעם בעשיצער פון אלע פאַטריאַרכאַלישע גריכען — און אין דער צייט האט ער פעריאָגט פון דאָרטען דיא פרויען. נור דיא פריסטין פון דער אלטער מוטער־געטין דעמעטראַ האט געמעגט זיצען אויף איהר ווייסען שטיין און צוזעהען דיא שפּיעלען. פרויען האבען אויך ניט געטאָרט צוקומען נאָהענט צום מזבח פון אָלימפּיאַ הגם אין פריהערע צייטען איז

דאָרטען געשטאַנען דער טעמפעל פון דער געטין־מוטער. דיא אלטע געטינען און געטער האט מען איבערהויפּט אלץ מעהר פעריאָגט אין דיא טיעפעניסען פון דער ערד, און פון אויבען, אויף דעם באַרג אָ ל י מ פּ י א ו ס און אין הימעל האבען געהערשט דיא געטער פון דער נייער פּאַטריאַרכאַלישער וועלט, בעזאָנדערס זעאוס און אַפּאָלאָן. און אין דער צייט זיינען עס דיא אלטע איינוואָהנער פון גריכענלאַנד דיא זאָ־גענאַנטע פּ ע ל אַ ז ג י ש ע פעלקער, וועלכע האבען נאָך אָנגעהאַלטען און אויך פערטהיידיגט מיט געוועהר אין דיא הענד זייערע מאַטריאַרכאַלישע פיהרונגען, אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרן איבערלאָזענדיג דיא פּאַטריאַרכאַלישע ע ל י נ ע ן (גריכען) אלס דיא הערשער.

איין גריכישע לעגענדע שילדערט בעזאָנדערס קלאָר דעם איבערגאַנג פון מוטער־רעכט צו פאָטער־רעכט. אמאָל, דערציילט דיא מעשה, האט זיך גלייכצייטיג בעוויזען אין איין אָרט א'ן אָליוור־בוים און אין א'ן אנדער אָרט א וואַסערקוואַל. ווען מען האט אָנגעפרעגט דעם אָראַקול (נביא) פון דעם בעריהמטען ד ע ל פ י ע ר טעמפעל וועגען דיזען וואונדער, האט ער געענטפערט, אז דער אָליוור־בוים בעדייטעט דיא הערשאַפט פון דער געטין אטהען (ווען מאַטריאַרכאַט איז נאָך געווען אין קראַפט] און דער קוואַל וויזט אָן אויף דיא זיעגרייכע מענליכע קראַפט פון דעם גאָט פּאָסיידאָן. און יעצט זאָל דאס פאָלק אויסקלייבען, וואס פאר א נאמען זאָל זיין שטאָט טראָגען. מען האט דאַן אָבגעהאַלטען א פאָלקספערזאַמלונג, אום דיזע פראַגע צו ענטשיידען. וויא דער מנהג איז געווען האבען פרויען אַנטהייל גענומען אין דיא פּאָליטישע פערהאַנדלונגען און האָבען געהאט א שטימרעכט צוגלייך מיט דיא מענער. אלע פרויען האבען דאַן געשטימט פיר זייער געטין אטהען און אלע מענער פיר זייער גאָט פּאָסיידאָן; נאר אזוי וויא עס איז געווען גראַדע מיט איין פרוי מעהר, וויא דיא צאָהל פון דיא מענער, איז דער נאָמען פון דער שטאָט פערבליבען אטהען פּאָסיידאָן איז דאַן אין כעס געוואָרן און האט בעשלאָסען צו נעהמען ראכע פון אלע איינוואָהנער פון א ט ט י ק א (דער טהייל גריכענלאַנד, וואס זיין הויפּטשטאָט

איז געוועזען אטהען) פאר דיא בעליידיגונג. אלס ים־גאָט האט ער ארויסגעיאָגט דיא וואסערן איבער דיא ברעגעס און פערטרונקען גאנץ אטטיקא מיט דיא אָליי־בוימער צוזאמען. דאָן, דערציילט דיא לעגענדע, זיינען דיא מענער שוין געצוואונגען געוועזען איינצושטילען דעם צאָרן פון פּאָסיידאָן דורך דעם, וואס זיי האבען אוועקגענומען דיא רעכטע פון פרויען; און פון יענער צייט אָן טראָגען שוין דיא קינדער ניט דיא נעמען פון זייערע מוטערס, נאר פון זייערע פאָטערס, און דיא פרויען האבען שוין אויך קיין שטימרעכט.

לאָזענעיג אָן א זייט דיא ארייננמישונג פון דיא געטער און געטינען, זעהען מיר דאָ איינפאך, אז אין דער צייט פון א׳ן אונגליק, וואהרשיינליך א בעפאלונג פון א ים־רויבענדען פאָלק, זיינען דיא מענער געצוואונגען געוועזען זיך צו פערבינדען און איינ־פיהרען דעם פּאטריארכאט, אום בעסער און צוועקמעסיגער צו פער־טהיידיגען זייער לאנד. יעדענפאלס זעהען מיר, אז דיא ענדערונג איז הויפּטזעכליך בעשטאנען אין דעם, דאס דיא פרויען זאָלען קיינע פּאָליטישע רעכט האָבען און דאס דיא קינדער זאָלען זיך רעכענען נאך דעם פאָטער. דאן האבען דיא מענער אויך אָנגעפאנגען צו בעשרענקען דיא פערוויסטענדע גאולת הדם, וועלכע איז איבעראל אזוי ענג פערבונדען געוועזען מיט דעם מאטריארכאט, דאס נור בלוט־פערוואנדטע דורך דער מוטער זיינען געוועזען פערפּפליכטעט צו נעהמען בלוטיגע ראכע, און זיי האבען גענומען איינפיהרען קרימינאל־געריכטען, וויא דיא אויבענגעבראכטע לעגענדע איבער אָרעסט בעווייזט עס גאנץ דייטליך.

דיא שפּעטערע גריכישע רייזענדע און היסטאָריקער האָבען נאטירליך געוואוסט פון דיא אַלע לעגענדען און געשיכטען וועגען אַמאַזאָנען; אבער זיי האבען שוין אזעלכע לעגענדער ארום און ארום ניט געפונען. מען האט דערציילט, אז ערגעץ ווייט־וויט זיינען נאך פערבליבען אַמאַזאָנען־מלוכות; אבער אזוי וויא אין דערווירקליכקייט זיינען אזעלכע מלוכות אייגענטליך קיין מאָל ניט געוועזען, זאָ האט שוין דער גריכישער געאָגראַף און רייזענדער סטראבאָן (האט געלעבט אין אָנפאנג פון דער רוימישער אימפּעריע) אין גאנצען

גענומען אָפּלייקענען דיא אַלטע גע׳שיכטען וועגען שלאַכטען מיט אמאַזאָנען. ער האט זיי געהאַלטען פאר איינפאכע איינבילדונגען, דען מיט דער צייט האט מען צומישט דיא נעמען פון דיא קעמפּפענדע העלדען און העלדינען, וויא אויך דיא נעמען פון דיא פּלעצער, וואו דיא אַמאַזאָנען־שלאַכטען זיינען פאָרגעקומען. זאָ האט מען אויך דערציילט, אז טהעזעאוס האט בעזיעגט דיא אַמאַזאָנען אין דער שטאָט טרעזען (אין דעם זידליכען האַלבאינזעל פון גריכענלאַנד), און דיזע שטאָט האָט זאָגאַר געפיהרט א מחלקה מיט אַטהען וועגען דעם געבורטסאָרט פון דיזען העלד. אין דער שטאָט מעגאַרע איז געווען א׳ן אַלטער „קבר פון אמאַזאָנען“ (מען האט בעהויפּטעט אז דיא אָנפיהרערין היפּאָליטאַ איז דאָרט בעערדיגט געוואָרן) אויף דעם מאַרק־פּלאַץ. אלע לעגענדען וועגען דיא אַמאַזאָנען זיינען שליסליך פערבונדען געוואָרן מיט א לאַנד ערגעץ הינטער דעם טייך טהערמאָדאָן אין קליין־אַזיען. דאָרט האט מען געגלויבט, איז געווען א׳ן עכטע אַמאַזאָנען־מליכה און פון דאָרטעז זיינען עס אלע קריגערינען ארויס קעמפּפען געגען דיא מענער.

אין יענע ערטער האָבען טאַקע איינִיגע פעלקער געלעבט נאָך דיא אַלטע מאַטריאַרכאַלישע פיהרונגען, ווען אין גריכעלאַנד זיינען נאר געבליבען צייכענס דערפון אין אַלטע געשיכטעס, בעפּוצט מיט פיעלע פאַנטאַסטישע בילדער. דער זעלבער סטראַבאָן, וועלכער האט שוין געלייקענט דיא עקזיסטענץ פון אַמאַזאָנען אין גריכענלאַנד זעלבסט, דערציילט פון דעסטוועגען, אז וועגען איין אמאַזאָנען־לאַנד האט ער געקראָגען בעווייזע פון מענשען, וועלכע האבען דיזע לאַנד געזעהען מיט זייערע אייגענע אויגען. א געוויסער טהעאָטהאַן, וועלכער האט דערגרייכט מיט א רוימער אַרמיע ביז צו קאַוקאַז, האט געפונען אַמאַזאָנען אין דער נאַכבאַרשאַפט פון דיא סקיטהישע שטאַמען געלאַ און לעגאַ. אַנדערע, וועלכע האבען אויך בעזוכט דיזע ערטער, האבען אויך דאָרטען צו יענער צייט געטראָפען אמאַזאָנען. געוויינליך האבען דיזע פרויען געלעבט גאַנץ אונאַבהייניג פון מענער, בעשעפטיגענדיג זיך מייסטענס מיט אַקערבוי. נאָך דיא לעגענדען זיינען זיי אבער געווען זעהר קריגעריש און

פלעגען זאָגאר פערקריפּלען זייערע בריסטען, אום עס זאָל זיי זיין בעקוועמער צו האלטען געוועהר. אין דיא פריהלינג־מאָנאטען פלעגען זיי זיך אין א בעשטימטען אָרט צוזאמענטרעפען מיט דיא מענער, וועלכע האבען זיך אויפגעהאלטען אויף דיא אנדערע זייט פון דיא בערג. זיי פלעגען ביי זיך לאָזען דיא מיידלעך, און דיא אינגלעך פלעגען זיי אָפּגעבען צו דיא מענער.

ווען מען זאָל זאָגאר צוגעבען, אז דיזע אונאבהייגיגע פרויען זיינען געווען בעוואפענט און האבען זיך געקענט בעשיצען מיט זייערע שווערדען און פייל־ און בויגענס — וואס עס איז אייגענטליך גאָר ניט אזוי אונגעוויינליך אין דעם ווילדען צושטאנד, דען ווען דיא פראנצויזען האבען איינגענומען דיא נעגער־מלוכה אין דאהאָמעי, האבען זיי אויך געהאט צו פיהרען א שלאכט מיט אַ'ן אָבטהיילונג זעהר קריגערישע פרויען, דיא אמאַזאָנען פון דעם קעניג בעהאנזע — זאָ צייגען נאָך אַלעמען דיזע בעשרייבונגען פון דיא גריכען אויף א מאטריארכאלישען צושטאנד, ווען דיא פרויען האבען געלעבט אין בעזונדערע דערפער מעהר אדער ווייניגער אונאבהייגיג פון דיא יענערישע מענער.

הערָאדאָטוס האט נאָך אליין שטארק געגלויבט אין דיא עקזיסטענץ פון דיא אמאזאָנען און האט אויך דערציילט פיעלע געשיכטען וועגען זיי, וויא ער האט עס געהערט פון זיינע לאנדסלייטע. ער האט אויך געזוכט צו בעווייזען, אז אין איינינע ערטער אין זיד־רוסלאנד, בעזאָנדערס צווישען דעם טייך דאָן און דעם קאספּי־שען ים, זיינען נאָך פערבליבען פרויען־מלוכות; אבער מען האט יעצט קיינע פאקטען וועגען דעם, און מאנכע פון זיינע ערקלערונגען מוזען אנערקענט ווערן פאר איינבילדונגען. וועגען דיא ליקיער, וועלכע האבען געלעבט אין קליין־אזיען האט אונז אבער דער „פאָטער פון געשיכטע“ איבערגעלאזען א בעשרייבונג, וועלכע מוז אנערקענט ווערן פאר דיכטיג, דען זיא שטימט פאָלקאָמען איין מיט אלע פאקטען וועגען מאטריארכאט. „דיא ליקיער, שרייבט ער, רופען זיך נאָך דער מוטער און ניט נאָך דעם פאָטער. ווען מען פרעגט איינעם פון זיי וועגען זיין משפחה, מעלדעט ער וועגען זיין פערוואנדשאפט דורך דער

מוטער'ס זייט און רעכענט אוים זיינע באָבעס. און ווען א פרוי־בירגערין (א פרייע פרוי) לעבט מיט א שקלאוו, ווערן דיא קינדער אָנגענומען אלס פרייע בירגער. אבער ווען א מאַנספערזאָן, אפילו דער אָנגעזעהענסטער נעהמט זיך א פרעמדע פאר א ווייב אדער קעבס־ווייב, האבען זייערע קינדער שיין קיין בירגער־רעכט".

אין דער לעצטער צייט איז נאך דיזע מעלדונג פון דעם "פאָטער פון געשיכטע" בעשטעטיגט געוואָרן דורך א נאכפאָרשונג פון ליקיער־אויפשריפטען, וועלכע דערמאָנען נאר דיא נעמען פון דיא מוטערס. אויך דיא פיניקיער און אנדערע פעלקער אין קליין־אזיען ביי דיא ברעגעס פון ים האבען זיך גערופען נאך דיא נעמען פון זייערע מוטערס.

ווען מיר זאָלען יעצט פון דיא גריכען און דיא פעלקער ארום דעם מיטעלמעער איבערגיין צו דיא איבריגע פעלקער, וועלכע האבען זיך בעזעצט אין אייראָפא, וועלען מיר אויך געפינען בעווייזע וועגען זייער אמאָליגען מאטריארכאט. דיא לעגענדען פון דיא סלאווישע פעלקער ציינען אויך אָן אויף א קאמפף פון מענער געגען פרויען־הערשאפט. בעזאָנדערס אינטערעסאנט איז דאָ דיא בעהמישע מעשה וועגען דיא קעניגין ליובושא און איהרע שוועסטער און וועגען דיא שלאכט מיט "אמאזאָנען" אונטער דער קאָמאנדע פון וולאסטא. דיזע ליובושא פערליעבט זיך, וויא דיא גריכישע אנטיאָפא, אין דעם אָנפיהרער פון דיא מענער און גיט זיך אונטער (דיא לעגענדע דערציילט אז דיא נעטער האבען איהר אזוי געהייסען); אבער דיא איבריגע פרויען קעמפפען אונטער דער פיהרונג פון וולאסטא געגען דיא הערשאפט פון דיא מענער.

דער רוימישער היסטאָריקער טאציטוס מעלדעט אונז פון א פאָלק מיט דעם נאמען סיטאָנען, דאס "זיי זיינען אזוי טיעף געזונקען אין שקלאווערייא, אז ביי זיי האט געהערשט א פרוי". דיזע סיטאָנען האבען דאַן געוואָהנט אין נאָרד־אָסט פון אייראפא, און מען האָט שוין אויסגעפונען בעווייזע, אז דיא אלע פעלקער דאָרטען האבען זיך נאך געפיהרט אויף א מאטריארכאלישען שטייגער. ביי דיא גער־מאנען זיינען שוין צו דער צייט פערבליבען נור אייניגע סמנים פון

דיזען אלטען צ׳שטאנד. זאָ, דערציילט יוליאוס צעזאַר, פלעגען דיא „חויזווירטהינען“ ענטשיידען דורך א גורל, אויב דיא מענער זאָלען גיין אין שלאַכט.

סטראַבאָן קריטיקירט דיא געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן פון דיא קאַנטאַבריער, א שטאַם פון דיא אור־איינוואָהנער אין שפּאַניען, ווייל ביי זיי הערשען דיא פרויען. ער זאָגט, אז דאס איז ניט גוט צוליעב שטאַאַטס־אינטערעסען. ער האט דארטען נעמליך געפונען, אז דיא ירושה גייט איבער פון דיא מוטערס צו דיא טעכ־טער, וועלכע מאַכען חתונה זייערע ברידער. דיא מענער פלעגען אַלזאָ מיטברייינגען נדן אין דיא הייזער פון זייערע פרויען אלס א בעפרידיגונג פאר זייער רעכט אויף א טהייל פון דעם פאַמיליען־פערמעגען. דיא באַקסען, וואס וואָהנען יעצט אין נאָרד־שפּאַניען, זיינען א טהייל פון דיא ערשטע שפּאַנישע איינוואָהנער, צו וועלכע דיא קאַנטאַבריער האבען געהערט, און הגם ביי זיי איז שיין איינ־געפיהרט פאָטער־רעכט, פון דעסטוועגען קען נאך דיא טאָכטער־יורש׳טע ווערן דער הויפּט פון דיא פאַמיליע. דער מאַן, וואס זיא קלייבט זיך אויס, טראָגט שוין איהר נאָמען, און אזוי אויך דיא קינדער. אזא מאַן ברייינגט נאר מיט אין דיא הויז פון זיין פרוי דעם נדן, וואס ער קריעגט פון זיין פאַמיליע, וויא סטראַבאָן מעלדעט עס וועגען דיא קאַנטאַבריער.

צייכענס פון מאַטריארכאַט געפינט מען אויך אין דיא פער־בליבענע געזעצגעבונגען פון פיעלע פעלקער. זאָגאר אין דער געזעצ־געבונג פון דיא אַטהענער רעפּובליק, וואו פאָטער־רעכט איז שוין געווען פעסטגעשטעלט, געפינען מיר, אז עס איז געווען ערלויבט חתונה צו האבען מיט א שוועסטער פון איין פאָטער, אבער ניט מיט א שוועסטער פון איין מוטער. נאך דיא עלטעסטע גערמאַנישע געזעץ זיינען דיא יורשים פון א קינדערלאָזען מאַן געווען זיין מוטער מיט איהר שוועסטער. זיין פאָטער, ברודער און אָנקעל ווערן גאר ניט דערמאָנט דערביי. נאך דיא אלט־פראַנקישע דברי הי׳מים (צייט־ביכער) פלעגט מען מיט פיעל מעהר רציחה נעהמען ראַכע פאַר דעם מאָרד פון דער מוטער׳ס ברודער, וויא פאַר דעם מאָרד

פון דעם פאָטער. דיא גרעסטע שאַנדע פאַר א פרוי האט זיך
גערעכענט איהר חתונה מיט דעם מערדער פון איהר ברודער. דאס
„ליעד איבער דיא ניבעלונגען“ ווייס ניט פון א גרעסערן פערברעכען
וויא דער מאָרד פון א ברודער (בעגאַנגען פון דער שוועסטער)
אָדער פון א׳ן אָנקעל נאָך דער מוטער.

ביי דיא אַלטע גערמאַנער, אזוי גוט וויא ביי דיא קעלטען
האט דער פאָטער נאר געקענט קריגען דיא מאַכט איבער זיינע
קינדער, ווען ער האט פריהער בעצאָהלט זיין נדן אדער אויסגעקויפט
זיין ווייב, דען נור דורך קויפען האט מען דאַן געקענט ערווערבען דאס
פאָטער־רעכט. זאָנסט פלעגען דיא קינדער געהערן צו דער מוטער.
ביי דיא קעלטישע אוראיינוואָהנער אין אירלאַנד און וויילס האט דער
פאָטער געמוזט עפענטליך אַנערקענען זיינע קינדער, אום זיי זאָלען
ניט פערבלייבען אונטער דער הערשאַפט פון דער מוטער. נאָך דיא
אַלטע אירלאַנדישע געזעץ פלעגט דער פאָטער דארפען פרעגען זיין
פרוי: „וועמעס קינד איז עס?“ און ווען זיא פלעגט ענטפערן: „דיינס“
און ער האט איהר פריהער אויסגעקויפט ביי איהרע בלוטפערוואַנדטע
פלעגט ער שוין קריגען א רעכט איבער דעם קינד. ווען דיא פרוי
פלעגט זאָגאַר אַנערקענען איהר מאַן פאַר דעם פאָטער, אבער ער
האט איהר אין גאַנצען ניט אויסגעקויפט, פלעגען דיא קינדער אזוי
לאַנג געהערן צום שטאַם פון דער מוטער ביז דער פאָטער פלעגט ניט
אויסצאָהלען אין גאַנצען דיא בעשטימטע אויסקויפס־סומע. ביי דיא
קעלטישע און גערמאַנער שטאַמען איז אויך אָנגענומען געווען, אז דיא
קינדער פון א שקלאַוו מיט א פרייע פרוי אדער איבערהויפט פון א׳ן
אונגלייכען שידוך האבען געהערט צו דעם שטאַנד אדער קלאַס פון
דער מוטער. נאָך דעם זאַ־גענאַנטען „סלאַווישען געזעץ“ פלעגט
מען דיא אויסקויפונגס־סומע פאַר א׳ן אלמנה, וואס האט ווידער
חתונה געהאט, דארפען געבען דעם זוהן פון דעם פערשטאָרבענעם
מאַנ׳ס שוועסטער און איבערהויפט צו דיא פערוואַנדטע נאָך
דער מוטער׳ס זייט. דיא געלט־שטראָף פאַר דעם מאָרד פון
א פערהייראַטעטע פרוי איז בעשטימט געווען נאָך דעם פערמעגען
פון איהר ברודער, אבער ניט פון איהר מאַן. אַלע פערוואַנדטע

פון דער מוטער׳ס זייט פלעגען דארפען זיך צוזאמענגלייגען, אום צו בעצאָהלען דיא געלט־שטראָף אָדער ווירע פאר א קרימינאל־פערברעכען. זיי פלעגען אויך דארפען קומען אין געריכט, אום צו זאָגען זייער מיינונג וועגען דעם כאראקטער פון דעם אָנגעקלאָגטען און וועגען זיין פערטהיידיגונג.

ביי אייניגע סלאווישע פעלקער זיינען ניט איינגעפיהרט געווען בעשטימטע הייראטס־פאָרמען, און דיא פערבינדונגען פון א פרוי מיט א מאן האָבען ניט געהאט דעם כאראקטער פון א שטענדיגען צוזאמענלעבען. דיא קינדער האָבען דארום נאטירליך געהערט צו דער מוטער, און דער הערר איבער זיי איז געווען דער אָנקעל, דער ברודער פון דער מוטער, וויא געוויינליך אונטער מאטריארכא־לישע פיהרונגען. נאך דיא אלטע רוסישע געזעץ, דיא זאָגענאנטע „רוסקאיא פראוודא", ווערט אלס גואל הדם אויך גערעכענט דער „שוועסטער׳ס זוהן". אין דיא שפעטערע געזעץ זיינען שוין דיא ווערטער „שוועסטער׳ס זוהן" פערביטען געוואָרן אויף דיא ווערטער „ברודער׳ס זוהן". ביי דיא סלאווען ווערט דיא פערוואנדשאפט צווישען ברידער און שוועסטער גערעכענט פאר דיא שטארקסטע און הייליגסטע. לויט אייניגע אלט־סערבישע ליעדער, פלעגט מען אין דיא געריכטען שטענדיג שווערען מיט דער שוועסטער׳ס נאָמען; און ווען איינער האט ניט געהאט א שוועסטער, פלעגט ער שווערען מיט זיינע געוועהר, נאר דערביי פלעגט ער זיך ביטער בעקלאָגען אויף זיין מוטער, וואס זיא האט איהם געלאָזען אָהן א „טייערע שוועסטער".

אזעלכע בעווייזע וועגען דיא עקזיסטענץ פון מאטריארכאט ביי אלע פעלקער אָהן אויסנאהמע האָבען שוין געלעהרטע נאכ־פאָרשער צוזאמענגעקליבען גאנצע פעק; אבער דיא אויבענגעבראכטע זיינען שוין פאָלקאם איבערצייגענד. וועגען מאנכע פון דיזע בעווייזע ספעציעל אין בעצוג אויף דיא ערשטע רעכטע און ירושה אין פער־בינדונג מיט פריוואט־אייגענטהום, וועלען מיר נאך האבען צו ריידען אין דיא וויי‏טערע קאפיטלעך.

---

# פיערטער קאפיטעל.

---

## מערקווירדיגע מנהגים אויס דער איבערגאַנגס־צייט פון מוטער־רעכט אין פאָטער-רעכט.

דיא געמאַכטע פיינדשאַפט צווישען איידימס און שוויגערמוטערס ביי פיעלע פעלקער. — דיא אלגעמיינע פיינדשאַפט צווישען דעם חתן און דיא בלוטפערוואַנדטע פון דער כלה. — דיא שנור אָפגעזונדערט פון שוויגער־פאָטער און דעם מאַנ׳ס ברידער. — לעוויראַט און אַנדערע סמנים פון געמיינ־שאַפטליכקייט פון פרויען ביי אייניגע פעלקער אין דיא קאַווקאַזער בערג. — רויב פון פרויען אלס דיא ערשטע אורזאַכען פון דיא פיינדשאַפט צווישען דעם איידים און דיא שוויגערמוטער. — אָנווייזונגען אויף דעם קאַמפף צווישען פאָטער־רעכט און מוטער־רעכט. — מענער־קינדבעטען ביי פיעלע פעלקער־ — סמנים דערפון אין אייראָפאַ. — דיא ריכטיגע אורזאַכע פון דיא מענער־קינד־בעטען. — דיא אַבערגלויבענס וועגען דעם אין דיא שפעטערע צייטען.

---

אין פערבינדונג מיט מאַטריאַרכאַלישע פיהרונגען קען מען אויך בעטראַכטען א זעהר מערקווירדיגען און קוריעזען מנהג, וועלכען רייזענדע האבען געפונען ביי פיעלע ווילדע פעלקער און וועלכען זיי האבען זיך גאר ניט געקענט ערקלערן. דאס איז נעמליך דער מנהג אָפען ארויסצו־ווייזען א פיינדשאפט צווישען דעם איידים און דיא שוויגערמוטער און אין מאַנכע ערטער אויך צווישען דעם איידים און דיא גאנצע פאמיליע פון דער פרוי.

מיר וועלען דאָ צוערשט איבערגעבען איינינע פון דיא פאַקטען, וועלכע פערשיעדענע בעוואוסטע רייזענדע האָבען מיטגעטהיילט.

„אין צענטראַל־אפריקא, דערצייהלט דער רייזענדער קאַליע, טאָר דער חתן ניט זעהען דיא מוטער און דעם פאָטער פון זיין כלה. ער סטאַרעט זיך זעהר ניט צו טרעפען זיך מיט זיי; און ווען זיי בעמערקען איהם נאר, בעדעקען זיי זייערע געזיכטען אזוי וויא זיי וואָלטען געווען זיינע גרעסטע פיינד. אומזיסט האב איך געזוכט אין ערקלערונג אויף דיזען משונה'דיגען מנהג, אז דיא איינציגע אנטוואָרט, וואס איך האב געקראגען ביי דיא איינגעבאָרענע, איז געווען: „אַט אזוי פיהרט זיך עס ביי אונז". דיזער מנהג בעריהרט נאך אויך זייטיגע מענשען. זאָ, צום ביישפיעל, אויב דער חתן איז געווען פון אין אנדער דאָרף, זוכט ער אויסצו־וויכען אלע איינוואָהנער פון זיין כלה'ס דאָרף מיט אויסנאהמע פון איינינע נאָהענטע פריינד, וועלכע עס איז איהם ערלויבט צו בעזוכען. געוועינליך מאכט מען פאר איהם א בעזונדערן געצעלט, וואו ער פערבלייבט א גאנצען טאָג. ווען ער מוז ארויסגיין און אריינקומען אין דאָרף פון זיין כלה פערדעקט ער זיין געזיכט. עס איז איהם ניט ערלויבט צו זעהען זיין כלה ביי טאָג, נאר ווען אלע לייגען זיך שלאָפען, גנב'עט ער זיך אריין אין דעם געצעלט פון זיין כלה און פערבלייבט דאָרט ביז פריהמאָרגען.

אין לאַאנגאַ ריידען דער איידים און דיא שוויגערמוטער נאר פון וויטענס און מיט אראָפּגעלאָזענע אויגען. ווען זיי טרעפען זיך צוזאמען דורך א צופאַל, דרייהען זיי זיך אָפּ און גייען פערביי אָהנע צו זאָגען א וואָרט. דאס זעלבע איז אויך ביי דיא אשאַנטיער און ביי פיעלע אנדערע אפריקאנער פעלקער. ביי דיא קאַפּרען אין זיד־אפריקא היט זיך דער איידים צו קוקען אויף זיין שוויגער־מוטער אָדער אויסצוריידען איהר נאָמען.

ביי דעם שטאם טובו אין סאהארא, וואו דיא קינדער טראָגען נאך אויך דעם נאָמען פון זייערע מוטערס, זוכען דיא עלטערן, דיא ברידער און שוועסטער פון דער ווייב וויא ווייט מעגליך אויס־צומיידען איהר מאַן און ניט אויסצוריידען זיין נאָמען.

דער איידים קען ניט פערבלייבען אויף א׳ן אסיפה, וואו עס געפינט זיך זיין שוויגערפאָטער. און ווען ער דערזעהט איהם ערגעץ, בעדעקט ער זיין געזיכט מיט זיין „ליטאם״ (שלייער) און געהט אזוי פערביי. דיזע זאָנדערבארע פיינדליכקייט דערגרייכט ביי דיא טובו׳ס אזוי ווייט, דאס דיא פערוואנדטע פון דעם מאַן מיידען אויס אסיפות אויף וועלכע עס געפינען זיך דיא פערוואנדטע פין דער ווייב, און פערקעהרט.

דער בעריהמטער נאָרד־פאָל רייזענדער פ ר א נ ק ל י ן דער־ציילט, אז ווייט צום נאָרד האט ער בעמערקט, דאס ביי „דיא אינדי־אַנער ווערט עס גערעכענט פאר העכסט אונאנשטענדיג, אז א שוויגער־מוטער זאָל אפילו קוקען אויף איהר איידים. זיא דארף מיט איהם ניט ריידען, און ווען עס קומט איהר אויס איהם עפּעס איבערצוגעבען, דארף זיא זיך אומקעהרען צו איהם מיט׳ן רוקען און ריידען מיט איהם דורך א דריטע פערזאָן״. ביי דעם אינדיאַנער שטאַם אָ מ א ג ו ס איז עס איינגעפיהרט, אז דער שוויגערפאָטער און דיא שוויגערמוטער זאָלען ניט האבען קיין פערקעהר און געשפּרעכען צווישען זיך. דאס זעלבע איז אויך בעמערקט געוואָרן ביי פיעלע אַנדערע שטאַמען אין נאָרד־ און זיד־אַמעריקא. ביי דיא אינדיאַנער אין קאַליפאָרניען איז עס דעם איידים א געוויסע צייט ניט ערלויבט געווען צו קוקען אין געזיכט דער שוויגערמוטער און זאָגאר אלע פרויען־פערוואנדטע פון דער ווייב; ער פלעגט זיך דארפען בעהאלטען אדער אָבגיין אָן א זייט, ווען ער פלעגט זיך טרעפען מיט זיי.

ביי איינינגע אויסטראַליער פעלקער זיינען דיא שוויגערמוטערס פערפּפליכטעט ניט צו זעהען זייערע איידימס. זיי לייגען זיך אָפּט אָן א לאַנגען וועג, אום דיא איידימס זאָלען זיי ניט דערזעהען, און בעדע־קען זיך מיט שלייערס, וועלכע זיי טראָגען שטענדיג מיט זיך. דיזער מנהג ווערט אזוי שטרענג אָפּגעהיט, דאס ווען א פערהייראַטעטער איז אייפערזיכטיג אויף אימעצען, פערשפּרעכט ער איהם זיין טאָכטער פאר א ווייב. דאַן טאָר שוין ניט דיא פערדעכטיגע ווייב, אלס שוויגערמוטער, האבען קיין שייכות מיט דעם חתן; און ווען מען טרעפט זיי צוזאמען, בעשטראָפט מען זיי וויא פאר א גרויסען קרימי־

נאל־פערברעכען. דאס איז אַלזאָ אויך א מיטעל פּטור צו ווערן פון א קאָנקורענט.

ביי דיא קאפרען דארף אויך דיא ווייב ארויסצייגען געמאכטע פיינדשאפט צו דיא מענער־פערוואנדטע פון איהר מאן. זיא מוז אויס־מיידען דעם שוויגערפאָטער און אלע עלטערע זכרים פון דעם מאנ׳ס פאמיליע. זיא טאָר אפילו אין איהרע געדאנקען ניט דערמאָנען זייערע נעמען. זאָגאר, ווען א וואָרט אין דער געוויינליכער שפראכע קלינגט ענליך צו זייערן א נאָמען, דארף זיא דיזען וואָרט ניט געברויכען. אויך ביי אנדערע פעלקער איז דיא שנור אזוי בעשרענקט אין דער אנוועזענהייט פון איהר מאנ׳ס קרובים. ביי דיא מאָנגאָלען און קאלמיקען אין אזיען טאָר דיא שנור ניט ריידען מיט איהר שווער און אפילו ניט בלייבען זיצען אין זיין אנוועזענהייט. ביי דיא אָסטיאַ־קען אין סיביר איז אָנגענומען, אז דיא שנור מוז אויסמיידען איהר שוויגערפאָטער זאָ לאנג זיא האט ניט א קינד, און דער מאן טאָר אין דער זעלבער צייט ניט בעווייזען זיך פאר זיין שוויגערמוטער. ווען זיי טרעפען זיך צופעליג, קעהרט זיך דער איידים אום מיט׳ן רוקען און דיא שוויגערמוטער פערדעקט איהר געזיכט.

אין כינא זעהט שוין דער שוויגערפאָטער קיין מאל ניט דאס געזיכט פון זיין שנור גלייך נאך דער חתונה און ווען ער בעגעגענט איהר צופעליג, בעהאלט ער זיך. אזא מנהג עקזיסטירט אויך אויף דעם אינזעל באָרנעאָ (אין זיד־אזיען). דער רייזענדער דיובואַ דערציילט, אז אין אייניגע ערטער פון אינדיען איז עס נאָר דער שנור פערבאָטען צו ריידען מיט דער שוויגערמוטער. „דאס איז, בעמערקט ער דערביי, א זעהר גוטער מיטעל אָפּצוהאלטען רוהע און פרידען אין הויז“.

ביי אייניגע אָפּגעשטאנענע פעלקער אין דיא קאווקאזער בערג זיינען נאך ביז היינט צו טאָג פערבליבען אייניגע זעהר אויפפאלענדע סמנים פון דעם אמאָליגען מאטריארכאט, וועלכער האט דארטען אויך געהערשט, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דיא גריכישע היס־טאָריקער. אין דעם אָנפאנג פון דער קריסטליכער צייט־רעכנונג, זייענדיג פערוואָרפען צווישען דיא בערג און האָבענדיג ווייניג פער־

קעהר מיט אנדערע פעלקער, איבערהויפט מיט אזעלבע, וואס זיינען שוין געשטאנען אויף א העכערע קולטור־שטופע, האבען זיי אָנגע־האלטען פיעלע אלטע פיהרונגען, און דארום זיינען זיי א זעהר גוטער און העכסט אינטערעסאנטער מאטעריאל פאר דיא געלעהרטע נאָכ־פאָרשער. דער בעריהמטער רוסישער פראָפעסאָר מ א ק ס י ם ק א־ וו א ל ע וו ס ק י האט ספעציעל אויסשטודירט דיא מנהגים און געשיכטע פון דיזע בערג־פעלקערלעך: דיא טשערקעסען, אָסעטינען, אינגושען, כעווסורען א. ז. וו. און ער האט ביי זיי ענטדעקט פיעלע מערקווירדיגע אָנווייזונגען אויף דעם מאטריארכאט. ביי דיא טשערקעסען לעבען שווארצען ים האט נאך ניט א זוהן דאס רעכט עפענטליך צו אנערקענען איינעם פאר זיין פאָטער; און עס ווערט גערעכענט פאר א גראָביאנסטווע און בעליידיגונג צו פרעגען א פאָטער, וואס מאכט זיין זוהן, אדער א זוהן, וויא עס גייט זיין פאָטער. ביי דיא כ ע וו ס ו ר ע ן, איינעם פון דיא ווילדעסטע קאווקאזער שטאמען, עקזיסטירט נאך זאָגאר ביז יעצט עקסאָגאמיע און געמיינשאפט־ליכקייט פון פרויען. זיי און זייערע נעהענטסטע שכנים, דיא פ ש א וו ע ן, אנערקענען דאס רעכט פון זייערע מיידלעך אויסצור־קלייבען זיך עטליכע ליעבהאבערס און בעשיצערס וועלכע טראָגען דאָרט דעם נאָמען „צאצאלען“. ביי דיא פשאווען איז נאך אויך פערבליבען דאס אָנקעל־רעכט, בעזאָנדערס אין בעצוג אויף גאולת הדם.

אז ביי דיא וויינינגער ווילדע קאווקאזער שטאמען האט ניט לאנג צוריק עקזיסטירט געמיינשאפטליכקייט פון פרויען, דערויף צייגט אָן דער פערבאָט, אז יונגע פרויען טאָרען ניט האבען אירגענד וועלכען פערקעהר מיט דעם פאָטער און דיא ברידער פון איהר מאַן זיא מוז פערבלייבען פערדעקט אין זייער אנוועזענהייט און האט קיי רעכט אויסצוריידען מיט זיי א וואָרט. ערשט נאך דעם, וויא זיא האט א זוהן, קריגט זיא עטוואס מעהר פרייהייט. נאך דעם טויט פון דעם מאַן געהערט דיא אלמנה צום עלטערן ברודער. אויב זיא ענטזאגט זיך חתונה צו האבען מיט איהם, מוז זיא זיך אויסקויפען ביי איהם. מיר האבען דאָ א חליצה־געזעץ, א לעווירא‌ט. אלס א רעזולטאט פון דיא בעשרענקונגען פון דיא מאטריארכאלישע פיה־

רונגען, ווען אַ פרוי האט געלעבט מיט אלע ברידער און אויך מיט זייער פאָטער. ביי אייניגע קאווקאזער פעלקער, וויא אויך אין זיד־אינדיען א. ז. וו. איז נאך פערבליבען א מנהג, אז א דערוואקסענע מיידעל האט חתונה מיט א אינגעלע, וועלכער ויערט גערעכענט פאר דעם פאָטער פון איהרע קינדער, הגם זיא לעבט געוויינליך מיט איהר שווינערפאָטער. דיזען זאָנדערבארען מנהג איז זעהר שווער גרינדליך צו ערקלערן, נאר ער האט וואהרשיינליך א שייכות מיט דיא שוין אונז בעקאנטע מאטריארכאלישע פיהרונגען.

נעהמענדיג יעצט אין אנבעטראכט דיזע אלע פאקטען, לאָמיר זוכען צו געפינען דיא אורזאכען, וועלכע האבען זיי ארויסגערופען. עס איז אונמעגליך, אז אזא וויט־פערברייטעטער מנהג צו צייגען פיינדשאפט צווישען דעם איידים און דיא שווינערמוטער און אין אלגעמיין צווישען דיא פערוואנדטע פון דער כלה און דעם חתן זאל זיין איינפאך א צופאל אָדער עפּעס א ווילדער קאפּריז. דיא פעל־קער פון אפריקא, אמעריקא, אויסטראליען און זאָגאר פון אזיען, ביי וועלכע דיזע קוריעזע פיינדשאפט איז נאך מעהר אָדער וועניגער פערבליבען, האָבען זיך געוויס ניט צוזאמענגערעט; און דערצו זיינען דיא פאָרמען, אין וועלכע דיזע פיינדשאפט דריקט זיך אויס, פער־שיעדען אין דיא איינצעלהייטען, וואס עס צייגט אויף זעלבסטשטענ־דיגע ענטשטעהונג און ענטוויקלונג. עס האט אלזאָ געמוזט זיין איין אלגעמיינע אורזאכע דערפון ביי אלע פעלקער אויף דער זעלבער קולטור־שטופע.

ווענען דיא אָנגענומענע פיינדשאפט צווישען פערהייראטעטע פרויען און דיא פאָטערס און ברידער פון זייערע מענער האָבען מיר שוין א פארטיגע ערקלערונג אין אייניגע פון דיא אויבענגעבראכטע פאקטען, אז מען האָט דערמיט געוועלט אויסמיידען דיא פריהערע געמיינטשאפטליכקייט פון פרויען צווישען נאָהענטע פערוואנדטע, אבער פאר דיא פיעל מעהר פערשפּרייטע און אויפפאלענדע פיינד־שאפט צווישען איידימס און שווינערמוטערס איז שוין אזא ערקלע־רונג נאר ניט אם פּלאץ. דאָ האָבען שוין געמוזט ווירקען גאנץ אַנדערע אורזאכען. און ווירקליך, מיר ברויכען נאר צו נעהמען אין

אַנבעטראַכט דיא ווילדע צייטען, ווען מענער האבען ניט נאַר אַלץ מעהר גערויבט פרויען, נאַר זיי אָנגעפאַנגען צו בעהערשען אין גאַנצען און צו בעטראַכטען זיי אַלס זייער אייגענטהום, אום צו פערשטיין, אַז דאַס האָט געמוזט ארויסרופען אַ קאַמפּף און אַ האַס פון דער מוטערליכער פאַמיליע, צו וועלכע אַ גערויבטע אָדער אַנטלאָפענע פרוי האַט געהערט. דורך יעדע פערכאַפּונג פון אַ פרוי איז אין דער מאַטריאַרכאַלישער גרופּע אָפּגעריסען געוואָרן ניט נאָר אַ בלוטפערוואַנדטער מיטגליעד, זאָנדערן אויך אַן אַרבייטערין. און דיזע גרופּע האַט געמוזט זוכען בעפרידיגונג דאַפיר, אָנפאַנגס דורך עהנליכע פערכאַפּונגען אָדער דורך בלוטיגע ראַכע און שפּעטער דורך בעלוינונג פאַר דעם שאָדען ווען מיר וועלען בעשרייבען דיא הייראַטס־פאָרמען ביי ווילדע פעלקער, וועלען מיר זעהען, וויא פיעל קוריעזע מנהגים צייגען אָן אויף דיא צייטען, ווען מען האַט גערויבט און מיט געוואַלט גענאַפּט ווייבער. דאָ צייגען מיר נאַר אָן דערויף, אום צו פערשטיין, אַז דורך דעם האַט זיך מיט דער צייט געמוזט ענטוויקלען אַ פיינדשאַפט צווישען דעם חתן און דיא נעהענטסטע קרובים פון דער כלה און ספּעציעל נאַטירליך פון איהר מוטער. זאָגאַר ווען דיא כלה פלעגט פרייוויליג פערבלייבען מיט דעם מאַן, וועלכער האָט איהר אָפּגעריסען מיט געוואַלט פון איהר מוטערליכע פאַמיליע, פלעגט דאָך ביי דיזער פאַמיליע פערבלייבען אַ האַס צו איהם. דיא פּפליכט צו נעהמען ראַכע פאַר דיא גערויבטע מיידעל איז נאַטירליך געפאַלען אויף איהרע אָנקעלס און ברידער פון דער מוטערס זייט, און זיי האבען זיך געיאָגט נאָך דעם רויבער און איהם געטויטעט, ווען זיי פלעגען כאַפּען. אזא מאָרד האָט ווידער ארויסגערופען בלוטיגע ראַכע פון דער מוטער׳ס זייט פון דעם ערמאָרדעטען כאַפּער, און אזוי איז גאולת הדם שטענדיג אָנגעגאַנגען צווישען פערשידענע פאַמיליעס און גאַנצע שטאַמען, ביז מען האָט זיך אָנגעהויבען ארומצוזעהען, אַז דאַס פיהרט צו שרעקליכע רעזולטאַטען, צו געגענזייטיגע אויסראָטונגען, און מען האָט דארום אַלץ ווייטער גענומען זוכען מיטעל, וויא אזוי דיא גאולת הדם אָבצושוואַכען, צו בעשרענקען און אין גאַנצען צו בעזיי־

טיגען. אין איינינע ערטער האָט מען צוליעב דעם איינגעפיהרט עקסאָגאמיע, וויא מיר האָבען עס שוין געזעהען; אין אַנדערע ערטער האָט מען געשלאָסען „ווייבער־פריעדען“, וויא מען ווייס עס אויך אויס דער געשיכטע פון סקאַנדינאַוויען (שוועדען און נאָרוועגען), וואו דיא רויבעריי פון מיידלעך איז נאָך זאָגאר אין מיטעלאַלטער געוועזען דער געברויכליכסטער מיטעל צו קריגען ווייבער. אין אַלגעמיי־נען האָט מען ביסלעכווייז אָנגעהויבען איינצופיהרען קרימינאַל־געריכ־טען און געלט־שטראַפען פיר מאָרדען און רויבערייען, און אויך אויסצאָלונגען פיר ווייבער. דיזע און אנדערע אַזעלכע נייע איינפיהרונגען זיינען אָבער ערשט ענטשטאַנען נאָך אַ לאַנגען קאמפף פון מענער געגען מאַטריאַרכאַלישע אָרגאַניזאַציאָן, — אַ קאַמפף, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט אַ פאָלשטענדיגען זיעג פון דיא מענער ערשט אין דעם פיהפיטערנדען צושטאַנד, וויא עס איז שוין אין דיא פריהערע קאַפּיטלעך ערקלערט געוועזען.

דיא פיינדשאַפט צווישען דיא מוטערליכע פאַמיליע און דעם מאַן, וועלכער פלעגט מיט געוואַלט אָדער דורך אַ׳ן אָבצאָהלונג צור־נעהמען אַ מיידעל פאַר זיך אליין און שטערען דערמיט דיא אַלטע מאַטריאַרכאַלישע פערבינדונגען — דיזע פיינדשאַפט איז נאַ־טירליך פערבליבען זאָ לאַנג דער קאַמפף האָט געדויערט. דיא פאָרמען פון דיזען קאַמפף און דיא קראַפט פון דיזער פיינדשאַפט האָבען זיך מיט דער צייט אַלס געענדערט, אָבער סמנים דערפון האָבען זיך שטענדיג מעהר אָדער וויינגער ארויסגעוויזען. מאַנכע דיינקען זאָגאר, אַז אונזערע אייגענע נאָר ניט ליעבליכע פערהעלט־ניסע צווישען איידימס און שוויגערמוטערס זיינען נאָך אַ׳ן אָפּקלאַנג פון דיא אויבען־אָנגעצייגטע מנהגים בייווילדע פעלקער, מנהגים, וועלכע האָבען אַזוי איבערראַשט רייזענדע און נאַכפאָרשערס. עס איז גאַנץ איינפאַך: דאס וואס עס איז אין אָנפאַנג געוועזען אַ ראַ־יעלע זאַך און האָט געהאַט אַ וויכטיגע געזעלשאַפטליכע בעדיי־טונג, פיהרענדיג צו קריעג און גאולת הדם, איז מיט דער צייט געוואָרען אַ געמאַכטע זאַך, אַ לעבערליכע נאָכקרימונג, אַ חתונה־צערעמאָניע, וואס איהר זינען איז שוין געוואָרען גאַנץ אונפערשטענד־

ליך אפילו פאר דיא בעטהייליגטע זעלבסט. „אַט אזוי פיהרט זיך עס ביי אונז" — ענטפערן דיא ווילדע, ווען מען פרעגט זיי וועגען דיא אורזאכע פון דיא גמאכטע פיינדשאפט צווישען איידימס און שוויגער־מוטערס. אזעלכע ענדערונגען פון ראיעלע זאכען, פון ווירקליכע פאקטען אין פוסטע און זינלאָזע צערעמאָניעס געפינט מען א סך אין דער קולטור־געשיכטע, און מיר וועלען עס איבערהויפט זעהען אין דיא קאפיטלעך איבער רעליגיאָנען.

דיא מוטערס האָבען נאטירליך אַם שטארקסטען און לעבהאפ־טעסטען פּראָטעסטירט געגען אלע נייע איינפיהרונגען, וועלכע האָבען אלץ נעהענטער געפיהרט צום פאטריארכאט, און דארום איז אויך דער שפּעטערער שטומער צערעמאָניע־פּראָטעסט בעזאָנדערס אויס־געדריקט געוואָרן צווישען דער שוויגערמוטער און דעם איידים. ביי מאנכע פעלקער, וויא צום ביישפּיעל, ביי דיא אראוקאנער (אין אינדיאנער שטאם אין זיד־א זריקא), איז איינגעפיהרט, אז גראדע נאך דיא צערעמאָניע פון רויבען דיא כלה דארף דיא מוטער פון דער כלה צייגען, אז זיא איז שטארק אין כעס. זיא קעהרט זיך דאן אום מיט׳ן רוקען צום איידים און רעט ניט מיט איהם, אהרענלאנג קיין וואָרט. דיא וויכטיגע פערבינדונג פון דעם כלה־רויב מיט דעם צאָרן פון דער מוטער איז דאָ נאך זעהר דייטליך פערבליבען.

דיזע פיינדשאפט-צערעמאָניעס צייגען שוין אָן אויף דיא צייטען ווען דער מאטריארכאט האָט אָנגעהויבען אלץ מעהר אָפּצוטרעטען דעם פלאץ צום פאטריארכאט. ווען דער מאן, אלס שטארקערער האט אויך געקענט קריגען אלץ מעהר שפייז אויסערהאלב דיא מוטערליכע אָרגאניזאציאָן מיט איהר ביסעלע אקערבוי און גערטנעריי, האָט ער אלץ פעסטער גענומען ארויסצייגען זיין מאכט אין אלע הינזיכטען. אויב ער האָט געכאפּט אָדער געקויפט א פרוי נאר ער האָט שטענדיג געוועלט פערבלייבען איהר אויבערהאר. וויא אזוי פאָטער־רעכט איז איינגעפיהרט און ענטוויקעלט געוואָרן, וועלען מיר זעהען אין א בעזונדערן קאפּיטעל; נאר דאָ וועלען מיר אָנצייגען אויף נאָך א זעהר קוריעזען און פון ערשטען בליק גאנץ אונפערשטענד־ליכען מנהג ביי פיעלע ווילדע פעלקער, וועלכער צייגט אויף קלאָר

אָן אויף דיא איבערגאַנגס־צייט פון מוטער־רעכט צו פאָטער־רעכט.

ווען מיר געפינען, אז נאָך דעם געבורט פון א קינד, לייגט מען דעם פאָטער אריין אין בעט און מען בעטראַכט איהם אלס דיא קינדבעטאָרין, מיינען מיר, אז דאָס איז סתם א משוגעת פון ווילדע מענשען. אין אמת'ן איז עס אָבער נאָר אַ גראָבער אויסדרוק פון דעם ווילדען מאַנ'ס פאָטער־רעכט. ניט קענענדיג איבערמאַכען דיא נאַטור און אַליין געבאָרען קינדער, האט דער מאָן עס וויניג־סטענס געוועלט נאָכמאַכען דורך א צערעמאָניע און דערמיט אָפּען אַרויסווייזען, אז ער און ניט דיא מוטער איז דער הערשער איבער דעם קינד. דער ווילדער מענש האָט דאָ, מוז מען צוגעבען, גע־האַנדעלט לאָגיש אויף זיין אַרט.

און מיינט ניט, אז אזאַ „פאָטער־קינדבעט" איז נאר עפּעס אַ'ן איינפיהרונג ביי איינעם אָדער א פּאָר ווילדע פעלקער. ניין, דער מנהג איז זייער ווייט פערשפּרייט ביי גאַנץ פערשיעדענע פעל־קער אין אַלע וועלט־טהיילען, וואָס עס צייגט וויעדער, אז אונטער דיא זעלבע בעדינגונגען און אויף דער זעלבער קולטור־שטופע זיינען דיא פיהרונגען און געדאַנקען פון מענשען דיא זעלבע. דאָס וואס עס שיינט אונז אזוי לעכערליך און אידיאָטיש, איז אָבער פאַר דיא ווילדע גאַנץ נאַטירליך און לאָגיש.

לאָמיר יעצט זעהען, וואס רייזענדע דערציילען וועגען דיזען מערקווירדיגען מנהג, וועלכער איז אויך בעקאַנט אונטער דעם פראַנצויזישען נאָמען couvade (קואוואַד), ווייל ער איז נאך געוויסער־מאַסען פערבליבען אויף דעם אינזעל קאָרסיקא און אין זיד־פראַנקרייך (לעבען שפּאַנישען גרענעץ), וואו מען דריקט עס אויס מיט דיא ווערטער fair la couvade (מאַכען קואוואַד).

דער רייזענדער דאָבריצהאָפער דערציילט וועגען איינינע פעלקער פון זיד־אַמעריקאַ „וויא נור איהר וועט דערהערן, אז א פרוי האָט געבאָרען א קינד, וועט איהר גלייך דערזעהען איהר מאַן ליגענדיג אין בעט, צוגעדעקט מיט ראָגאָזשקעס און פעל, אז ער זאָל זיך ניט פערקיהלען. ער עסט נור בעשטימטע זאַכען, וויא א קראַנקער אויף דיעטע, און ער איז אין גאַנצען אָפּגעזונדערט.

עטליכע טעג נאָכאַנאַנד נעהמט ער ניט אין מויל געוויסע פלייש־געריכטען. דאָס גייט אזוי וויט, אַז אייך הייבט זיך אָן צו דוכטען, אַז דער מאַן האָט טאַקע געבאָרען א קינד... איך האָב א מאָל געלעזען וועגען אַזאַ מנהג און האָב געלאַכט דערפון, האַלטענדיג עס פאַר א שפּאַס און דיינקענדיג, אַז מען האָט עס נאָר אויסגעטראַכט צו מאַכען חוזק פון ווילדע; אָבער מיר איז אויסגעקומען צו זעהען דאָס מיט מיינע אייגענע אויגען ביי די א ב י פּ אָ נ ע ן".

ביי די ק אַ ר אָ אַ ד אָ ס ע ן אין בראַזיליען איז איינגעפיהרט ווי אַן אַנדער רייזענדער דערציילט, אַז „ווי נור א שוואַנגערע פרוי איז אויף דער צייט, אָדער גלייך נאָך דער געבורט פון א קינד, זונ־דערט זיך דער מאַן אָפּ. איינינע צייט פאַר די געבורט ווערט אָנ־געהאַלטען א שטרענגע דיעטע: אי דער מאַן אי די פרוי עסען ניט א בעשטימטע צייט די פלייש פון געוויסע חיות און שפּייזען זיך בעזאָנדערס מיט פיש און פרוכטען".

איינינע שטאַמען פון ג ו י א נ א (אין דעם נאָרד־אָסט טהייל פון זיד־אַמעריקאַ), ווי די אַ ק אַ ו ו אָ י ע ן אין ק אַ ר אַ א י ב ע ן, האַלטען זיך נאָך אָן דעם אַלטען אינדיאַנער מנהג, אַז ווען א קינד ווערט געבאָרען, לייגט זיך דער פאָטער אין א הייננ־בעטעל און בלייבט דאָרט עטליכע טעג, אזוי ווי ער וואָלט ווירקליך געווען קראַנק. מען קומט איהם בעזוכען און בעגריסען, אזוי ווי א קינדבעטאָרין. „איין מאָל, שרייבט דער רייזענדער ב ע ט ט, איז מיר זעלבסט אויסגעקו־מען צו זעהען, ווי דיזער קוריעזער מנהג ווערט אויסגעפיהרט: א גאַנץ געזונטער און זעהר שטאַרקער מאַן, אָהן דעם מינדעסטען צייכען פון א קראַנקהייט, איז געלעגען אין זיין בעטעל מיט א זעהר קלעגליכען פּנים. עטליכע פרויען האָבען זעהר פאָרזיכטיג אויפגעפּאַסט אויף איהם, ווי אויף א קראַנקען, וועהרענד די מוטער פון דעם ניי־געבאָרענעם האָט עפּעס געקאָכט, און קיינער האָט זיך וועגען איהר גאָר ניט געקימערט".

פערשיעדענע רייזענדע, וועלכע זיינען געקומען אין פערקעהר מיט די איינגעבאָרענע פון זיד־אַמעריקאַ, האָבען אָנגעצייגט אויף דעם זעלבען מנהג.

בײַ דיא אײַנגעבאָרענע פון קאַליפאָרניען און נײַ־מעקסיקאָ זײַנען אויך געװען עהנליכע אײַנפיהרונגען. בײַ דיא שאָשאָנעסען אין נאָרד־אמעריקא פלעגט דער מאַן זיך מוזען פערשפּאַרען צו הויז, װײַט פון אַנדערע און אפילו פון זײַן פרױ, װען זיא פלעגט נאָר אָנפאַנגען גײַן צו קינד. אונטער דיא עסקימאָסען אין גרענלאַנד טאָר דער מאַן ניט ארבײַטען און ניט האַנדלען עטליכע װאָכען װעהרענד דער צײַט, װען זײַן פרױ קלײַבט זיך געלעגען צו װערן. אין קאַמטשאַטקאַ (סיביר) דאַרף דער מאַן ניט טאָן שװערע ארבײַט א געװיסע צײַט פאַר זײַן פרױ׳ס קינדבעט.

אין דיא זידליכע טהײַלען פון אינדיען איז נאָך בײַ דיא העכערע קלאַסען ארום מאַדראַס, סערינגאַפּאַטאַם און לעבען דעם מאַלאַגאַר־בערעג פערבליבען, אז „בײַ דער געבורט פון דעם ערשטען זוהן אָדער ערשטע טאָכטער דורך דיא געזעצליכע פרױ און נאָכהער בײַ דער געבורט פון יעדען װײַטערן זוהן לײַגט זיך דער פאָטער אין בעט אויף א גאַנצען לבנה־מאָנאַט און היט שטרענג אָפּ א געװיסע דיעטע, שפּײַזענדיג זיך מיט רײַז און אפּהאַלטענדיג זיך פון אויפרעגענדע געריכטען און פון רויבענען“. אויף דיא פידזשי־אינזלען סטאַרען זיך דער פאָטער און דיא מוטער, װען בײַ זײ װערט געבאָרען א קינד, ניט צו עסען אזעלכע זאַכען, װעלכע קענען, נאָך דיא דאָרט אָנגענומענע מײנונגען און אבערגלויבענס, שעדליך װירקען אויף דעם קינד.

עהנליכע „מענער־קינדבעטען“ טרעפט מען בײַ דיא בינעזער און דער פּראָװינץ יונאַן, בײַ דיא דאַיאַקען אויף דעם אינזעל באָרנעאָ, אויף דעם אינזעל מאַדאַגאַסקאַר, בײַ דיא קאַפערען און אויך אַנדערסװאו אין אפריקא און זאָגאַר נאָך אין אײראָפּא, װיא אונגלויבליך דאָס זאָל אונז ניט שײַנען.

דער אַלט־גריכישער היסטאָריקער דיאָדאָר פון סיציליען האָט נאָך בעמערקט, אז „בײַ דיא אײַנװאָהנער פון אינזעל קאָרסיקאָ עקזיסטירט א משונה׳דיגער מנהג, דאס אין דער צײַט, װען דיא פרױ, װאס האָט נאָר װאָס געהאַט א קינד, שאָנט זיך װײניג, ליגט דער מאַן אין בעט און האַלט זיך, װיא א קראַנקער“. סטראַבאָן

האָט בעשריבען דעם זעלבען מנהג ביי דיא אמאָליגע איינוואָהנער פון שפּאַניען, דיא קעלט־איבעריער, נאר מען האָט עס געהאַל־טען פאר א משוגעת אָדער א באָבע־מעשה. אָבער ביז׳ן היינטיגען טאָג איז נאך פערבליבען ביי דיא באַסקען, וועלכע געהערן טאקע צו דיא אוראלטע איינוואָהנער פון שפּאַניען, דער מנהג, אז דער מאַן לייגט זיך אין בעט, נעהמט צו זיך דאָס ניי־געבאָרענעס קינד און עמפּפּאַנגט אזוי דיא שכנים, וועלכע קומען איהם בעגריסען. עס איז דארום אויך קיין וואונדער, וואָס אזעלכע מנהגים האָבען ארויסגערופען דיא באָבע־מעשה וועגען וייטע לענדער, וואו מענער קענען זויגען קינדער אקוראט וויא פרויען.

פיעלע נאכפאָרשער האָבען געזוכט צו געבען פערשיעדענע ערקלערונג וועגען דיזע העכסט קאָמישע פאר אונז קוואוואדען אָדער מענער־קינדבעטען, שטיצענדיג זיך בעזאָנדערס אויף דיא פאקטען, דאס דערביי שפּיעלען אויך א ראָלע געוויסע אבערגלויבענס וועגען דעם שעדליכען איינפלוס פון דעם פאָטער׳ס ארבייט אָדער שפּייז אויף דיא געזונדהייט פון דיא ניי־געבאָרענע קינדער. ביי אייניגע פעלקער, וועלכע פּראַקטיצירען נאך דיא מענער־קינדבעטען, גלויבט מען זאָגאר, אז ווען א נייגעבאָרענעס קינד ווערט קראַנק, זאָ קומט עס פון דעם, וואס דער פאָטער האָט זיך ניט אויפגעפיהרט וועהרענד זיין קינדבעט אדער קוואוואד, וויא עס איז פאָרגעשריבען און „וויא דיא גייסטער ווינשען עס“. דיא מאקודיסען פון בריטישע גוויאַנא האָבען אויסדריקליך ערקלערט דעם רייזענדען שאָמבורג, אז זיי קענען זיך ניט אָפּזאָגען פון דיזען מנהג, ווייל זאָנסט וועלען זייערע קינדער פערבלייבען קרענקליכע אדער איינפאך אויסשטארבען.

אָבער מיר ווייסען שוין פון אייניגע פריהערע ערקלערונגען און מיר וועלען עס נאך אויספיהרליך בעווייזען אין דיא קאַפּיטלעך איבער רעליגיאָנען, אז אלע אזעלכע אבערגלויבענס און צערעמאָניעס פאַלען ניט אראָפּ פון הימעל, נאר האָבען א ריעלען גרונט אויף דער ערד, און ווען מיר שטעלען זיך דיא פראַגע: וויא אזוי קומט עס, אז מען האָט גאר געקענט אָנהויבען צו גלויבען אין דיא שעדליכקייט פון דעם פאָטער׳ס שפּייז און ארבייט אויף דיא קינ־

דער׳ס געזונדהייט גראָדע ביי דיא מענער־קינדבעטען? זאָ מוזען מיר שוין אַנערקענען דיא ריכטיגקייט פֿון דיא שוין אָנגעצייגטע אורזאַכע, נעמליך: אז דער מאַן האָט דערמיט געוועלט ארויסווייזען און בעשטעטיגען זיין אויבערהערשאַפֿט איבער דער פֿרוי און קינדער. און מאַנכע פֿון דיא ווילדע האָבען נאָך ניט פֿערגעסען דעם ערשטען גרונד פֿון זייער משונה׳דיגען מנהג. זאָ האָבען דיא מענדרוקסען אין בראַזיליען גאַנץ לאָגיש פֿון זייער זייט ערקלערט דעם רייזענדען נאַכפֿאָרשער מאַרציאוס, אז אָהן דיזען קינדבעט קען דער מאַן ניט גערעכענט ווערן פֿאַר דעם געזעצליכען פֿאָטער פֿון דיא קינדער. און נור דורך דיזע צערעמאָניע ווערט זיין פֿאָטער־רעכט אַנערקענט,

מיט דער צייט אבער, ווען דער פֿאַטריאַרכאַט איז שוין פֿעסטגעשטעלט געוואָרן און דער מנהג פֿון אַזאַ מין חזקה אויף דיא קינדער איז נאָך אַלץ פֿערבֿליבען אויס אַלטע געוואָהנהייט, זאָ דאַס דער ריכטיגער זינען דערפֿון איז אַלץ געוואָרן פֿערדונקעלטער און אונפֿערשטענדליכער, האָט מען שוין צוגעמישט אַבערגלויבענס און רעליגיעזע צערעמאָניעס, אום עס זאָל הייסען, אז אזוי איז דער ווילען פֿון דיא גייסטער, אז דיא געטער גיבען איבער דיא קינדער דעם פֿאָטער אין האַנד אריין. און אין דיזען פֿאַל, וויא אין מאַסען אַנדערע פֿעלע, זיינען טאַקע נור דורך דיא רעליגיאָן דיא מענער־קינדבֿעטען פֿערבליבען נאָך ביז אונזער צייט אפילו ביי קולטור־פֿעלקער.

דיא איבערגאַנגס צייט פֿון מוטער־רעכט צו פֿאָטער־רעכט האַט נאָך איבערגעלאָזען אייניגע אַנדערע זעהר זאָנדערבאַרע אָנווייזונגען און צייכענס. זאָ איז עס, צום ביישפּיעל, ביי אייניגע פֿעלקער איינגעפֿיהרט, אז דער חתן זאָל אויפֿנעהמען זיין כלה מיט... קלעפּ, אום דערמיט אָפֿענבֿאַר צו צייגען, אז ער איז איהר „אויבערהאַר“! נאַר אזוי וויא דיזע צייכענס זיינען מייסטענס פֿערבֿונדען מיט דיא זעהר קוריעזע מנהגים און צערעמאָניעס ביי דיא חתונות פֿון ווילדע מענשען, זאָ וועלען מיר וועגען דעם אַלעם ריידען אין א בעזונדער קאַפּיטעל.

.................................

# פינפטער קאַפּיטעל.

## חתונות בײ פערשיעדענע פעלקער.

ליעבע־געפיהל און דיא בעציהונגען פון מאַן און פרוי בײ ווילדע. — דיא ערשטע הייראַטס־פאָרמען. — חתונות מיט געוואַלט. — פערכאַפּונגען פון מיידלעך און דיא סמנים דערפון בײ חתונה־צערעמאָניעס. — דער מנהג צו שלאָגען א כלה נאך דער חתונה. — דיא ריכטיגע בעדייטונג פון דיא הייראַטס־פאָרמען און צערעמאָניעס. — אויסקויפונג אַנשטאָט פערכאַפּונג. — דיא פערבינדונג פון פאָטער־רעכט מיט דעם פיהפיטערנדען צושטאַנד.

אין דיא פריהערע קאַפּיטלעך איבער פאַמיליען־פערהעלטניסע האָבען מיר געברויכט דעם וואָרט חתונה, ווען אין אמת'ן האָבען מיר נאר בעדאַרפט זאָגען: געשלעכטליכע פערבינדונג. איידער מענשען זיינען דערגאַנגען צו דעם, וואס מען קען אָנרופען חתונה, אלס א פעסטגעשטעלטע און אַנערקענטע פערבינדונג פון מאַן און פרוי, זיינען פאָראיבער ווער ווייסט וויא פיעל יאָהרען. אונטער מאַטריאַרכאַלישע פיהרונגען, בעזאָנדערס אין דיא ערשטע צייטען, האָט איבערהויפּט קיין רייד ניט געקענט זיין וועגען הייראַטס־פאָרמען, דען דער געשלעכטליכער פערקעהר איז געווען גאַנץ פריי און געמישט. וויא מיר ווייסען שוין, האבען אלע פרויען געהערט צו אלע מענער פון איין

פאמיליע אדער שטאם, און בלוטשאנדע איז געווען א געוויינליכע און נאטירליכע זאך.

מיט דער צייט האבען זיך געקענט ענטוויקלען נעהענטערע און ענגערע פערבינדונגען צווישען געוויסע פּאָרען, אבער נאר אין איינ־צעלנע פעלע און אונטער ספּעציעלע אומשטענדען, וויא, צום בייּ־שפּיעל, דער מאנגעל אן נקבות. יעדענפאלס זיינען אזעלכע ענגערע פערבינדונגען נאך זעהר וויט געווען אפילו פון דיא גרעבסטע הייּ־ראטס־פאָרמען. ליעבע איז איבערהויפּט ניט געווען דיא אורזאכע פון א שטענדיגע געשלעכטליכע פערבינדונג און זאָגאר אויך ניט דיא שטרעבונג צו האבען קינדער. וויא אונגלויבליך און אוננאטירליך דאָס זאל אונז ניט אויסווייזען, מוזען מיר עס אבער אנערקענען, ווען מיר בעטראכטען נעהענטער דיא געשלעכטליכע בעציהונגען ביי וויל־דע פעלקער. „הייראטה און דיא פערבינדונגען צווישען דיא קינדער און דיא עלטערן שיינען אונז אזעלכע נאטירליכע זאכען — שרייבט דער בעריהמטער ענגלישער נאכפארשער דזשאָהן לאָבבאָק אין זיין ווערק „דער אָנפאנג פון ציוויליזאציאָן“, — דאָס מיר זיינען געצייגט צו בעטראכטען זיי אלס עטוואָס, וואס איז איינגעבאָרען און איינגע־וואָרצעלט ביי אלע מענשען. אין דער אמת'ן אבער זעהען מיר עט־וואָס גאנץ אנדערעס. ביי דיא נידריגע ראסען איז וואהרע ליעבע כמעט אונבעקאנט, און א חתונה אויף איהרע נידריגסטע שטופען איז גאר ניט דער רעזולטאט פון צוגעבונדענקייט אדער געגענזייטיגע נייגונג“.

און דיזער געלעהרטער ברייגגט א גאנצע רייהע פון פאקטען, אום דאס צו בעווייזען. פון דיזע פאקטען ווערען מיר דאָ אויסקלייּ־בען עטליכע.

„דיא האָטענטאָטען, מעלדעט דער רייזענדער קאָלבען, זיינען אזוי קאלט און גלייכגילטיג איינער צום אנדערן, אז מען קען לייכט דיינקען, דאָס ביי זיי עקזיסטירט גאר ניט ליעבע, וויא מיר פער־שטייען עס“. „ביי דיא קאפּרען־קוסא, מעלדעט א'ן אנדער זיד־אפ־ריקאנער רייזענדער (ליכטענשטיין), שפּיעלט דער ליעבע־געפיהל קיין שום ראָלע ביי'ן שליסען חתונות“. דיא אינדיאנער פון דער אָבשטא־

מונג מינע אין נאָרד־אַמעריקאַ וואייסען גאר ניט פון דיא ווערטער „ליעבע“ אדער „געליעבטער“, און אין דער שפּראַך פון דיא אַלאַ־קענגען האבען דיא מיסיאָנערען ניט געפונען א וואָרט, וואס זאל בע־דייטען „ליעבען“, און ווען זיי האבען איבערזעצט דיא ביבעל אין דיזער שפּראַך, האָבען זיי געמוזט אויסטראַכטען א וואָרט דערצו.

מאָרגאַן שרייבט: „אין זיין נאַטירליכען צושטאַנד איז דער אינדיאַנער (פון נאָרד־אַמעריקאַ) ניט איבערגעבען צו ליידענשאַפטלי־כע ליעבע“. און ער דערציילט אזא פאַל: איין אינדיאַנערקע פון א געוויסען שטאַם איז שוין דריי יאָהר געווען פערהייראַטעט מיט א מאַן פון אַ'ן אַנדער שטאַם, און פון דעסטוועגען האָבען זיי זיך ניט געקענט צוזאַמענריידען אויסער מיט צייכענס און האבען זיך גאר ניט געסטאַרעט צו ערלערנען איין שפּראַך.

אין יאַריבּ, צענטראַל־אַפריקאַ, איז א חתונה עפּעס אזא זאַך, וויא, צום ביישפּיעל, האַקען האָלץ. ליעבע שפּיעלט דערביי קיין שום ראָלע ניט. ביי דיא נעגערן אויף דעם גאָלד־ברעג (וועסט־אַפריקאַ) איז גאר ניט צו מערקען אירגענד וועלכע צוגעבונדענקייט צווישען א מאַן און א פרוי. ביי אייניגע פעלקער איז א חתונה נאר א פאָרמע צו רעגולירען דיא שקלאַווערייא פון דער פרוי. ·דער מאַן און דיא פרוי לאַכען קיין מאָל ניט און שפּאַסען ניט צווישען זיך. דער רייזענדער קאַליע דערציילט, דאס ווען ער האט א נעגער געפרעגט, וואָרום ער פערברייננגט א מאָל ניט לוסטיג דיא צייט מיט זיינע פרויען, האט דער נעגער געענטפערט, אז ווען ער וואָלט עס געטאָן, וואָלט ער זיך שוין ניט געקענט מיט זיי ספּראַווען, „דען זיי וואָלטען געענטפערט מיט געלעכטער אויף זיינע בעפעהלע“.

„דיא פרויען ביי דעם שטאַם דאַמאַרען, בעריכטעט דער ריי־זענדער האַלטאָן, פערלאָזען זייערע מענער וויא פיעל מאָל זיי ווילען נאר... אין דער אמת'ן בייט מען דיא פרויען יעדע וואָך, און איך האב זעלטען געוואוסט, ווער עס איז געווען דער מאַן פון א געוויסע פרוי, ווען איך האב מיך פריהער ניט ערקונדיגט“.

„געוויסע בערג־פעלקער אין אינדיען, מעלדעט קאַפּיטאַן ליואין, קוקען אויף הייראַטה, וויא אויף א מיטעל צו בעפרידיגען דיא טהי־

רישע תאוה און צו קריגען איינינע בעקוועמליכקייטען, וויא צום ביי־
שפיעל האבען שטענדיג א פארטיגען ווארמעס. אירגענד וועלבע
צערטליכקייט אדער אכטונג צו פרויען איז זיי גאנץ פרעמד.

עהנליכע פערהעלטניסע האבען פיעלע רייזענדע בעמערקט ביי
פערשיעדענע פעלקער אין זיד־אמעריקא, נארד־אזיען און אין אויס־
טראליען. ווען מען פרעגט דיא אויסטראליער איינגעבארענע, ווארום
זיי נעהמען זיך פרויען, ענטפערן זיי געוויינליך, אז דיא ווייבער שטע־
לען זיי צו האלץ, וואסער, שפייז און זארגען וועגען דעם פערמעגען.
דיא פרויען ווערן דארט בעטראכטעט נור אלס שקלאווינען און ווערן
בעהאנדעלט אויף דיא גרויזאמסטע ארט. מען שלאגט זיי און מען
שטעכט זיי פאר דיא מינדעסטע זאך. דער רייזענדער עיר דער־
ציילט, אז זעהר וועניג אויסטראליער פרויען פערבלייבען אהן צייכענס
פון פערהיילטע וואונדען אויף זייער גאנצען קערפער. ער האט גע־
זעהען נאך גאר א יונגע פרוי, וואס איז אין גאנצען בעדעקט געוועזען
מיט שראמען, וועלבע זיינען פערבליעבען נאך דיא ליעבענסווירדיג־
קייטען פון איהרע מענער.

אויף דיא האוואיער אינזלען האט נאך אפילו אין אונזער
יאהר־הונדערט עקזיסטירט א הייראטס־פארמע, גענאנט „פענאלוא“,
לויט וועלכע שוועסטער זיינען געוועזען דיא געמיינשאפטליכע פרויען
פון פיעלע מענער, אדער ברידער זיינען געוועזען דיא געמיינשאפטליכע
מענער פון פיעלע ווייבער. עהנליכע פארמען, וועלכע דארפען גערע־
כענט ווערן פאר דיא עלטעסטע, זיינען געוועזען איינגעפיהרט ביי אנ־
דערע פעלקער און אויך ביי דיא אלטע בריטען אין ענגלאנד (זעה
ראטצעל׳ס „געשיכטע דער מענשהייט“ אין ענגליש, באנד 1, זייטע 118).
דאס איז געוועזען דיא אוראלטע געמיינשאפטליכקייט פון פרויען און
מענער, נאר שוין א ביסעל בעשרענקט דורך געוויסע מנהגים, בעזאנ־
דערס דורך אויסמיידונג פון בלוטשאנדע צווישען מוטערליכע שוועס־
טער און ברידער.

נאר אז ניט ליעבע צו פרויען און צו קינדער, טא וואס האט
בעוואגען א מאן צו פערבינדען זיך דורך אלץ פעסטערע און שטרענ־
גערע הייראטס־פארמען?

אום צו קענען געבען א ריכטיגע אנטוואָרט אויף דיזע פראַגע, לאָמיר צוערשט בעטראַכטען, וויא אזוי מען מאַכט חתונות ביי ווילדע און האַלב־ווילדע פעלקער.

מיר וועלען דאָ נאר ברייגגען אייניגע פון דיא מאַסען פאַקטען, וועלכע רייזענדע האבען פערצייכענט און געלעהרטע האבען צוזאַמענגעקליבען.

אין אויסטראַליען האט יעדער מאַנספערזאָן דאס רעכט אויף יעדע פרויענצימער, וואס געהערט ניט צו זיין שטאַם, נאר דערביי האט ער נאך זיין אייגענע פרוי. און זיין אויסשליסליכען רעכט אויף דיזע פרוי קריעגט ער נאר דורך געוואַלט, דורך פערכאַפונג. דערמיט קריעגט ער שוין אויף איהר א חזקה, איין אייגענטהומס־רעכט.

איין רייזענדער אין אויסטראַליען בעשרייבט אזוי, וויא דיא איינגעבאָרענע ארום סידני פלעגען קריעגען ווייבער: „דיא אונגליקליכע שלעפט מען אוועק אין דער צייט, ווען איהרע פערטהיידיגער זיינען אבוועזענד. צוערשט דערלאַנגט מען איהר קלעפּ מיט א דובינע אדער מיט א הילצענעם שווערד איבער דעם קאָפּ און רוקען, אז עס גיסט זיך פון איהר בלוט, און נאַכהער שלעפּט מען איהר פאר דער האַנט אין וואַלד אריין אזוי גראָב, אז מען קען איהר לייבט אויסדרייהען דיא האַנד. אזא רציחה רופט ניט ארויס דיא ראַכע פון איהרע פערוואַנדטע, דען זיי צאָהלען אָפּ מיט א'ן עהנליכע רציחה ביי דער ערשטער געלעגענהייט“.

אויף אייניגע אינזלען צווישען אזיען און אויסטראַליען ווערן דיא מיידלעך געפאַנגען און אוועקגעשלעפּט צובלוטיגטע און אין צוריסענע קליידער אין וואַלד, און ווען דער חתן שליסט פריעדען מיט דיא פריינד פון זיין גערויבטע כלה, ווערט זיא זיינע א שקלאַווין פאר א געוויסע בעלוינונג צו איהרע פערוואַנדטע. דאס איז דיא גאַנצע חתונה צערעמאָניע, און דאס איז געמליך: געוואַלט.

ביי פיעלע אפריקאַנער פעלקער קריעגט מען נאר חזקה אויף א פרוי דורך פערכאַפּונג. דאס נעמליכע איז ביי דיא איינגעבאָרענע פון אַמעריקאַ, און אזוי איז עס אויך געווען ביי דיא פאָרפאַטערס

פון דיא אויראָפּעאישע פעלקער. אין דער אַלטער געזעצגעבונג פון אינדיען ווערט דיא פערכאַפונג פון א פרוי אַנערקענט אַלס א בע־שטימטע הייראַטס־פאָרמע.

און מיט דער ענטוויקלונג פון דיא ערשטע מענשליכע גרופּען און אָרגאַניזאַציאָנען, ווען מען האט אנערקענט, אז עס איז גלייכער און פרידליכער צו קריעגען א חזקה אויף א פרוי דורך אויסקויפען איהר ביי איהרע עלטערן, זיינען נאך דיא פריהערע פערכאַפּונגען פערבליבען אין קראַפט, אבער שוין בלויז אלס א צ ע ר ע מ אָ נ י ע.

אין פיעלע ערטער פון אינדיען איז נאך איינגעפיהרט, אז דער חתן, אין דער בעגלייטונג פון זיינע פערוואנדטע, פרויען און מענער, רייסט זיך אריין אין דעם דאָרף פון דער כלה, זינגענדיג און טאנ־צענדיג, און עס זעהט אויס, אזוי וויא אנדערס וויא מיט געוואַלט וואָלט ער ניט קריעגען דיא כלה, וועלבע נעהמט איהם אין אמת'ן אויף זעהר פריינדליך אזוי גוט וויא איהרע עלטערן. ביי דעם שטאַם גאראָסען איז א מנהג, אז ווען א יונגער מאן און מיידעל גייען חתונה האבען, נעהמען זיי מיט זיך פראָוויאנט, אום צו פערבלייבען עטליכע טעג אין דיא בערג. זיא שפּרייזט אָפּ דיא ערשטע, און נאכהער דער חתן, וויסענדיג גאנץ גוט, וואו איהר צו געפינען. ווען זיי קערען זיך אום און זייער חתונה ווערט עפענטליך אנערקענט, מאַכט מען כלומרשט א געשלעג, אום צו פאנגען... דעם חתן. ביי דיזען שטאַם, וויא דאס איז אויך דער פאַל ביי עטליכע אנדערע פעלקער, איז גראַ־דע איינגעפיהרט, אז דיא כלה דאַרף זיך אָנבעטען און דער חתן דאַרף זיך וועהרען.

דיא געברויכליכסטע חתונה־צערעמאָניע ביי האַלב־ווילדע פעלקער איז אבער, אז דיא כלה זאָל זיך וועהרען. ביי אייניגע שטאַמען אויף דעם מאַלאַיער האַלב־אינזעל קומט פאָר אזא חתונה־צערעמאָניע: „ווען אַלע מחותנים קלייבען זיך צוזאמען, פיהרט איינער פון דיא זקנים אַריין דיא כלה אין א קרייז, וועלכער איז מעהר אדער ווייניגער גרויס לויט דיא קראַפט פון דיא פּאָרעלע. דיא מיידעל לויפט דאַן דיא ערשטע ארום דעם קרייז, און דער חתן נאך איהר. און וויא נאר ער כאַפּט איהר, איז זיא שוין זיין געזעצליכע ווייב; ווען דאס

געלינגט איהם ניט, פערליערט ער אירגענד וועלכע רעכט אויף איהר. מאנכעס מאָל לויפען זיי אוועק אין וואַלד, און ניט זעלטען טרעפט עס, אז עס זיעגט נאר דער יונגער מאַן, וועלכער איז געפעהלען דער כלה.

ביי דיא קאַלמיקען קומט אויך פאָר א צערעמאָניע־קאַמפף פון דער כלה געגען איהר פערכאַפער — דעם חתן. ווען דער חתן קומט מיט זיינע פריינד צו דער הויז פון דער כלה, וועהרט זיא זיך; נאר מען זעצט איהר אַרויף מיט געוואַלט אויף א פערד, און דער חתן פיהרט איהר אוועק אונטער גרויסע געשרייען. עס טרעפט אויך, אז דער חתן האט נאכצויאָגען זיין רייטענדע כלה, און וויא רייזענדע בעהויפּטען, האט מען נאך ניט געהערט, דאס א קאַלמיקער מיידעל זאָל געפאנגען ווערן פון א יונגען מאַן, וועלכער געפעהלט איהר ניט. ווען ער פאַנגט איהר, ווערט זיא זיין ווייב און דיא חתונה ווערט אָפּגעשפּיעלט אויפ'ן אָרט.

ביי דיא קאַמטשאַדאַלען און טונגוסען (אין סיביר) ווערט א חתונה נאר געזעצליך, ווען דער חתן כאַפּט דיא כלה און צורייסט אויף איהר דיא קלייד. ביי דיא סאַמאָיעדען (אין סאַמע נאָרד רוסלאַנד) איז אויך געווען איינגעפיהרט צו פאַנגען דיא כלה; נאר יעצט איז דערפון פערבליבען א צייכען אין דעם זאָנדערבארען מנהג, אז דער חתן דערלאַנגט א קלאַפּ דעם פאָטער און דער מוטער פון דער כלה מיט א קליין שטעקעלע. ביי דיא מאָנגאָלען לויפט דיא כלה אוועק צו איינעם פון איהרע קרבים און בעהאַלט זיך דאָרטען. ווען דער חתן קומט פאָרדערן זיין כלה, ענטפערט איהם דער שווער: „מיין טאָכטער געהערט צו דיר — גיי נעהם איהר, וואו דו וועסט איהר געפינען". האָבענדיג דיזע ערלויבניס לויפט ער ארום זוכען זיין כלה אין דער בעגלייטונג פון זיינע פריינד, און ווען ער געפינט איהר, שלעפּט ער איהר מיט געוואַלט אוועק אין זיין הויז, און זיא ווערט זיין אייגענטהום. א'ן עהנליכער מנהג עקזיסטירט אין קאָרעא.

דער מנהג צו פאַנגען ווייבער איז געווען אַלגעמיין ביי דיא אינדיאַנער פון נאָרד און זיד־אַמעריקא. נור דורך פערכאַפּונג האט מען געקראָגען א חזקה אויף א פרוי. דאס איז אזוי ווייט געגאַנגען

דאס ביי מאנכע אינדיאנער שטאמען האבען אויף שטארקערע גע־מעגט רויבען פרויען ביי שוואכערע.

אויף פיעלע אינזלען פון גרויסען אָקעאַן, דארונטער אויף ניי־זעעלאנד, ווערט א חתונה נאר אנערקענט דורך פערכאפּונג, און חתן און כלה שלאָגען זיך אָפּט גאר ניט אויף צו פלייסען. דער מנהג אין ניי־זעעלאנד פאָרדערט, אז דיא כלה זאָל זיך וואס לענגער וועהרען, אפילו ביז בלוט, הגם אין הארצען מעג זיא גאָר ניט האבען געגען דעם חתן. און דיא מוטער פון דער כלה דארף אויך ארויס־ווייזען, וויינינגסטענס מיט ווערטער, אז זיא איז געגען דעם חתן.

ביי דעם שטאם אעטאסען אויף דיא פיליפינער אינזלען ווערט דיא כלה אוועקגעשיקט פון איהרע עלטערן אין דעם טאָג פון דער חתונה, פאר דעם זונענאויפגאנג, אין וואלד אריין. א שטונדע שפּע־טער הייבט דער חתן אָן זיך צו יאָגען נאך איהר, און אויב ער פאנגט איהר ביז דיא זון גייט אויף, ווערט זיא זיין ווייב; אויב ניט, מוז ער זיך אָפּזאָגען פון איהר. ביי דיא איינגעבאָרענע פון ניי־גיווינא עקזיסטירט א׳ן עהנליכער חתונה־מנהג.

ביי דיא קאפרען און ביי אנדערע פעלקער אין אפריקא איז א חתונה א׳ן איינפאכער מסחר, נאר ווען אלע פערהאנדלונגען זיינען צו ענדע, מוז דער חתן דאָך דורכמאכען א צערעמאָניע פון א גע־שלעג צווישען זיינע און דיא כלה׳ס קרבים, אום צו פאנגען דיא כלה.

דיא אראבען, וואָס וואנדערן אין דער געגענד פון בארג סיני׳ שליסען אפּריהער דיא בעדינגונגען פון דער חתונה; אבער נאכהער דארף דער חתן מיט איינינע פריינד אונטערהיטען דיא כלה און איהר מיט געוואלט אוועקשלעפּען אין דעם געצעלט פון זיין פאָטער. ווען דיא כלה דערוויסט זיך בעצייטענס פון דעם חתן׳ס איבערפאל, הייבט זיא אָן צו פערטהיידיגען זיך מיט שטיינער און זיא פערוואונדעט אָפּט דיא יונגע לייט, ווען אפילו דער חתן געפעהלט איהר.

חתונות ביי טשערקעסען ווערן געשלאָסען דורך א סעודה, ווען דער חתן דארף זיך אריינרייסען מיט עטליכע קרעפטיגע און מוטהיגע יונגע לייט און אוועקשלעפּען מיט געוואלט דיא כלה. נור אויף אזא שטיינער ווערט זיא זיין געזעצליכע פרוי. דערביי קומט

אויף פאָר דיא צערעמאָניע, דאס דער חתן כאַפּט ארויס זיין קינ־זשאַל און צושניידט דעם קאָרסעט פון דער כלה.

אין אייראָפּא איז אויך געווען אַלגעמיין פערברייטעט דיא חתונה־צערעמאָניע דורך געוואַלט און פערכאַפּונג און אין מאַנכע אָבגעשטאַנענע ערטער איז זיא נאָך פערבליבען. דיא ספּאַרטאַנער פלעגען מיט געוואַלט אוועקשלעפּען זייערע כלה׳ס, נאָר דאס איז שוין אין דער היסטאָרישער צייט פון אַלטען גריכענלאַנד געווען בלויז א צערעמאָניע. דיא געשיכטע פון דיא ערשטע רוימער, וועלכע האבען געטריבען פרויען ביי דיא סאַבינער, איז אַלגעמיין בעקאַנט און צייגט, אז צו יענער צייט האט מען געמוזט געוויינליך פאַנגען ווייבער. אבער נאָך א לאַנגע צייט שפּעטער איז אין רוים פערבליבען א מנהג, אז איבער דער כלה׳ס קאָפּ זאָל מען פיהרען מיט א שפּיעז אלס א צייכען „פון דער מאַכט, וואס דער מאַן קריעגט איבער דער פרוי״. א מאַנספּערזאָן האט דארום געקענט זיך ערווערבען א פרוי ניט זייענדיג ביי דער צערעמאָניע און פאַנגען א פרוי פאַר זיינעם א פריינד. מען האט אויסגעפונען, אז אין מאַנכע ערטער פון פראַנק־רייך האט נאָך ביז דעם 17־טען יאָהר־הונדערט עקזיסטירט א מנהג, אז דיא כלה זאָל ארויסווייזען, אז זיא וויל ניט אריינגיין אין דער הויז פון חתן.

אין רוסלאַנד, פּוילען, ליטע און איינינע טהיילען פון פּרייסען איז געווען איינגעפיהרט, אז יונגע לייט זאָלען אוועקשלעפּען מיט גע־וואַלט זייערע געליעבטע און נאכהער בעטען א׳ן ערלויבנים ביי דיא עלטערן פון דער כלה. ביי דיא סלאַווען אין זיד־אייראָפּא איז נאָך איינגעפיהרט ביז היינט צו טאָג, אז דער חתן מיט זיינע פריינד זאָלען וועהרענד דער חתונה זיך אויסשטעלען בעוואָפענטערהייט אין א׳ן עסקאַדראָן אונטער דעם בעפעהל פון א קאַפּיטאַן, אזוי וויא זיי וואָלטען ארויסגעטראָטען אין א שלאַכט. ביי זיי עקזיסטירט נאָך אויך א מנהג, אז דיא שווינער בעשיט דיא כלה מיט הירזע און דער חתן דערלאַנגט דער כלה קלעפּ, אום צו איבערציינען איהר, אז ער איז דער אויבערהאר. דער מנהג צו שלאָגען דיא כלה איז נאָך ביז יעצט פערבליבען ביי איינינע פעלקער, און ביי דיא פעלאַכען אין

אביסיניען ווערט דיא יונגע פרוי געשלאָגען פון דער שוויגער און נאכהער פון דעם מאַן, ווען זיא טרעט אריין אין דעם מאַן׳ס הויז.

אַלזאָ, ביי אַלע פעלקער איז אויף א געוויסע שטופע פון קול־טור איינגעפיהרט געוואָרען הייראַטה דורך געוואַלט, דורך רויב און פערכאַפּונג, און נאכהער, וויא דיא קולטור איז אַלץ געשטיגען און דיא מענשען זיינען אַלץ ווייכער און עדעלער געוואָרען, איז דערפון פערבלי־בען א צערעמאָניע. דער רעזולטאַט איז אבער אין אַלע פעלע געווען, אז דער מאַן איז דאַדורך געוואָרען דער בעפעהלגעבער, דער אויבערהאַר, און דיא פרוי איז אומגעוואַנדעלט געוואָרען איינפאַך אין א שקלאַווין. דורך רויב און פערכאַפּונג האט דער מאַן געקראָגען א חזקה אויף דער פרוי אלס זיין איינענטהום אקוראט וויא אויף אַנדערע זאַ־כען וואס מען פלעגט פאַנגען אין צייטען פון מלחמה. דער שטאַר־קער קולאַק פון דעם מאַן איז דאָ אַנערקענט געוואָרען אלס רעכט.

אָבער אום אַזאַ פאָרמע פון הייראַטה זאָל קענען איבעראַל אַזוי איינגעוואָרצעלט ווערן, אז פערשיעדנע סמנים דערפון זאָלען פערבלייבען זאָגאַר ביי ציוויליזירטע פעלקער; אום אזא רויב־רעכט אויף פרויען זאָל קריגען אַזא אַלגעמיינע אַנערקענונג און ניט אַרויס־רופען גאולת הדם, האט געמוזט פאָרקומען א געוואַלדיגע ענדערונג אין דעם לעבען פון דיא פערצייטיגע מענשען. אונטער מאַטריאַר־כאַלישע פיהרונגען האבען נאָר געקענט פאָרקומען איינצעלנע פעלע פון פרויען־רויב. אין אַלגעמיינען האָבען דיא מענער געמוזט אָנקור־מען צו דיא פרויען, וויא מיר האָבען עס אין דיא פאָריגע קאַפּיטלעך געזעהען. פון א פערכאַפּונגס־רעכט האט קיין רעדע ניט געקענט זיין, און דיא פערכאַפּערס פלעגען געטויטעט ווערן פון דער פרוי׳ס פערוואַנדטע. דיזעס רעכט האט נאָר געקענט ביסלעכוויז ענטשטעהען, ווען דיא מענער האָבען אָנגעפאַנגען צו ווערן דיא בעלי־הבתים און אַרויסצוצייגען, אז זיי זיינען דיא הערשער, דאס הייסט: ווען דער מאַטריאַרכאַט האט גענומען אַלץ מעהר אָפּטרעטען פלאַץ דעם פאַטריאַרכאַט.

מיר קומען דאָ אַלזאָ צום ענטפער אויף דער אויבענגעשטעל־

טער פראגע: וואָס האָט בעוואָגען דיא מענער צו פערבינדען זיך דורך פעסטע און שטרענגע הייראטס־פאָרמען?

עס איז קלאָר פון דיא געבראכטע ביישפּיעלע, אז דעם מאנס־פערזאָן'ס צוועק איז געווען פריהער פאר אלין צו פערשקלאווען דיא פרוי, צו קענען מיט איהר טאָן, וואס ער האט געוועלט. זיא איז ביסלעכווייז געוואָרן זיין אייגענטהום דורך זיין קראפט, ווען ער האט שוין געקענט ערווערבען גענוג שפּייז פיר זיך און זיין אונאבהיינגיג פון דיא מאטריארכאלישע ווירטהשאפט. וויא מיר ווייסען שוין, האבען דיא מענער געקראָגען אזא עקאָנאָמישע מאכט דורך דיא ענטוויקלונג פון פיהפיטערונג, און אין דיזען צושטאנד האט זיך עס טאקע בעזאָנדערס ענטוויקעלט דער פאטריארכאט. דאַן האט זיך אויך אָנגעפאנגען צו ענטוויקלען דער בעגריף פון פריוואט־אייגענטהום, און דיא פרוי איז געוואָרן אריינגערעכענט אלס א'ן ארבייטער־קראפט אין דער ווירטהשאפט פון דעם מאַן. אזוי גוט וויא דער ־יהפיטערער האט געקראָגען חזקה אויף דיא בהמות, וואס ער פלעגט פאנגען, אזוי האט ער אויך געקראָגען חזקה אויף דיא פרויען; און פערכאפונג איז געבליבען אזוי לאנג דיא ערשטע פאָרמע פון הייראטה, ביז מענשען האבען זיך אָנגעפאנגען ארומצוזעהען, אז עס איז בעסער און הויפטזעכליך זיכערער צו קויפען פרויען ביי זייערע עלטערן. אונטער פאטריארכאלישע פיהרונגען איז דער פאָטער געוואָרן דער אונבעשרענקטער הערשער איבער זיינע פרויען און קינדער. ער האט זיי געקענט פערקויפען און זאָגאר טויטען, ווען ער האט עס געוועלט. זיי זיינען געווען זיין אייגענטהום, און דארום האט ער נאטירליך גענומען ארויסטרעטען און קעמפּפען געגען דיא יונגע לייט וואס פלעגען פאנגען זיינע טעכטער, דאס הייסט: רויבען זיין אייגענטהום. איין אייגענטהומס־רעכט האט זיך דאָ גענומען צוזאמענשטויסען מיט א'ן אנדער אייגענטהומס־רעכט, און ביידע צדדים האבען שליסליך געמוזט קומען צו א פשרה, וועלכע איז בעשטאנען אין דעם, וואס דער חתן האט געמוזט אויף א געוויסע אַרט בעלוינען דעם פאָטער פאר דעם שאָדען, וואס ער האט געליטען דורך דעם פערלוסט פון א'ן ארבייטערין אין זיין פאמיליע. דער חתן פלעגט אָפּ־

אַרבייטען א געוויסע צייט אום צו קריעגען א פרוי, וויא יעקב ביי לבן'ען, אָדער פלעגט איינפאך בעצאָהלען, וויא מען פלעגט אָפּמאַכען.

דיא לאַגע פון דער פרוי פלעגט זיך נאר ביי אזא אָפּמאַך ענדערן דערמיט, וואס אנשטאַט צו זיין א'ן אונטערוואָרפענע ביי איהר פאַטער, פלעגט זיא ווערן דיא בעהערשטע פון איהר מאַן. א שקלאַווין איז זיא שטענדיג פערבליבען. אין דער זעלבער צייט, וואס דער פיהפּיטערנדער צושטאַנד האט ארויסגערופען דיא ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענטהום, שקלאַווערייא און דעספּאָטישע מלוכות, האָט ער אויך אַלץ מעהר געמאַכט דיא פאמיליען־ארגאַניזאַציאָן פאַר א שקלאַ־ווישע. מען רעכענט, לויט שפּראַכ־נאָכפאָרשונגען, אז דער וואָרט פאַמיליע שטאַמט פון דעם וואָרט פאמול, וואס בעדייטעט: שקלאַוו.

און ווען דער יענער פלעגט בייטען זיינע פרויען, ווייל ער האט געמוזט פיעל און לאַנג ארומוואַנדערן, אום זיך צו ערנעהרען, אדער ווייל דיא פרויען האבען געמוזט יאָהרענלאַנג לאָזען זויגען זייערע קינ־דער, וויא עס איז שוין ערקלערט געוואָרן אין פאָריגע קאפּיטלען,— האט שוין דער פיהפּיטערער גענומען זיך ערווערבען, דורך פערכאַפּונג אדער קויפען (דיזע ביידע הייראַטס־פאָרמען האבען אָפּט עקזיסטירט צוגלייך, זייט ביי זייט), א סך פרויען פיר זיך זעלבסט, אום צו ציי־גען זיין רייכטהום און מאַכט. פּאָליגאַמיע (פיעל־ווייבעריי) איז אַל־געמיין איינגעפיהרט און אַנערקענט געוואָרן ביי פּיהפּיטערנדע פעל־קער און פּאָליאַנדריע (פיעל־מענעריי), וויא זיא האט עקזיסטירט אונטער מאַטריארכאַלישע פיהרונגען, איז אין גאנצען אָבגעשאפט געוואָרן. דער פּאַטריארך פלעגט מכבד זיין געסט מיט זיינע טעכ־טער און פרויען, ווען ער האט עס געוועלט; אבער דיא פרויען אליין האבען שוין קיין רעכט ניט געהאט צו ליעבען נאך זייער ווילען.

וואס מעהר דיא בעגריפע פון אייגענטהומס־רעכט האבען זיך מיט דער צייט ענטוויקעלט, אַלץ מעהר האט דער מאן בעהערשט דיא פרוי און אַלץ פעסטער איהר צוגעבונדען צו זיך דורך הייראטס־פאָרמען, וועלכע האבען נאר בעוויזען זיין חזקה אויף איהר.

עס איז אַלזאָ קלאָר, אז דער איבערגאַנג פון מאַטריאַרכאַט אין פּאַטריאַרכאַט, וועלכער איז ענג פערבונדען מיט דעם איבער־גאַנג פון יעגערישען אין פיהפיטערנדען צושטאַנד, ווייזט זיך ארויס אין דיא פערשיעדענע הייראַטס־פאָרמען, וועלכע דיא קולטור־געשיכ־טע האַט פערצייכענט. מיר זעהען דאָ ווידער, וויא איין זאַך איז פערבונדען מיט דער אַנדערער און וויא דיא פערשיעדענע דראָטען און רינגען פון דער קולטור־געשיכטליכער קייט ווערען צוזאַמענגעשמידט. פון ערשטען בליק וועט אונז גאר ניט איינפאַלען צו דיינקען, אז דער פאַקט, דאס מענשען האבען אָנגעפאַנגען אַליין מעהר צו פאַנ־גען און צו האָדעווען בהמות, האט געפיהרט צו אזעלכע טיעפע ענ־דערונגען אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, וויא עס איז שוין אין קורצען אנגעצייגט געווען, און דארונטער אויך צו דיא איינפיהרונג פון חתונות און פּאַטריאַרכאַלישע מנהגים; אבער ביי נעהענטערע בעטראַכטונגען און נאכפאָרשונגען וואַרפט זיך דאס אַלעס איינפאַך אין דיא אויגען.

לאָמיר יעצט נאכפארשען דעם פּאַטריאַרכעט זעלבסט אין אַלע זיינע פאָרמען און דיא רעזולטאַטען, צו וועלכע ער האט גע־פיהרט.

# זעקסטער קאַפּיטעל.

## דיא ענטוויקלונג פון פּאַטריאַרכאַט.

אורזאַכען פון דעם אונטערגאַנג פון מוטער־רעכט. — פּאָטער־רעכט אין פערבינדונג מיט פּריוואַט־אייגענטהום. — פּאַטערליכע ליעבע צו קינדער. — דיא פאָרדערונג פון טרייהייט און געהאָרכזאַמקייט בּיי פרויען. — דיא ערשטע רעליגיעזע צערעמאָניעס בּיי חתונות און זייער ריכטיגע בּעדייטונג. — קוריעזע סמנים פון דיזע צערעמאָניעס אין אונזער צייט. — דיא הילפע פון גייסטלי־כע אין דער פערשקלאַוואונג פון פרויען. — אָפּשרעקונגס־געטער צו פערזי־כערן דיא טרייהייט פון פרויען. — געהיימע מענער־פעראיינען צו האַלטען פרויען אין צוים. — גרויזאַמע בּעשטראָפונגען פיר אונטרייהייט.

אום גרינדליך צו פערשטיין, וויא אזוי דער פּאַטריאַרכאַט איז אויפגעקומען און זיך געקענט ענטוויקלען — זעלבסטפערשטענדליך האָט דיזע ענטוויקלונג געדויערט ווער ווייסט וויא פיעל יאָהרען — מוז מען נאָכזוכען דיא אורזאַכען, וועלכע האָבען געפיהרט צו דער פאַנאַנדערפאַלונג פון דיא אַלטע מוטערליכע פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן. דיזע אורזאַכען זיינען געוועזן גאַנץ פערשיעדענע, וויא ביי יעדע גע־זעלשאַפטליכע אומענדערונג.

מיר האבען שוין געזעהען, אז אין געוויסע מנהגים פון פיעלע ווילדע און האלב־ווילדע פעלקער, וויא אויך אין דיא לעגענדען וועגען דיא אמאזאנען און אין אנדערע אנווייזונגען, האט זיך אויסגעדריקט דער קאמפף צווישען מוטער־רעכט און פאטער־רעכט; נאר וויא אזוי דיזער קאמפף איז ענטשטאנען, דאס האבען מיר נאך ניט בעטראכטעט. מיר וועלען עס יעצט טאן.

דיא מאטריארכאלישע ארגאניזאציאן איז שטענדיג געוועזען א שוואכע און לייזע. דער מאן פלעגט אלץ ארומוואנדערן און פלעגט נאר קומען אין דעם לאגער פון דיא פרויען, ווען ער פלעגט זיי ברויכען. ווען א פרוי פלעגט נאר שוואנגער ווערן, פלעגט דער מאן איהר פערלאזען און פערגעסען אן איהר און אן דעם קינד. אום בעסער צו פיהרען דעם געיעג, פלעגען דיא מענער זיך פערבינדען אין גרופען און פלעגען זאגאר עסען בעזונדער און האבען זייערע אויפהאלטונגס־פלעצער, זייערע ארגאניזאציאנען. דיזער צושטאנד האט זיך אבער נאר געקענט אנהאלטען זא לאנג דיא מענער פלעגען מוזען אנקומען צו דיא הילפע פון דיא פרויען, ווען זייער געיעג פלעגט זיי ניט צושטעלען גענוג שפייז, און זא לאנג דיא פרויען האבען געקענט ערנעהרען זיך און זייערע קינדער דורך אקערבוי.

דיא איינפאכע פערמעהרונג פון דער אורשפרונגליכער פאמיליע אין א שטאם האט אבער פון זיך זעלבסט אויך געמוזט ווירקען צו מאכען אלץ שוואכער דיא ערשטע פערבינדונגען דורך דער מוטער, דורך בלוטפערוואנדשאפט. אין א פאריגען קאפיטעל האבען מיר שוין אנגעציינט, וויא פיעל פלאץ יעגערס מוזען פערנעהמען, אום צו קענען זיך ערנעהרען. ווען דער יעגער־צושטאנד וואלט אפילו ניט ארויסגערופען א שטענדיגע לוסט צו וואנדערונגען, וואלטען דיא יעגערס דאך געמוזט זיך אלץ מעהר אבטהיילען פון זייער שטאם דורך דעם, וואס דער פלאץ פלעגט פאר זיי אלעמען ענג ווערן, וואס מען האט געמוזט זוכען נייע וועלדער און פעלדער. און ביי יעדע פון אזעלכע אבטהיילונגען האט דיא מוטערליכע ארגאניזאציאן געמוזט אפגעשוואכט ווערן. רייזענדע האבען פערצייכענט אייניגע ביישפיעלע, וויא ביי איבערוואנדערונגען פון יעגערס אויף א נייעם ארט האט

מען אויך איינגעפיהרט פּאַטער־רעכט אויף דעם פּלאַץ פון מוטער־רעכט. דיא מענער און פרויען פלעגען דערביי אָבגעריסען ווערן פון זייערע פערוואַנדטע, און דיא מענער פלעגען שוין נאַטירליכערווייזע קריעגען דיא אויבערהאַנד, שטיצענדיג זיך איינפאַך אויף זייער פויסט־קראַפט.

דיא נאַטירליכע פערמעהרונג פון פאַמיליעס אין שטאַמען האָט אויך אַליין מעהר געמוזט ארויסרופען שטרייטען און געשלעגע צוליעב בעסערע יאַגד־פּלעצער, וויא אויך צוליעב דעם בעזיץ פון זאַכען, וועלכע האבען געדיענט אלס געצייג און פוץ. דיזע זאַכען האט מען אָנגעפאַנגען צו גנב'ענען און צו רויבען, און דאס האט זעלבסטפער־שטענדליך געפיהרט צו בלוטיגע צוזאַמענשטויסען. מיט דער צייט האבען זיך אָנגעפאַנגען אַליין גרעסערע און שרעקליכערע מלחמות, און דאדורך איז דיא מאַכט פון דיא מענער נאַטירליכערווייזע אַליין גע־שטיגען. מיר האבען שוין אָנגעצייגט, אז דיזע מלחמות האבען גע־פיהרט צו אויסשלאַכטונגען פון מיידלעך ביי זייער געבורט און האָ־בען געצוואונגען דיא מוטערליכע פאַמיליעס אום יעדען פרייז, אפילו דורך בלוטשאַנדע, צוצובינדען צו זיך דיא מענער. יעדענפאַלס האָ־בען שוין אונטער מאַטריאַרכאַלישע פיהרונגען אַליין מעהר אָנגעפאַנ־גען צו הערשען דיא אָנקעלס, דיא ברידער פון דער מוטער. ווען מען זאָל דאָ נעהמען אין אַנבעטראַכט בלויז דיא אויסערע ערשיינונ־גען, איז דיא ענדערונג פון מאַטריאַרכאַט אין פּאַטריאַרכאַט בעשטאַנען אין דעם, וואס דעם פּלאַץ פון דיא אָנקעלס האבען פערנומען דיא מענער פון דיא פרויען און דיא פּאַטערס פון דיא קינדער.

פון דעסטוועגען, ווען דיא פרויען וואָלטען שטענדיג אָנגעהאַל־טען זייער ערשטע עקאָנאָמישע אונאַבהייניגקייט פון דיא מענער, וואָלטען זיי דאָך אָנגעהאַלטען זייער רעכט, טראָץ אלע שטערונגען דורך דיא פערמעהרונג פון דיא בעפעלקערונג און דורך דיא שטאַר־קערע קראַפט פון דיא מענער. צו זייער רעכט איז ערשט געקומען א סוף, ווען דיא מענער האבען זיך אַליין מעהר גענומען צו פיהפי־טערונג און זיינען דורך דעם געוואָרן דיא עקאָנאָמישע הערשער. דעם מאַן'ס שטאַרקער קולאַק איז דאָ אויך געוואָרן דער ברויטגע־

בער. ער האט שוין געקענט ניט נאר פאנגען פרויען, זאָנדערן זיי אויך ערנעהרען און דאדורך שטענדיג בעהערשען. ער האט שוין ניט געקענט דולדען, אז פרויען זאָלען איבער איהם קאָמאנדעווען, אז ער זאל ניט קענען טאָן מיט זיינע קינדער, וואס ער וויל, און ער האט אלץ מעהר געריסען די קייטען, מיט וועלכע מענער זיינען געוועזען געשמידט אין מאטריארכאלישע אָרגאניזאציאָנען.

דיא אויפפאסונג אויף סטאדעס, וועלכע דער פיהפיטערער האט נאטירליך געזוכט אלץ מעהר צו פערגרעסערן, ניט אָפּשטעלענ־דיג זיך פאר רויב און מאָרד, האט איהם געמאכט ניט נאר פלינק און מוטהיג, וויא דיא יעגערס זיינען געוועזען, נאר אויך שפּאָרעוור־דיג און ווירטהשאפטליך, וואס דער יעגער איז קיין מאָל ניט געוועזען און האט ניט געקענט זיין. זיינע בהמות, דורך וועלכע מיטעל ער האט זיי ניט ערוואָרבען, האט דער פיהפיטערער שוין בעטראכטעט אלס זיין פריוואט־אייגענטהום, און דעם זעלבען בעגריף האט ער איבערגעטראָגען אויף זיינע פרויען און קינדער. און וואס גרעסער זיינע סטאדעס און דאדורך אויך זיין אונאבהייננגקייט און מאכט זיינען געוואָרן, אלץ שטארקער איז געוואָרן זיין אפּעטיט צו פער־כאפּונגען און בעהערשונגען, אלץ מעהר האט זיך ענטוויקעלט זיין אייגענטהומס־געפיהל. ער האט דארום אָנגעהויבען צו פאנגען אדער צו קויפען ניט נאר פרויען, וועלכע ער האט אומגעוואנדעלט אין זיינע שקלאווינען, זאָנדערן אויך מענער, אום זיי זאלען ארבייטען פאר איהם און ווערן זיינע שקלאווען.

פאָטער־רעכט איז אלזא געוועזען א רעזולטאט פון אייגענטהומס־רעכט און האט אלץ ווייטער געווירקט אויף דיא ענטוויקלונג פון פריוואט־אייגענטהום. אָט אזוי זעהען מיר עס, וויא דיא עקאָנאָמי־שע אומשטענדען ענדערן א גאנצע סאָציאלע אָרגאניזאציאָן, וועלכע האט געדויערט ווער ווייסט וויא פיעל טויזענדער יאָהרען. דיזע גע־זעלשאפטליכע אומענדערונג איז געוועזען איינע פון דיא וויכטיגסטע אין דער קולטור־געשיכטע, און איהרע רעזולטאטען זיינען עבענזאָ גרויס וויא פערשיעדען.

הגם דיזע ענדערונג איז ענג פערבונדען מיט דיא ענטוויקלונג

פון שקלאַווערייא און פון גרויסע מלחמות, איז זיא דאָך געווען א'ן אונ־
געהייערער שריט פאָרווערטס אין אלע הינזיכטען. אין בעצוג אויף דיא
אָפּשאַפּונג פון מאַטריאַרכאַט מוז מען צוגעבען, דאס הגם דיא פרוי
איז געוואָרן א שקלאַווין, איז זיא דאָך פערזיכערט געוואָרן מיט איהר
עקזיסטענץ. אמת, זיא איז געווען דאס אייגענטהום פון איהר מאַן,
אבער זיא איז דערפאַר בעשיצט געווען פון איהם געגען אנדערע מע־
נער. אין איהר קרייז איז זיא אויך געווען א ווירטהין און איז געבלי־
בען מיט איהרע קינדער. דאס וואס זיא האט פערלאָרען אין פרייהייט
האט זיא געוואונען אין רוהע.

נאר אם וויכטיגסטען איז געווען דיא ווירקונג פון פּאַטריאַרכאַט
אויף דיא מענער זעלבסט, דען מען קען זאָגען, אז נאר מיט דיא ענט־
שטעהונג פון פּאַטער־רעכט האט דער מאַן אָנגעפאַנגען צו זאָרגען פאר
זיינע קינדער. דאס איז אָנפאַנגס געקומען ניט אויס ליעבע צו דיא קינ־
דער זעלבסט, נאר וויעדער אויס זיין בעגריף פון אייגענטהום אויף זיי;
אבער שליסליך איז ער אלץ מעהר צוגעבונדען געוואָרן צו זיי. דער
רייכטהום און דיא מאַכט פון א פּאַטריאַרך זיינען געשעצט געווען
ניט בלויז דורך דיא צאָהל פון זיינע בהמות, נאר אויך דורך דיא
צאָהל פון זיינע פרויען און קינדער און פון פרעמדע שקלאַווען. דיא
קינדער האבען פאר איהם געארבייט און אין צייט פון געפאַהרען זיינען
זיי געווען זיין בעסטע שטיצע. פאר זיינע טעכטער פלעגט ער אויך
קריגען בעלוינונג פון דיא חתנים. וויא שוין געזאָגט, איז דער פיהפי־
טערער געווען א בעל־הבית מיט א רעכנונג, מיט א'ן אויסזיכט אויף
דיא צוקונפט, און אזוי גוט, וויא ער האט אויפגעהערט צו טויטען דיא
קריעגס־געפאַנגענע, אום זיך בעסער צו בענוצען מיט זייער ארבייטס־
קראַפט, דאס הייסט זיי צו מאַכען פאר קנעכט, אזוי האט ער אויך
אויפגעהערט צו טויטען זיינע אייגענע קינדער און אָנגעפאַנגען אלץ צו
זאָרגען פאר זייער עקזיסטענץ, אום מיט דער צייט זיך צו בענוצען מיט
זייער הילפע אין פאַל פון נויט. דערצו האט ער אויך בעדאַרפט זאָרגען,
וועמען איבערצולאָזען נאך זיין טויט דעם פערמעגען, וועלכען ער האט
אָנגעזאַמעלט, און עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז ער האט געשטרעבט
דאס זיינע יורשים זאָלען זיין זיינע אייגענע קינדער. דאס האט איהם

ווידער אלץ מעהר צוגעבונדען צו זיינע קינדער, און ביסלעכווייז האט זיך אין זיין הארץ ערוועקט א געפיהל פון ליעבע צו זיינע קינדער.

אבער אום צו זארגען פאר זיינע קינדער, האט דער פאטריארך געמוזט זיין זיכער, אז זיי זיינען ווירקליך זיינע, און דארום האט ער געזוכט אלץ מעהר צו צובינדען צו זיך זיינע פרויען דורך שטרענגע הייראטס־פארמען, וויא מיר האבען עס שוין געזעהען. אונטער דעם פאטריארכאט האט מען איבערהויפט גענומען איינפיהרען מעהר ארד־נונג ניט נאר אין דיא פאמיליען־פערהעלטניסע, זאנדערן אויך אין דעם געשלעכטליכען פערקעהר. דיא לעצטע שפורען פון בלוטשאנ־דע זיינען אבגעשאפט געווארן, און פאליאנדריע איז אויך אונטער־דריקט געווארן. דיא הערשענדע מענער האבען אלץ מעהר אנגע־פאנגען צו פערלאנגען פון דיא פרויען טרייהייט און מאראלישע אויפפיהרונג און האבען דערצו ניט זעלטען אנגעווענדעט דיא שטרענג־סטע און גרויזאמסטע מיטעל. דיא יאהר־טויזענדע אלטע מנהגים פון מאטריארכאט האט מען נאטירליך ניט געקענט אפשאפען אין א קורצע צייט, און וויא מיר ווייסען עס שוין, האבען דיא פרויען לאנג און ביטער געקעמפפט פיר זייער פרייהייט וויינינגסטענס אין זייערע ליעבע־אנגעלעגענהייטען; אבער דיא מענער האבען ביסלעכווייז איינפאך פערשקלאווט זייערע פרויען און טעכטער.

אום נאך צו פערשטארקען זיין פיזישע און עקאנאמישע מאכט איבער דיא פרויען, האט דער פאטריארך זיך אויך בענוצט מיט דיא רעליגיאן, אום צו פערהייליגען הייראטהען. אין דיא קאפיטלעך אי־בער רעליגיאנען וועלען מיר זעהען, וויא דיא פאטערס האבען אויך ביסלעכווייז פערנומען דיא ערטער פון דיא מוטערס ביי דיא רעליגי־עזע צערעמאניעס, און א פאטריארך איז אויך צוגלייך געווארן דער גייסטליכער פון זיין פאמיליע. ער האט עס אויפגעפאסט, אז מען זאל פערעהרען דיא גייסטער פון דיא פערשטארבענע און ער האט עס געבראכט דיא קרבנות צום גרינדער פון דער פאמיליע און צו אלע געטער. נאך דיא געזינונגען פון דיא מענשען אונטער פאטריאר־כאלישע פיהרונגען, האבען דאס הויז און דער גאנצער פערמעגען פון יעדער פאמיליע געהערט צום אורפאטער, וועמעס גייסט איז בע־

טראַכטעט געוועזן אַלס דער וויכטיגסטער בעשיצער פון דיא גאַנצע פאַמיליע. דיזער גייסט האט אויך געהאט זיין בעשטימטען אָרט אין הויז, נעמליך: דאָרט, וואו דער אורפאָטער איז בעגראָבען געוואָרן; און אזוי וויא דיא בעגרעבונגען זיינען אָנפאַנגס מייסטענס געמאַכט געוואָרן אונטער דעם פייער־פּלאַץ, זאָ איז דיזער אָרט שוין דעריבער געוועזן דער מקום קדש, און דאָרטען פלעגט מען עס פּראַווען אַלע רעליגיעזע צערעמאָניעס. אזוי וויא דיא כלה׳ס האבען וויינינגסטענס געהערט צו אַנדערע פאַמיליעס מיט אַנדערע גייסטער און הויז־געטער, זאָ האט מען זיי אָנגעפאַנגען צו צובינדען צו דיא פאַמיליעס פון דיא מענער דורך רעליגיעזע צערעמאָניעס אַרום דעם פייער־פּלאַץ. אויף דיזער ווייזע איז דיא חתונה אויך אַנערקענט געוואָרן פון דעם מאַן׳ס פאַמיליען־גייסט, און דיא פרוי האט שוין דאַן אויך געהערט צום מאַן אין נאָמען פון דיא געטער. דאַרום האט מען שוין אָנגעפאַנגען צו בעטראַכטען, דאס א פרוי זינדיגט געגען גאָט, ווען זיא זינדיגט געגען איהר מאַן.

דיא צערעמאָניע פון אויפנעהמען דיא כלה אין דעם מאַן׳ס פאַמיליע האט נאַטירליך געפּראַוועט דער פּאַטריאַרך, אַלס דער פערטרעטער פון דעם פערשטאָרבענעם אורפאָטער׳ס גייסט אונטער דיא לעבעדיגע, און דיזע צערעמאָניע איז צוערשט בעשטאַנען אין א׳ן איינפאַכע ארומפיהרונג פון דער כלה אַרום דעם פייער־פּלאַץ. און דיזע צערעמאָניע איז נאך אין פיעלע ערטער פערבליבען, ווען דיא פייער־פּלעצער זיינען שוין לאַנג אומגעביטען געוואָרן אויף אויוועגס. דער אויווען איז פערבליבען אַלס דער מקום קדש, און אפילו אין וועסטפאַליען (א דייטשע פּראָווינץ) און אין דיא געגענדען ביי דיא פירענעער בערג פלעגט מען „פיהרען דיא כלה ארום אויווען״. אין אייניגע ערטער פון בעהמען פיהרט מען נאך יעצט צו דיא כלה צום אויווען. מיט דער צייט האט מען אין פיעלע ערטער געענדערט אויף פערשיעדענע ארטען דיזע אורשפּרינגליכע איינפיהרונג פון דער כלה אין דעם מאַן׳ס הויז, ווען מען האט שוין פערגעסען איהר ער־שטע און נאַטירליכע בעדייטונג, און דאַרום פלעגט מען אין מאַנכע סלאַווישע לענדער נאך גאָר ניט לאַנג צוריק פיהרען דיא כלה איינ־

פאַך אַרום אַ פייער. דערביי פלעגט נאָך דיא כלה זיך דאַרפען בוקען ביי אַלע פיער ווינקלעך פון צימער, שטייענדיג מיט'ן פּנים צום פייער, און קושען דיא דרייפיסעל, אויף וועלכע מען פלעגט שטעלען דעם הויז־קעסעל. אין אַ'ן אַנדער אָרט דאַרף זיך דיא כלה אָנריהרען אָן אַ נאָגעל, וואָס ווערט אַריינגעשלאָגען אין דעם קוימען, ד. ה. אַלזאָ איבער דעם פייערפּלאַץ.

אַזעלכע קוריעזע מנהגים האָט מען אין אונזערע צייטען געוויינליך ערקלערט דערמיט, וואָס דיא פרוי דאַרף זיין אַ בעל הבית'טע און קאָכען דעם טעפּעל. און אַזוי וויא אין מאַנכע ערטער איז אויך איינגעפיהרט געוועזן, אַז דיא כלה דאַרף מישען מיט אַ קאָכלעפעל אין אַלע טעפּלעך, האָט אַזאַ ערקלערונג געשיינט צו האָבען אַ ריכטיגען גרונד. אָבער ווען מען שטודירט דיא קולטור־געשיכטע, קען מען שוין אַזעלכע ערקלערונגען ניט אָננעהמען. מען זעהט דאָן איין, אַז דעם ריכטיגען זינען פון אַזעלכע מנהגים האָט מען שוין לאַנג פערלאָרען, ווען דיא לעבענס־אומשטענדען האָבען זיך געענדערט.

פון דעם אויבענגעזאָגטען ווייסען מיר שוין, דאָס אַזוי גוט וויא דיא מענער האָבען דאָס פאַנגען, קויפען אָדער בייטען פון פרויען איינגעפיהרט אַלס זייער אַ רעכט, אַזוי גוט האָבען זיי אויך געוואָלט קריגען אַ חזקה אויף זייערע פרויען דורך אַ געטליכע ׂמאַכט. ווען מען וואָלט נאָך געקענט צווייפלען אין דיא פאַקטען און נאָכפאָרשונגען וועגען דעם פּונקט, וואָלט געגוג געוועזן צו נעהמען אין אַנבעטראַכט, אַז ווען אַ פּאַטריאַרך פלעגט אויפנעהמען אין זיין הויז אַ נייעם שקלאַוו, פלעגט מען דעם שקלאַוו אויך פיהרען אַרום פייער־פּלאַץ און דערביי פלעגט מען איהם אויסרעכענען זיינע פּפליכטען. דאָ איז אַלזאָ גאַנץ קלאָר, אַז דיא צערעמאָניע האָט בעדייטעט אַ חזקה אין נאָמען פון דיא הויז־געטער. דער שקלאַוו האָט שוין געהערט ניט נאָר צו זיין לעבעדיגען בעל־הבית, נאָר אויך צום גייסט פון דעם אורפאַטער, צו וועמען דאָס גאַנצע הויזגעזינט האָט געהערט. מיט אַזעלכע צערעמאָניעס האָט דער פּאַטריאַרך ניט נאָר אָפּגעגעבען כבוד זיינע געטער, נאָר אויך געגלויבט, אַז דיזע געטער וועלען שוין בעשטראָפען דיא אונגעהאָרכזאַמע פרויען און

שקלאַווען. און דאס אַבערגלויבען איז דאַן געווען אזוי גרויס און שטאַרק, דאס דיא פרויען און שקלאַווען האבען זיך טאַקע געשראָ־קען פאַר דעם כעס פון דעם בעל הבית'ס געטער און האבען מיי־סטענס געדולדיג געטראָגען זייער יאָך.

דיא אַרט און ווייזע, וויא אזוי דער פאַטריאַרך פלעגט זיך ערווערבען פרויען און שקלאַווען, איז געווען גאַנץ גלייך פאַר איהם — דיא פאָרמען האבען זיך געביטען מיט דער צייט און לויט אומ־שטענדען; זאָ, צום ביישפּיעל, איז נדן יעצט א פערשטעלטע פאָרמע פון קויפען פרויען — אלעס וועגען וואס ער האט געזאָרגט, איז גע־ווען, אז זיי זאָלען טאַקע פערבלייבען זיין איינענטהום. זיין בעגריף וועגען איינענטהום אויף זיינע קינדער האט ער איינענטליך אָנגענו־מען, ווייל ער איז געווען דער איינענטהימער פון זייער מוטער.

שפּעטער, ווען עס האט זיך אָנגעהייבען צו ענטוויקלען א בע־זונדערער קלאַס פון מכשפים און עין־הרע־אָפּשפּרעכער — דיא ער־שטע גייסטליכע — האט מען זיי אויך גענומען איבערגעבען דיא צע־רעמאָניעס ביי חתונות, און זיי האבען דאס אויסגענוצט, אום נאָך מעהר צו פערשקלאַווען דיא פרויען. מען האט אויסגעטראַכט אלין מעהר צערעמאָניעס, אום דיא ווייבער איינצושרעקען, אז זיי זאָלען בלייבען טריי זייערע מענער, וואס דיא מענער זאָלען ניט טאָן מיט זיי און וויא פיעל ווייבער און קעפּס־ווייבער דיא מענער זאָלען ניט האבען. אין מאַנכע ערטער האט מען זאָגאַר אויסגעטראַכט ספּע־ציעלע געטער, וואס האבען נאָר צו בעשטראָפען אונטרייע ווייבער. אין אונזער צייט איז בעזאָנדערס בעריהמט געוואָרן דער גאָט לעמ־באַ, וועלכער איז צוערשט איינגעפיהרט געוואָרן אין דער אפריקאַ־נער געגענד מאַגומבאַ און האט שנעל געפונען גרויסע צאָהלען אָנ־היינגער אין וועסט־אפריקא, ווייל דורך איהם איז ווירקליך געלונגען ארויפצוזאָגען א שרעק אויף אלע נעגערקעס. דיא גייסטליכע פון דיזען פרויענפערסעגענדען גאָט הייסען גאַנגאַ. ווען איינער וויל זיין פערזיכערט מיט דיא טרייהייט פון זיין פרוי, ווענדעט ער זיך צו דיזע גייסטליכע, און זיי פערלאַנגען פון איהם צוערשט, אז ער זאָל אויסבויען א הייזעל פאַר דעם אבגאָט לעמבאַ. דיא פרוי ווערט נאָכ־

הער איבערגעגעבען אונטער דער השגחה פון לעמבא׳ס גייסט, וועלכער שוועבט אין שטיבעל, און זיא מוז איהר גאנצען לעבען אפּהיטען געוויסע צערעמאָניעס צו זיין עהרע. זיא מוז אויך טראָגען אויף זיך א געוויסע קאמייע, גענאנט מ י ל אָ נ ג אָ, וואס דער גייסטליכער גיט איהר אין נאָמען פון לעמבא. דער מאן טראָגט אויך א קאמייע פון לעמבא. געוויינליך זיינען דיזע קאמייעס קופּערנע רינגען. ווען א פרוי נעהמט אָן חתונה צו האָבען נאך דיא געזעצע פון לעמבא, מוז זיא אויך זיך מודה זיין פאר דער חתונה אין אלע איהרע חטאים מיידעלוויז, זאָנסט וועט זיא שטרענג בעשטראָפט ווערן פון לעמבא, פאר וועלכען זיא ציטערט טאקע אין אמת׳ן. און זיי מעגען טאקע ציטערן, דען דיא לעמבא־מענער שטיצען איינער דעם אנדערן און בעשטראָפען דיא פרויען אויף דיא גרויזאמסטע ארט ביי דעם מינדעסטען חשד אין אונטרייהייט. דיא מענער ווערן אויף דיזער וויזע פערזיכערט מיט דיא טרייהייט פון זייערע פרויען; אבער דיא גאנגאס לאָזען זיך דערפאר זעהר פיין בעצאָהלען. לעמבא, זאָגען זיי, פערלאנגט א סך פאר זיין געפעליגקייט. נאר טראָץ דיזע קאָסטען זוכען דיא נעגערן זיך נאר צו פערבינדען מיט זייערע פרויען אונטער דער אויפפאסונג פון לעמבא, און אזעלכע חתונות פערברייטען זיך אלץ ווייטער און ווייטער אין אפריקא. אזעלכע חתונות ווערן אויך גערעכענט פאר א׳ן עהרע, וואס עס איז פערשטענדליך, דען מען דארף דערצו אויך האבען א פערמעגען צו בעפרידיגען דיא גאנגאס, און דיא גליקליכע מענער, וואס האבען זיך ערוואָרבען פאר געלט דיא געטליכע השגחה פון לעמבא, בילדען עפּעס א מין אָרדען.

אין אנדערע ערטער עקזיסטירען אויך געטער און פעראיינען פון מענער געגען דיא אונטרייהייט פון פרויען וויא אויך געגען דיא אונגעהאָרכזאמקייט פון שקלאווען. אין מזרח־זייט פון אפריקא, ביי דעם שטאם וואניקא, ווערט געגלויבט אין א גייסט, וואָס טראָגט דעם נאָמען מ ו א נ ז א און וואס לאָזט זיך אראָפּ אויף דער ערד, אום צו האלטען דיא פרויען און שקלאווען אין אָרדנונג און געהאָרכזאמקייט דורך ארויפיאָגען אויף זיי א שרעק. זיין אָנקומען לאָזט ער וויסען דורך א פערטויבענדען גערויש, און וויא מען דערהערט

עס נאר, דארפען אלע, וואס זיינען ניט איינגעוויהנט אין זיינע געהיימניסע, אנטלויפען און זיך בעהאלטען. עס פערשטייט זיך, אז דיא גייסטליכע מאכען אליין דיזען ווילדען געפילדער, אבער אלע און בעזאנדערס דיא פרויען ווערן צוציטערט. דיזער אפשרעקענדער מואנזא ווערט אויך בענוצט, אום אין אלגעמיינען איינצוהאלטען ארדנונג און דער עולם זאל פאלגען נייע בעשליסע. דיא מענער, וואס געהערן צו דעם מואנזא־פעראיין, טוען אויף זיך אן שרעקליכע מאסקעס פון צייט צו צייט און בעפאלען און מערדערן אונערבארמליך ווען זיי טרעפען נאר אויף זייער וועג, אום פשוט צו צייגען זייער מאכט. זייער ארגאניזאציאן, וויא אויך דיא ארגאניזאציאן פון לעמבא אויף דעם אנדערן עק אפריקא, זיינען געהיימע.

און אז אזעלכע געהיימע מענער־פעראיינען איינצושרעקען פרויען, זיי זאלען זיין טריי און געהארכזאם, האבען אויך עקזיסטירט אין פיעלע ערטער, אויסער אפריקא, וועלען מיר דא נאר ברייננגען דעם פאקט, דאס נאך אין פאריגען יאהר־הונדערט האט אין וועסטדייטשלאנד עקזיסטירט א מין מואנזא אונטער דעם נאמען דיערינען. איינער פלעגט אנטאן א שרעקליכע מאסקע, וואס האט געהייסען „בונגו“, און דיא אנדערע מענער, וועלכע פלעגען איהם בעגלייטען, פלעגען זיך איבערטאן, אז מען זאל זיי וואס וויניגער דערקענען און אז זיי זאלען אויסזעהען וואס שרעקליכער. זיי פלעגען פויקען און אנמאכען א פערטויבענדען גערויש מיט אנדערע אינסטרומענטען אויף זייער וועג צו א הויז, וואו א זינדיגע נשמה פלעגט זיך געפינען. מיט א ווילדען ליארעם פלעגט זיך דיזע איינשרעקענדע מענגע אריינכאפען אין אזא הויז און, ווען דאס איז נאר מעגליך געווען, ארויסשלעפען דיא שולדיגע און זיי צווינגען, אזוי וויא לעמבא׳ס אדער מואנזא׳ס שווארצע קאוואליערען, צו בעקענען זיך אין זייערע עבירות. נאכהער פלעגט מען זיי בעשטראפען, ניט זעלטען זעהר גרויזאם. דער אונטערשיעד צווישען דיא אפריקאנער און אויראפעאישע בעשטראפערס פאר אונטרייהייט איז אבער געווען, דאס אין אויראפא פלעגט מען אויך ניט שאנעווען זינדיגע מענער. דאס איז געווען א מין לינטש־געריכט צו פערהיטען געגען עבירות אין גע־

שלעכטליכע בעציהונגען. און אזעלכע מענער־פעראיינען און פאָלקס־געריכטען עקזיסטירען נאך געוויסערמאסען היינט צו טאָג אין באיערן אונטער דעם נאָמען „האבערפעלדטרייבען“ און אין דיא פעראייניגטע שטאאטען אונטער דעם נאָמען „הווייט קעפּס“ (ווייסע מיצקעס). דיזע אלע פעראיינען זיינען געוועזן און פערבלייבען אויך זעהר געהיימע אָרגאניזאציאָנען.

אין אלגעמיינען האבען דיא הערשענדע מענער גענומען איינפיהרען אלץ שווערערע שטראָפען פיר דיא אונטרייהייט פון פערהייראטעטע פרויען. אבער דאס איז ניט געקומען אויס דעם מאָראלישען געפיהל, וועלכער בעזעעלט אונז יעצט, נאר איינפאך אויס דיא בעגריפע פון פריוואט־אייגענטהום אויף פרויען. וואס אנבעלאנגט צו מיידלעך, האבען זיי נאך אָנגעהאלטען זייער ליעבע־פרייהייט א לאנגע צייט נאָכדעם, וויא פערהייראטעטע פרויען זיינען שוין איינפאך געמערדערט געוואָרן פאר אונטרייהייט.

ביי דיא מאלאגאשען (א שטאם אין מאדאגאסקאר) איז דער געשלעכטליכער פערקעהר גאנץ פריי, אבער א מאן, וואס לעבט מיט א פרעמדע פערהייראטעטע פרוי ווערט בעשטראָפט גראדע וויא א גנב דורך אָפּהאקען א האנד. דאָ איז קלאָר, אז דיא פערהייראטעטע פרוי ווערט בעטראכטעט, וויא א פריוואט־אייגענטהום, און דער מאן, וואס בענוצט זיך מיט איהר קערפּער, ווערט גענליכען צו א׳ן איינפאכען גנב. אויף דעם אינזעל פערנאנדאָ־פּאָ האקט מען נאך אָפּ אין אזא פאל דיא האנד ביי דער זינדיגער פרוי אויך, און ווען מען כאפּט וויעדער דיא זעלבע פּאָר ביי א׳ן עבירה, טרייבט מען זיי שוין ארויס פון גאנצען שטאם, וואס עס ווערט גערעכענט אין ווילדען צושטאנד פאר דיא שווערסטע און גרעסטע שטראָף, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהען.

ביי אייניגע מאלאיער פעלקער איז געוועזן איינגעפיהרט, אז קיין פרעמדער מאן טאָר זיך ניט צוריהרען צו א פערהייראטעטע פרוי. און דיזער מנהג איז אזוי שטרענג אויסגעפיהרט געוואָרן, אז ווען עס פלעגט טרעפען, דאס א פערהייראטעטע פרוי פלעגט ארייננפאלען אין וואסער, פלעגט איהר קיינער ניט גיין רעטען אויסער איהרע פערוואנדטע.

# זיעבּעטער קאַפּיטעל.

## דיא ווירקונגען פון פּאַטריארכאַט אין פאַמיליען־לעבען.

דיא לאַגע פון מיידלעך בּיי דיא איינפיהרונג פון פּאָטער־רעכט. — דיא „הייזער פון געפּאַרבּטע“ און אָפּגעבּונגען פון בּתולות צו מענער פּאַר דער חתונה. — אויפּאָפּפערונגען פון בּתולות צו געטינבּען פון ליעבּע. — טעמפּלען פיר מיידלעך פּאַר דער חתונה אין בּבל. — עשתרות בּיי דיא פיניקיער און סוכות־בּנות בּיי אידען. — סמנים פון מיידלעך־אויפּאָפּפערונג פאר דער חתונה בּיי אוויראָפּעאישע פעלקער. — פערקריפּלונגען פון פרויען צוליעבּ טרייהייט צו דיא מענער. — האָאָר־אָפּשנײַדונגען און קאָפּ־צודעקען בּיי פערהייראַטעטע פרויען. — בּעשרענקונגען פון גאולת הדם און פון דיא ערמאָרדונגען פון אַלטע און קינדער. — אויפּאָפּפערונגען און ערלייזונגען פון בּכורים. — צייכענס דער־פון בּיי קולטור־פעלקער.

ווען דיא פּאַטריארכען האבען שוין פערשקלאַוט זייערע פרויען און זיך מעהר אדער וויינינער פערזיכערט מיט זייער טרייהייט, האָבּען זיי אויך גענומען אלין מעהר אויפּפּאַסען אויף דיא אויפפיהרונג פון זייערע טעכטער ביז דער חתונה. דאָ זיינען אבער דיא מנהגים און זיטען געווען גאַנץ פערשיעדען: וועהרענד אין פיעלע לענדער פלעד־גען מיידלעך זיין פריי פיר יעדען מאַן פאר א געוויסען געשאַנק און

עס האבען עקזיסטירט בעזונדערע טעמפלען, וועלכע זיינען געווען איינפאכע פראסטיטוציאנס־פלעצער, האט מען אין אנדערע ערטער אנגעפאנגען חתונה צו מאכען נאך גאנץ יונגע מיידלעך, אום זיי זאלען אין גאנצען פערלירען דיא לעצטע שפורען פון דער פרייהייט, וועלכע זיי האבען געהאט אונטער מוטער־רעכט.

דיא פאטערס האבען לאנג געהאט צו קעמפפען מיט זייער שטאם וועגען דעם רעכט אויף מיידלעך. וויא מיר האבען עס געזעהען, האט יעדע פרוי אונטער מאטריארכאלישע פיהרונגען געהערט צו איהר שטאם, און נאכדעם, ווען פאטער־רעכט האט זיך גענומען איינוואָרצלען, איז עס נאך לאנג פערבליבען, אז מיידלעך מוזען געהערן צו דיא מאנספערזאנען פון זייער שטאם איידער זיי ווערן דאס פריוואט־איינענטהום פון זייערע מענער. דערמיט ערקלערן זיך פיעלע זעהר מערקווירדיגע מנהגים ביי פערשיעדענע פעלקער, וועלכע האבען גע־לעבט גאנץ אפגעזונדערט איינע פון דיא אנדערע.

אין וועסט־אפריקא איז נאך אין קראפט דיא איינפיהרונג, אז איידער א מיידעל גייט חתונה האבען, מוז זיא זיך אפגעבען צו יע־דען מאנספערזאן פון איהר שטאם. צו דעם צוועק בויט מען בעזונ־דערע הייזער, וואס טראגען פערשיעדענע נעמען ביי פערשיעדענע פעלקער און וואס ווערן אין דער קולטור־געשיכטע מייסטענס בעצייי־כענט מיט דיא ווערטער „קאזאס דאס טינטאס“ (דיא הייזער פון געפארבטע). ווען א מיידעל ווערט א כלה אדער ווען איהרע על־טערן בעשליסען, אז עס איז צייט איהר חתונה צו מאכען, פיהרט מען איהר אוועק אין אזא הויז, וואו זיא פערבלייבט ביז דער חתונה און גיט זיך אפ צו יעדען מאן, וואס וויל מיט איהר האבען א פערקעהר. דיזע הייזער בלייבען אימער אפען, און דיא מיידלעך ווערן אהין ארייגעפיהרט פון טאנצענדע און זינגענדע פרויען. דער פער־קעהר מיט מענער געשעהט אבער אויסערהאלב דיא „הייזער פון דיא געפארבטע“. דיא מיידלער האבען קיין רעכט אפצוזאגען א מאן, ווען ער ברייגגט זיי נאר געשאנקען. יעדען טאג קומט אין אזא הויז א׳ן אלטע פרוי, וועלכע פארבט דיא מיידלעך און גיט זיי עצות, וויא צו צוציהען דיא מענער. א מיידעל קען דארטען פערבליי־

בען מאַנאַטען־לאַנג; אבער געוויינליך זוכט מען איהר וואס שנעלער ארויסצופטר'ן דורך א חתונה. פרויען זינגען ביי דער טהיר פון א „הויז פון געפאַרבטע“ א חתונה־ליעד, וואס עס גיט אָנצוהערענעס דיא פאַרבייגעהער, אז א מיידעל דאַרף האבען א מאַן. אפילו דיא טעכטער פון גאַנץ רייכע און פון אָנפיהרער אדער קעניגע ווערן אָפּגעפיהרט אין אזעלכע הייזער, ווען מען קען זיי פריהער ניט קריי־גען א פּאַסענדען חתן. דער מאַן, וואס וויל זיי האבען, דאַרף דער־פאַר ברייננען א טייערערן געשאַנק, וואס עס צייגט, אז מען טוט עס אלס א מסחר. ווען א מיידעל קען נאך אלעמען ניט קריגען א פרייען חתן, מאַכט מען איהר חתונה מיט א שקלאַוו, ווען זיא איז אפילו דיא טאָכטער פון א קעניג.

ביי דיא אַלטע עטהיאָפּען אין אָסט־אַפריקאַ און מצרים איז אויך געווען אזא מנהג, נאר דיא צייט איז בעשרענקט געווען מיט דער נאַכט פאר דער חתונה. און וואס מעהר א מיידעל פלעגט אין דיזער נאַכט קריגען געשאַנקען פון מענער, אלץ מעהר האט זיא זיך בעריהמט דערמיט. וויא עס שיינט, זיינען ביי דיא אַלטע עגיפּ־טער אויך געווען אזעלכע איינפיהרונגען. • ביי דיא אינדיאַנער פון ניקאַראַגואַ פלעגען דיא מיידלעך זיך פערדיענען דורך פרייע ליעבע א געוויסען פערמעגען, אום נאכהער צו זיין „מעהר אונאַבהייניגיג“ פון דעם מאַן. דיא אַלטע גריכישע רייזענדע דערציילען פון עהנליכע מנהגים, וועלכע זיי האבען אליין געזעהען אין עגיפּטען און אין מאַנ־כע אוויראָפּעאישע ערטער. זאָ האט אויף דיא באַלעאַר אינזלען עקזיסטירט א מנהג, אז דיא כלה פלעגט זיך פריהער מוזען אָפּגע־בען צו דיא געסט, צוערשט צו דיא עלטערע, נאכהער צו דיא אינ־גערע, זאָ דאס דער חתן, אלס דער אינגסטער, פלעגט איהר בע־קומען צולעצט.

הערָאדאָטוס דערציילט פון דיא ליקיער, וועלכע האבען נאך אין זיין צייט געלעבט אונטער מוטער־רעכט, וויא מיר וויסען עס שוין, אז פאר דער חתונה פלעגען אלעזייערע מיידלעך זיין פּראָסטיטוטקעס אזוי לאַנג ביז זיי פלעגען זיך דערמיט פערדיענען אויף נדן... סטראַ־באָן דערציילט, אז ביי א געוויסען אינדוסען־שטאַם האט עקזיסטירט

אזא מנהג, וועלכער האט איהם ניט וויניג פערוואונדערט: דער פּאַטער פלעגט ארויספיהרען זיינע דערוואַקסענע טעכטער אויפ'ן מארק, פלעגט זיי הייסען טאַנצען און שפּרינגען, אז מענער זאָלען צוגעצויגען ווערן, און נאכהער פלעגט ער זיי אָפּגעבען צו דעם יעני־גען, וועלכער פלעגט איהם פאָרשלאָגען דעם גרעסטען פּרייז. אויף א'ן עהנליכען שטייגער פלעגט מען חתונה מאַכען מיידלעך ביי דיא אלטע אסיריער.

רעליגיעזע צערעמאָניעס זיינען מיט דער צייט אויך פערבונדען געוואָרן מיט דיזע מנהגים, וויא מיט חתונות איבערהויפּט. דיא ער־שטע גייסטליכע, וועלכע האבען געזוכט צו בענוצען זיך מיט דיא שטרעבונגען פון דיא פּאַטריארכען צו זיין פערזיכערט מיט דיא טריי־הייט פון זייערע גערויבטע אדער געקויפטע פרויען, האבען אויך גע־נומען מאַכען זיך איין איינקונפטס־קוועלע פון דיא אוראַלטע פרייע ליעבע פון דיא מיידלעך. דיא „הייזער פון געפּאַרבטע" זיינען דאַרום בּיסלעכווייז אומגעוואַנדעלט געוואָרן אין טעמפּלען פון געוויסע געטי־נען. דיא מיידלעך האבען שוין געדיענט דיא געטינען, פּראָסטיטור־אירענדיג זיך, און דיא פּריסטער האבען זיך צוגענומען דיא געשאַנ־קען. דער בעריהמטעסטער פון דיזע טעמפּלען, וועלכע זיינען אייגענט־ליך געווען פּראָסטיטוציאָנס־הייזער, האט זיך געפונען אין בבל. דאָרט איז געווען איינגעפיהרט, אז יעדע מיידעל, וואס איז שוין געוואָרן צייטיג, פלעגט אָפּגעשיקט ווערן אין טעמפּעל מיט א קראַנץ פון לענטעס אויפ'ן קאָפּ אין דער בעגלייטונג פון פערוואַנדטע און פריינד. דאָרט האט זיא זיך געמוזט אָפּגעבען צו דעם ערשטען מאַן, וועלכער פלעגט צוקומען צו איהר און איהר אריינוואַרפען אין שויס געלט. דאס פלעגט פאַרקומען פאר דער חתונה פון דער מיידעל. דיא פּריסטער פלעגען צונעהמען דאס געלט „פיר דיא געטין" אלס א'ן אָפּפער. עס איז בעוואוסט, אז פיעלע מעהר ענטוויקעלטע איינ־וואָהנער פון בבל האבען פּראָטעסטירט און געקעמפּפט געגען דיזען אלטען באַרבאַרישען מנהג; אבער זיי האבען וויניג וואס אויסגעפיהרט. דיא מיידלעך פלעגען מוזען בלייבען אזוי לאַנג אין טעמפּעל ביז עס האט זיך געפונען א בעלן אויף זיי און א געשאַנק־געבער פאר דיא

פריסטער. זעהר מיאוסע און פערקריפעלטע מיידלעך פלעגען אזוי אָפּזיצען יאָהרען־ווייז. ווען א בתולה פלעגט זיך שוין אויפאָפּפערן צו דער געטין, פלעגט זיא זיך גלייך אומקעהרען אהיים און פלעגט שוין קיין פערקעהר האבען מיט מענער פאר געלט. דיא טעכטער פון אָרימע עלטערן פלעגען זיך אָפּגעבען צו מענער אין דער „הייליגער אַלעע“ פון טעמפעל, און דיא טעכטער פון דיא רייכע פלעגען געבראַכט ווערן אין פערמאַכטע קאַראָטען און זיך אויפאָפּפערן אין טעמפעל גופא.

עהנליכע איינפיהרונגען זיינען געווען, נאך דיא מעלדונגען פון הערָאדאָטוס, ביי דיא איינוואָהנער פון אשור, אויף דעם אינזעל ציפּרוס און ביי דיא ווענעטען, וועלכע האבען אמאָל געלעבט אין צענטראַל־אוירָאפּאַ. גרינדליכע נאכפאָרשונגען האבען בעוויזען, אז עס איז כמעט ניטאָ אזא פאָלק, וואס פלעגט ניט „אָפּגעבען כלה׳ס צו דיא געטינען“ איידער זיי פלעגען חתונה האבען. איבערהויפּט האט אזא מנהג עקזיסטירט ביי אלע פעלקער אין דער איבערגאַנגס־צייט פון מאַטריאַרכאַט צו פּאַטריאַרכאַט.

זאָגאַר ביי דיא ביבלישע אידען האט מען אויך אזוי געאָפּפערט מיידלעך צו דיא געטינען אין טעמפּלען. ביי זייערע שכנים, דיא פיניקיער, האט אזא געטין געהייסען אַסטאַרטע, און אין דער ביבעל ווערט זיא דערמאָנט אונטער דעם נאָמען עשתרות. נאך אין דיא צייטען פון מלכות רומא איז געשטאַנען איהרער א בעריהמטער טעמפעל, וואו עס האט געהערשט דיא בעסטיאַלישסטע אויסגעלאַסענהייט. שלמה המלך׳ס ווייבער האבען אריינגעבראַכט דיזע עבודה זרה אין ארץ ישראל. בעזאָנדערס האבען זיך פרויען געבוקט צו דיזע עשתרות אין דער צייט, ווען איזבל איז געוואָרן אהאב׳ס פרוי. אַסטאַרטע׳ס אָפּשטאַמונג איז הפנים פון מצרים, נאר פערבליבען איז זיא אין פערעהרונג מייסטענס ביי דיא כנענים און סיריאַנער נאך אין דיא צייטען פון דער רוימישער אימפּעריע. אויך ביי דיא פעלקער, וועלכע דיא אידען האבען בעזיעגט, האט מען געדיענט אזעלכע געטינען, און שפּעטער האבען נאך אסיריער און באַבילאָנער איינגעפיהרט זייערע „אויפאָפּפערונגען פון בתולות“. דיא אידען האָ־

בען זיך דאָן שטארק בעקלאָגט, וואס דיא לייטע פון בבל האבען אויפגעבויט הייזלעך פאר טעכטער (אנשי בבל עשו את סכות בנות. מלכים ב׳, יז, ל׳), און אין דער ביבעל איז ספּעציעל פערבאָטען צו נעהמען געלט פיר גאָט׳ס טעמפּעל פון זונות (לא תביא אתנן זונה ומחיר כלב בית יהוה אלהיך. דברים, כג. יט).

מאַנכע אַלטע מנהגים ביי דיא גערמאַנען און סלאַווען, דאַרונטער אויך דיא איינפיהרונג פון „מאָרגענגאַבע" אדער דער געשאַנק, וואס דער חתן פלעגט געבען דער כלה באַלד נאך דער ערשטער נאַכט — צייגען אָן קלאָר אויף דיא צייטען, ווען מיידלעך פלעגען פאר דער חתונה בעהאַנדעלט ווערן אונגעפעהר אויף אזא שטייגער, וויא אין בבל. ביי דיא סלאַווען אין זיד־רוסלאַנד איז נאך פערבליבען א מנהג, אז דער „קום (אונטערפיהרער)" לייגט זיך דיא ערשטע נאַכט אין איין בעט מיט דעם חתן און כלה. ער ליגט נאר צווישען זיי א קורצע צייט און פערטרעט דערמיט אלע געסט. ער גיט אויך דעם גרע־סטען געשאַנק דער כלה. ביי דיא זעלבע סלאַווען עקזיסטירט נאך א חתונה־צערעמאָניע, וועלכע צייגט, וויא אזוי אַלטע מנהגים קריגען נייע פאָרמען און פערלירען אין גאַנצען דעם פריהערן זינען און צוועק. דאָרט איז נעמליך איינגעפיהרט, אז דיא כלה דארף גאַנץ פריה נאך דער ערשטער נאַכט ארויסגיין מיט א קרוג וואַסער און א האַנד־טוך און בעגיסען דיא הענד פון יעדען גאַסט, וועלכער וואַרפט איהר דערפאַר אריין אין קרוג א מטבעה. און וואס פרייער זיא האַלט זיך מיט דיא געסט און שטיפט מיט זיי, אַלץ מעהר ווערט זיא געשעצט פון דיא געסט. אַנדערע העלפען איהר אונטער צו קריגען אויף דיזע וויזע וואס מעהר געלט.

מיר קענען זיך דאָ ניט אָפּשטעלען אויף ווייטערע איינצעל־הייטען וועגען דיזע זעהר אויפפאַלענדע מנהגים. פון דעם געזאָגטען איז יעדענפאַלס קלאָר, אז דיא פאַטריאַרכען האבען געהאַט צו פיה־רען א זעהר לאַנגען קאַמפּף, אום אויך אָנצוהאַלטען דיא ריינהייט פון דיא בתולות און איבערהויפּט איינצוהאַלטען זייערע טעכטער אין שטרענגע גרענעצען, אז זיי זאָלען נאר האבען פערקעהר מיט זייערע געזעצליכע מענער לויט דעם ווילען פון דיא פאַטערס. דיא פערהיי־

ראטעטע פרויען האט מען אבער אונטער פאטריארכאלישע פיהרונ־גען אזוי פערקשלאוות, אז אין מאנכע ערטער האבען זיי געמוזט זיך אליין מיאוס מאכען גלייך נאך דער חתונה. זעהר קוריעז איז דער מיטעל, וואס ווערט געברויכט אין יאפאן, אום צו פערהיטען פער־הייראטעטע פרויען פון יוצר הרע. דיא כלה בעפרייט זיך פון איהרע ברעמען און פארבט זיך אפ דיא ציינער שווארץ. דאס מאכט איהר אזוי העסליך, אז איהר מאן איז שוין פערזיכערט, דאס קיין פרעמד־דער וועט זיך צו איהר ניט שדכנ׳ען. דערפאר אבער פערלירט ער אליין דעם חשק צו איהר און ער לעבט זיך גאנץ פריי מיט געל־ליעבטע. אויף אזא אופן האט דער מאן קיין פורכט פאר דיא אונ־טרייהייט פון זיין געזעצליכע פרוי, וועלכע ער ליעבט אליין ניט און פון וועלכער ער פערלאנגט אויך ניט קיין ליעבע. ער בענוצט זיך נאר מיט זיין אייגענטהומס־רעכט אויף איהר.

דעם זעלבען צוועק האבען אויך געהאט דיא אפשערונגען פון האר ביי פערהייראטעטע פרויען. דערמיט האט מען זיי נאר גע־זוכט מיאוס׳ער צו מאכען אין דיא אויגען פון פרעמדע מענער, זא דאס דער יוצר הרע זאל וויניגער שליטה האבען. ביי אידען איז נאך פערבליבען דער בארבארישער מנהג אפצושערען דיא האר ביי מיידלעך גלייך נאך דער חתונה; אבער ביי אנדערע פעלקער ריהרט מען שוין ניט דיא האר, נאר מען בעהאלט זיי אונטער א טיכעל אדער א הייבעל. אלע ניט־ציוויליזירטע פעלקער בעטראכטען דיא האר אלס א גרויסע און אנציהענדע פוץ־זאך, און דארום פלעגט מען אויך ביי שקלאווען אראפשערען זייער האר. ביי דיא גערמאנען און גאללען איז דיא אפשערונג פון האר געווען פעררעכענט פאר א שקלאווריי אדער יעדענפאלס פאר א׳ן אונטערטעניגקייט. ביי דעם שטאם לאנגאבארדען פלעגט מען אפשערען דיא האר יעדען, וואס פלעגט אויפגענומען ווערן אלס מיטגליעד פון א פאמיליע. דאס איז געווען א צייכען פון זיין אונטערגעבונג. ווען קריסטענטהום איז איינגעפיהרט געווארן, האט מען אויך גענומען שערען דיא האר ביי דיא מאנאכען און אלע דיא יעניגע, וואס פלעגען אריינטרעטען אין דיא קלייסטערס און זיך אפגעבען צו יעזוס קריסטוס. דערמיט האט

זיך אויסגעדריקט זייער אונטערטעניגקייט צו גאָט. און דאס זעלבע האט מען געטאָן מיט פרויען, אום צו צייגען, אז זיי זיינען אונטער־טעניג צו זייערע מענער; נאר מיט דער צייט, ווען דיא זיטען זיינען עדעלער געוואָרן און דיא פרויען האבען זיך ביסלעכוויין ערוואָרבען א העכערע שטעלונג אין דיא פאמיליען און אין דער געזעלשאפט, איז דער צייכען פון אונטערטעניגקייט פערבליבען אין דער הייבעל אויפ׳ן קאָפּ. ביי דיא סלאווען זיינען נאך דיא הייבלעך פערבליבען אלס א צייכען פון הייראטה. דיא אַלטע דייטשע געזעץ פלעגען בעשטימען א גאַנץ גרויסע געלט־שטראָף פאר אראָפּרייסען דיא הייבעל ביי א פערהייראטעטע פרוי. אזא אקט איז געווען בעטראכטעט אלס א שווערע בעליידיגונג פאר דעם געזעצליכען מאן און אלס א׳ן אָנגריף אויף דער פרוי׳ס עהרליכקייט און טרייהייט.

אָט וועלכע מיטעל דיא מענער האבען געמוזט געברויכען, אום צו פערניכטען דיא לעצטע שפורען פון מאטריארכאט. נאר שליס־ליך איז זיי דאך געלונגען איינצופיהרען ריינהייט אין געשלעכטליכע בעציהונגען, וואס עס איז געווען אָהנע צווייפעל א גרויסער שריט פאָרווערטס.

ניט וויינינער וויכטיג פיר דעם מענשליכען פאָרטשריט איז געווען דיא ווירקונג פון פאטריארכאט אויף דיא אָפּשאפונג פון גאולת הדם און אויף דיא בעשרענקונג פון קינדער־מאָרד. וויא ענג גאולת הדם איז געווען פערבונדען מיט מאטריארכאלישע פיהרונגען האבען מיר שוין געזעהען אין א פאָריגען קאפיטעל, ווען מיר האבען אויך אָנגעצייגט אויף לעגענדען און מאנכע פאקטען, וויא אזוי דיא מע־נער האבען אלץ גענומען בעשרענקען דיזע שרעקליכע בלוטפערגיסונג און איינפיהרען געלט־שטראָפען פאר מאָרדען. דיא גאולת הדם האט געפיהרט צו געגענזייטיגע אויסראָטונגען און צו פערוויסטונגען, און וואס מעהר דער פאטריארכאט איז געקומען אין קראפט, האט ער אלץ מעהר אינטערעס געקראָגען צו מאכען א סוף דערפון. וויא שווער עס איז געווען דער קאמפף געגען גאולת הדם און וויא פיעל צייט עס האט געמוזט נעהמען איידער מען האט גענומען אנעריקע־נען א געלט־שטראָף פאר א בעפרידיגונג פון ראכע, קענען מיר

לייכט שליסען פון דעם, דאס גאולת הדם איז נאך ר״ז היינטיגען טאָג פערבליבען אפילו אין מאנכע אויראָפּעאישע ערטער. דיא קאָר־סיקאנער „ווענדעטטא" (פון א׳ן איטאליענישען וואָרט, וואס בעדייטעט: ראכע) איז א רעשטל פון גאולת הדם. ווען מיר וועלען ריידען פון דיא איינפיהרונג פון געריכטען און געזעץ, וועלען מיר זיך נאך אומקעהרען צו דיזען פונקט; דאָ וועלען מיר נאר אָנצייגען אויף דעם פאקט, דאס אונטער פאטריארכאלישע פיהרונגען איז ביסלעכווייז פערשוואונדען איינע פון דיא גרעסטע אורזאכען פון גאולת הדם, נעמליך: דיא רויבעריי פון פרויען; דען פרויען האָט מען אָנגעפאנגען צו קויפען און פרידליך אויסצובייטען, צובינדענדיג זיי אלץ דורך שטרענגערע הייראטס־פאָרמען און זיטליכע מנהגים, וויא עס איז אויבען ערקלערט געוועזן.

וואס אנבעלאנגט צו קינדער־מאָרד, וואס איז אזוי שרעקליך געוועזן פערברייטעט אונטער דעם מאטריארכאט, זא האט עס נאך לאנג עקזיסטירט אפילו אין פאטריארכאלישע קולטור־לענדער. מיר ווייסען פון דער געשיכטע, אז אין גריכענלאנד און בעזאָנדערס אין ספּארטע פלעגט מען איינפאך טויטען ניי־געבאָרענע, ווען מען פלעגט זיי אנערקענען פאר שוואכע און קרענקליכע, אָדער ווען זיי זיינען געוועזן קאליקעס. נאר אין אָנפאנג איז דיא אורזאכע פון קינדער־מאָרד געוועזן איינפאך דיא נויט. אין דעם יענער־צושטאנד האט מען אָפט געמוזט הונגערן, און עס איז איבערהויפּט געוועזן שווער צו קריגען שפּייז, און דיא ערשטע כפּרה זיינען געוועזן דיא קינדער און דיא אלטע לייט. ביי איבערוואנדערונגען פלעגט מען בעזאָנדערס מאָרדען מיידלעך, אום זיי זאָלען ניט שטערען ביי איבערפאלונגען, וויא עס איז שוין אין א׳ן אנדער אָרט אָנגעצייגט געוועזן.

נאר אויסער דיא נויט האט דאָ אויך געווירקט דיא תאוה. וויא מיר ווייסען עס שוין, האט מען אין ווילדען צושטאנד געמוזט לאָזען זויגען קינדער ביז 4-5 יאָהר, און פאר דיא מוטערס איז עס געוועזן א שווערער אָפּפער, איבערהויפּט פאר דיא גאנץ יונגע. דארום פלעגט מען בעזאָנדערס אומברייננגען דיא ערשטע געבאָרענע. דיא יונגע פאָרען פלעגען זיך ניט וועלען אָפּזאָגען פון זייער

פערקעהר דורך דיא לאַסט צו ערציהען קינדער. דיא ערמאָרדונג פון ערשטלינגע אָדער בכורים איז דאַדורך געוואָרן אַזוי פערשפּרייט ביי אַלע ווילדע פעלקער, אַז מיט דער צייט, ווען דיא רעליגיעזע בעגריפע האבען זיך אָנגעפאַנגען צו ענטוויקלען, האט מען גענומען בעטראַכטען דיא בכורים אַלס אָפּגעגעבענע צו דיא געטער און מען פלעגט זיי שוין איינפאַך ברייגגען אַלס קרבנות. אונטער מאַטרי־אַרכאַלישע פיהרונגען פלעגט דיא מוטער זעלבסט אויפאָפּפערן איהר ערשט געבאָרענעס קינד צו דיא געטער. מיר זעהען דאָ ווידער, אַז דאַס וואַס איז אָנפאַנגס געוועזען אַ שרעקליכע נויטווענדיגקייט, איז שפּעטער געוואָרן אַ רעליגיעזע צערעמאָניע. אונגעפעהר דאַס זעלבע איז אויך געוועזען מיט דיא ערמאָרדונגען פון אַלטע און קראַנקע לייט. ביי דיא סלאַווען, סקאַנדינאַווען און פיעלע אַנדערע פעלקער אין אוי־ראָפּאַ איז געוועזען גערעכענט פאַר א'ן עהרע און מצוה, דאַס קינדער זאָלען ערמאָרדען זייערע אַלטע עלטערן. דיזער שרעקליכער מנהג איז נאָך פערבליבען ביי איינינע האַלב־ווילדע פעלקער, דאַרונטער אויך ביי דיא איינגעבאָרענע אין דיא נאָרד־טהיילען פון סיביר. עס איז אַ גאַנצע רעליגיעזע צערעמאָניע, און ניט זעלטען טרעפט עס, אַז דיא אַלטע נעהמען זיך אַליין דאַס לעבען. אין ווילדען צושטאַנד פלעגט מען איבערהויפּט ליעבערסט בעגיין זעלבסמאָרד, ווען מען פלעגט ווערן זעהר אַלט און שוואַך, איידער צו ליידען פון ווייטאָגען און קראַנקהייטען. אין שוועדען זיינען נאָך אין מאַנכע קירכען פער־בליבען גרויסע הילצערנע דובינעס, גענאַנט „פאַמיליען־שטעקענס“, וועלכע זיינען אין דיא גרוי־אַלטע יאָהרען געברויכט געוועזען ביי דיא צערעמאָניע פון טויטען אַלטע און קראַנקע לייט. דיא אַמאָליגע פּערסען פלעגען ערמאָרדען אַלטע מענער צו 70 יאָהר און פרויען צו ווייני־גער וויא 70 יאָהר. ביי אַנדערע פעלקער פלעגט מען נאָך אויפ־פרעסען דיא קערפּערס פון דיא אַלטע; נאָר דאַס איז שוין געוועזען פערבונדען מיט דיא רעליגיעזע בעגריפע, אַז דיא נשמות פון דיא פערשטאָרבענע גייען איבער אין דיא קערפּערס פון דיא לעבעדיגע. דיא גאָטענטאָטען האבען אַ גאַנץ איינפאַכען מיטעל פּטור צו ווערן פון זייערע אַלטע לייט: זיי שטעלען אויף אַ געצעלט אין אַ וואַלד,

שלעפּען אַהין אַוועק א'ן אַלטען און לאָזען איהם דאָרט איבער צו שטאַרבען פון הונגער אדער צו בעגיין זעלבסטמאָרד. טײלאָר, וועל־כער האט אויך צוזאַמענגעקליבען א סך פאַקטען וועגען דיזע שווי־דערליכע מנהגים, בעמערקט, אז אזעלכע מאָרדען זיינען איינגעפיהרט מייסטענס ביי פעלקער, וואס וואַנדערן ארום און זיינען יעגערס. און דאס איז אויך נאַטירליך, דען ביי דיא געפאַהרען פון געיעג און ביי דיא נויטווענדיגקייט צו זוכען אלץ נייע געיעג־פּלעצער זיינען אַלטע לייט א גרויסע שטערונג, און מען מוז זיי אָפּט איבערלאָזען, ווייל זיי קען־נען פשוט ניט מיטגיין. אין אַלטען רוים האט אויך עקזיסטירט א מנהג ארונטערצו־וואַרפען פון א בריק איבער דעם טייך טיבער 60־יעהריגע אַלטע, און פיעלע רוימישע וויא אויך גריכישע לעגענדען צייגען דייטליך אָן, דאס מען פלעגט דאָרטען מאָרדען אַלטע לייט.

אבער וואו נאר דער פּאַטריאַרכאַט איז פעסט איינגעשטעלט געוואָרן, דאָרטען האבען דיזע מאָרדען אַלץ מעהר אויפגעהערט. דאס איז אבער ניט געשעהען, ווייל דיא פּאַטריאַרכען זיינען געווען גוטהערציג, נאר ווייל דיא אָרגאַניזאַציאָן אונטער דיא הערשאַפט פון מענער האט געגעבען מעהר זיכערהייט און מעהר שפּייז. מען האט שוין געהאַט דיא מעגליכקייט צו האַלטען דיא אַלטע אין וואָהנונגען און צו ערנעהרען זיי. און דיא מנהגים פון דיא פּאַט־ריאַרכאַלישע פאַמיליען זיינען שוין אז מען זאָל זאָרגען וועגען אַלטע. דיא אידישע געזעצגעבונג פערביטעט צו פערלאָזען אַלטע, און דיא גרי־כישע געזעצגעבונג פאָדערט שוין, אז דער זוהן מוז ערנעהרען זיין אַלטען טאַטען.

דיא אַלץ גרעסערע מעגליכקייט צו שפּייזען קינדער האט פון זיך זעלבסט געמוזט פערקלענערן דיא צאָהל פון קינדערמאָרדען. דער־צו נאך איז צוגעקומען דער איינענטהומס־אינטערעס פון דיא פּאַט־ריאַרכען, וויא עס איז שוין אויבען בעמערקט געווען. דיא פּאַטרי־אַרכען האבען שוין געקענט קויפען א סך ווייבער און קעפּס־ווייבער, וועלכע זיי האבען געצוואונגען צו פערבלייבען טריי און צו קאָרמענען דיא קינדער. אין פיהפיטערנדען צושטאַנד, ווען דיא מענער האבען בעפעסטיגט זייער הערשאַפט אין דיא פאַמיליען, איז דיא זווג־צייט

פון קינדער אויף פערקלענערט געוואָרן, ווייל מען האט שוין אויס־געלערנט צו מעלקען בהמות און צו בענוצען זיך מיט מילך.

נאר דיא ערמאָרדונג פון בכורים איז נאך פערבליבען א לאַנ־גע צייט אונטער פּאַטריארכאַלישע פיהרונגען, ווייל דאס איז גע־וואָרן ענג פערבונדען מיט רעליגיאָן. יאָהר־הונדערטע נאכדעם, וויא דער פּאָטער האט אין גאַנצען פערשקלאַוווט דיא פרוי און גערעכענט זיינע קינדער אלס זיין אייגענטהום, האט ער פון דעסטוועגען געמוזט נאכפאָלגען דעם אלטען מאַטריארכאַלישען מנהג צו ברייננען דיא ערשט־געבאָרענע אלס א קרבן צו גאָט. אבער אויך דאָ האט דער פּאַטריארך געפונען א׳ן אויסוועג צו לאָזען לעבען דעם בכור און צו־גלייך צו בעפרידיגען דיא געטער. דיזען אויסוועג האט ער געפונען אין אויסקויפונג אדער ערלייזונג. אזוי גוט, וויא דער פּאָטער האט געמוזט דורך געוויסע צערעמאָניעס, וויא צום ביישפּיעל דיא אויבען בעשריבענע פּאָטער־קינדבעטען אדער קוואוואדען, אָפּנעהמען דאס רעכט אויף דיא קינדער ביי דער מוטער, אזוי האט ער געמוזט דורך א געוויסען אָפּפער ערלייזען זיין בכור ביי דיא געטער. דיא בכורים זיינען געווען גערעכענט אלס דאס הייליגע אייגענטהום פון דיא געטער, און ווען דיא בעגריפע פון אייגענטהום האבען זיך ענט־וויקעלט, זאָ איז עס נאטירליך געווען צו קומען ביסלעכווייז צום שלוס, אז מען קען אויך אָפּקויפען דאס רעכט אויף בכורים ביי גאָט; און אזוי האט מען טאקע אָנגעפאנגען אלץ מעהר צו טאָן. דאָ האט מען אייגענטליך אומגעביטען איין אָפּפער אויף א׳ן אַנ־דערן: אַנשטאָט צו ברייננען דעם בכור זעלבסט פאר א קרבן, האט מען געבראכט א׳ן אַנדער קרבן, אום צו מאַכען שלום מיט גאָט און צו פערזיכערן זיך געגען זיין ראכע. זאָנסט איז דער בכור וויא אויך דיא מוטער געווען גערעכענט „אונריין", און מען האט זיך צו זיי אפילו ניט געטאָרט צוריהרען. אויך האט מען פעסט געגלויבט, אז ווען מען זאָל א בכור ניט ערלייזען ביי גאָט דורך א קרבן, וועט ער זיי־כער שטארבען.

דיא ערלייזונגס־מיטעל זיינען גאַנץ פערשיעדען, און פיעלע זעהר קוריעזע צערעמאָניעס זיינען ענטשטאנען און נאך פערבליבען צוליעב

דעם אפילו ביי קולטור־פעלקער. דער גאָר ערשטער אויסקויפס־מיטעל איז וואהרשיינליך בעשטאַנען אין דעם, וואס דער פאָטער פלעגט זיך אַליין לאָזען בלוט. אזוי וויא דיא פריהערע אויפאָפּפערונג פון בכורים איז דאך אייגענטליך געווען א בלוט־קרבן, זאָ האט מען אויף דיזער ווייזע פערביטען דעם פאָטער׳ס בלוט אויף דעם קינד׳ס בלוט. שפּעטער האט מען עס ערלייכטערט דורך פאַסטען און נאך שפּעטער דורך א מתנה צו דיא געטער, ד. ה. צו דיא פּריסטער. ביי אידען איז נאך פערבליבען, וויא מיר ווייסען, דער אַלטער מנהג אויסצוקויפען בכורים; און אז קינדער־מאָרד איז געווען שטאַרק פערברייטעט אין ארץ ישראל און בעזאָנדערס ביי דיא ארומיגע פעלקער, דערויף צייגט גאַנץ קלאָר אָן דיא ביבעל.

וויא לאַנג עס האט געדויערט ביז דיא לעצטע שפּורען פון קינדער־מאָרד זיינען פערשוואונדען דורך ערלייזונגען, דאס וועט מען ניט דערגיין און דאס איז אויך ניט וויכטיג (אין ווילדען צושטאַנד דאַרף מען איבערהויפּט יעדע אומענדערונג צייהלען דורך לאַנגע יאָהרען); נאר עס איז קלאָר, אז דאס איז געשעהען דורך דיא פּאַטריאַרכאַלישע אָרגאַניזאַציאָן. גריכישע לעגענדען, וועלכע שילדערן אונז אין דיא שלאַכטען מיט דיא זאָגענאַנטע אמאַזאָנען דעם ביטערן קאַמפּף צווישען מוטער־רעכט און פאָטער־רעכט, צייגען אונז אויך, אז אין דער זעלבער צייט האט מען גענומען אויסקויפען קינדער־קרבנות דורך דיא ווירקונג פון העלדען און פון נייע מענער־געטער. איין גריכישע לעגענדע, וועלכע האט א גרויסע עהנליכקייט מיט דיא ביבלישע מעשה וועגען אברהם, וואס האט געוועלט בריינגען יצחק׳ן אלס קרבן, דערציילט, אז גאָט אליין האט ארויסגעגנב׳עט א קינד, וואס מען האט געבראַכט אלס אָפּפער און האט עס פערביטען דורך א חיה־קרבן. א׳ן אנדער לעגענדע דערציילט, אז א׳ן אָדלער האט געכאַפּט דעם מעסער, מיט וועלכען מען פלעגט קיילענען קינדער, און האט איהם ארויפגעלייגט אויף א יונגע קוה. דער גאָט באַקכוס אדער דיאָניסיאוס איז גראַדע אין דיא גריכישע לעגענדען ענג פערבונדען מיט דיא אָפּשאַפונג פון קינדערמאָרד און פון מאַטריכריכאַלישע פיהרונגען, וויא אויך מיט דיא איינפיהרונג פון ליעבע. דיזער

לוסטיגער גאָט באַקכוס איז אויך געווען א גרויסער אויסראָטער פון אמאזאָנען, לויט דיא לעגענדען. אין מאנכע ערטער פון גריכענלאַנד האט מען איינפאך געבראַכט ליאַלקעס אנשטאָט קינדער אלס קרבנות.

אָט אזוי האט עס דער פאַטריאַרכאַט ביסלעכווייז אָפגעשאַפט דיא ערגסטע און שרעקליכשטע פאָלגען פון אלטען מוטער־רעכט און פעסטגעשטעלט א פיעל בעסערע און שטארקערע פאמיליען־אָרגאַניזאַציאָן.

# אַכטער קאַפּיטעל.

## דיא עֶמאַנסיפּאַציאָן פון פרויען אונטער פּאַטער־רעכט.

פּאָליגאַמיע. — דיא פּערהעלטניסע פון פרויען צו פּאָליגאַמיע אין וועל־דען צושטאַנד. — דיא אויסשיידונג פון דער ערשטער פרוי אלס דער אָנפאַנג פון מאָנאָגאַמיע. — דיא ווירקונג פון אַקערבוי אויף דיא ערהייבונג פון פרויען. — קעפּס־ווייבער און דאס „רעכט פון דער ערשטער נאַכט“. — ארמוטה און מאָנאָגאַמיע. — צוזאַמענגעשטעלטע פאַמיליען. — דיא פערטהיילונג פון שטאַ־מען אין פּאַטערליכע פאַמיליען.

אום צו ענדיגען אונזער אָבהאַנדלונג איבער דיא ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פון פאַמיליען, בלייבט אונז נאָך צו בעטראַכטען, וויא אַזוי דיא פרוי האט זיך ביסלעכוויז ערוואָרבען א בעסערע און אונ־אבהייגיגערע לאַגע אונטער דיא פערבליבענע מענער־הערשאַפט. מיר האבען געזעהען, וויא אזוי דיא פרוי האט געקעמפפט פיר דיא מאַטריאַרכאַלישע פאַרמען און איז בעזיעגט געוואָרן און אומגעוואַנ־דעלט געוואָרן אין א שקלאַווין; יעצט וועלען מיר אָנצייגען, וויא אזוי דיא פרוי האט צוריק גענומען קריגען איהרע רעכטע.

פּאַטריאַרכאַט איז ענג פערבונדען מיט פיעל־ווייבעריי. אויב עס זיינען אפילו אין דיא ערגסטע צייטען פון דער פרוי׳ס שקלאַווערייי

פערבליבען איינציגע פּאָרען, זאָ איז עס געקומען ניט ווייל דיא מענער זיינען געווען בעשרענקט אין זייער רעכט צו האבען א סך פרויען, נאר ווייל דיא מיטעל צום לעבען אָדער דער מאַנגעל אַן פרויען האבען דערצו געצוואונגען. אונטער געוויסע אומשטענדען האט עס זאָגאר געקענט קומען צו פּאָליאַנדריע, און ניט זעלטען האט עס טאקע געטראָפען, אז פרויען איז אויסגעקומען צו לעבען מיט עטליכע מענער. נאר דאָס אַלעס האט ניט געענדערט דעם כלל, אז דיא הערשענדע מענער האבען זיך גענומען דאס רעכט צו בעזיצען אזוי פיעל ווייבער, וויא פיעל זיי האבען נאר געקענט קריגען. און נאך ביז יעצט איז עס אזוי פערבליבען ביי דיא מייסטע פעלקער, און אפילו אין אונזערע ציוויליזירטעסטע לענדער מעגען זיך דיא מענער ערלויבען צו טאָן אזעלכע זאַכען, פאר וועלכע פרויען ווערן אָם שטרענגסטען פערדאַמט. דיא געזעצע וועגען אונטרייהייט זיינען טאַקע אין אויראָפּעאישע לענדער גלייך פיר פרויען און מענער; אבער דיא פּראַקטיקע זאָגט עטוואָס גאַנץ אַנדערעס. אין דיא לענדער, וואו פּאָליגאַמיע ווערט נאך געזעצליך אַנערקענט, איז דיא איינציגע בע־שרענקונג דערפון נור דער פערמעגען פון דיא מענער; אבער ניט זייער אכטונג צו דיא פרויען. אין דיא מאַהאַמעדאַנישע לענדער קענען זיך דיא מייסטע מענער ניט ערלויבען צו האבען מעהר וויא איין פרוי; אבער וויא איינער פון דיא אָרימע קלאַסען קריעגט נאר דיא מעגליכקייט צו ערנעהרען א צווייטע פרוי, שאַפט ער זיך שוין אזעלכע.

און ניט אַלע מאָל איז פּאָליגאַמיע געווען א צרה פאר דיא פרויען. עס זיינען געווען אזעלכע צייטען, ווען דיא פרויען זעלבסט זיינען דערמיט צופרידען געווען און האבען נאך דערביי מיטגעהאָלפען דיא מענער. אזוי איז עס בעזאָנדערס געווען אין דיא צייטען, ווען פרויען האבען געמוזט יאָהרענלאַנג קאָרמען זייערע קינדער מיט זייער אייגען מילך. דער מאַן וואָלט איהר דאַן אין גאַנצען פערלאָזען, ווען זיא וואָלט איהם ניט דערלאָזען צו נעהמען זיך אַנדערע פרויען. דאס איז דאַן געווען א נויטווענדיגקייט, מיט וועלכע דיא פרויען האבען זיך געמוזט צופרידענשטעלען, אום צו ערנעהרען זייערע קינדער. יע־

דענפאַלס זיינען זיי דערצו אזוי צוגעוואָהנט געוואָרן, אז זיי האבען געוויינליך ניט געפיהלט קיין אייפערזוכט. רייזענדע דערציילען מיט פערוואונדערונג, וויא עטליכע פרויען פון איין מאַן לעבען ניט נאר בשלום, זאָנדערן פאַסען נאך אויף גאַנץ פריינדליך אויף דיא קינדער פון אַנדערע פרויען. א פרוי פון א'ן אָרימען זולוס ארבייט קיין מאָל ניט אזוי שווער און ביטער, וויא ווען זיא העלפט איהר מאַן צו קלייבען מיטעל, אז ער זאָל זיך קענען קויפען א צווייטע פרוי. דערביי האט זיא אבער א רעכנונג, דען ניט נאר ווערט איהר אַר־בייט ערלייכטערט, ווען איהר מאַן האט א צווייטע פרוי, זאָנדערן זיא קריעגט נאך אַנדערע פריווילעגיעס און ווערט גערעכענט פאר דיא אמת'ע „ווירטהין", פאר דיא „הערשענדע פרוי" אין דער פאַ־מיליע. און וואס מעהר אזא פאַמיליע ווערט רייכער און מעכטיגער, שטייגט אלץ דיא ערשטע פרוי העכער, דען זיא האט שוין אויפצו־פאַסען אויף אלע קינדער און פרויען פון איהר מאַן.

אָט אזוי האט עס פאָליגאַמיע געפיהרט צו דער, זאָ צו זאָ־גען, אויסטהיילונג פון „דער ערשטער פרוי", און דאס איז געווען דער ערשטער שריט צו מאָנאָגאַמיע און בעזאָנדערס צו דער ערהיי־בונג פון פרויען. אונטער אזעלכע שטרענג פאַטריארכאַלישע פיה־רונגען, וויא דיא ביבעל שילדערט אונז אין אברהם'ס צייטען, האבען שוין דיא מענער געהאַט געזעצליכע פרויען און קעפס־ווייבער, וועל־כע זיינען אייגענטליך געווען געקויפטע שקלאַווינען. שרה האט אליין געשיקט איהר שקלאַווין הגר, אז אברהם זאָל האבען א זוהן. אי רחל אי לאה שיינקען זייער מאַן יעקב זייערע דיענסטען, און מען האט עס דאַן בעטראַכטעט פאר א גוטע האַנדלונג. דאס האבען זיי וואהרשיינליך געטאַן, אום אליין ווייניגער צו ארבייטען און צו פער־גרעסערן דעם פערמעגען פון זייער מאַן.

און וואס מעהר אונטערשיעד עס איז ענטשטאַנען אין דער לאַ־גע און רייכטהום פון דיא מענער, אלץ מעהר האבען זיך ענטוויי־קעלט דיא אונטערשיעדע אין דער לאַגע פון דיא ערשטע פרוי, דיא ווירטהין, און פון דיא איבריגע ווייבער. דיא דייטשע ווערטער „פראַאו" און Weib האבען דאַן אויסגעדריקט דיזען אונטערשיעד, וועלכער איז

שפּעטער אויך איבערגעגאַנגען אויף דיא קינדער. אויך אונטער דיא רייבערע האט זיך ענטוויקעלט א מין מאָנאָגאַמיע, הגם דיא מענער האבען געהאַט א סך ווייבער. דער ריכטיגער הייראַטה איז נאר געווען מיט דיא ערשטע פרוי, און אלע איבעריגע זיינען נאר גערעכענט געווען פאר קעפּס-ווייבער. עס איז אמת, אז איין פרוי האט דאָ גע־וואונען אויף דיא רעכנונג פון אַנדערע, וועלכע זיינען געווען שקלאַ־ווינען אין פּולען זינען פון דיזען וואָרט; אבער אין אַלגעמיינען איז עס געווען א גרויסער שריט פאָרווערטס, דען דיא פרוי־ווירטהין איז שוין געווען געאַכטעט פון איהר מאַן און קינדער. און זיא האט זיך אַלץ געקענט ערווערבען א העכערע שטעלע אין דער פאַמיליע און אין דער געזעלשאַפט. אין א צושטאַנד, ווען מענער זיינען געווען שקלאַווען, האט דיא לאַגע פון פרייע פרויען ניט געקענט ערנידעריגט ווערן דורך דעם, וואס עס זיינען אויך געווען פרויען־שקלאַווינען אלס קעפּס־ווייבער. דיא ערשטע פרוי פלעגט אייגענטליך זיין א הערשערין איבער דיא קעפּס־ווייבער, וויא מיר זעהען עס אויך פון דער ביבעל.

און ווען דער פּיהפּיטערנדער צושטאַנד האט גענומען אָפּטרעטען פּלאַץ דעם אַקערבויערשען; ווען דיא פרויען, וועלכע האבען זיך שטענדיג בעשעפטיגט מיט אַקערבוי, האבען געמוזט מעהר צוהעלפען דיא מענער מיט פלאַנץ־שפּייז, אום צו קענען ערנעהרען דיא פערגרעסערטע בע־פעלקערונג, — אַלץ מעהר וויכטיגקייט האבען זיי געקראָגען דורך זייער ארבייט און אַלץ מעהר דעה האבען זיי פאָלגליך געהאַט. דיא ערשטע פרוי איז געווען דיא אויפפּאַסערין ביי דיזע אַקערבוי־ארבייט, און איהר ווערדע איז דאַדורך אַלץ געשטיגען. אין אַלגעמיינען קען מען זאָגען, דאס אונטער פּיהפּיטעריי זיינען דיא פרויען בעזאָנדערס פערשקלאַווט געוואָרן און אונטער אַקערבויעריי האבען זיי ביסלעכווייז געקענט אַרונ־טערוואַרפען פון זיך דעם שקלאַווישען יאָך. דורך זייער פעלד־ארבייט האבען דיא פרויען איינגעפיהרט דעם מאַטריאַרכאַט און דורך דיא זעלבע ארבייט האבען זיי זיך ווידער ערוואָרבען זייערע רעכטע. ניט דורך רעליגיאָן און מאָראַל־פּרעדיגען איז געקומען דיא עמאַנסיפּאַציאָן פון דיא פרויען, נור דורך זייער האַנד־ארבייט. וויינינגסטענס אַיין פּרוי איז אין יעדע פּאָליגאַמישע פאַמיליע געוואָרן א הערשערין כמעט

אזוי וויא איהר מאַן. אפילו ביי דיא בעדואינען און אַנדערע וואַנ־דערנדע פעלקער האט דיא ערשטע פרוי א גרויסע דעה. אין דעם ענגען פאַמיליען־קרייז הערשען זיי אפילו איבער זייערע רויבערישע מענער.

מיט דער צייט האט מען דיא ערשטע פרויען גענומען בע־טראַכטען אלס דיא איינציגע פרויען; דיא איבעריגע זיינען נאר געווען געליעבטע, דיענסטען. אזוי איז עס יעדענפאַלס צוגעגאַנגען אין לענדער, וואו מיט פיהפיטעריי אליין האט מען זיך ניט געקענט ערנעהרען ביי א פערגרעסערטע בעפעלקערונג און דיא פעלד־ארבייט פון דיא פרויען איז געוואָרן אלץ א וויכטיגערע שטיצע. מאָנאָגאַ־מיע איז דאַדורך אלץ מעהר פערברייטעט געוואָרן. דערצו האט נאך מיטגעווירקט דער מנהג, דאס געוויסע פאַמיליען אדער שטאַמען זאָלען הייראַטהען צווישען זיך. דאס איז געווען דיא פאָרמע פון הייראַטהען דורך אויסבייטונג פון פרויען אדער „קאָנגוביאום", וויא מען האט עס בעצייכענט אין אלטען רוים. אין דיזען פאַל זיינען נור אזעלכע פרויען געווען גערעכענט פאר געזעצליכע, און אלע אַנדערע זיינען שוין געשטעלט געוואָרן אין א נידעריגערע לאַגע. און נור דיא קינדער פון דיזע ערשטע און געזעצליכע פרויען זיינען געווען געזעצליכע און „ליבערי" (פרייע). דיא קינדער פון דיא איבעריגע פרויען זיינען געווען אונטערטעניגע און שקלאַווען.

אויף דיזער וויזע זיינען אין דיא פאַמיליען זעלבסט ענטשטאַנען פרייע און שקלאַווען, און דאס האט געהאַט א זעהר וויכטיגע בע־דייטונג אין בעצוג אויף אייגענטהום און רעכטע, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהען. מיט דיא שקלאַווינען האט דער פאַטריאַרך גע־קענט טאָן, וואס ער האט געוועלט, אפילו אין דיא צייטען, ווען ער האט זיך שוין געוויסערמאַסען געמוזט בעשרענקען אין בעצוג אויף זיין ערשטע פרוי, דיא מוטער פון זיינע געזעצליכע קינדער און יורשים. אום צו האבען פערקעהר מיט זיינע שקלאַווינען האט דער מאַן ניט בעדאַרפט דורכמאַכען אירגענד וועלכע הייראַטס־צערעמאָניעס. און ווען ער האט געהאַט א סך שקלאַווען און שקלאַווינען, האט ער זיי געפּאָאַרט אין דיא אינטערעסען פון זייןווירטהשאַפט, ד. ה. אום זיי

זאָלען איהם שאַפען נייע שקלאַווען. מיט דער צייט איז איינגעפיהרט געוואָרן, אז דער הערר האט נור געהאַט א רעכט אויף זיין שקלאַווין'ס קערפּער ביז ער האט איהר חתונה געמאַכט, און נאָך שפּעטער איז דערפון פערבליבען דאס בעריהמטע „רעכט פון דיא ערשטע נאַכט („פּרימאַס נאָקטיס"), וואס איז נאָך געווען אין קראַפט אפילו אין דיא צייטען פון פאַנסטשיזנע אין אייראָפּאַ.

דיא הערערען האבען זיך איבערהויפּט לאַנג געהאַלטען אָן פּאָליגאַמיע, ווען דיא פּראָסטע לייט האבען שוין לאַנג זיך געהאַלטען אָן מאָנאָגאַמיע, צוערשט אויס נויט און נאַכהער אויס געוואָהנהייט און אויך אויס דיא זעלבסטשטענדיגקייט, וואס דיא פאָלקס־פרויען האבען געוואונען דורך זייער ארבייט. זאָ דערציילט דער רוימישער היסטאָריקער ט א צ י ט ו ס, דאס ביי דיא גערמאַנען, וועלכע האבען זעהר געאַכטעט זייערע פרויען און זיינען שוין געווען גענייגט צו מאָנאָגאַמיע, האבען דיא פיהרער און הערשער דאָך געהאַט א סך ווייבער. זאָגאַר, ווען קריסטענטהום איז שוין איינגעפיהרט געוואָרן אין אייראָפּאַ און דיא קאַטוילישע קירכע האט געזוכט צו בעפעסטיגען מאָנאָגאַמיע, האט דאָך דער אַלט־פראַנקישער קייזער קאַרל דער גרויסער זיך אָפּגעזאָגט פון אלע בעשרענקונגען און האט ביי זיך געהאַט א הארעם. אין דיא זאָ־גענאַנטע מאַנו־געזעץ פון אינדיען איז פיר יעדע קאַסטע בעשטימט געווען א געוויסע צאָהל פרויען, וואס העכער דיא קאַסטע אלץ מעהר פרויען; אבער דיא אָרימע זיינען שוין געצוואונגען געווען צו מאָנאָגאַמיע.

מיט דער צייט זיינען געוויסע פאַטריאַרכאַלישע פאַמיליען געוואַקסען אין צאָהל, רייכטהום און מאַכט ניט נאַר דורך דיא נאַטירליכע פערמעהרונג, זאָנדערן אויך דורך דיא אויפנעהמונג פון פרעמדע. יעדער פאַטריאַרך האט זעלבסטפערשטענדליך געזוכט צו האבען אלץ מעהר מענשען אונטער זיין הערשאַפט, און אום מעהר צוצובינדען פרעמדע צו זיינע אינטערעסען, פלעגט ער זיי אויך אָננעהמען אלס מיטגליעדער פון זיין פאַמיליע. פרעמדע האבען אויך געקענט גערעכענט ווערן פאר זיינע געזעצליכע זיהן און יורשים, אויב ער האט זיי אויפגענומען אלס אזעלכע, ווען ער האט זאָגאַר געהאַט

געגוג אייגענע קינדער. דיא פערבינדונגען אין פאַטריאַרכאַלישע
פאַמיליען זיינען איבערהויפּט ניט געווען בעגרינדעט אויף פערוואַנד־
שאַפט, וויא אין מאַטריאַרכאַלישע, נאר אויף אייגענטהום און
הערשאַפט. דיא פאַטריאַרכען אָדער אבות זיינען ניט געווען
פאָטערס אין דעם זינען, וויא מיר פערשטייען עס יעצט, נאר בע־
פעהלס־געבער איבער זייער גאַנצע הויזגעזינד, וועלכע איז בעשטאַנען
פון פרויען, קינדער, קינדס־קינדער, קנעכט א. ז. וו. אין גאַנץ גרוי־
סע פאַמיליען איז דער פאָטער אייגענטליך געווען נור דער עלטסטער
אדער הויפּט. אלע פרייע מיטגליעדער זיינען געווען גערעכענט פאר
זיינע קינדער, עס מאַכט ניט אויס, ווער זייערע פאָטערס זיינען אין
אמת׳ן געווען. דאַרום דערציילט אונז אויף דיא ביבעל פון טוי־
זענדער זיהן פון איין פאַמיליע. אזעלכע זיהן זיינען
אין דער ווירקליכקייט אָפּט גאָר קיין פערוואַנדטע געווען. אָט אזעל־
כע פאָטער־הערשער, וויא אונזערע אבות, ווערן עס אין דער קולטור־
געשיכטע בעצייכענט אונטער דעם וואָרט פאַטריאַרך.

דיא ערשטע פאָטערליכע פאַמיליעס, וועלכע זיינען מייסטענס
בעשטאַנען פון פערוואַנדטע, זיינען אלזאָ ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען
אין צוזאַמענגעשטעלטע עכטע פאַטריכרכאַלישע פאַמיליען,
וואו גאַנץ פרעמדע זיינען אויך געווען גערעכענט אלס מיטגליעדער.
דער פאַטריאַרך איז געווען דער הערשער איבער דאס גאַנצע הויז־
געזינד, און זיין ערשטע פרוי איז געווען דיא ווירטהין און דיא אויפ־
פאַסערין אויף זיינע פרויען און לייבליכע קינדער. מאַנכע פון
דיא פאַטריאַרכאַלישע פאַמיליען זיינען אזוי געוואַקסען, אז זיי האבען
געבילדעט שבטים און פעלקער. אויף דיזער וויזע זיינען ענטשטאַ־
נען פיעלע שטאַמען און גאַנצע נאַציאָנען, פון וועלכע דער הערשער
איז שוין ניט געווען א פאַטריאַרך, נאר א׳ן אָנפיהרער אדער קעניג.
אזא שטאַם איז שוין דאַן צוטהיילט געווען אויף עטליכע קליינע
פאַטריאַרכאַלישע פאַמיליען, וועלכע זיינען אָבהייננגיג געווען פון דעם
עלטסטען אדער קעניג, וועמען מען האט אויך ביסלעכווייז אָנגעפאַנ־
אויסצו־וועהלען, וויא מיר וועלען עס זעהען, ווען מיר וועלען ריידען
וועגען דיא ענטשטעהונג פון מלוכות און פון פאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען.

דיא פאמיליען, אויף וועלכע שטאמען אָדער פערגרעסערטע צוזאמענגעשטעלטע פאטריארכאלישע פאמיליען זיינען צוטהיילט געװאָרן מיט דער צייט, זיינען נאטירליך אויך געװעזען אונטער פאָטער־רעכט, אבער זיי זיינען אלץ מעהר פערבונדען געװאָרן דורך װירקליכע פערװאנדשאפט מיט דיא פאָטערס און זייערע ערשטע פרויען, וועלכע האבען אלץ מעהר אנזעהען און דעה געקראָגען. דער הערשער איבער זיי אלע האט שוין אויך געקענט זיין א יונגער מאן, בעזאָנדערס אין צייטען פון איבערפאלונגען און מלחמה, אויב ער איז אנערקענט געװאָרן אלס דער פעהיגסטער דערצו; אבער אין דיא אויסגעטהיילטע פאמיליען האט געהערשט דער אמת׳ער פאָטער. דיא פאָטערס פון אלע פאמיליעס פון א געװיסען שטאם אדער פון א געוויסען פערבאנד פון שטאמען, וואס פלעגען זיך פון צייט צו צייט בילדען, פלעגען זיך עס צוזאמענטרעפען אויף אסיפות וועגען פאָליטישע און אנדערע אנגעלעגענהייטען און זיי פלעגען עס אויסוועהלען דעם עלטסטען און אלע בעאמטע. זיי זיינען פערבליבען הערשער צו הויזע; אבער זיי זיינען שוין געװעזען אונטערװאָרפען צו דיא עלטסטע און איבערהויפט צו דיא ענטשיידונגען פון דעם געמיינדעראטה, וועלכער האט געזאָרגט, אז עס זאל הערשען רוהע, אָרדנונג און יושר. דיא ערשטע פרויען זיינען אויך אלץ מעהר אנערקענט געװאָרן אין זייערע רעכטע וועגען שלום בית, און דיא פריהער אונבעשרענקטע מאכט פון דיא פאטריארכען איבער פרויען איז אלץ װייטער פערקירצט געװאָרן.

דאס איז אלזאָ אין קורצען דיא ענטוויקלונגס־געשיכטע פון פאמיליען ביז צו דער היסטאָרישער צייט. דער פאטריארכאט זעלבסט האט געפיהרט אויף א גאנץ נאטירליכען וועג צו א פערבעסערונג אין דער לאגע פון פרויען און צו א נייע פאָטערליכע פאמיליען־אָרגאניזאציאָן, וועלכע איז געװעזען דער ריכטיגער אָנפאנג פון אונזער יעצטיגע. פאָטער־רעכט פערבלייבט ביי אלע קולטור־פעלקער, אבער זיינע פאָרמען האבען זיך אלץ געביטען צום בעסערן, וואס מעהר און װייטער מענשען זיינען געגאנגען אויף דעם וועג פון פראָגרעס.

מיר זיינען דאָ ווידער צוגעקומען צו דער היסטאָרישער צייט, און אין דיא נעכסטע קאַפּיטלען וועלען מיר בעטראַכטען וויא אזוי פּריוואַט־אייגענטהום און רעכטס־בעגריפע, וועלכע זיינען ענג פערבונדען מיט פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן, האבען זיך גלייכצייטיג ענטוויקעלט.

# ניינטער קאַפּיטעל.

## אייגענטהום ביי חיות און ביי דיא ווילדעסטע מענשען.

אייגענטהום אלס געפיהל און אלס רעכט. — דער נאַטירליכער גרונד פון אייגענטהום. — יאַגד־פלעצער, שפּייז־אַנזאַמלונגען און וואָהנונגען ביי חיות. — געמיינשאַפטליכע אייגענטהום פון חיות. — דיא אָרגאַניזאַציאָן פון מוראַשקעס און בינען. — דיא ענטוויקלונג און ווירקונג פון שקלאַווערייַ ביי מוראַשקעס. — א פערגלייך מיט מענשליכע אַריסטאָקראַטיעס. — דיא סאָלידאַרישע געפיהלען פון מוראַשקעס און ביהנען דורך זייער געזעלשאַפטליכקייט. — ווילדע סאָרטען מוראַשקעס און ביהנען. — לעטורנאָ'ס פיער מענשליכע גרופּען. — אייגענטהום ביי דיא ווילדעסטע פעלקער און ביי דיא אויסטראַליער. — דיא ערשטע „מיינס און דיינס". — פּערזענליכע אייגענטהום נאָך'ן טויט. — דיא ראָלע פון רעליגיעזע איינבילדונגען ביי דיא בעערדיגונג און צערשטערונג פון פּערזענליכע זאַכען.

---

מיר זיינען אזוי צוזאַמענגעוואַקסען מיט אונזערע בעגריפע ווע־גען אייגענטהום, אז מיר קענען זיך קוים פאָרשטעלען וויא מענשען האָבען גאָר געקענט ווען עס איז אַנדערש דורכקומען אָהן „מיינס און דיינס". און מאַנכע געלעהרטע זיינען זאָגאר געגאַנגען אזוי וויט, אז זיי האבען בעהויפּטעט, דאס ניט נאר האט פּריוואַט־אייגענטהום

איבעראל און אין אלע צייטען עקזיסטירט, זאנדערן זיין פארמע איז כמעט שטענדיג פערבליבען דיא זעלבע. אין מאנכע לעהרביכער פון פאליטישע עקאנאמיע ווערט מעהר אדער וויינינער אפען אויסגע־דריקט דיא מיינונג, אז אפילו דיא יעצטיגע קאפיטאליסטישע פארמע פון אייגענטהום איז פון אייביגע יאהרען.

קולטור־געשיכטליכע נאפארשונגען צייגען אבער עטוואס גאנץ אנדערעס. זיי בעווייזען, אז דער בעגריף פון אייגענטהום איז ניט איין איינגעבארענער, נאר א ביסלעכווייז ענטוויקעלטער אין פער־לויף פון טויזענדער יאהרען. זיי בעווייזען אויך, אז אין דעם עכטען ווילדען צושטאנד האט גאר ניט נעקענט געמאלט זיין אפילו א׳ן אנפאנג פון פריוואט־אייגענטהום און אז דיא ענטוויקלונג פון „מיינס און דיינס“, — דיזע „קאלטע ווערטער“, וויא יאהאן דיא „גאלדענע מויל“, איינער פון דיא ערשטע קריסטליכע לעהרערס, האט זיי אנ־גערופען — איז אנגעגאנגען מיט געוואלט און יעדענפאלס מיט א בי־טערן קאמפף. וואס אנבעלאנגט צו אונזער היינטיגער פארמע פון אייגענטהום, זא איז זיא ערשט אין קראפט געקומען אין 18־טען יאהר־הונדערט, און דערווארט „קאפיטאליסט“ איז ערשט געקומען אין געברויך אין דער צייט פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן.

אום אבער צו האבען דעם שיין פון א בעוויז פיר דיא עוויג־קייט פון פריוואט־אייגענטהום אונטער מענשען ברייננט מען געוויינ־ליך ביישפיעלע, אז דאס זעלבע עקזיסטירט אויך אונטער פערשיע־דענע חיות. נאר הגם דיא פאקטען אויס דעם לעבען פון חיות זיינען טאקע ריכטיגע, האבען זיי פון דעסטוועגען געמיינשאפטליכעס מיט דיא איינפיהרונג פון אייגענטהום ביי מענשען בלויז אין דעם, דאס דער מענש איז אויך א חיה, וואס האט דעם געפיהל פון זעלבסט־פערזיכערונג. נאטירליך, דער ביסען וואס ליעגט אין מויל איז ווירקליך עוויג געוועזן פריוואט־אייגענטהום; אבער מען דארף ניט פיעל פילאזאפירען, אום צו פערשטיין, אז דאס איז עבען זא ווייניג אייגענטהום, וויא יעדער ארגאן פון א חיה. דיא פינגער, מיט וועל־כע איך האלט דיא פעדער, וואס שרייבט דיזע צייל֞ען, זיינען א טהייל פון מיין קערפער. אויב איהר ווילט עס רופען אייגענטהום,

קענט איהר עס זאָגען; אבער דאָן איז אויך דער גאנצער קערפּער פון א חיה איהר אייגענטהום. ניט דאס מיינט מען אבער אונטער דעם וואָרט אייגענטהום, ווען מען רעדט וועגען דעם אין דער קולטור־געשיכטע און ווען מען פּערפאסט וועגען דעם געזעצע. די פעדער, מיט וועלכע איך שרייב, איז אבער מיין אייגענטהום, ניט נאר ווייל איך מאך א געברויך פון איהר, זאָנדערן ווייל איך האב ערוואָרבען א׳ן אנערקענטען רעכט אויף איהר. אין דעם מענשליכען לעבען קען מען דעם בעגריף פון אייגענטהום ניט אָפּטהיילען פון דעם בעגריף פון רעכט. ווען מען רעדט וועגען אייגענטהום פערשטייט מען דעם בעזיץ פון א זאך מיט דעם רעכט ניט נאר צו געברויכען איהר אויסשליסליך פיר זיך און ניט צו דערלאָזען אנדערע איהר צו בענוצען, זאָנדערן אויך מיט דעם רעכט איהר צו שיינקען, צו בייטען, פערקויפען אָדער זאָגאר פערניכטען. אָט אזא אייגענטהום האט זיך ערשט ביסלעכווייז אָנגעפאנגען צו ענטוויקלען, ווען מענשען זיינען ארויס פון אוראַלטען ווילדען צושטאנד.

לאָמיר פון דעסטוועגען וואַרפען א בליק אויף דעם, וואס מאנכע רופען אייגענטהום צווישען חיות, אום צו זעהען, וויא אזוי דער בעגריף פון מיינס און דיינס איז ענטשטאנען און אלץ מעהר פערברייטעט געוואָרן.

דער נאטירליכער גרונד פון אייגענטהום וואָרצעלט זיך אין דעם אינסטינקט פון זעלבסט־פערזיכערונג, וואס אפילו נידריגע חיות בעזיצען. אבער נאר ביי פערהעלטניסמעסיג וויינינגע סאָרטען חיות האט דיזער אינסטינקט געפיהרט צו דער שטרעבונג אָנצוקלייבען שפּייז אויף שפּעטער. די מייסטע חיות לעבען פון טאָג צו טאָג אָהן שום זאָרג וועגען די צוקונפט. וואס זיי קענען נאר ארייננכאפּען, פרעסען זיי גלייך אויף. פאר זיי איז אייגענטהום דאס, וואס זיי קענען פערכאפּען און אויפפרעסען, און דאס זעלבע איז אויך געוועזען אונטער ווילדע מענשען. דאס איז געוועזען דער סאָרט אייגענטהום, וואס איז נאכהער בעצייכענט געוועזען אין אלטען רוים אונטער דעם וואָרט mancipi (פון די ווערטער manus — האנד און capire — נעהמען).

ווען מיר קוקען זיך צו נעהענטער, וועלכע חיות לעבען, זאָ צו זאָגען, פון לאַפּע אין מויל, געפינען מיר, אז דאס זיינען אדער זעהר נידריגע, וועלכע האבען ניט דיא פעהיגקייט צו זאָרגען וועגען דעם מאָרגען, אדער גראַדע זעהר שטאַרקע, וועלכע ברויכען ניט צו זאָרגען, ווייל דורך זייער כח און פלינקייט קענען זיי זיך שאַפען שפּייז צו יעדער צייט. דער לייב און דער טיגער קענען זיך בעגיין אָהן שפּייז־אָנזאַמלונגען, און דאס זעלבע איז אויך מיט דעם עלעפאַנט, וועלכער געפינט איבער־גענוג שפּייז אין דיא וועלדער. ווען דיא נאַטור וואָלט איהם ניט פערזאָרגט מיט אלעם נויטיגעס אין איבערשוס, וואָלט דער עלעפאַנט זיכער דערגאַנגען מיט זיין שכל צו זאַמלען זיך שפּייז, וויא דאס טוען, צום ביישפּיעל, מייז. ביי דיא לייבען בעמערקט מען שוין אבער, אז יעדער פון זיי פערנעהמט א בעזונדערע אומגעגענד, וועלכע ער בעטראַכטעט אלס זיין יאַגד־גרונד און פון וועלכע ער פערטרייבט אַנדערע מיט געוואַלט; און מיר וועלען שפּעטער זעהען, דאס ביי יעגער־פעלקער איז דאָס נעמליכע געוועזן. יעדער שטאַם פלעגט פערכאַפּען א בעשטימטע שטיק לאַנד, און ווען איז געווען צו דיא פרעמדע, וועלכע מען פלעגט דאָרטען געפינען.

דיא שטרעבונג צו פערכאַפּען בעשטימטע פלעצער איז ענטשטאַנען ביי פיעלע סאָרטען חיות, וועלכע יאָגען זיך נאָך אַנדערע חיות. דאס איז נויטווענדיג, אום איינפאַך אָנצוהאַלטען זייער עקזיסטענץ. אייניגע סאָרטען רויב־פויגלען פערטהיידיגען אליץ מעהר און ענערגישער זייערע יאַגד־פלעצער, וואס וועניגער שפּייז זיי קריגען דאָרטען. דאס זעלבע האט מען אויך בעמערקט ביי אייניגע מינים אַפּען. דיא וואַנדערנדע הינט אין מצרים און אין אזיען האבען זיך זייערע בעשטימטע ערטער, און ווען זיי געפינען אין „זייער געגענד" א פרעמדען הונט, צורייסען זיי איהם איינפאַך אויף שטיקער. אָבער אין זייערע יאַגד־פלעצער גופא זאָרגען זיי אייגענטליך ניט אָנצוקלייבען שפּייז אויף שפּעטער.

ביי אַנדערע חיות דריקט זיך אויס זייער אייגענטהומס־אינסטינקט אין אייגענע וואָהנונגען. דיא קונסט פון פויגלען צו בויען נעסטען איז אַלגעמיין בעוואוסט. אויך ווייס יעדער פון אזעלכע

קונציגע בויערס, וויא דיא באָברעס זיינען. קראָליקעס בויען זיך ניט נאר מערקווירדיגע גאַלערייען אונטער דער ערד, זאָנדערן, וויא דאס איז בעמערקט געוואָרן פון נאַטורפאָרשער, זיי לאָזען אויף איבער זייערע גריבער בירושה צו זייערע פאַמיליען. פיעלע חיות האבען גאַנצע שפּייז־מאַגאַזינען אין זייערע גריבער, און עס איז וואַהרשיינ־ ליך, אז דורך דיא נייגונג אָנצוקלייבען שפּייז אויף שפּעטער זיינען זיי געקומען צו בויען זיך אַלץ בעסערע און זיכערערע וואָהנונגס־פּלעצער.

אין דיזער בעציהונג שטייען א סך חיות פיעל העכער, וויא מאַנכע פון דיא נאָך פערבליבענע ווילדע פעלקער, וואס זייערע וואָה־ נונגען בעשטייען פון צווייגען אויף בוימער אָדער שלעכטע געצעלטען אָפּט פערשטעלט נאר ביי דער זייט, פון וועלכער דער ווינט בלאָזט. אין דעם קאַפּיטעל איבער מענשליכע וואָהנונגען האָבען מיר שוין געזעהען, וויא אונזערע אורפּאַטערס האבען צוערשט געלעבט אין נאַטירליכע היילען און וויא נאכהער האבען זיי גענומען גראָבען קינ־ סטליכע; אָבער אין דיזער קונסט האבען זיי זיך ווייט ניט געקענט אויסגלייכען מיט, צום ביישפּיעל, קראָליקעס. נאר ביי חיות טרעפט אויך, דאס א געוויסע פעהיגקייט ענטוויקעלט זיך אונטער געוויסע אומשטענדען זעהר שטאַרק אויף דיא רעכנונג פון אנדערע פעהיג־ קייטען, וועלכע ווערען דאַדורך אַלץ מעהר אָפּגעשוואַכט.

ביי געוויסע סאָרטען פויגלען בעמערקט מען אבער ניט נאר, אז זיי געברויכען דיא זעלבע נעסטען עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד און אז זיי קלייבען אָן א סך שפּייז, זאָנדערן אויך אז זיי האבען א מין געמיינשאַפטליכע אייגענטהום. זיי לעבען אין גרויסע נעסטען צוזאַמען, וועלכע זיי בויען אויך צוזאַמען. דיא אינדיאַנער שוואַלבען ארבייטען זעהר פלייסיג ביי אַלע נעסטען וועלכע זיי בויען בשותפות. עס איז דאָ א סאָרט פויגלען, וואס בויען צוזאַמען א סך נעסטען און וואס ציהען זיי נאכהער אַלע איבער מיט איין דאַך. דיזע פאַקטען זיינען ספּעציעל אינטערעסאַנט, דען זיי גיבען אָנווייַ־ זונגען וועגען דיא אַלגעמיינע ענטוויקלונג פון קאָמוניסטישע אייגענ־ טהום ביי מענשען אויף א געוויסער שטופע פון קולטור. נאר בע־ זאָנדערס בעלעהרענד זיינען דיא פיהרונגען פון בינען און מוראַשקעס

(אַמייזען). עס איז שווער צו ערקלערן, וואַרום גראַדע ביי דיזע קליינינקע און שוואַכינקע אינזעקטען האבען זיך ענטוויקעלט אזעלכע בעוואונדערנס־ווערטע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען; נאַר דער פאַקט בלייבט, אז זיי שטעהען אין דיזער הינזיכט נעהענטער צום מענשען, וויא אירגענד וועלכע אַנדערע חיות. אין מאַנכע בעציהונגען האבען זיי זאָגאַר איבערגעשטיגען דעם מענשען זעלבסט. יעדערער האט עטוואס געהערט אָדער געלעזען פון דיא וואונדערבאַרע אָרגאַניזאַציאָן פון בינען און מוראַשקעס, און דאַרום וועלען מיר דאָ נאַר אין קורצען אָנצייגען, וויא ווייט דער אייגענטהומס־אינסטינקט האט זיך ביי זיי ענטוויקעלט.

ניט נאַר איז ביי זיי טיעף איינגעוואָרצעלט דיא שטרעבונג אָנצוקלייבען וואס מעהר שפּייז (א'ן אויסנאַהמע זיינען נאַר דיא סאָרטען מוראַשקעס, וואס לעבען אין קאַלטע לענדער און וואס שלאָפען איין אויף א גאַנץ ווינטער, זאָ דאס זיי ברויכען קיינע אָנזאַמלונגען פון שפּייז); זאָנדערן מאַנכע סאָרטען מוראַשקעס זיינען פיעל בעסערע אקערבויער, וויא א סך ווילדע און זאָגאַר האַלבווילדע פעלקער. דיא מוראַשקעס אין טעקסאַס (א טהייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ) גראָבען אויף א שטיק לאַנד ארום זייערע נעסטען, פערזייהען דאָרטען א מין תבואה און קלייבען צוזאַמען דיא זאַנגען, וועלכע זיי לייגען צוזאַמען און טראָגען עס אוועק אין זייערע שפּייכלערס. נאַכהער קלייבען זיי אויס דיא קערענדלעך, און וויא דיא קערענדלעך ווערן פייכט, טראָגען דיא מוראַשקעס זיי ארויס צו טריקענען אויף דער זון! אויסער דעם איז ביי מוראַשקעס מערקווירדיג שטאַרק ענטוויקעלט דיא שטרעבונג צו פערנעהמען בעשטימטע פלעצער אלס זייער אייגענטהום, אדער וויא מיר וועלען עס קורצקייט וועגען רופען: טעריטאָריאלע אייגענטהום. ניט נאַר היטען זיי שטאַרק אָפּ זייער געגענד אָדער טעריטאָריע פון פרעמדע, נאַר זיי זוכען נאָך צו פערגרעסערן זייער, זאָ צו זאָגען, פאַטערלאַנד אַקוראַט וויא מענשען. דאס פיהרט צו שטענדיגע מלחמות אונטער זיי, און זייערע וואָהנונגען היטען זיי שטאַרק אָפּ געגען פלעצליכע איבערפאַלונגען פון שונאים, פערלייגענדיג דיא

אריינגענגע פון זייערע גאַלערייעס מיט ערד אָדער שטיקלעך האָלץ. וויא בעוואוסט, האבען דיא מוראַשקעס שקלאַווען און זאָגאַר זייערע קיהעלעך, וועלכע זיי מעלקען אויף זייער אַרט. און ביי איבערפאַלונ־גען ווערן דיא שקלאַווען שנעל פערשפּאַרט פון דיא קריעגערישע מו־ראַשקעס, אדער זיי ווערן אויסגעשטעלט ביי דיא אַריינגענגע, ביל־דענדיג א לעבעדיגע וואַנד.

אייניגע סאָרטען מוראַשקעס זיינען בעריהמט מיט זייערע שטענדיגע מלחמות און איבערפאַלונגען. זיי זוכען נאר צו רויבען איינע ביי דיא אַנדערע זייערע אייעלעך און זייערע בהמות. ווען דיא איבערפאַלענע צולויפען זיך אדער וועהרען זיך ניט, דאַן בעגנוגענען זיך דיא אָנפאַלער מיט דעם, וואס זיי שלעפּען אַוועק אלעס, וואס זיי געפינען נאר; אבער ווען עס קומט צו א קאַמפּף, דאָן איז ער א שרעקליכער, און דיא זיעגערס מאָרדען אונבאַרמהערציג דיא בע־זיעגטע. אין דיא איינגענומענע נעסטען לאָזען דיא זיעגערס אָפּט־מאָל איבער גאַרניזאָנען, אום דיא בעזיעגטע זאָלען זיך ווידער אהין ניט אַריינכאַפּען. דיזע מלחמות האבען עס זיי וואַהרשיינליך גע־פיהרט צו בענוצען דיא געפאַנגענע אלס שקלאַווען אַקוראַט וויא עס איז דער פאַל געווען ביי מענשען. הובער און אַנדערע בעריהמטע נאַכפאָרשער האבען אונבעשטרייטבאַר בעוויזען, אז געוויסע סאָרטען מוראַשקעס פּאַסען אויף און קאָרמענען געוויסע חיה׳לעך, וואס מען רופט גראָז־לייז, אום זיי צו מעלקען. דאס זיינען זייערע קיה. זיי קלייבען צוזאַמען דיא אייעלעך פון דיזע פליגעלעך, לייגען זיי צונויף אין שפּייכלערס און פּאַסען אויף, אז דיא יונגע בהמה׳לעך זייערע זאָלען ניט אומקומען. זיי בויען פאר דיזע קיהעלעך שטאַלען, פיה־רען זיי ארויס אויף דיא פרייע לופט, היטען זיי אָפּ און פיהרען ווע־גען זיי מלחמות אונטער זיך. דיזע קיהעלעך לאָזען פון זיך ארויס אזא זאַפּט, וואס דיא מוראַשקעס גלייכען זעהר. און ווען מוראַשקעס ווילען טרינקען דעם זאַפּט, הייבען זיי אָהן צו קיצלען דיא קיהעלעך מיט זייערע וואָנצעלעך. אבער ווען דיא מוראַשקעס האבען קיין אַנ־דער שפּייז, פרעסען זיי אויף דיא קיהעלעך אין גאַנצען. זיי האַנד־לען דאָ אַלזאָ אַקוראַט וויא מענשען מיט זייערע בהמות.

דיא עכטע קריגערישע מוראשקעס, דיא זאָ־גענאנטע בלוטיגע, האבען אין גאַנצען פערשקלאַווט דעם שווארצען סאָרט. אבער דער־בײ האַנדלען דיא מוראשקעס קליגער אוז פּאָרזיכטיגער, וויא מענ־שען. זיי מאַכען קיין מאָל ניט ערוואַקסענע פאר שקלאַווען, נאר דיא יונגינקע, און פּאַסען אזוי גוט אויף, אז דיא אויסגעקאָרמעטע שקלאַווען ווערן זעהר געהאָרכזאַמע און טרייע דיענער. דיא מוראַש־קעס־שקלאַווען טוען אלע ארבייטען אין נעסט, פערלייגען דיא אריינ־גענגע בײ א'ן איבערפאַל און טראָגען און קאָרמענען אפילו זייערע הערדען, וועלכע בעשעפטיגען זיך נאר מיט קריעג. ביי איניגע סאָר־טען מוראַשקעס גייען דיא שקלאַווען קיין מאָל ניט ארויס פון דיא נעסטען. געוויינליך טראָגען דיא שקלאַווען ארום זייערע הערדען, נאר ווען מען דאַרף איבערציהען אויף א נייעם אָרט, דאן טראָגען שוין דיא הערדען זייערע שקלאַווען אלס זייער אייגענטהום.

דיא פערהעלטניסע צווישען דיא שקלאַווען און הערען ביי איי־ניגע סאָרטען מוראַשקעס זיינען פערשיעדען, וואס עס צייגט, אז שקלאַווערײ האט זיך ביי זיי ביסלעכווייז ענטוויקעלט. געלעהר־טע נאכפאָרשער האבען אויסגעפונען פיעל בעווייזע, אז שקלאַווערײ איז ענטשטאַנען ביי מוראשקעס אין פערלויף פון יאָהר־טויזענדע. דאס איז א וויכטיגער פאַקט פאר דיא קולטור־געשיכטע, דען ער בעשטעטיגט דיא לעהרע פון עוואָלוציאָן אדער ענטוויקלונג אונטער מענשען.

זעהר אינטערעסאַנט זיינען אויך דיא פאַקטען, אז דיא שקלאַ־ווערײ האט עבענזאָ אזוי שלעכט געווירקט אויף דיא מוראשקעס־אריסטאָקראַטען, וויא אויף מענשליכע אריסטאָקראַטען. עס איז דאָ א סאָרט מוראַשקעס, וואס מען רופט אַמאַזאָנען און וואס ערנידע־ריגען זיך אפילו ניט צו עסען אָהן דיא הילפע פון דיא שקלאַווען. זייערע מיילער זיינען מיט דער צייט אזוי ענטוויקעלט געוואָרן, אז זיי טויגען נאר דורכצולעכערן אדער דורכצובייסען דיא קעפּ פון זייערע פיינדע, אבער ניט צו נעהמען שפּייז. אָהן דיא הילפע פון זייערע שקלאַויען, וועלכע שפּאַרען זיי אין מויל אריין שפּייז, וואָלטען דיזע אַמאַזאָנען־מוראַשקעס איינפאַך געשטאָרבען. דער געלעהרטער נאַכ־

פאָרשער הובער האט פּרובירט לאָזען אליין א 30 אמאזאָנקעס מיט געגוג שפּייז; אבער זיי זיינען געוועזען גאַנץ הילפלאָז און זיינען מיי־סטענס אויסגעשטאָרבען. נאכהער האט ער צו דיא לעבעדיג־געבלי־בענע אריסטאָקראַטישע אמאזאָנקעס אריינגעלאָזען איין שווארצען שקלאַוו, און דיזער שקלאַוו האט זיך באַלד גענומען צו דער ארבייט, האט אָנגעקאָרמעט דיא אָבגעשוואכטע אריסטאָקראַטען, האט פאַ־נאנדערגעלייגט דיא אייעלעך און האט אלעס געבראכט אין ארדנונג. אנדערע אריסטאָקראַטישע מוראשקעס טויגען שוין אפילו ניט צו מלחמה. דורך זייער ליידיג־גיין און פוילקייט האבען זיי פערלאָרען זייער גאנצע פיזישע קראַפט, און דיא שקלאַווען טראָגען שוין אויך אוועק דיא געדרויבטע אייעלעך.

דאָ בעט זיך א פערגלייך מיט מענשליכע אריסטאָקראַטען. דאס לעבען אָהן ארבייט, אויף פרעמדע רעכנונג, רופט זיך ביי מענ־שען אויך אָפּ דורך פיזישע און גייסטיגע אָפּשוואכונג. זאָ איז עס בעוואוסט, אז דיא מייסטע אריסטאָקראַטישע פאַמיליען שטאַרבען שנעל אויס; און אין ענגלאַנד, צום ביישפּיעל, וואָלט שוין לאַנג ניט פערבליבען א זוכר פון לאָרדען, ווען זיי וואָלטען ניט „בעגייט דאס בלוט" דורך חתונות מיט אנדערע קלאַסען. דורך סטאַטיסטישע רעכ־נונגען איז בעוויזען געוואָרן, אז דיא אריסטאָקראַטיע אין מענשליכע געזעלשאַפטען גייט אלץ צוריק אי פיזיש אי גייסטיג, זאָ דאס אין עטליכע דורות שטאַרבען זיי אויס, ווייל זיי האבען ווייניג קינדער און לעבען ניט לאַנג. א געוויסע סומע אָנשטרענגונגען איז עבענזאָ נוי־טיג פאר דעם מענשען אזוי גוט וויא פאר חיות, אום צו קענען עק־זיסט־רען און זיך פערמעהרען. איינער פון דיא גרויסע נאַטור־געזעץ אין דעם לעבען פון חיות איז, אז ווען א געוויסער אָרגאַן ווערט ניט געברויכט אין פערלויף פון דורות, שטאַרבט ער איינפאַך אָפּ אדער וויא מען דריקט זיך אויס אויף דעם וויסענשאַפטליכען לשון, ער ווערט א ט ר אָ פ י ר ט.

נאר וויא שטאַרק מוראשקעס, וויא אויך בינען און אנדערע אינזעקטען (צום ביישפּיעל דיא ט ע ר מ י ט ע ן אין אפריקא, וועלכע בויען נעסטען פון 4 ביז 5 פוס הויך מיט אונצעהליגע גאַללערייען

און קעמערלעך און וועלכע קלייבען אָן אזוי פיעל תבואה, אז ד״א נעגערס בענוצען זיך מיט דעם), זאָרגען ניט פיר אייגענטהום, איז ביי זיי דאָך ניט געפונען געוואָרן דער מינדעסטער סמן פון פריוואַט־אייגענטהום. אַלעס וואס זיי פערמעגען געהערט צו אַלעמען און זיי זאָרגען נאר פאַר'ן כלל. זייער אייגענטהום איז א פאָלקאָמען געזעל־שאַפטליכע און קאָמוניסטישע, וויא עס איז נאָך וואהרשיינליך אונ־טער מענשען קיין מאָל ניט געווען. יעדע איינצעלנע מוראַשקע אדער יעדע איינצעלנע בין איז טאַקע נאר א טהייל פון דעם גאַנצען נעסט. זיי גנב'ענען אפילו וויא פיעלע אַנדערע חיות, אבער נאר ביי פרעמ־דע. ביי זיי זעלבסט איז אַלעס פראַנק און פריי פיר יעדען. ווען א הונגעריגע בין טרעפט א חבר'טע, וועלכע קעהרט זיך אום פון דער רייזע מיט א פולען בויך, דאַרף נאר דיא הונגעריגע א לייכטען קלאַפּ טאָן מיט איהרע וואָנצעלעך איבער דעם קאָפּ פון דער חבר'טע, און יענע צוטהיילט זיך גלייך מיט איהר ברידערליך מיט דיא שפּייז, וועלכע איז אָנגעקליבען אין איהר מאָגען. דאס זעלבע איז אויך מיט דיא מוראַשקעס, נאר, וויא הובער האט עס בעמערקט, איז נאָך ביי זיי אָנגענומען, אז דיא וואס קריגט דיא שפּייז זאל דערפאַר העפ־ליך דאַנקען דיא וואס קאָרמעט איהר. דער אויסדרוק פון דאַנק בעשטייט אין דעם, וואס דיא הונגעריגע שאָקעלט זעהר שנעל מיט דיא וואָנצעלעך.

עס איז בעמערקט געוואָרן פון בעוואוסטע נאכפאָרשער, אז וואס לענגער בינען אדער מוראַשקעס האבען זיך געהאַלטען אין איין נעסט, אַלץ פריינדליכער און מיט מעהר אחדות האבען זיי זיך אויפ־געפיהרט. הובער דערציילט פון א נעסט פון מוראַשקעס, וועלכע האבען זיך איינע דיא אַנדערע געקאָרמעט, געלאַסצעט און ארומ־געטראָגען פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן. זיי זיינען אַלע מעהר אדער וויינינגער טהיילען פון איין געזעלשאַפטליכען אָרגאַניזמוס. עס זיינען אבער אויך פערבליבען אין דער וועלט פון בינען און מוראַש־קעס זייערע, זאָ צו זאָגען, ווילדע פעלקער, וואס עס צייגט אָם קלאָר־סטען, אז זייערע אָרגאַניזאַציאָנען און קולטור זיינען נאר ע נ ט וו י־ק ע ל ט ע אזוי וויא ביי מענשען. עס זיינען דאָ מוראַשקעס, וועלכע

האבען נאך ניט דערגרייכט אפילו צו דיא פערטהיילונג פון ארבייט, וואס איז אזוי ענטוויקעלט אין גוט־איינגעאָרדנעטע נעסטען. דיא בינען אין אַמעריקאַ זיינען איבערהויפּט ניט דערגאַנגען אזוי ווייט אין דער בוי־קונסט, וויא דיא בינען אין אוירָאפּאַ. ביי דיא בינען וואס לעבען בעזונדער און געפינען זיך דארום ניט אונטער דעם איינפלוס פון געמיינשאפטליכען לעבען, ארבייטען דיא נקבות אזוי גוט וויא דיא זכרים, וואס עס איז ניט דער פאַל ביי, זאָ צו זאָגען, ציוויליזירטע בינען.

ווען מיר וועלען יעצט פון דיזע קורצע בעטראַכטונגען איבער דעם אייגענטהומס־אינסטינקט ביי חיות איבערגיין צום אָנפאַנג פון אייגענטהום ביי מענשען, וועלען מיר געפינען, אז דער גאַנג פון דער ענטוויקלונג איז ביי זיי אַלעמען געווען דער זעלבער און אז עס זיינען נאך ביז היינט צו טאָג פערבליבען אייניגע ווילדע פעלקער, וועלכע האבען נאך ניט דערגרייכט צו דער שטופע פון פיעלע חיות, שוין ניט ריידענדיג פון מוראַשקעס. אין זיין בעריהמטען בוך „דיא עוואָלוציאָן פון אייגענטהום" צוטהיילט דער פראַנצויזישער געלעהרטער לעטור־נאָ דיא מענשען אין בעצוג אויף אייגענטהום אין פיער גרופּען: 1) שטאַמען וואס האבען קיין אָרגאַניזאַציאָן אדער וואס געפינען זיך, וויא מען רופט עס, אין אַ׳ן אַנאַרכישען צושטאַנד; 2) פעלקער וואס זיינען שוין געוויסערמאַסען אָרגאַניזירט, אבער פערבלייבען נאך רעפּובליקאַניש; 3) פעלקער, וואס האבען שוין א פערשיעדענאַרטיגע אָרגאַניזאַציאָן, מיט שקלאַווען, אריסטאָקראַטען און געוויינליך אויך קעניגע; 4) פעלקער פערבונדען אין גרויסע דעספּאָטישע מאָנאַרכיעס. נאר אייניגע ווייסע פעלקער זיינען ארויס פון דער פערטער גרופּע; אַלע איבעריגע געפינען זיך נאך אין איינער פון דיא אָנגעצייגטע פיער. מען קען נאַטירליך מאַכען אנדערע פערטהיילונגען און סאָרטירונגען, אום צו ערלייכטערן דיא נאכפאָרשונג וועגען איינעם פון דיא שווערסטע פונקטען אין דער קולטור־געשיכטע, נעמליך: דער אורשפּרונג און דיא ענטוויקלונג פון אייגענטהום; אבער לע־טורנאָ׳ס פערטהיילונג שיינט אונז דיא בעסטע און דיא לייכטעסטע פיר אונזער נאכפאָרשונג און דארום וועלען מיר זיך אָן איהר האַלטען,

וויא ווייט דער פלאץ וועט עס ערלויבען, דען עס פערשטייט זיך, אז מיר קענען אין א'ן אלגעמיינע געשיכטע פון קולטור ניט איבערגעבען אלע פאקטען און בעטראכטונגען וואס געפינען זיך אין א ספעציעלען בוך איבער אייגענטהום.

אלס פעלקער, וואס געפינען זיך נאך יעצט אין דעם אנארכישען צושטאנד און וואס קענען פאלגליך בעטראכטעט ווערן אלס דיא ווילדעסטע אויף דער ערד, רעכענט לעטורנא דיא נעגריטאסען אין דיא וועלדער פון דעם אינזעל בארנעא, דיא וועדדאכען אויף דעם אינזעל ציילאן, דיא בושמענען פו זיד־אפריקא און דיא פועדזשיאנער אדער דיא שוין פיעל מאל דערמאנטע אין דיא פריהערע קאפיטלעך איינגעבארענע פון פייערלאנד אין סאמע זיד פון אמעריקא. דיא ווילדעסטע פון זיי זיינען דיא נעגריטאסען פון בארנעא, וועלכע שלעפען זיך ארום איבער דיא וועלדער וויא חיות. זייערע נקבות באפען זיי און וואלגערן זיך מיט זיי אקוראט וויא חיות. ביי נאכט ציהען זיי זיך אוים ערגעץ אונטער א בוים, אנצינדענדיג נאר א קופע צווייגען, אום צו פעריאגען רויבטהירען. זיי לעבען פארענוויז נאר ביז זייערע קינדער ווערן דערוואקסען, אז זיי זאלען זיך אליין קענען קריגען שפייז, און נאכהער צושיידען זיי זיך.

ביי דיזע ווילדע איז אפילו נאך ניט ענטוויקעלט דיא ערשטע פארמע פון אייגענטהום, וויא מיר געפינען עס ביי פיעלע חיות, נעמליך: טעריטאריאלע אייגענטהום אדער א בעשטימטער יאגדגרונד. קיין צווייפעל דארום, אז דיא ערשטע מענשען האבען נאך יאהר־טויזענדע ניט געוואוסט אפילו דערפון און האבען זיך איינפאך ארומגעשלעפט פארענווייז אדער גרופענווייז איבעראל וואו זיי האבען נאר געקענט קריגען שפייז.

ניט העכער פון זיי שטייען דיא נעגריטאסען פון ציילאן, גענאנט וועדדאכען, וועלכע האבען נאך אפילו ניט אין זייער שפראך ווערטער צום צעהלען. דיא בושמענען פון אפריקא זיינען אויך ניט פיעל פארטגעשריטענער. זיי האבען נאך קיינע הייזער, קיינע סטאדעס און אפילו ניט בעשטימטע יאגד־פלעצער. זיי שלעפען זיך ארום אין קליינע גרופען, זוכענדיג שפייז און פערכאפענדיג אלעס וואס זיי

קריגען נאר אונטער דער האנד. פון דעסטוועגען צייגען זיי שוין ארויס געוויסע געזעלשאפטליכע נייגונגען. זאָ, צום ביישפיעל, עקזיסטירט ביי זיי א מנהג צו טהיילען זייער שפייז צווישען אלעמען גלייך; און ווען איינער פון זיי קריגט שפייז אלס א געשאנק, זאָ איז ער מכבד זיינע פריינד דערמיט און זיך אליין לאָזט ער איבער א קליינעם חלק.

דיא פועדזשיאנער אדער פייערלענדער זיינען שוין א ביסעל ווייטער געגאנגען וויא דיא בושמענען. זיי קענען שוין בויען שיפלעך, וועלכע זיי האבען דאך ניט אויסגעבעסערט, טראָץ זייער בעקאנטשאפט מיט אויראָפּעער, און אויך געצעלטען פון צווייגען. אויסער דעם האבען זיי שוין געוויסע בעגריפע וועגען אייגענטהום. זיי טהיילען זיך אָפּ אין קליינע גרופען אויף געוויסע ערטער, זאָ דאס זיי זיינען שוין דערגאנגען צו אייגענטהום אויף אלגעמיינע יאגד־פלעצער. זיי לעבען פון פאנגען פיש אין ים, און דאס צווינגט זיי צו וואנדערן; אבער פון צייט צו צייט קעהרען זיי זיך אום אויף זייערע אלטע ערטער, וועלכע מען קען דערקענען נאך דיא קופּעס ים־שיסעלעך, וואס זיי ווארפען אָן לעבען זייערע וואָהנונגען. הגם זיי הונגערן זעהר אָפט און קריגען קלעגליכע שפייז מיט גרויס מאטערנעס און געפאהר, זאָרגען זיי פון דעסטוועגען גאנץ ווענינ וועגען דעם מאָרגען. ווען עס טרעפט זיך זיי צו טויטען א זעהונד, פרעסען זיי זיך אָן ביז צום פלאצען און דיינקען גאר ניט עפּעס איבערצולאָזען אויף מאָרגען. און ווען דער ים ווארפט א מאָל ארויס אויפ'ן ברעג א טויטען וואהל־פיש, וואס עס איז פאר זיי דער גרעסטער יום טוב, דאן ווארפען זיי זיך אויף איהם ארויף וויא א סטאיע רויב־פויגלעך. אין צייטען פון הונגער שיקען זיי ארויס מרגלים, און ווען עס גליקט דיא מרגלים צו געפינען א טויטען וואהלפיש, דאן רייסען זיי אָפּ שטיקער פלייש, וויא פיעל זיי קענען נור מיטשלעפּען, מאכענדיג לעכער אין דיא שטיקער און דורכשטופּענדיג דורך זיי דעם קאָפּ, אום בעקוועמער צו טראָגען — און אזוי אָנגעלאָדען, קעהרען זיי זיך אום צו דיא פערבליבענע, וועלכע בעגעגענען זיי מיט דיא גרעסטע שמחה און נעהמען זיך צום טהיילען, אז אלע זאָלען קריגען גלייך. דער טהיילער איז געוויינליך א'ן אלטער מאן, וועלכער ברומט עפּעס

אונטער דערביי. אפילו אין אזא פאל, ווען יעדערער קריגט שוין פיעל מעהר, וויא ער קען אויפפרעסען, טרעפט עס זעלטען, דאס זיי זאלען זיך דערמאנען וועגען שפעטער און זאלען בעגראבען אין זאמד דיא איבערגעבליבענע שטיקער, וויא, צום ביישפיעל, הינט טוען עס.

דאס צייגט, אז דורך זייער פערקעהר אין גרופען האבען זיך ביי זיי ענטוויקעלט אייניגע געזעלשאפטליכע אייגענשאפטען. נאר פון פריוואט־אייגענטהום האבען זיי נאך הפנים דעם קלענסטען בעגריף. און זא האבען מיר א שטאם, וואו דיא בעגריפע פון אייגענטהום ווערן ערשט געבארען.

דיא אויסטראליער געהערען שוין אין אלגעמיין צו דער צווייטער גרופע פון לעטורנא, דען זיי האבען שוין ניט נאר שטרענג בעגרענצטע יאגד־פלעצער, זאנדערן ביי זיי זיינען אויך איינגעפיהרט בעשטימטע רעגעלען וועגען דיא פערטהיילונג פון שפייז־זאכען און זיי בעזיצען שוין אייניגע זאכען אלס זייער פריוואט־אייגענטהום. זיי געפינען זיך אויף דער ערשטער שטופע פון געמיינדע־ארגאניזאציאן, דער פונדאמענט פון וועלכער איז פאלקאמענע גלייכהייט. זיי זיינען צוטהיילט אין קלאנען אדער שטאמען, וועלכע פיהרען זיך נאך א גאנצע רייהע לאנג אנגענומענע מנהגים אדער ניט־געשריבענע געזעץ. אלע מיטגליעדער פון איין שטאם פיהלען זיך סאלידאריש און זיינען פערפפליכטעט צו העלפען זיך איינע דיא אנדערע און צו נעהמען ראכע פאר זייערע מיטגליעדער. אלע זיינען גלייך, קיינע אריסטאקראטען גיבט עס ביי זיי ניט, און דיא פערוואלטונג איז א רעפובליקאנישע. דאס הויפטרעכט אויף דעם לאנד און אויף דעם גאנצען פערמעגען געהערט צום *גאנצען קלאן*, וועלכער רעגולירט אלעס און דיא האנדלונגען פון יעדען איינציגען דורך בעשטימטע מנהגים. דא האבען מיר דיא ערשטע פארמען פון רעפובליקאנישע געמיינדעס מיט געמיינשאפטליכען אייגענטהום. יעדער מיטגליעד האט א רעכט צו גיין אויף געיעג אויף דער טעריטאריע פון דעם קלאן און אויך א רעכט אויף א בעשטימטען טהייל פון שפייז. דיא בעשרענקונגען פון דיא מיטגליעדער זיינען זעהר שטרענגע. דיא פועדזשיאנער זיינען נאך זעהר שוואך פערבונדען; אבער דיא אויסטרא־

ליער ווערן שוין אויף זייער שטייגער בעהערשט אזוי וויא מיט גע־שריבענע געזעצן. יעדער איינער קען שוין ניט טאָן, וויא ער וויל, נאר ער מוז פאָלגען דיא אַלגעמיינע בעשליסע. זיי האבען זיך זייע־רע בעשטימטע רעגעלען וועגען דיא פערטהיילונג פון דיא חיות, וועלכע זיי פאַנגען. צום ביישפּיעל, ווען א יעגער טויטעט א'ן אויי־סטראַליער בער, דאַן מוז ער איהם צושניידען אין דער לענג אויף צוויי העלפט, פון וועלכע איין העלפט געהערט צו זיינע פערוואַנדטע און דיא אַנדערע צו דיא פערוואַנדטע פון זיין ווייב. זיך אליין קען ער נאר איבערלאָזען דעם קאָפּ און דעם לעבער; אבער פון דעם קאָפּ דארף ער נאך אָפּגעבען א טהייל זיין ווייב, און זיא האט אָפּ־צוגעבען דיא אויערן צו איהר שוועסטער, אויב זיא האט א שוועסטער. וועגען דיא חלוקה פון געפאַנגענע פיש עקזיסטירען א גאַנצע רייהע פון רעגעלן, וועלכע דיא אויסטראַליער פיהרען פּינקטליך אויס, וויא שווער דאס זאל זיי ניט זיין. דער גאַנצער לעבען פון דעם אויסטראַ־ליער ווערט אזוי רעגולירט דורך מנהגים. און דאס זעלבע איז אויך מעהר אדער ווייניגער דער פאַל ביי אלע פעלקער, וועלכע שטייען אויף דער זעלבער שטופע פון געמיינדע־אייגענטהום און אלגעמיינע ענטוויקלונג.

דיא פערשיעדענע זעהר בעשרענקענדע רעגעלן וועגען דיא פערטהיילונג פון שפּייז זיינען ביי דיא אויסטראַליער איינגעפיהרט געוואָרן דורך דעם, וואס דאס לאַנד איז אָרעם און וואס עס איז זיי שווער זיך צו ערנעהרען; אבער פון דעסטוועגען דיינקען זיי נאך ניט וועגען אָנזאַמלונגען אויף שפּעטער. ווען זיי האבען א סך, פרע־סען זיי וויא פיעל עס לאָזט זיך, און דאס איבערגעבליבענע צו־וואַר־פען זיי איינפאַך אדער פערניכטען עס גאָר. אין דיזער בעציהונג שטייט דער אויסטראַליער נידריגער וויא פיעלע חיות.

דאָך עקזיסטירט שוין אויך דער בעגריף פון פּריוואט־אייגענטהום ביי זיי עס ווערט נעמליך אַנערקענט, אז יעדערער האט א'ן אויס־שליסליכען רעכט אויף זיין געוועהר, זיינע בעפּוצונגען און אויך אויף שטובינע זאכען. דאָ טרעפען מיר זיך מיט דיא ערשטע פּאָר־מע פון פּריוואט־אייגענטהום. דאס איז דער אָנפאַנג פון

דעם, וואס מענשען האבען אָנגעפאַנגען צו רעכענען אלס „מיינס“ און זיך צונעהמען. דער ביישפּיעל פון דיא אויסטראַליער איז ריכ־טיג פיר אַלע פעלקער אויף דער ערד אין דעם זעלבען קולטור־צושטאנד.

ווען מיר וואָלטען אפילו ניט געהאט קיין שום פאַקטען וועגען דיא פערשיעדענע פאָרמען פון אייגענטהום ביי ווילדע פעלקער, וואָל־טען מיר איינפאַך מיט'ן שכל בעדארפט קומען צום שלום, אז דיא ערשטע זאַכען, וועלכע דער מענש האט גענומען רעכענען אלס זיינע אייגענע, האבען בעדארפט זיין זיינע געצייג, געוועהר און בעפּוצונגען, דאס הייסט אייגענטליך וואס ער האט געטראָגען מיט זיך אדער איינפאַך אויף זיין גוף. זאָ לאַנג געוויינליכע שטעקענס אדער שטיי־נער זיינען געוועזען דיא אינסטרומענטען פון מענשען האט מען זיך נאטירליך גאַר ניט געקימערט וועגען האלטען זיי ביי זיך; אבער וויא מען האט אָנגעפאַנגען צוצולייגען צו זיי ארבייט, אום זיי אויס־צובעסערן, האבען זיי שוין דורך דעם געקראָגען א ווערטה און יע־דערער האט זיי אָבגעהיט, אום ניט צו פערלירען זיין ארבייט. דיא פערזענליכע ארבייט פון דעם ווילדען איז אַלזאָ געוועזען זיין ריכטיגע אייגענטהום, און דאס אליין האט ער געשעצט. דער ווילדער פלעגט, זאָ צו זאָגען, צוזאמענגעוואַקסען ווערן מיט זיינע ערשטע געצייג, וועלכע זיינען געוועזען: א פערשפּיצינגטער שטעקען, א שפּיז, א שווערד, וועל־כער האט מייסטענס אויך געדיענט אלס א האמער, א שאָלעכץ צום טרינקען און אין פיעל שפּעטערע צייטען אויך א פייל־און־בויגען. צוזאמען מיט זיינע פוץ־זאַכען האט ער דאס אלעס שטענדיג געהאט מיט זיך און אויף זיך.

דער בעגריף פון פּריוואט־אייגענטהום פון יעדען אויף דיזע זאַכען איז אזוי וויט געגאַנגען, דאס אפילו נאך דעם טויט האבען זיי אויסשליסליך געהערט צו איהם. ערשט אין פיעל שפּעטערע צייטען האבען אזעלכע זאַכען גענומען איבערגיין בירושה; אין אָנפאַנג פלעגט מען זיי בעגראָבען צוזאמען מיט דעם אייגענטהימער אדער איינפאַך צושטערען נאך זיין טויט. ביי דיא אויסטראַליער איז נאך מייסטענס איינגעפיהרט מיט־צוגעבען דעם טויטען זיינע פּערזענליכע חפצים

אדער זיי צו צוברעכען און צו פערניכטען, אז אנדערע זאָלען זיך דערמיט ניט קענען בענוצען. און דעם זעלבען בעערדיגונגס־מנהג געפינען מיר ביי אלע ווילדע פעלקער און סמנים דערפון ביי אלע קולטור־פעלקער, וואס עס צייגט ווידער, אז אלע פעלקער זיינען דורכגעגאנגען דיא זעלבע שטופען פון ענטוויקלונג.

איינינע רייזענדע, וועלכע זיינען נאך ניט בעקאנט געווען מיט דיא נייעסטע קולטור־געשיכטליכע נאכפאָרשונגען, האבען ערקלערט דיזע זאָנדערבאר־שיינענדע בעערדיגונגס־צערעמאָניעם דערמיט, דאס דיא ווילדע האבען אויס ליעבע און אכטונג צו זייערע פערשטאָרבענע ניט געוואָלט ציהען נוצען פון זייערע זאכען. מען האט דאָ אלזאָ צוגעשריבען דיא ווילדע אזעלכע עדעלע געפיהלען, וואס אפילו דיא ציוויליזירטעסטע מענשען בעזיצען ניט. מען האט נאך יעדענפאלס ניט געהערט פון אזא פאל אין אייראָפּא, אז איינער זאָל זיך אָפּזאָגען פון א ירושה אויף דעם גרונד פון ליעבע צום פערשטאָרבענעם. וואס אנבעלאנגט צו דיא אויסטראליער און אנדערע אזעלכע פעלקער, זאָ גייט זייער איידעלקייט אזוי ווייט, אז זיי לאָזען ביי זיך איבער דיא שארבענס און ביינער פון זייערע טויטע, הגם דיא זאכען פון דיא טויטע לאָזען זיי איבער פיר דיא טויטע. אויסער דעם, ווען עס וואָלט איבערהויפּט מעגליך געווען, אז ווילדע זאָלען האָבען אזעלכע עדעלע און דעליקאטע געפיהלען וועגען זייערע טויטע, וויא מאנכע רייזענדע האבען עס קינדיש גערעכענט, טאָ וויא אזוי זאָל מען ערקלערן דיא פאקטען, דאס דיא זאכען פון דיא פערשטאָרבענע ווערן איינפאך צושטערט?

מיר קריגען אבער א גאנץ קלאָרע און איינפאכע אנטוואָרט אויף דיזע פראגע, ווען מיר נעהמען נור אין אנבעטראכט, אז דיא זאכען, וואס יעדער ווילדער יעגער האט געטראָגען מיט זיך, זיינען ניט נאר געווען גערעכענט פון איהם זעלבסט און פון זיינע ברידער אלס א טהייל פון זיין גוף, זאָנדערן אויך אלס א טהייל פון זיין גייסט. אין דיא קאפּיטלעך איבער רעליגיאָן וועלען מיר זעהען, וויא יעדע זאך איז געווען בעזעעלט און בעלעבט פון דעם ווילדען'ס איינבילדונג און וויא מען האט אָנגענומען, אז דיא טויטע בעהאל-

טען זיך ערגעץ הינטער בערג, אין דער ערד, אין ים א. ז. וו. און פיחרען זיך אייגענטליך אויף וויא פריהער, ווען זיי האבען נאך געוואנדערט צווישען דיא לעבעדיגע. עס איז דארום נאטירליך געוועןפאר ווידלע קעפּ אָנצונעהמען, אז מען דארף צושטעלען דעם רייזענדען אויף א'ן אנדער וועלט אלע זאכען, וועלכע ער האט געברויכט אין זיין לעבען אויף דיזער וועלט, און דארום האט מען איהם אלערערשט איבערגעלאָזען זיינע פערזענליכע זאכען ביי דער בעערדיגונג. נאכהער, ווען דיא בעגריפע וועגען דיא גייסטער פון טויטע האבען זיך מעהר ענטוויקעלט און מען האט ביי פיעל פעלקער גענומען ברענען דיא טויטע, אום גיכער אָפּצוטהיילען דיא קערפּערס פון דיא נשמות, האט מען צוגלייך אויך געברענט זייערע זאכען, אום אויך אָפּצוטהיילען „דיא נשמות“ פון דיזע זאכען. דער גייסט אדער שטן פון דעם פערשטאָרבענעם האָט אַלזאָ געקראָגען דיא שאָטענס פון זיינע זאכען, און מען האט דארום אויך גענומען ברענען דיא ווייבער און שקלאווען פון דיא הערען, אז זיערע שאָטענס זאָלען זיך צוזאמענטרעפען אין דער שאָטען־וועלט. אז אזוי האבען דיא ווילדע ווירקליך געדיינקט נאך זייער לאָגיקע, צייגט אויך דער מנהג פון איינינע פאָלינעזיער, וועלכע פלעגען ניט ברענען זייערע טויטע, אבער פלעגען צוזאמען מיט דעם קערפּער בעגראָבען זיינע זאכען, צוברעכענדיג זיי אפריהער, אום זיי צו טויטען. דיזע ווילדע האָבען געגלויבט, אז אָהן דיזער „טויטונג“ וואָלט זיך דער פערשטאָרבענער ניט געקענט בענוצען מיט דיא שאָטענס פון זיינע זאכען. און אז אונזערע פאָרפאטערס האבען אויך אזוי געגלויבט, זעהען מיר פון דעם, וואס ביי דיא אויסגראָבונגען אין פיעלע אייראָפּעאישע ערטער געפינט מען לעבען דיא טויטע פון דעם שטיינערנעם פעריאָד זייערע העק צובראָכען.

קורץ, דאס אייגענטהום אויף געצייג, געוועהר און בעפּוצונגען איז געווען דער ערשטער אָנפאנג, וואס מענשען האבען געמאכט, אום אויסצוטהיילען זיך פון דעם כלל; אבער דער שריט דערפון צו דעם מינדעסטען געדאנקען וועגען פּריוואט־בעזיץ פון לאנד איז נאך געווען אונגעהייער וויים, וויא מיר וועלען עס זעהען אין דיא נעב־

סטע קאפיטלעך. דיזער בעזיין פון פערזענליכע זאכען איז אויך גע־ווען הימעלווייט פון אונזערע יעצטיגע בעגריפע פון פריוואט־אייגענ־טהום ניט נאר צוליעב דעם, ווייל מען האט זיי געוויינליך ניט גע־קענט אפילו אויסבייטען, זאָנדערן ווייל זיי האבען אפילו ניט געפיהרט צו אָנזאמלונגען, דען מען האט זיי נאך דעם טויט פון זייער אייגענ־טהימער בעגראָבען אין דער ערד אדער פערניכטעט. דאס איז גע־ווען א פערזענליכעס אייגענטהום אין פולען זינען פון דיזען וואָרט. דאס איז געווען א'ן אייגענטהום וואס האט עקזיסטירט און איז אונטערגעגאנגען צוזאמען מיט דעם אייגענטהימער און וואס האט געשפיעלט א זעהר קליינע ראָלע אין דעם פאָרטשריט פון מענשען. פערקעהרט, מען קען זאָגען, אז דיא בעערדיגונגס־מנהגים, וואס זיי־נען דערמיט פערבונדען געוואָרן דורך אבערגלויבענס, האבען נאר געשטערט דיא מענשען צו קלייבען און צו זאַרגען וועגען דיא צוקונפט. אונגעהייער פיעל זאכען זיינען דורך דעם פערניכטעט געוואָרן. זאָ, צום ביישפיעל, פלעגען אייניגע פעלקער פון בראזיליען איבערלאָזען דיא טויטע אפילו דיא הייזער און דיא ערטער, וואו יענע האבען גע־לעבט. אין מעקסיקאָ און אין פערו פלעגט מען דיא טויטע קעניגע איבערלאָזען זייערע פאלאצען און מאסען אוצרות, וואס עס האט, וויא בעוואוסט, געצווינגען דיא שפאניער איינצונעהמען דיזע לענדער. מען האט סתם פערניכטעט אדער געמאכט נוצלאָז מאסען געצייג און אנדערע ניצליכע זאכען. דיא רעליגיאָן האט דאָ, אלזאָ, אין אָנ־פאנג אונגעהייער פיעל געשטערט דיא ענטוויקלונג פון פריוואט־אייגענטהום; אבער דערפאר האט זיא שפעטער, ווען מען איז גע־פאלען אויף דעם פלאן זיך אויסצוקויפען דורך קרבנות פון דיזע פערניכטונג, וויא מיר וועלען עס זעהען, זעהר פיעל מיט־געהאָלפען צו בעפעסטיגען דיא רעכטע און געפיהלע פון פריוואט־אייגענטהום.

---

# צעהנטער קאַפּיטעל.

## דיא ענטשטעהונג פון פּריוואַט־אייגענטהום בּיי פעלקער אין ווילדען צושטאַנד.

דיא אינדיאַנער פאַר דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ. — געמיינשאַפטליכע געיעג און דיא וואַהל פון פיהרער. — לאַנד־איבּערבּייטונגען און זייער צוועק. — דיא פּועבּלאָסען און דער אָנפאַנג פון מאָנאַרכישע אָרגאַניזאַציאָן. — סאָלידאַריטעט דורך געמיינשאַפטליכען אייגענטהום. — שקלאַווערייַ און דיא ענטשטעהונג פון קלאַסען. — דיא מלוכות פון פּערו און מעקסיקאָ. — אייגענטהום בּיי דיא פּאָלינעזיער. — פּריוואַט־אייגענטהום אויף ערד־פּראָדוקטען אלס רעזולטאַט פון ארבּייט. — אייגענטהום אין ניי־זעעלאַנד. — פאַמיליען־אייגענטהום און ירושה־רעכט. — דער יעזואיטען־קאָמוניזמוס אין פּאַראַגוואַי.

---

ווען אַמעריקאַ איז ענדעקט געוואָרן, האבּען זיך דיא אינדיאַנער געפונען אויף פערשיעדענע שטופען פון ענטוויקלונג. דיא העכּסטע שטופע האבּען דערגרייכט, וויא מיר ווייסען עס, דיא אַצטעקען אין מעקסיקאָ און דיא אינקאַס אין פּערו. נאר אפילו דיא שטאַמען, וועלכע האבען זיך כמעט אויסשליסליך בּעשעפטיגט מיט געיעג, זיינען שוין געשטאַנען עטוואָס העכער וויא דיא אויסטראַליער.

זיי האבען מייסטענס געהאט בעשטימטע יאגד־פלעצער אדער טעריטאָריעס, וואו זיי האבען אזוי שטרענג אָפּגעהיט זייערע געמיינשאפטליכע רעכטע, אז דער שטאם אהטען האט, צום ביישפּיעל, געוועלט צווינגען דעם בעריהמטען ענגלישען רייזענדען קאפּיטאן קוק, אז מען זאָל זיי בעלוינען פאר דאס וואסער, האָלץ און גראָז וועלכע דיא מאטראָסען האבען געברויכט. זיי פלעגען זאָגאר אָפּצאמען דיא טייכען אין זייערע טעריטאָריעס, אום אנדערע זאָלען דאָרטען ניט קענען פאנגען פיש און דורכפאָהרען. צוליעב דיא גרענצען פון זייערע טעריטאָריעס פלעגען זיי פיהרען דיא בלוטיגסטע מלחמות.

אבער אויסער אויף געצייג, געוועהר, שיפלעך און שקלאווען האבען זיי נאך זעהר ווייניג אנשפּרוך געמאכט אויף אנדערע זאכען אלס זייער פּריוואט־אייגענטהום. דיא וואָהנונגס־הייזער געהערן נאך צו אלעמען, און מען בויט זיי אויך געמיינשאפטליך. שפּייז־זאכען זיינען אייגענטליך ניט א געזעלשאפטליכעס אייגענטהום; אבער אין פאַל פון נויט האט יעדער געהאט א רעכט צו בענוצען זיך מיט דיא זאפּאסען פון זיינע שכנים. ביי פיעלע שטאמען האבען זיך שוין אבער אָנגעפאנגען ארויסצו־ווייזען נייגונגען צו ערווערבען פיר פּריוואט־געברויך וואס מעהר זאכען. דאס איז אבער ניט איינגעפיהרט געוואָרן דורך א שטרעבונג צו אָנזאמלונגען, נאר דורך דיא שטרעבונג צו געווינען אכטונג און איינפלוס. עס איז שוין יעדענפאלס ערלויבט געוועזן צו האלטען אין פּריוואט־בעזיץ א סך זאכען, ניט וויא ביי אנדערע ווילדע פעלקער, צום ביישפּיעל דיא עסקימאָסען, וועלכע דערלאָזען ניט, אז איינער זאָל האבען מעהר וויא דער אנדערער און אז דיא נאטירליכע גלייכהייט זאָל דורך דעם געשטערט ווערן. אויף דיזען גרונד פלעגט מען איבריגע זאכען, ד. ה. אזעלכע וואס מען האט ניט געקענט גלייך פערצעהרען, איינפאך צושטערען און פערניכטען. דאס איז געוועזן דיא לאָגיקע פון ווילדע מענשען ניט צו דערלאָזען אונטערדריקונג דורך פּריוואט־אייגענטהום. זאָגאר ביי דיא אינדיאנער, וועלכע פלעגען שוין האלטען ביי זיך זאפּאסען און זיי אָפּגעבען דעם כלל, אום זיך אויסצופּיינען וועהרענד פעסט־ליכקייטען און געמיינשאפטליכע סעודות און דערמיט קריגען אנזע־

הען און כבוד, פלעגען מאנכע איינפאך צושטערען זייערע איבעריגע שיפלעך, צודעקען און אנדערע זאכען, אום דערמיט צו בראווירען און ארויסצווייזען זייער אונאייגענוציגקייט.

ביי דיא אינדיאנער, וויא דיא איראקעזען, וועלכע האבען זיך שוין מעהר בעשעפטיגט מיט אקערבוי, האט זיך אנגעהייבען ארויס־צו־ווייזען א שטרעבונג צו פאמיליען־אייגענטהום אין לאנד. נאך דיא בעגריפע פון אפילו מעהר ענטוויקעלטע אינדיאנער שטאמען, וויא איבערהויפט ביי אלע פעלקער אפילו אויף א הויכע קולטור־שטופע, איז דאס לאנד געווען אונפערקויפבאר, הגם ניט פריי פיר יעדען. „דיא ערד איז אזוי וויא וואסער און פייער; מען קען איהר ניט פערקויפען", פלעגען דיא אינדיאנער ענטפערן אויף דיא אנבאָ־טונגען פון דיא ווייסע צו פערקויפען זיי לאנד. און אנפאנגס פלע־גען זיי נאר אוים פורכט פערקויפען זייער לאנד צו דיא ווייסע. אפגעבען איינעם א שטיק לאנד האט ביי זיי געהייסען איהם געבען דאס רעכט איהר צו בעארבייטען און צו בענוצען זיך מיט דיא פרוכטען פון דער נאטור און פון זיין ארבייט. בלויז אייניגע פון דיזע שטאמען זיינען שוין אין דיזער בעציהונג דערגאנגען אזוי ווייט, אז עס איז ערלויבט געווען פאמיליען אומצובייטען זיך מיט זייערע פעל־דער. אונבעארבייטעטע לאנד האט יעדער געקענט פערנעהמען, אום דארט צו פערזייהען וואס ער האט געוועלט. דאס העכסטע רעכט איז אבער אלץ פערבליבען ביי דעם גאנצען שטאם, און אלע הא־בען זיך געפיהרט נאך זעהר שטרענג בעשטימטע מנהגים, וועלכע האבען שטארק בעשרענקט דיא פערזענליכע פרייהייט פון יעדען איינצעלנעם מיטגליעד. זיי זיינען אבער אזוי צוגעבונדען געווען צו זייער שטאם, האבען זיך געפיהלט אזוי סאלידאריש דורך זייער ענגען געמיינשאפטליכען לעבען, דאס זיי האבען גאר ניט גערע־כענט דיזע בעשרענקונגען אלס א'ן אנגריף אויף זייער פערזענלי־כע פרייהייט. פריהער פאר אלץ זיינען ביי זיי געשטאנען דיא אינטערעסען פון שטאם, און יעדער האט זיך געפיהלט פערפפליכ־טעט צו פאלגען דיא איינפיהרונגען פון נייע בעשליסע און דיא עלטסטע.

זייער געיעג פלעגען זיי מייסטענס אויף פיהרען געמיינשאפטליך. אפגעזונדערט האט זיך יעדערער געפיהלט ניט נאר שוואך און קליין, נאר איינפאך פערלארען. דארום איז פערטרייבונג פון א שטאם ביי אלע ווילדע פעלקער בעטראכטעט געווען פאר דיא שרעקליכסטע שטראף, דען דאס האט איינפאך בעדייטעט טויט נאך דיא גרעסטע ליידען. ארויסצוגיין איינציגווייז אין א געיעג אויף בופעלאקסען איז געווען גערעכענט פאר א פערברעכען, און אלע איינצעלהייטען פון א געמיינשאפטליכען געיעג זיינען געווען רעגולירט אויף דאס מינדעסטע. דיזע געמיינשאפטליכע געיעג האבען נאטירליכערווייזע געפיהרט צו דיא וואהלען פון אנפיהרער; און דאדורך איז מיט דער צייט געבראכען געווארען דיא אורשפרינגליכע גלייכהייט פון דיא מיטגליעדער פון איין שטאם. ביי דיא שטאמען, וואו פריוואט־אייגענטהום איז שוין דערגאנגען ביז צו שפייז־זאכען און פאמיליען לאנד־חלקים, האט מען שוין גענומען וועהלען דיא פיהרער פון צווישען דיא רייכערע מיטגליעדער, זא דאס עס איז ביסלעכווייז ענטשטאנען דורך דעם א'ן **אריסטאקראטיע**, און דיא פיהרער האבען געקראגען אלץ א **גרעסערע מאכט**. דא האבען מיר אלזא דעם איבערגאנג פון רעפובליקאנישע אין מאנארכישע ארגאניזאציאנען; א'ן איבערגאנג, וועלכער וויעדערהאלט זיך אויף דיא זעלבע ארט און וויזע ביי אלע פעלקער אויף א געוויסע שטופע פון אייגענטהומס־ענטוויקלונג.

דער קאמוניסטישער גייסט, אלס א סאציאלע ירושה אין פערלויף פון אונצעהליגע יאהרען, איז דאך נאך זעהר שטארק געבליבען איינגעווארצעלט אפילו ביי דיא אינדיאנער שטאמען, וועלכע האבען שוין אנערקענט א פאמיליען־רעכט אויף לאנד. דיזער גייסט האט זיך אויך אויסגעדריקט אין **איבערבייטען** פון צייט צו צייט דיא טהיילען לאנד, וועלכע זיינען בעארבייטעט געווען פון דיא מיטגליעדער בעזונדער. אזעלכע איבערבייטונגען פון בעארבייטעטע חלקים לאנד אין געוויסע צייטען זיינען געווען איינגעפיהרט ביי אלע פעלקער אין דער וועלט, זא לאנג זיי האבען געלעבט אין געמיינדען מיט א געמיינשאפטליכען אייגענטהומס־רעכט אויף זייערע טערי־

טאָריעס, און זיי זיינען נאך ביז היינט פערבליבען אין דיא לענדער, וואו אַזעלכע געמיינדעס האַלטען זיך נאך אָן, טראָץ דיא צושטערענדע ווירקונגען פון יעצטיגען פּריוואט-אייגענטהום אין זיין קאַפּיטאַליסטישער פאָרמע. אין רוסלאַנד, צום ביישפּיעל, זיינען נאך ניט אונטערגעגאַנגען אין גאַנצען דיא אַלטע געמיינדעס אָדער „אָבשציינעס" (община) מיט דיא פּעריאָדישע איבערבייטונגען פון געמיינ-פּטליכע חלקים ערד. דיזע איבערבייטונגען הייסען אויף רוסיש черный передѣлъ (שוואַרצע איבערמאַכונג). אין אינדיען, וואו דער אַלטער געמיינדע-לעבען איז נאך מעהר פערבליבען אין קראַפט, וויא אין רוסלאַנד און אין אַנדערע סלאַווישע לענדער, זיינען דיא מיטגליעדער זעהר שטאַרק אָפּהענגיג פון ·קהל און אפילו דיא פּראָדוקטען פון בעאַרבייטעטע לאַנד געהערן ניט צו איינצעלנע פּערזאָנען, נאר צו גאַנצע פאַמיליעס. דאס גייט אזוי ווייט, אז ווען א באַיאַדערין (טענצערקע) פערדיענט א סך, בעשטימען דיא געמיינדע-ריכטער, אז זיא מוז אָפּגעבען א טהייל פון איהר פערדיענסט צו איהרע פערוואַנדטע, „ווייל זיא איז דאך ערצויגען געוואָרן אויף זייערע מיטעל".

דער צוועק פון דיזע פּעריאָדישע איבערבייטונגען פון בעאַרבייטעטע חלקים לאַנד איז געווען אָפּצוהאַלטען דיא ענטשטעהונג פון אונגלייכהייט דורך פּריוואט-אייגענטהום. ווען א פאַמיליע האט ביי א פערטהיילונג געקראָגען א צו גוטען חלק, האט זיא עס געמוזט אָפּטרעטען ביי א'ן אַנדער פערטהיילונג צו א'ן אַנדער פאַמיליע, און דיא אורשפּרונגליכע גלייכהייט איז פיעל ווינציג אָנגעהאַלטען געוואָרן. יעדענפאַלס האט איין פאַמיליע ניט געקענט צו רייך ווערן ביי אזא אָרגאַניזאַציאָן. דעם זעלבען צוועק האט אויך געהאַט, וויא בעוואוסט, דיא איינפיהרונג פון שמיטה און יובל ביי אידען; נאר וועגען דעם וועלען מיר נאך האבען שפּעטער צו ריידען.

ביי דעם אינדיאַנער שטאַם פּועבלאָסען אין ניי-מעקסיקאָ, וועלכע זיינען ספּעציעל בעוואוסט געוואָרן דורך זייערע מערקווירדיגע גרויסע הייזער, געבויט איינע איבער דיא אַנדערע אזוי וויא ריזיגע טרעפּ, וואו זיי האבען געלעבט אלע צוזאַמען, — ביי זיי איז דאס

אייגענטהום און בעזאָנדערס. דיא פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן געוועזן מעהר ענטוויקעלט וויא ביי אַלע איבריגע אַמעריקאַנער פעלקער אויסער דיא אַצטעקען און אינקאַס. זייערע לייטער־אַרטיגע געביידעס זיינען ענטשטאַנען דורך דעם, וואס זייערע ערשטע גרויסע געמיינשאַפטליכע הייזער האבען זיי צוזאַמענגעשטעלט ביי דיא זייטען פון הויכע בערג אלס א בעשיצונג געגען שונאים, און נאכהער, ניט האָבענדיג גענוג פּלאַץ צו בויען נייע הייזער אין דער ברייט, האבען זיי זיך פערשפּרייט אין דער הויך אויף דיא בערג. מיט דער פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג זיינען אזוי צוגעקומען אלץ נייע טרעפּ מיט הייזער. זיי האבען זיך מייסטענס בעשעפטיגט מיט אַקערבוי, בעאַרבייטענדיג דאס געמיינשאַפטליכע לאַנד פאַמיליענווייז. זיי האָבען שוין געקענט וועבען פון בוימוואָהל און זיינען אויך וואַהרשיינליך געוועזן דיא ערשטע צו קולטיווירען אינדיקעס. יעדער טרעפּען־אַרטיגער דאָרף זייערער אָדער „פּועבלאָ" האט שוין געהאַט א'ן אָנפיהרער און א ראַטה פון עלטסטע. צוערשט זיינען דיא אָנפיהרער געוועזן אויסגעוועהלט וויא ביי אלע פעלקער אויף דער זעלבער קולטור־שטופע; אבער נאכהער זיינען דיזע אָנפיהרער, גענאַנט קאַציק, געוואָרן אזוי וויא קעניגע און האבען גענומען איבערגעבען זייער אַמט בירושה. דיא נאך יעצט פערבליבענע פּועבלאָסען, אונגעפעהר 7000 נפשות, פיהרען זיך שוין מאָנאַרכיש. אונטער דעם איינפלוס פון דיא אויראָפּער האבען זיי זיך אויך פיעל געענדערט, זאָ דאס פרייוואַט־אייגענטהום האט שוין אַרויסגעשטויסען דאס געמיינשאַפטליכע אדער קאָמונאַלע; און ביי זיי זיינען שוין אויך דאָ אָרימע און רייכע. פון זייער אַלטע געמיינדע־אָרגאַניזאַציאָן זיינען נאר ביי זיי פערבליבען זייערע געמיינשאַפטליכע הייזער, וועלכע זיי בויען אויך אַלע צוזאַמען.

אין אַלגעמיינען האבען זיך דיא אינדיאַנער געפונען אין אזא צושטאַנד, בשעת זיי זיינען געקומען אין בעריהרונג מיט דיא אויראָפּער, דאס ביי זיי האט זיך ערשט גענומען אויסשיידען פּריוואַט־אייגענטהום פון איין זייט און א מאָנאַרכישע אָרגאַנ'זאַציאָן פון דער אַנדער זייט. דאַרום זיינען זיי נאך לאַנג פערבליבען פרייע קינדער פון דער נאַטור מיט דיא אלע גוטע מעלות, וואס ווערן ענטוויקעלט

דורך א געמיינשאַפטליכען לעבען. געוויס זיינען זיי געווען ווילד און גרויזאַם; אבער מייסטענס נאר צו פרעמדע; און יעדענפאַלס וואָל־טען זיי נאָך ערגער געווען, ווען זיי וואָלטען געלעבט אָפּגעזונדערט און ניט בעטראַכטעט זיך אַלס, זאָ צו זאָגען, צוזאַמענגעוואַקסענע טהיילען פון זייערע שטאַמען. פיעלע רייזענדע האבען בעוואונדערט דיא גאַסטפריינדליכקייט און דיא סאָלידאַרישע געפיהלען פון דיא אינדיאַנער. דיא מיסיאָנערען, וועלכע האבען געלעבט צווישען זיי, האבען פיעל געלויבט דיזע ווילדע פאר דיא ליעבענסווירדיגקייט און שטי־צע, וואס זיי האבען געצייגט איינער צו דיא אַנדערע. דער יעזואיט שאַלוואַוּאַ דריקט אויס זיין פערוואונדערונג וועגען דעם גוט־ווילען פון דיא אינדיאַנער איינע צו דיא אַנדערע, וויא זיי פאַסען אויף זאָרגפעלטיג אויף דיא יתומים, אלמנות און קאַליקעס און וויא שטאַרק ביי זיי איז ענטוויקעלט דיא גאַסטפריינדליכקייט, און ער דרינגט דערפון, אז דיא סאָלידאַרישע געפיהלען זיינען ביי זיי דער רעזולטאַט פון דעם, וואס זיי וויסען נאָך ווייניג פון „מיינס און דיינס“ און וואס זיי דיינקען, אז אַלעס, וואס מענשען בעזיצען, דאַרף זיין געמיינשאַפטליך.

דער פראַנצויזישער רייזענדער לאַהאָטאַן שרייבט וועגען דיא אינדיאַנער אזוי: „דיזע ווילדע וויסען ניט פון מיינס און דיינס, דען דאס וואס עס געהערט צו איינעם, געהערט אויך צו אַלעמען. ווען עס טרעפט, אז איינעם געלינגט ניט אויף דער יאַגד, העלפען איהם זיינע חברים ניט וואַרטענדיג, אז ער זאָל ביי זיי בעטען. ווען ביי איינעם ווערט צובראָכען א ביקס, איילט זיך יעדערער איהם פאָרצושלאָגען אַ׳ן אַנדער ביקס. ווען איינעם׳ס קינדער ווערן גע־פאַנגען אדער געטויטעט פון פיינדע, גיט מען איהם שקלאַווען, אז זיי זאָלען איהם ערנעהרען. געלט איז נאר פערשפּרייט ביי דיא אינ־דיאַנער־קריסטען, וועלכע וואָהנען לעבען אונזערע שטעט. דיא אי־בעריגע ווילדע ווילען זיך דערמיט ניט בענוצען און קענען עס אפילו ניט אָנקוקען. זיי רופען געלט „דיא שלאַנג פון פראַנצויזען“. זיי זאָגען, אז מיר טויטען, בעראַבעווען, פערקויפען און פערראַטהען איינע דיא אַנדערע צוליעב געלט; אז פאר געלט פערקויפען מענער זייערע ווייבער

און מוטערס זייערע טעכטער. זיי קענען ניט בענעהמען, וואס ביי
אונז זיינען איינע רייך און דיא אַנדערע אָרים און וואס מען אַכטעט
מעהר דיא רייכע... זיי צאַנקען זיך ניט, שלאָגען זיך ניט, גנב'ענען
ניט און ריידען קיין מאָל ניט קיין רכילות איינע אויף דיא אַנדערע".
דער יעזואיט לאַפּיטאָ און אַנדערע פון דיא ערשטע מיסיאָנערען אונ־
טער דיא אינדיאַנער בעשטעטיגען דיזע בעשרייבונגען און דערציילען,
דאס ווען שטאַמען זיינען פריינדליך, העלפען זיי גרויסמוטהיג אויס
איינע דיא אַנדערע אָהנע וועגען דעם געבעטען צו ווערן.

נאר וויא שוין געזאָגט, זיינען שוין איינינע אינדיאַנער מעהר
אדער וויינינער ארויס פון דיזען ערשטען קאָמוניסטישען און רעפּוב־
ליקאַנישען צושטאַנד. ביי מאַנכע איז שוין זאָגאַר איינגעפיהרט גע־
ווען א ירושה אויף געוויסע בעוועגליכע זאכען. נאר דער פאַקט
אליין, אז שקלאַווערייי האט שוין עקזיסטירט ביי פיעלע שטאַמען און
פעלקער צייגט קלאָר אָן אויף א'ן ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענ־
טהום. דיזע ענדערונג, וועלכע האט געדויערט זעהר לאַנגע יאָהרען,
האט געפיהרט צו א מעהר אדער וועניגער ענטוויקעלטע מאָנאַרכי־
שע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע האט דערגרייכט איהר העכסטע שטופע אין
מעקסיקאָ און פּערו, וואו דיא שפּאַניער האבען זיך צוזאַמענגעטראָ־
פען מיט גוט אָרגאַניזירטע מלוכות. פּריוואַט־אייגענטהום אויף ערד
האט נאך אין אמת'ן ניט עקזיסטירט אפילו ביי דיא פאָרגעשריי־
טענסטע אמעריקאַנער פעלקער, וויא דיא אַצטעקען און אינקאַס.
דאָס לאַנד האט דאָרטען געהערט אין דער פּערזאָן פון דעם קעניג
צו אַלעמען. אין פּערו האט עקזיסטירט דיא גרעסטע און מערק־
ווירדיגסטע קאָמוניסטישע מלוכה אויף דער ערד, און דיא קעניגע,
וועלכע זיינען געווען פערגעטערט אלס דיא ברידער פון דער זון אויף
דער ערד, האבען איבער אַלעס קאָמאַנדעוועט וויא פּאַטריאַרכען
איבער זייערע פאַמיליעס. עס זיינען שוין דאָרט געווען ענטוויקעל־
טע אַריסטאָקראַטיעס, עס זיינען שוין געווען רייכע און אָרימע, עס
זיינען שוין איבערהויפּט ענטשטאַנען בעזונדערע קאַסטען און קלאַ־
סען; אבער אייגענטהום האט נאך אין אַלגעמיינען אַל'ץ אָנגעהאַל־
טען דיא אַלטע קאָמונאַלע פאָרמען.

אלס דיא ערשטע אורזאכע פון דיא ענטשטעהונג פון קלאַסען,
האַסטען און איבערהויפּט פון אונגלייכהייט אין פערמעגען דאַרף מען
רעכענען ניט אזוי דיא פּריוואַט־פערנעהמונג פון זאכען, זאָנדערן דיא
פערכאַפּונג פון מענשען, אום זיי צו מאַכען פאַר שקלאַווען. עס איז
יעדענפאַלס זיכער, אז איינע פון דיא ערשטע פאָרמען פון פּריוואַט־
אייגענטהום איז איבעראַל געוועזן דיא פערשקלאַוואונג פון פרויען און
קריעגס־געפאַנגענע. דיא געצייג, געוועהר און פּוץ־זאכען זיינען נאַ־
טירליך נאָך פריהער געוועזן פּריוואַט־אייגענטהום; אבער דאָס האָט
ניט געקענט פיהרען צו א בעמעקבאַרע אונגלייכהייט שוין צוליעב
דעם אליין, וואָס יעדער ווילדער האָט זיך אליין וויא עס איז גע־
קענט שאַפען אזעלכע זאכען און קיינער האָט ניט בעדאַרפט זיך
איינשאַפען מעהר וויא ער האָט ווירקליך געברויכט. אויסער דעם
זיינען דיזע זאכען מייסטענס צושטערט געוואָרן נאָך דעם טויט פון
זייערע אייגענטהימער, וויא מיר האבען עס שוין אין פאָריגען קאַפּי־
טעל געזעהען. גאַנץ אַנדערש איז עס אבער געוואָרן, ווען מען האָט
גענומען אומוואַנדלען קריעגס־געפאַנגענע אין שקלאַווען. פון איין זייט
האָט דאָס געפיהרט צו א פערמעהרונג פון מלחמות און פון דער
אַנדער זייט צו א פערגרעסערונג פון דער מאַכט פון דיא קריעגערס
און בעזאָנדערס פון זייערע אָנפיהרערס. פיהפיטערונג איז ניט גע־
ווען ענטוויקעלט ביי דיא אינדיאַנער, אויסער טהיילווייז ביי דיא
אַלטע פּערואַנער, וויא מיר ווייסען עס שוין, זאָ דאָס א קלאַסען־
פערטהיילונג מיט אונגלייכהייט אין פערמעגען האָט זיך נאָר אָנגעפאַנגען
און פערשטאַרקט דורך פערכאַפּונגען פון שקלאַווען אלס אַרבייטס־
קרעפטע, דען דיא ערד איז דאָך אפילו אין דיא פאָרגעשריטענסטע
מאָנאַרכישע לענדער פערבליבען געמיינשאַפטליכעס אייגענטהום, אַב־
העננגיג פון דעם גוטען ווילען פון דיא קעניגע. שוין ביי אזא ווילדען
שטאַם, וויא דיא נוטקאַס זיינען דיא שקלאַווען געוואָרן דיא וויכטיג־
סטע סחורה. אויף זיי פלעגט מען אַרויפלייגען דיא שווערסטע אַר־
בייט, און דיא פרויען־שקלאַווינען האבען נאָך אויך געדיענט אלס
פּראָסטיטוטקעס. דיא קינדער פון דיא שקלאַווען זיינען שוין פון
זייער געבורט אָן געווען גערעכענט פאַר שקלאַווען, און אַלע צוזאמען

האבען זיי געבילדעט דיא נידריגסטע קאסטע. מיט דיא שקלאווען פלעגט מען זיך בעגייין גראדע וויא מיט בהמות, און זיי זיינען געווען דער גרעסטער האנדעלס-ארטיקעל.

נון, עס פערשטייט זיך, אזוי וויא פאר שקלאווען פלעגט מען אנפאנגס מאכען נאר פרעמדע, וועלכע מען פלעגט מייסטענס קריעגען דורך זיעגרייכע מלחמות, זא האבען דיא שטארקערע און פעהיגערע קריעגערס געקראגען מעהר אויף זייער חלק, און דאס האט שוין שנעל געפיהרט דערצו, אז דיא יעניגע, וואס האבען געהאט מעהר שקלאווען, האבען זיך אנגעפאנגען צו בעטראכטען פאר העכערע און „אדעלערע" מענשען. דיא שקלאווען זיינען איבעראל בעטראכטעט געווען ניט אלס פון דער נאטור געשאפענע, נאר אלס ערווארבענע זאכען, און זעהר זעלטען האט מען זיך דארום בענוצט מיט זיי וויא מיט א געמיינשאפטליכען אייגענטהום. זיי האבען מייסטענס געהערט אויסשליסליך צו זייערע הערען, וועלכע האבען זיי דירעקט געפאנגען אדער געקראגען אלס זייער רויב-חלק נאך א שלאכט, און דארום האט מען זיי אויך באלד גענומען איבעלאזען בירושה אלס א פאמיליען-אייגענטהום; און דאס האט שוין געפיהרט צו דער ענטשטעהונג פון א גאנצען אריסטאקראטישען קלאס און פון מלכים.

מיר קענען ניט פערנעהמען מעהר פלאץ מיט איינצעלהייטען וועגען דיא אמעריקאנער פעלקער אויף פערשיעדענע שטופען פון קולטור, דען מיר שרייבען ניט א ספעציעלעס ווערק איבער דיא ענטוויקלונג פון אייגענטהום ביי אלע פעלקער; אבער פון דעם געזאגטען און דיא געבראכטע ביישפיעלע קען מען שוין מיט זיכערהייט שליסען, וויא אזוי פערבאפונגען און פריוואט-אייגענטהום האבען זיך אנגעפאנגען, צושטערענדיג דיא אורשרפונגליכע גלייכהייט מיט דיא רעפובליקאנישע געמיינדע-ארגאניזאציאן און פיהרענדיג צו מאנארכיעס און אריסטאקראטיעס, הגם דיא ערד זעלבסט איז נאך לאנג אנערקענט געווארן אלס געמיינשאפטליכעס-אייגענטהום.

דיא מאנארכישע ארגאניזאציאנען אין אמעריקא האבען זיך געפונען ארום צוויי קולטור-צענטערס, וועלכע זיינען בעזונדער אז

זעלבסטשטענדיג ענטשטאַנען אונטער אונגעפעהר דיא זעלבע בעדינ־גונגען. דאס זיינען געווען פערו און בעזאָנדערס מעקסיקאָ, וואוהין דיא ווילדע יעגערס האבען זיך שטענדיג געריסען, אום צו פיהרען א לייכטערן און בעסערן לעבען, אַקוראַט וויא דיא ווילדע און פיה־פיטערנדע פעלקער אין דער אַלטער וועלט האבען זיך אַלץ געריסען נאך דיא דריי וויכטיגסטע קולטור־צענטרעם: מצרים, בבל און כינא. אין אַמעריקא איז אויך אָנגעגאַנגען דער מארש פון נאָרד־פעלקער נאך דעם זידען, און איין פאָלק האט געיאָגט דעם אַנדערן פון דיא בעסטע פּלעצער—מעקסיקאָ און פערו—צומישענדיג זיך ביסלעכווייז און איבערלאָזענדיג אלס ירושה זייערע בעסטע אויפטואונגען אויף דעם קולטור־וועג. דארום זיינען עס אין דיזע צוויי גינסטיגע פונקטען ענטשטאַנען שטארקע מלוכות, וועהרענד אַלץ ווייטער צום נאָרד איז מעהר פערבליבען דיא אורשפּרינגליכע רעפּובליקאנישע אָר־גאַניזאַציאָן מיט דיא אורשפּרינגליכע גלייכהייט.

אונגעפעהר אויף דער זעלבער שטופע פון ענטוויקלונג האבען זיך געפונען דיא שטאמען אויף דיא אינזלען פון גרויסען אָקעאַן אדער, מיט איין וואָרט, אין פּאָלינעזיען, ווען אייראָפּעאישע שיפען און רייזענדע זיינען אהין צוגעקומען. דיא מייסטע שטאמען זיינען שוין לאַנג ארויס אפילו פון דיא אורשפּרינגליכע רעפּובליקאנישע אָר־גאַניזאַציאָן און האבען שוין געהאט קעניגע, אריסטאָקראטען, א קלאַס פון בעאמטע און ניט זעלטען אויך שקלאַווען. עס זיינען שוין געווען רייכע און אָרימע, פּריווילעגירטע און פערלאָזענע פון געבורט אָן, און דיא פריהערע געמיינשאפטליכע אייגענטהומס־רעכטע האבען שוין נאטירליך ניט עקזיסטירט. נאר פון דעסטוועגען זיינען נאך אויף אַלע אינזלען מעהר אדער ווייניגער פערבליבען גענוג סמנים פון דעם אורשפּרינגליכען קאָמוניזמוס, וויא פיעלע רייזענדע האבען עס פער־צייכענט, צום ביישפּיעל, דער פראנצויז לאַפּערוז און דער ענג־לענדער קוק. אויף אייניגע אינזלען האבען דיזע ביידע בעריהמטע קאַפּיטאַנען נאך געפונען לאַנגע געמיינשאפטליכע הייזער, וואו דיא שפּייז האט געהערט צו אַלעמען. אויף דיא סאַמאָאַ־אינזלען האבען נאר פרייע געהאט א רעכט צו נעהמען נויטיגע זאכען ביי שכנים;

אבער ניט דיא שקלאַווען, דען דיא לעצטע זיינען בעטראַכטעט געווען אלס בהמות, וואס זייער בעל־הבית האט צו קאָרמענען, וויא ער קען. אין נייזעעלאַנד, וואו דיא ענטוויקלונג איז צוגעגאַנגען לאַנגזאמער, ווייל דיזע אינזלען זיינען געלעגען ווייטער צום זידען און האָבען כמעט קיין פערקעהר געהאַט מיט דיא אינזלען צום נאָרד, זיינען נאָך פערבליבען געמיינדעס מיט אַלטע פיהרונגען, וואו אפילו דיא נעצען און געוועבטע זאַכען זיינען געווען געמיינשאַפטליכע.

נאר אין אלגעמיינען איז שוין דער געפיהל פון פריוואַט־אייגענטהום געווען פיעל מעהר איינגעוואָרצעלט ביי דיא פּאָלינעזיער, וויא ביי דיא פאָרטגעשריטענסטע אינדיאַנער. ניט נאר פערשיעדענע זאַכען זיינען שוין געווען אין פריוואַט־בעזיץ אזוי ווייט, אז מען האט זיי געברויכט צום אויסטויש און האַנדעל, זאָנדערן אפילו דאס לאַנד איז שוין געוויסערמאַסען געווען פריוואַט־אייגענטהום. דיא בעאַרבייטעטע שטיקער לאַנד זיינען שוין געווען אָפּגעצאַמט, און דיא אייגענטהימער פלעגען זיי שטאַרק אָפּהיטען. דאס ניט בעאַרבייטעטע לאַנד האט נאָך געוויינליך געהערט צו אַלעמען, אויב דיא פיהרער אָדער קעניגע וועלכע האבען זיך ביסלעכווייז ערוואָרבען א דעספּאָטישע מאַכט, האַלטענדיג זיך פאַר האלבע אדער גאַנצע געטער, האבען עס ניט פערכאַפּט פאר זיך, אום צו נעהמען אָפּצאָהלונגען ביי דיא נייע דורות. וויא באַלד איינער האט נאר צוגעלייגט זיין ארבייט צו א שטיקעל לאַנד אדער האט איינפאַך פערזייהט אדער אויפגעפּאַסט אויף א בוים, איז עס שוין געווען בעטראַכטעט אלס זיין געזעצליכעס אייגענטהום; וואס עס צייגט ווידער, אז דער ערשטער גרונד פון פריוואַט־אייגענטהום איז איינפאַך געווען מענשליכע ארבייט. ביי דיא פּאָלינעזיער איז דיזער גרונד אזוי ווייט אַנערקענט געווען, דאס ניט זעלטען פלעגט עס טרעפען, אז דיא ערד און דיא בוימער וועלכע זיינען אויף איהר געוואַקסען, האבען געהערט צו פערשיעדענע אייגענטהימער.

אזא אָפּזונדערונג פון אייגענטהום אויף ערד און פון אייגענטהום אויף איינגעפלאַנצטע בוימער אדער אויפגעבויטע הייזלעך געפינען מיר ביי פיעלע פעלקער, און ביז היינטיגען טאָג איז נאָך, צום

ביישפיעל, אין דער פראנצויזישער פּראָווינץ ברעטאַן פערבליבען א סמן פון דיא פריהערע איינריכטונגען אין דעם זאָ־גענאַנטען domaine congeable, דאס הייסט אין לאַנד, וואס ווערט אָפּגעגעבען צו בע־אַרבייטען אויף אַ'ן אונבעשטימטע צייט, נאר וואס דער אייגענטהי־מער קען צונעהמען. דיזע אָפּזונדערונג איז ארויסגעקומען דורך דעם, וואס דאס לאַנד זעלבסט איז נאך לאַנג בעטראַכטעט געווען אלס געמיינשאַפטליכעס און אונפערקויפבאַרעס, ווען דיא פרוכטען פון איהר האט מען גערעכענט פאר פּריוואַט־אייגענטהום און דערמיט געהאַנדעלט. און ווען מען האט גענומען פערכאַפּען לאַנד אלס פּריוואַט־אייגענטהום אדער קריגען חלקים פון דיא קעניגע, וועלכע האבען פערכאַפּט פאר זיך דעם אויבעררעכט פון דיא געמיינדעס אויף זייערע טעריטאָריעס, דאן איז עס אויסגעקומען, אז דאס לאַנד האט געקראָגען דער יעניגער, וועלכער האט דאָרטען גאר ניט פער־זייהט, זא דאס דיא בוימער וויניגסטענס זיינען פערבליבען ביי דיא אַלטע אקערבויער.

אין ניי־זעעלאַנד האבען צוגלייך עקזיסטירט דרייערליי לאַנד־אייגענטהימער: דער שטאַם, דיא פאַמיליע און איינצעלנע פּערזאָנען, און אזוי איז עס אויף א געוויסע קולטור־שטופע געווען ביי אלע פעלקער. און דאס איז פאָרגעקומען אזוי: צוערשט האט דיא אוי־בערמאכט געהערט צום שטאַם, נאר ביסלעכוויז איז דיזע מאכט איבערגעגאַנגען צום פיהרער, וויא מיר האבען עס שוין אויבען גע־זעהען. דורך אליץ ווייטערע פערכאַפּונגען פון פערשיעדענע ארבייטס־און טויש־מיטעל, בעזאָנדערס פון שקלאַווען, איז דיזער פיהרער אליץ ווייטער געוואָרן א דעספּאָט, וועלכער האט זיך אויך בענוצט מיט דיא רעליגיעזע איינבילדונגען, אום צו פערגעטליכען זיין מאכט, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהען. נאר דיא ערטער פיר געיעג און פיש־פאַנגען זיינען נאך לאַנג פערבליבען אַלגעמיינעס אייגענטהום. און אפילו דאָרט, וואו איינצעלנע פּערזאָנען האבען שוין גענומען רעכענען שטיקער לאַנד אלס זייערע אייגענע, איז דאס אָנפאַנגס אַנערקענט געווען נאר אזוי לאַנג, וויא דיזע טהיילען ערד זיינען *ווירקליך בעארבייטעט געווען*. אין יענע צייטען, ווען

מען האט נאָך ניט געוואוסט פון בייטען דיא זריעה אויף פעלדער און אפילו פון בעמיסטיגונג, האט מען געמוזט לאָזען פוסטעווען א פעלד עטליכע יאָהר נאָכדעם וויא מען האט שוין איין מאָל צוזאַ־מענגעקליבען דיא פערזייהטע פלאַנצען. יעדער אַקערבויער האט אַלזאָ געמוזט זיך זוכען נייע פעלדער פיר בעארבייטונג, זאָ דאס זיין אייגענטהום איז נאר אין אמת'ן געווען אויף דיא פּראָדוקטען. און ווען א'ן אַנדערער האט גענומען ווידער בעארבייטען א שטיק פער־לאָזענע לאַנד, זאָ האט דער פריהערער אַקערבויער נור געקענט האָ־בען א רעכט אויף דיא בוימער אדער אייגענטליך אויף דיא פרוכ־טען פון דיא בוימער, וועלכע ער האט דאָרטען פערפלאַנצט אדער דער ערשטער געפונען וואקסענדיג. נאר אפילו דיא שוין פערנומענע שטיקער לאַנד זיינען מייסטענס געווען בעארבייטעט אין פאַלינעזיען פון גאַנצע מעהר אדער וויניגער גרויסע פאמיליען, וועלכע פלעגען פון צייט צו צייט איבערבייטען דיא חלקים פון דיא מיטגליעדער. דאס האט מען געטאָן ניט נאר אום אָנצוהאַלטען א געוויסע גלייכהייט צווישען דיא מיטגליעדער, זאָנדערן וייל אין פאַלינעזיען האט יעדער ניי־געבאָרענער געהאט א רעכט אויף א געוויסען טהייל פון פאמי־ליען־פערמעגען. עס איז גאַנץ מעגליך אז דיא איבערבייטונגען פון בעארבייטעטע שטיקער לאַנד האבען אויך געפיהרט צו דיא אַנער־קענונג פון ירושה־רעכט. אויף פיעלע אינזלען איז געווען איינ־געפיהרט, אז פאר'ן טויט פון א פאמיליען־הויפט פלעגט מען צוזאַ־מענרופען אלע פערוואַנדטע, און ער פלעגט זיי איבערגעבען זיין לעצ־טען ווילען, וועלכער פלעגט היילינ אויסגעפיהרט ווערן. ביסלעכוויין האט מען אויך אזוי גענומען פערטהיילען דעם חלק פון פאמיליען־לאַנד, וועלכע איז טראָץ דעם געווען אנערקענט אלס געמיינשאפט־ליכעם אייגענטהום פון גאַנצען שטאַם און יעדענפאַלס אונפערקויפ־באר. אויף אזא ארט האט זיך שוין ירושה־רעכט אָנגעפאַנגען צו ענטוויקלען אין קאָמוניסטישע געמיינדעס.

פון דעם, אז מען קען פערקויפען לאַנד האבען דיא פאַלינע־זיער אזוי וויניג געוואוסט, וויא דיא אינדיאנער און אלע אַנדערע פעלקער אויף דער זעלבער קולטור־שטופע. זיי האבען געהאט גע־

נוג פוסטין לאנד, וועלכע האט געהערט צו די שטאמען, און יעדערער האט געקענט אויסקלייבען זיך א שטיק פון דיזען אלגעמיינען אייגענטהום צו בעארבייטען, ווען ער האט עס נאר געוואלט און בעדארפט. ווען דיא אויראפעער האבען זיי גענומען פארשלאגען צו פערקויפען לאנד, האבען זיי אנפאנגס ניט פערשטאנען, וואס דאס בעדייטעט, און האבען גערעכענט, אז זיי גיבען נאר אפ דאס לאנד אויף ארענדע. אונבעארבייטעטע שטיקער לאנד האבען זיי איבערהויפט גאנץ ווייניג געשעצט.

דיזע בעגריפע פון אייגענטהום אויף לאנד האבען זאגאר געווירקט אויף דיא אויראפעער אין ניי־זעעלאנד, דען דיא רעגירונג גיט דארטען אפ לאנד צו עמיגראנטען אויף א בעשטימטע צייט, אום נאכהער צו קענען קריגען העכערע רענט ביי דיא פערגרעסערונג פון דער בעפעלקערונג. אויך אויף דיא בעריהמטע קאמוניסטישע ארגאניזאציאן פון דיא יעזואיטען אין פאראגוואי (זיד אמעריקא) האבען דיא מנהגים פון דיא איינגעבארענע געהאט א גרויסען איינפלוס. דיא יעזואיטען האבען אייגענטליך גאר ניט אווסגעטראכט אויסער א שרעקליכע עקספלואטאציע פון דיא אינדיאנער, וועלכע זיינען צוגעוואהנט געוועזן צו בעארבייטען זייער לאנד צוזאמען. דיא „פאטערס“ האבען נאר אויסגעבעסערט דיא פריהערע געמיינדע־סיסטעם, אום צו האבען גרעסערע איינגאהמען. דערצו זיינען דיא איינגעבארענע פון פאראגוואי געוועזן זעהר געהארכזאמע, שטילע און גלויביגע. דיא יעזואיטען האבען זיי אנפאנגס גענומען עקספלואטירען אויף דיא טהייפלאנטאציעס און ביסלעכווייז האבען זיי איינגעפיהרט א ריכטיגע שקלאווערייי אונטער דער פארמע פון קאמוניזמוס. אלע אינדיאנער האבען געמוזט אויפשטיין און ארבייטען אין דער בעשטימטער צייט, וויא דיא „הייליגע פאטערס“ מיט זייערע קאררעדזשידארס (אויפפאסערס) האבען עס בעשטימט. אלע פראדוקטען פלעגען געבראכט ווערן אין געמיינשאפטליכע מאגאזינען, וועלכע האבען נאטירליך פאקטיש געהערט צו דיא יעזואיטען און פון וועלכע מען פלעגט איין מאל אין מאנאט אויסטהיילען חלקים צו דיא פיהרערס פון בעשטימטע דיסטריקטען אדער פלאנטאציעס, און דיזע פיהרערס פלעגען עס

שוין ווידער פערטהיילען צו דיא פאמיליעס פון דיא אינדיאנער נאך דיא צאהל פון דיא מיילער. אויף דיזען שטיינער האט הונגער קיינער ניט געליטען, אבער אלע זיינען געווען איינפאך פערשקלאווט ביי דיא יעזואיטען, וועלכע האבען זיך אנגעקליבען א ריזיגען רייכטהום.

דיא געשיכטע פון דיא יעזואיטען־הערשאפט אין פאראגוואי איז זעהר אינטערעסאנט אין פיעלע בעציהונגען, אבער מיר קענען זיך דא ניט אפשטעלען אויף דעם. וועגען דיזען „קאמוניזמוס" איז דא בלויז דערמאנט געווארן, אום צו צייגען, אז ער איז ענטשטאנען דורך דיא קאמוניסטישע מנהגים פון דיא איינגעבארענע און איז נאר געווען א שלעכטע און זעהר פערדארבענע קאפיע פון דיא גרויסע קאמוניסטי־שע ארגאניזאציאן אין פערו, פון וועלכע עס איז אויבען גערעט געוועזן.

# עלפטער קאַפּיטעל.

## דיא אלגעמיינע ענטוויקלונג פון אייגענטהום בייא קולטור־פעלקער.

דער קאַמפּף מיט דיא „טויטע האַנד“. — דיא ראָלע פון דער קאַטוֹלי־שער קירכע און פון דער רעפאָרמאַציע אין דיזען קאַמפּף. — דער אלגעמיינער גרונד פון פּריוואַט־אייגענטהום. — דיא ווירקונג פון דיא אַרבּייט־פערטהיילונג אויף אָנזאַמלונגען פון זאַכען. -- דיא ראָלע פון פיהפיטערנדען צושטאַנד אין דער ענטוויקלונג פון אייגענטהום. — דער אָנפאַנג פון שקלאַווערייא. — דער פּאָרטשריט פון קולטור דורך שקלאַווערייא. — דיא ערשטע פאָרמען פון שקלאַ־ווערייא. — דיא נאַטירליכע גרינדע פון שקלאַווערייא. — דער שקלאַווישער גייסט. — דיא נשמות פון דיא הערען און שקלאַווען. — דיא ערשטע הערשער און בּעהערשטע. — דיא ווירקונג פון מלחמות אויף אויסטויש און אָנזאַמלונגען פון זאַכען.

---

מיר וועלען יעצט זוכען דיא וויכטיגסטע אלגעמיינע פּונקטען אויף דעם וועג, וועלכען דיא ענטוויקלונג פון אייגענטהום האט דורכגעמאַכט בייא קולטור־פעלקער. דיא ביישפּיעלען פון דיא ווילדע פעלקער אין דיא פאָריגע קאַפּיטלעך וועלען אונז לייכטער מאַכען צו

געבען א'ן אנטוואָרט אויף דיא שווערסטע פראגע אין דער קולטור־געשיכטע, נעמליך: דיא פראגע וועגען דיא ענטשטעהונג פון פריוואט־אייגענטהום אין דעם יעצטיגען זינען פון דיזען וואָרט ביי דיא ציוויליזירטע פעלקער.

מיר ווייסען שוין, אז דיא ערשטע זאכען, וואס מענשען האָבען אָנגעפאנגען צו בעטראכטען אלס זייערע אייגענע, זיינען געוועזען דיא אָרימע ביסעל געצייג, געוועהר און פוץ־זאכען, וואס זיי האבען זיך מייסטענס געקענט אליין מאכען נאך לאנגע מאַטערניסען. מיר ווייסען שוין אויך, אז דאס איז געוועזען אזא ריין־פערזענליכער אייגענטהום, דאס נאך דעם טויט פון זייער בעזיצער פלעגען זיי צוזאמען מיט איהם בעגראָבען אדער פערברענט ווערן, אדער איינפאך צו־שטערט ווערן אויף זיין קבר; זאָ דאס צו קיינע אָנזאמלונגען און פאָלגליך צו קיין אָנפאנג פון אמת'ע פריוואט־אייגענטהום האט עס ניט געקענט פיהרען. פערקעהרט, מען האט לאנג געמוזט קעמפפען, אום צו רעטען דיזע פערזענליכע זאכען פון פערניכטונג.

דיזען קאמפף איז זעהר וויכטיג און אינטערעסאנט נאָכצופאָלגען, וויא ווייט מען קען עס יעצט דערגיין; נאר אזוי וויא ער איז זעהר ענג פערבונדען מיט רעליגיעזע צערעמאָניעס, וועלען מיר עס פאָרלויפיג לאָזען אָן א זייט. מיר וועלען דאָ נאר בעמערקען, אז וואס מעהר דיא מענשען האבען אָנגעפאנגען צוזאמלען פראָדוקטען און צו זאָרגען וועגען זייערע לעבענס־מיטעל אין דער צוקונפט, אלץ מעהר האבען זיי אָנגעפאנגען זיך אויסצוקויפען אדער צו זיך ערלויזען מיט פערשיעדענע דריידלעך פון דיזע אויפאָפפערונג צו דיא טויטע, פון דיא פאָרדערונגען פון דער זאָ־גענאנטער „טויטער האנד“. פון דיזע „טויטע האנד“ האט מען אלץ ווייטער ארויסגעריסען זאכען, וועלכע מען פלעגט פריהער צוברעכען, בעגראָבען אדער פערברענען אויף דיא קברים פון דיא פערשטאָרבענע. דיא פאָרדערונגען פון לעבען האבען דאָ לאנג און שווער געשטריטען מיט דיא איי־בילדונגען וועגען דיא שאָטענס פון דיא טויטע, און דאס לעבען האט שליסליך געזיעגט.

מען האט ביסלעכוויז גענומען אָפּטהיילען דיא פערזענליכע

זאכען פון דיא זאכען, וועלכע זיינען גערעכענט געווען אלס געמיינ־שאפטליכעס און פאמיליען־אייגענטהום. דער טהייל פון פערזענלי־כע זאכען האט ביי דיא אלטע גערמאנען געהייסען Heergewaete, און ער איז עס אין דיא פריהערע צייטען מיטגעגאנגען אין קבר אריין צוזאמען מיט דעם אייגענטהימער. דיא אפשאפונג פון דעם אלטען מנהג צו לאזען דיא פערשטארבענע זייערע „הערגעוועטע" איז אין שפעטערע יאהרען צוגעשריבען געווארן אין לעגענדען דעם דייטשען קייזער היינריך דער ערשטער. נאר וויא דיא מעשה איז ניט געווען, דורך אזעלכע בעפעהלע ניט צו צושטערען דיא פערזענליכע חפצים האט מען פון דיא קברים אין דייטשלאנד צוגענומען מאסען שווערטען, וועלכע פלעגען דארטען פערראסטעט ווערן. א געוויסער אלט־דייט־שער געזעץ בעשטימט, אז אנשטאט צו לאזען קליידער דער „טוי־טער האנד", זאל מען זיי בעסער אפגעבען צו א ר י מ ע ל י י ט. דיא זאכען פון דיא פערשטארבענע האט מען גענומען ביי זיי אויס־קויפען מיט א מטבעה און זיי נאכהער בענוצען אלס ירושה. דיא מטבעה פלעגט מען אריינלייגען דעם טויטען אין מויל אלס א ב ע פ ר י־ד י ג ו נ ג פאר זיינע זאכען, וועלכע מען האט נאך דיזע צערעמאניע גאנץ רוהיג געברויכט. צוליעב דיזע אויסקויפונגען געפינט מען עס אזוי פיעל מטבעות אין קברים פון דיא אלטע צייטען. דיא בעשרייבונ־קונגען אין דיא אלטע געזעצען פון גריכענלאנד און רוים געגען מאכ־בען צו רייכע און פערשווענדערישע בעערדיגונגען האבען אויך גע־האט צו טאן מיט דיזע שטענדיגע שטרעבונגען פון דיא קולטור־פעלקער אוועקצונעהמען דעם פערזענליכען אייגענטהום ביי דער „טויטער האנד".

וויא עס איז צו זעהען פון דער ביבעל, האט מען ביי אידען אויך געקעמפפט מיט דיא „טויטע האנד", דען מיר געפינען אין דברים (כ"ו, י"ד) א פערבאט צו געבען א טהייל פון מעשר צו ד י א ט ו י ט ע (ולא נתתי ממנו למת). דיזער פערבאט איז גאנץ אונערקלערליך, ווען מען זאל ניט אננעהמען, אז ביי אידען איז פריי־הער איינגעפיהרט געווען צו לאזען זאכען און שפייז אויף דיא קברים פון דיא טויטע. אין נאמען פון גאט ווערט עס צוגענומען ביי דיא

טויטע און עס ווערט אָפּגעגעבען צו דיא לוים, פרעמדע, יתומים און אלמנות, ד. ה. צו נויטבעדירפטיגע (ונתתה ללוי לגר ליתום ולאלמנה ואכלו בשעריך ושבעו).

אָנפאנגס האבען נאך דיא יורשים מורא געהאט אליין צו גע־ברויכען דיא זאכען פון דיא פערשטאָרבענע — דיזע זאכען זיינען נאך געווען גערעכענט פאר א היילינגטהום — און דארום האט מען זיי גע־נומען פערטהיילען צו אָרימע לייט אויף דיא קברים פון דיא פער־שטאָרבענע. נאכהער האט מען זיך צוגעוואָהנט צו בענוצען פיר זיך אליין א טהייל פון דיזע היילינע זאכען, און דעם איבעריגען טהייל פלעגט מען אָפּגעבען צו דיא אָרימע אדער צו דער קירכע. אזוי איז עס געווען אין אייראָפּא אין פערלויף פון מיטעלאַלטער, און דיא קאַ־טוילישע קירכע האט דורך דיזע נדבות, גענאַנט אין דייטשלאַנד seelgeraethe, זיך אָנגעקליבען אונגעהייערע עשירות. דורך דיא וויר־קונג פון דער קירכע האט דיא „טויטע האנד“ וויעדער גענומען כאַ־פען ביי דיא לעבעדיגע; אבער דיא זאכען זיינען שוין יעדענפאלס פערבליבען און ניט צושטערט געוואָרן. דיא קירכע האט אויך גע־מאכט א געברויך פון דיזע נדבות, פון דיזע נשמה־רעטונגען, העל־פענדיג אָרימע לייט אין דיא קלייסטערס. יעדענפאלס איז שוין דאס געווען א'ן אויסקויפונג ביי דער „טויטער האנד“. דיא סומען פון דיזע אויסקויפונגען זיינען מיט דער צייט אליין פערקלענערט געוואָרן. אין דיא ערשטע יאהר־הונדערטע פון מיטעלאַלטער פלעגט מען א העלפט פון דיא ירושות צוטהיילען צו אָרימע לייט און צו דער קיר־בע, נאכהער האט מען שוין דעם חלק פון דער „טויטער האנד“ בע־שרענקט מיט א דריטעל פון דער ירושה. אזוי איז עס בעזאָנדערס איינגעפיהרט געווען אין דיא שטעדט, וואס האבען אָנגעפאנגען צו קעמפּפען אליין שטארקער געגען דעם אלטען מנהג, וועלכער איז גע־פאלען צו לאַסט ספּעציעל אויף זיי. דיא „זעעלענגערעטה“, דיא אויסקויפונג ביי דער „טויטער האנד“, איז געוואָרן א רעגעלמעסיגע טאקסע אויף ירושה, און דיא שטעדט האבען דאדורך געליטען, וויל דיא קירכען־גיטער זיינען בעפרייט געווען פון אלע שטייער־צאָהלונ־גען. וויא נאר א שטיק לאַנד אדער א הויז פלעגט געגעבען ווערן

אלס ירושה־אויסקויפונג צו דער קירכע, פלעגט דער איינקונפט פון דיא געמיינדעס פראפארציאנעל פערקלענערט ווערן.

דיא געמיינדעס און שטעדט האבען געזוכט פערשיעדענע מי־טעל צו קריגען זייערע איינקינפטע פון דער קירכע, וועלכע האט פעסט געהאלטען דיא „טויטע האנד"־גיטער; אבער אזוי וויא זיי האבען ניט געקענט אפשאפען דעם גרונד פון דיזע איינפיהרונג, האבען זיי ניט אויפגעהערט צו ליידען דערפון. דיא אפשאפונג פון דער „טויטער האנד" ביי דער קאטוילישער קירכע איז ערשט געקומען, אלס א שלום פון דיזען קאמפף פון דיא שטעדט, מיט דעם אנפאנג פון דער רעפארמאציע. דא איז ניט דער ארט צו בעטראכטען דיא אורזאכען פון דער רעפארמאציע, וועלכע איז אפען ארויסגע־טראטען אין דער פערזאן פון לוטהער אלס א רעליגיעזע בעוועגונג; אבער אין דיזער גרויסער רעליגיעזער בעוועגונג פון מיטעל־אלטער האט דער קאמפף וועגען עקאנאמישע אינטערעסען, דארונ־טער אויך דער קאמפף וועגען דיא קירכען־גיטער פון דער „טויטער האנד", געשפיעלט דיא וויכטיגסטע ראלע. לוטהער האט נאר דא־רום לייכט געקראגען אזוי פיעל אנהענגער אין שטעט, ווייל זיי הא־בען שוין לאנג געקעמפפט געגען דיא פערבאפונגען און דיא דריי־קענדע מאכט פון דיא קאטוילישע קירכע. אהן דיזען עקאנאמישען אינטערעס וואלט דער ויכוח צווישען לוטהער'ן און דיא קאטוילישע גלחים ניט געפונען אזא גרויסען און ברייטען אפקלאנג אין דייטש'ן פאלק. יעדענפאלס איז דיא רעפארמאציאן געווען ניט נאר א זעהר וויכטיגע רעליגיעזע ענדערונג, זאנדערן אויך א טיעפע ענדערונג אין דער ענטוויקלונג פון פריוואט־אייגענטהום.

נאר לאמיר זיך אומקעהרען צו אונזער ענין. לאמיר זעהען, וויא אייגענטהום האט געקענט זיך אויס'ניידען אין דעםווילדען צו־שטאנד, ווען פערזענליכע זאכען זיינען נאך צושטערט געווארן נאך דעם טויט פון זייערע אייגענטהימער. דיא פראגע איז: וויא אזוי איז ענטשטאנען פריוואט־פערמעגען אין דיא רעפובליקאנישע גרופען מיט געמיינשאפטליכען אייגענטהום? דיא געמיינשאפטליכקייט פון מענשען אין יענער־צושטאנד איז דאך געווען א גאנץ נאטירליכע.

דער איינצעלנער מענש איז דאַן געווען פיעל הילפלאָזער, וויא מיר קענען עס זיך יעצט פאָרשטעלען. מיט זיינע קלעגליכע געוועהר האט ער אליין ניט געקענט בייקומען שטאַרקע און פלינקע חיות, און ער האט זיך געמוזט פערבינדען מיט אַנדערע, אום מיט געמיינ־שאַפטליכע קרעפטע צו שאַפען זיך טהיער־שפייז. מיר זעהען דאַ־רום, וויא דיא ווילדע פעלקער גייען אויף געיעג גרופענוויין. און אפילו ווען מען האט שוין אָנגעפאַנגען צו פערזייהען רעגעלמעסיג און מען האט שוין אויך גענומען זיך איינשאַפען הויז־טהיערע, האט מען אויך געוויינליך זיך געשאַפען לעבענסמיטעל צוזאַמען און זיי פער־ברויכט צוזאַמען. מיר ווייסען שוין פון דיא פריהערע בעשרייבונגען, וויא, צום ביישפיעל, דיא אינדיאַנער פלעגען זיך יאָגען נאָך בופעל־אָקסען אין קאָמפּאַניעס און וויא עס איז ביי זיי זאָגאַר פערבאָטען געווען צו גיין אויף געיעג איינצעלוויין. דער געיעג אויף קענגורוס אין אויסטראַליען ווערט אויך געפיהרט פון גרופען ווילדע, וועלכע בעשטייען מאַנכעסמאָל זאָגאַר פון א הונדערט פערזאָן.

און עס וואָלט געווען א וואונדער, ווען עס וואָלט אַנדערס צו־געגאַנגען אין ווילדען צושטאַנד, ווען יעדער בעזונדער איז געווען אזוי שוואַך. איינפאַך אויס לעבענספערזיכערונג האבען זיי זיך געמוזט האַלטען צוזאַמען און סאָלידאַריש אין מעהר אדער וויינינער גרויסע גרופען, וויינינסטענס אין פאַמיליען, שוין אָבגעזעהען דערפון, וואס דער מענש איז פון דער נאַטור א געזעלשאַפטליכע חיה. און ווען דיא ערשטע מענשען וואָלטען געהאַט אזעלכע נייגונגען צו אָנזאַמ־לונגען, וויא מיר געפינען עס ביי פיעלע חיות און וויא עס איז אָנ־געצייגט געווען אין דעם קאַפּיטעל איבער אייגענטהום ביי חיות, וואָלטען זיי אייגענטליך דיזע נייגונג לאַנג ניט געקענט בעפרידיגען, ווייל זיי האבען געמוזט שווער און ביטער קעמפען, אום זיך וויא עס איז צו ערנעהרען. אין דיא וויינינע ערטער אויף אונזער ערד, וואו דיא נאַטור האט צוגעשטעלט א פאַרטיגען טיש פאר דיא ער־שטע מענשען — און דאָרט האט מען גאר ניט געברויכט צו קלייבען און צו זארגען וועגען דעם מאָרגען — אין אזעלכע ערטער האבען מענשען געלעבט במעט אזוי זאָרגלאָז, וויא דער עלעפאַנט אין דיא

טראָפּישע וועלדער, און מען האט זיך נאר געקענט פערמעהרען אין צאָהל, אבער ניט מאכען פאָרטשריטע אויף דעם וועג פון קולטור. אין אַלע אנדערע לענדער איז דיא נאַטור געווען א בייזע שטיפמוטער פאר דיא מענשען, און אפילו ווען זיי האבען געזוכט שפייז צוזאמען און זיך איינע דיא אַנדערע אויסגעהאָלפען, האבען זיי אָפט געהונגערט און געמוזט פרעסען זאַכען, וואס עקלען אונז יעצט.

דאס אַלעס ווייסען מיר שוין פון דיא פריהערע קאַפּיטלעך. וואס מיר ווילען דאָ דערגיין, איז דער גרונד, וועלכער האט בעוואָגען מענשען אַרויסצוטרעטען אַליץ ווייטער און ווייטער פון דיזען נאַטירליכען צושטאַנד און וועלכער האָט זיי געטריבען צו זיין זעלבסטשטענדיג און צו קעמפּפען אין זייערע קאָמוניסטישע געמיינדעס, אום צו ערווערבען אייגענטהום פיר זייער אייגענעם געברויך.

דיזער גרונד איז דיא פּראָדוקטיווע אַרבייט פון מענשען. מיר האבען שוין דערויף אָנגעציינט, ווען מיר האבען בעשריבען דיא אייגענטהומס־פאָרמען ביי איינינע ווילדע פעלקער. דיא זאַכען וואס דיא נאַטור שאַפט פון זיך זעלבסט האבען געהערט צו אַלעמען. קיין ווילדען איז קיין מאָל ניט איינגעפאַלען צו זאָגען, אז א בוים וואס וואַקסט פריי אין וואַלד געהערט נאר צו איהם אליין און צו קיין אַנדערן. צו אזעלכע געדאַנקען זיינען מענשען ערשט געקומען אויף פערהעלטניסמעסיג הויכע קולטור־שטופען, ווען מען האט שוין געפיהרט מלחמות צו פאַנגען שקלאַווען און ווען מען האט שוין אָנגעפאַנגען צו אָרגאַניזירען מלוכות. אבער א בוים, וואס איז פערפלאַנצט געוואָרן פון א ווילדען, איז שוין גערעכענט געווען אלס זיינער, אלס זיין אייגענטהום, ווייל ער האט דערביי אָנגעווענדעט זיין אַרבייט. חיות אין וועלדער און פעלדער האבען גלייך געהערט צו אַלעמען, אבער ווען א יענער האט געטויטעט איינע פון זיי, איז זיא שוין געווען זיינע, ווייל ער און קיין אַנדערער האט בענוצט דערביי זיין קראַפט און פלינקייט. שטיינער און שטעקענס, דיא ערשטע מענשליכע געצייג, האט יעדערער געקענט פריי נעהמען, וויא פיעל ער האט נאר געוועלט; אבער ווען איינער

האט אַרומגעקלאַפּט א שטיין אדער פערשפּיצט א שטעקען, איז דאס שוין געווען זיין אייגענטהום, און אזוי איז עס פערבליבען אפילו נאך זיין טויט. דיא ווילדע יעגערס האבען געהאַט גאנץ בעשטימטע רעגעלען וועגען זייער רעכט אויף געטויטעטע חיות. זאָ, צום ביי־שפּיעל, ווען צוויי יעגערס האבען גלייכצייטיג געטויטעט א חיה מיט פיילען, זאָ האט דיא חיה געהערט צו דעם פון זיי, וועמעס פייל איז אַריינגעפלויגען נעהענטער צום האַרצען.

אין דיא בעשרייבונגען פון רייזענדע און מיסיאָנערען וועגען ווילדע פעלקער קען מען געפינען טויזענדע בעווייזע און ביישפּיעלען, וויא אזוי ווילדע אַנערקענען נאר און היטען שטרענג אָפּ זייערע רעכטע אויף זאכען דורך זייער ארבייט. דיא ערשטע פערבאַפּונגען, וואס ווילדע האבען געמאַכט, זיינען געווען דיא שטיקער לאַנד, וועל־כע זיי האבען גענומען בעטראַכטען אלס זייער יאַגד־גרונד. דיזע פאָרמע פון אייגענטהום געפינען מיר אויך, וויא מיר ווייסען שוין, ביי געוויסע סאָרטען חיות, און זיא איז איינפאַך ענטשטאַנען דורך דיא שוועריגקייט צו שאַפען זיך גענוג שפּייז ביי א פערמעהרונג פון מענשען אויף דער ערד. דאס איז אין אלגעמיינען געווען א פער־זיכערונג געגען פרעמדע; אבער פאר דיא אייגענע, ד. ה. פאר דיא מיטגליעדער פון דעם זעלבען שטאַם, איז דאס געווען פרייעס און אַלגעמיינעס אייגענטהום. אויף דיזע טעריטאָריאַלע אייגענטהום האָ־בען זיך עס ביסלעכוויז געגרינדעט דיא רעפּובליקאַנישע געמיינדעס, ווען מען האט זיך גענומען מעהר אדער וועניגער רעגעלמעסיג צום אַקערבוי. און יאָהרטויזענדע נאכדעם, וויא מענשען האבען שוין פעסט איינגעפיהרט פּריוואַט־אייגענטהום אויף בעוועגליכע זאכען, איז דיא ערד זעלבסט פערבליבען אלגעמיינעס אייגענטהום. אפילו האַלב־ווילדע פעלקער האבען נאך ניט געקענט פערשטיין, וויא מען קען פערקויפען לאַנד און איבערהויפּט איהר רעכענען פאר אזא פּריוואַט־אייגענטהום, וויא זאַכען וואס ווערן בעשאַפען דורך מענשליכע אַר־בייט. פּריוואַט־אייגענטהום אויף לאַנד, וויא מיר פערשטייען עס יעצט, האט מען ערשט גענומען איינפיהרען אין אייראָפּאַ אין דיא לעצטע יאָהר־הונדערטע, און ביי דיא מייסטע מענשען אויף דער

ערד עקזיסטירט נאך ביז היינט צו טאָג טהיילווייז געמיינדע־בעזיץ און טהיילווייז פאַמיליען־בעזיץ פון לאַנד.

דיא ערשטע פריוואַט־רעכטע אויף לאַנד זיינען אויך געקומען נאר דורך ארבייט. ווען איינער האט אָפּגערייניגט א פעלד פון בוימער און שטיינער און דאָרטען עפּעס פערזייהט, איז דאס שוין געווען זיינע; אבער אייגענטליך האט דער גרונט זעלבסט צו איהם נאך ניט געהערט, זאָנדערן דיא פּראָדוקטען פון גרונט. דאָ איז געווען דאס זעלבע, וואס מיט פערזייהטע בוימער, ווייל אין ביידע פעלע האט מען געמוזט צולי גען אַרבייט. און ווען א שטיק בעאַרבייטעטע לאַנד איז פערלאָזען געוואָרן, און א נייער אַקערבויער האט עס גענומען וויעדער בעאַרבייטען, האט עס שוין געהערט צו איהם. אייגענטהום אויף לאַנד אָהן אַרבייט איז ניט אַנערקענט געווען פיר איינצעלנע פערזאָנען. דאס האט געהערט צום כלל, צום גאַנצען שטאַם אדער שפּעטער צו דער גאַנצער געמיינדע, וויא מיר האבען שוין דאס געזעהען פון דיא פריהערע בעשרייבונגען פון אייגענטהום ביי ווילדע פעלקער.

קורץ, פּערזענליכע ארבייט איז איבעראַל געווען דער אַלגעמיינער גרונד און דער ערשטער אָנפאַנג פון פריוואַט־אייגענטהום. און דאס איז אויך גאַנץ נאַטירליך, דען מען ווערט דאך נאר בערעכטיגט צו זאָגען, אז א זאַך איז מיינע, ווייל מען לייגט צו אייגענע ארבייט איהר צו מאַכען. דאָ איז אייגענטהום געווען איינפאַך א יושר־רעכט. דורך ארבייט זיינען פּראָדוקטען געוואָרן פערזענליכע און דורך ארבייט האבען אויך מענשען געקראָגען אלץ א גרעסערע און שטאַרקערע שטרעבונג אָנצוקלייבען זאַכען. דען עס איז דאך קלאָר, אז א ווילדער, וועלכער איז פון דער נאַטור פויל, האט נאר דאַן געקענט זיך נעהמען צו דער ארבייט, ווען ער האט א געוויסע זאַך זעהר נויטיג געברויכט, און דאַן האט ער איהר שוין געהאַלטען ביי זיך. וואס מעהר ארבייט א זאַך האט איהם געקאָסט, אלץ טהייערער איז זיא ביי איהם געווען און אלץ מעהר האט ער איהר אָבגעהיט, אום איהר צו בענוצען פאר זיין אייגענעם געברויך. אזעלכע זאַכען האט שוין אויך געלוינט צו גנב'ענען אדער צו רויבען ביי

אַנדערע, ד. ה. צו קריגען אָהן ארבייט, און איבערהויפּט זיי אָנצוזאַמלען וואס מעהר. אין ווילדען צושטאַנד זיינען דיא אַנדערע, ביי וועלכע מען האט ניט נאר געגנב׳עט און גערויבט, זאָנדערן אויך געהאַלטען פאר גערעכט אזוי צו טאָן, — געוועזן דיא מיטגליעדער פון אַנדערע שטאַמען. פרעמדע האט מען שטענדיג בעטראַכטעט אלס בלוטפיינדע, וואס מען האט געמעגט טויטען און אויספּרעסען, זאָ דאס וועגען דעם רעכט אוועקצונעהמען זאכען ביי פרעמדע האט קיין שום צווייפעל ניט געקענט זיין אין דיא מוחות פון ווילדע.

און וואס מעהר פאָרטשריטע א שטאַם האט געמאַכט אויף דעם קולטור־וועג, וואס מעהר נייע מאַטעריאַלען און קונסטען מען האט אויסגעפונען, אלץ מעהר איז דיא ארבייט פערטהיילט געוואָרן און אלץ מעהר האט מען געקענט אָנקלייבען זאכען אין פּריוואַטבעזיץ. עס האבען זיך ביסלעכווייז גענומען אויסטהיילען גרופּען, וואס האבען ספּעציעל צוגעשטעלט געוויסע זאכען, צום ביישפּיעל: לייִמענע כלים און מעטאַלענע געצייג, זאָ דאס מען האט שוין בעדאַרפט אויסבייטען פּראָדוקטען. און וויא נאר מען האט דערגרייכט צו אַזאַ שטופע פון אַרבייטס־פּערטהיילונג האבען שוין מענשען געמוזט זעהען צו קלייבען, אום צו טוישען איין זאך וואס מען האט געהאַט אין איבערשוס, אויף אַנדערע וואס מען האט געברויכט. דיא סומע פון פּריוואַט־זאכען און דיא שטרעבונג זיי וואס מעהר צו קריגען דורך אירגענד וועלכע מיטעל, ספּעציעל דורך מלחמות, זיינען דאַרום אלץ געשטיגען, ארויסרופענדיג דערביי אלץ א גרעסערע און שאַרפערע אונגלייכהייט צווישען מענשען.

דיא ערשטע גרויסע פערטהיילונג פון אַרבייט איז נאך פאָרגעקומען אין יעגער־צושטאַנד, וויא מיר ווייסען עס שוין. דאס איז נעמליך געוועזן דיא בעשעפטיגונג פון פרויען מיט אקערבוי אדער אין אלגעמיינען מיט דיא צושטעלונג פון פלאַנץ־שפּייז און דיא בעשעפטיגונג פון מענער מיט געיעג אדער אין אלגעמיינען מיט דיא צושטעלונג פון טהיער־שפּייז. נאר דאָן האט עס בעזאָנדערס געפיהרט צו דיא שטרעבונג פון פרויען אָנצוקלייבען פלאַנץ־שפּייז, אבער האט פערהעלטניסמעסיג זעהר ווייניג געווירקט אויף דיא ענטשטעהונג פון

פריוואַא־אייגענטהום. דיא יעגערס האבען אפילו ניט געהאט דיא מעגליכקייט אָנצוקלייבען זייער שפּייז, דען זיי האבען ניט געוואוסט וויא צו קאָנסערווירען פלייש. אלעס וואס זיי האבען בעזעסען, זיינען געווען זייערע געוועהר און געציינ, און דאס איז געווען דער פּערזענ־ליכער אייגענטהום, וואס פלעגט פערניכטעט ווערען נאכ'ן טויט פון זייערע אייגענטהימער. דיא אינסטרומענטען, וואס האבען געפאָדערט א סך ארבייט און הילפע פון שטאַם, וויא גרויסע שיפלעך און נע־צען, זיינען געווען געמיינשאפטליכעס אייגענטהום.

אום צו קענען אָנקלייבען טהיער־שפּייז אויף א לאַנגע צייט, דאַרף מען קענען אָנהאלטען לעבעדיגע חיות אונטער דער האַנד. אין יעגער־צושטאַנד האט מען געמוזט גלייך אויפפרעסען אלע געטויי־טע חיות און אזוי האט מען אויך געטאָן, וויא מיר ווייסען עס. דיא אָנקלייבונג פון א לעבעדיגען זאַפּאַס פלייש איז געשעהען אין דעם פיהפיטערנדען צושטאַנד, ווען עס איז געמאַכט געווען א וויי־טערער שריט אין דער פערטהיילונג פון ארבייט. דיזער צושטאַנד, וועלכער האט געפיהרט צו פּאַטריאַרכאַט און צו דיא פערשקלאַוואונג פון דער פרוי, האט אויך געפיהרט צו א שטאַרקע ענטוויקלונג פון פריוואַט־אייגענטהום.

דיא צאָהל פון זאַכען, וואס מען האט געקענט פערכאַפּען, האט זיך זעהר פיעל פערגרעסערט אין דעם פיהפיטענדען צושטאַנד. ניט נאר דיא בהמות אליין זיינען געווען א'ן אוצר פאר דיא וואַנ־דערנדע פעלקער, נאר אויך דיא פּראָדוקטען, וואס מען האָט פון זיי געקראָגען. דורך דעם זיינען ענטשטאַנען נייע פּאָדערונגען און קונסטען, וועלכע האבען אלץ מעהר ארויסגערופען דעם חשק צו זאַמלען און צו בעזיצען. אויסער פלייש, מילך, פּוטער און קעז האַ־בען דיא בהמות צוגעשטעלט פעל און וואָל, וועלכע זיינען וואַהרשיינ־ליך געווען פון דיא ערשטע פּראָדוקטען, וואס מענשען האבען גע־נומען אלץ מעהר אָנזאַמלען אלס פּריוואַט־פּערמעגען. אום צו צונע־וואָהנען און צו צאַמען ווילדע חיות האט מען געמוזט אָנווענדען ניט ווייניג געדולד און ארבייט, און אויך מוז מען שטענדיג אויפפּאַסען אויף דיא סטאַדעס בהמות. דאס פּאָדערט אלץ ארבייט און זאָרג,

און דארום האט מען גלייך גענומען בעטראכטען בהמות אזוי וויא די פראָדוקטען פון בעארבייטעטע לאנד. זיי האבען געהערט צום פיהפיטערער אלס רעזולטאט פון זיין ארבייט. דאָ איז שוין גלייך פון אָנפאנג קלאָר געוואָרן דער אונטערשיעד פון „מיינס און דיינס".

נאר מען דארף פון דעסטוועגען ניט מיינען, אז יעדער איינער האט ווירקליך געהאט אדער זאָגאר געוועלט האבען זיינע אייגענע בהמות. די אָפּזונדערונג איז געוויינליך געוועזן פיר גאנצע פאַמיליעס. דאס לאנד האט נאך אין פיהפיטערנדען צושטאנד געהערט צום שטאם, צו א גאנצען פאָלק, אבער די פראָדוקטען פון די בעארבייטעטע חלקים לאנד און בעזאָנדערס די בהמות האָבען געהערט צו בעזונדערע פאַמיליעס. דיזע אויסטהיילונג אדער אויסשיידונג פון פאַמיליען־אייגענטהום האט עס אזוי פעסט־געשטעלט דעם פאטריארכאט אין פיהפיטערנדען צושטאנד. די ראדיקאלע ענדערונג אין דער פאַמיליען־אָרגאניזאציאָן, וועלכע מיר האבען נאכגעפאָרשט אין די קאפּיטלעך איבער די ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פון פאַמיליען, איז טהיילווייז ארויסגערופען געוואָרן דורך די ענטשטעהונג פון פּריוואט־אייגענטהום אלס רעזולטאט פון ארבייט, און נאכהער האט שוין דיזע ענדערונג מעכטיג געווירקט אויף די ענטוויקלונג פון „מיינס און דיינס". דער פאטריארך, אלס דער בעפעהלסגעבער איבער זיינע פרויען און קינדער, איז געוועזן דער אייגענטהימער פון די בהמות און פון אלע בעוועגליכע זאכען. די מיטגליעדער פון דער פאַמיליע האבען אבער געארבייט אלע צוזאמען און געמיינשאפטליך גענאָסען די פראָדוקטען פון זייער ארבייט. אין די פאַמיליעס, וויא גרויס זיי זיינען ניט געוועזן, האט אָנפאנגס געהערשט פאָלקאָמענער קאָמוניזמוס; אבער ביסלעכווייז, ווען די לוסט צו פערכאפּונגען און צו פּריוואט־אייגענטהום איז אלץ שטאר־קער געוואָרן, האט מען זיך גענומען אלץ מעהר אויסשיידען פון די גרויסע פאַמיליעס און אָפּזונדערן זיך אין קלענערע פאַמיליעס, און דאדורך איז ווידער פערגרעסערט געוואָרן דאס פעלד פון „מיינס און ד׳ינס". אָט אזוי האט עס איין געזעלשאפטליכע איינפיהרונג געווירקט אויף די אנדערע, א שריט אין איין ריכטונג האט געפיהרט

צו א שריט אין א'ן אנדער ריכטונג, און דער רעזולטאט דערפון איז געווען דיא אליין שטארקערע ענטוויקלונג פון פריוואט־איינענטהום.

נאר פון בהמות אליין וואלט מען נאך ניט געקענט אנקלייבען גרויסע רייכטהימער אין איינצעלנע הענד אדער ריכטיגער אין איינצעלנע פאמיליעס, ווען מען וואלט ניט דערצו בענוצט דיא *ארבייט פון שקלאווען*. וויא פלינק, שטארק און שפארזאם א פאטריארך וואלט ניט געווען, וואלט ער דאך מיט דיא ארבייט פון זיינע אייגענע פרויען און קינדער ניט געקענט אנזאמלען זעהר גרויסע סטאדעס. יעדענפאלס וואלט ער ניט פיעל רייכער געווען וויא דיא אנדערע פאטריארכען, און גלייכהייט וואלט אנגעהאלטען געווארן וויא אין רעפובליקאנישע געמיינדעס מיט געמיינשאפטליכע ערד. גאנץ אנדערש איז עס אבער געווארן, ווען פאטריארכען האבען געקענט *צווינגען פרעמדע* מענשען צו שאפען פאר זיי, אויפצופאסען אויף זייערע בהמות און צו ארבייטען אויף זייערע פעלדער. דא האט מען שוין געקראגען א *שאפענדען* קוואל פון רייכטהום, דען שליסליך ווערט דאס גאנצע האב און גוטס פון מענשען געשאפען נאר דורך זייער ארבייט, נאטירליך אריינגערעכענט דיא קרעפטע און דיא מאטעריע פון דער נאטור. און וואס מעהר פרעמדע ארבייט א פאטריארך האט געקענט בעקומען, אלץ מעהר פראדוקטען האט ער געהאט און געקענט אנקלייבען.

דיא אויסשיידונג פון פריוואט־איינענטהום אין דיא אורשפרינגליכע קאמוניסטישע געמיינדעס, וואס האט זיך אנגעפאנגען דורך דיא ערשטע פערטהיילונג פון מענשליכע ארבייט, האט געקראגען א ריזיגען שריט פארווערטס, ווען מענשען האבען גענומען אומוואנדלען זייערע גלייכע אין שקלאווען, אין ארבייטספיה. ווען שקלאווערי האט זיך אייגענטליך אנגעפאנגען, איז שווער צו בעשטימען גענוי. זיכער איז עס נאר, אז זיא האט ערשט געקענט ענטשטיין, ווען מענשען האבען שוין געהאט *וואס* צו זאמלען און האבען זיך שוין *צוגעוואהנט* דערצו, איינזעהענדיג דיא גרויסע נוצען דערפון. דאס הייסט מיט אנדערע ווערטער, ווען מענשען האבען שוין זיך בעשעפטיגט מיט אקערבוי און פיהפיטערונג. מיר געפינען יעדענ־

פאַלם שקלאַווערײ נאָך בײ גאַנץ װילדע פעלקער, װאָס בעזיצען נאָך אַלע צוזאַמען זײערע אַנגעקליבענע זאַכען. מיר האָבען אין פאָריגען קאַפּיטעל געזעהען, דאָס אַפילו געװיסע אינדיאַנער יעגער־שטאַמען האָבען שוין געהאַט אַ סך שקלאַװען. דאָס הײסט אַלזאָ, אַז שוין אין יעגער־צושטאַנד האָט געקענט געלײגט װערן דער אָנפאַנג פון שקלאַװערײ. נאָר געװײנליך איז עס ניט אַזױ דער פאַל געװען. װיאַ מיר װײסען עס שוין פון דעם קאַפּיטעל איבער פיהפיטערײ, איז אַמעריקאַ געװען אַ׳ן אױסנאַהמע אין דיזער בעציהונג, װײל דיא קלײנע צאָהלען אײנגעבאָרענע האָבען געהאַט גאַנץ גענוג װילדע חיות, זאָ דאָס דיא אינדיאַנער זײנען נאָך געבליבען יעגערס, װען זײ האָבען שוין דערגרײכט צו אַ ציםליך הויכע שטופע פון אַקערבױ.

אין דער אַלטער װעלט, בעזאָנדערס אין דער װיגעלע פון דער מענשהײט; אין אַזיען, איז עס צוגעגאַנגען אַנדערס, און פיעלע פעלקער בעשעפטיגען זיך דאָרט מיט פיהפיטערײ נאָך ביז הײנטיגען טאָג. דאָרט האָט שקלאַװערײ געװײנליך נאָר געקענט ענטשטײן צוזאַמען מיט דער ענטװיקלונג פון פיהפיטערײ. יעדענפאַלס איז עס קלאָר, אַז מענשען האָבען ערשט דאַן געקענט זיך נעהמען צו האָדעװען בהמות, װען זײ האָבען שוין געהאַט אַ שטאַרקע שטרעבונג צו אַנזאַמלונגען פון פראָדוקטען. ניט װעניגער קלאָר איז עס אויך, אַז אײן מאָל האָט זיך דיזע שטרעבונג אַרײנגעריסען אין דעם מענשען׳ס גײסט, האָט זיא שוין קײנע גרענעצען ניט געװאוסט אויסער דיא מאַכט פון שטאַרקערע. דער שטאַרקערער האָט אײנפאַך בערױבט דעם שװאַכערען און איהם אַלײן נאָך אומגעװאַנדעלט אין אַ׳ן אַרבײטספיה.

אין אונזער נאַכפאָרשונג איבער דעם פיהפיטערנדען צושטאַנד האָבען מיר שוין אָנגעצײגט, אַז מענשען האָבען דאַן געלערנט צו זײן פאָרזיכטיג, שפּאָרזאַם און איבערלײגט דורך זײער אויפפאַסונג אויף זײערע בהמות. דער געפיהל פון פריװאַט־אײגענטהום האָט זיך בײ זײ דאַרום שטאַרק ענטװיקעלט, זאָ דאָס זײערע איבערפאַלונגען אויף פרעמדע פעלקער האָבען זײ שוין געמאַכט מיט אַ ר ע כ נ ו נ ג צו פערכאַפּען פרעמדע זאַכען און זיך אָנצוקלײבען רײכטהימער. און בײ

אזעלכע רעכנונגען איז עס גאַנץ נאַטירליך געווען צו קומען צום שלום, אז עס איז פיעל ניצליכער צו צווינגען דיא בעזיעגטע צו אַר־בייטען פיר דיא בעזיעגער, וויא זיי צו טויטען און איינפאַך אויפצו־פרעסען. און אזוי איז עס אויך געווען, וויא קולטור־געשיכטליכע נאַכפאָרשונגען ציינען. אויב נאָך אויף דיא לעצטע שטופען פון דעם יעגער־צושטאַנד האבען שוין איינינע געקענט זיין אין אַ׳ן אונטער־טעניגע לאַגע צו אַנדערע און זאָגאַר בעהאַנדעלט ווערן אלס שקלאַ־ווען, וויא ביי איינינע אינדיאַנער יעגער־פעלקער, זאָ האט עס נאָר געקענט פאָרקומען אין איינצעלנע פעלע, יעדענפאַלס אין א קליינע מאָס. אין פיהפיטערנדען צושטאַנד איז אבער שקלאַווערייא געוואָרן א׳ן אלגעמיינע איינפיהרונג און מען האט אלץ מעהר גענומען פיה־רען מלחמות און מאַכען איבערפאַלונגען, אום צו פאַנגען וואס מעהר שקלאַווען. אַנשטאָט צו יאָגען זיך אויף חיות האט מען זיך געיאָגט אויף מענשען, און אין איינינע לענדער, וואס זיינען גרויס און רייך געוואָרן דורך מלחמות, האט מען נאָר געאַרבייט און געשאַפט מיט שקלאַווען.

וויא שרעקליך דיזער צושטאַנד איז ניט געווען, וויא פירכ־טערליך אונגערעכט שקלאַווערייא פון מענשען זאָל יעצט אונז ניט שיינען, מוז מען דאָך צוגעבען, אז דאס איז געווען א וויכטיגער שריט פאָרווערטס אויף דעם קולטור־וועג. מאַסען מענשען זיינען טאַקע אומגעוואַנדעלט געוואָרן בוכשטעבליך אין ארבייטספיה און א קליינע צאָהל הערשער האבען זיך בענוצט מיט דיא פרוכטען פון זייער ארבייט, אבער שליסליך האט מען דאָך געשאַפען מאַסען פראָ־דוקטען און ענטוויקעלט דיא קונסטען און האַנדווערקען. אלע קולטור־פעלקער זיינען דורכגעגאַנגען דיא שטופע פון שקלאַווערייא. דיא אַר־בייט פון שקלאַווען האט גרויס געמאַכט גריכענלאַנד און רוים און האט אונז געבראַכט צו אונזער ציוויליזאַציאָן. ניט נאָר אין ווילדען, זאָנדערן אפילו אין האלב־ווילדען אדער אין באַרבאַרישען צושטאַנד זיינען מענשען געווען זעהר פויל, און דערצו נאָך איז דיא פיזישע ארבייט געווען אלץ מעהר אויסמאַטערנד, וואס וויינינער אינסטרו־מענטען מען האט בעזעסען. מיט דער הילפע פון מאַשינען ווערט

דיא שווערסטע ארבייט לייכט; אבער שטעלט זיך נאר פאָר, וויא שרעקליך עס האט געמוזט זיין דיא ארבייט אין מינען, ווען מען האט זיך נאך געמוזט בענוצען מיט שטיינערנע העק! מענשען, וועלכע מען האט געצוואונגען דאָרטען צו האקען, זיינען טאקע געפאלען וויא פליגען — זאָל זיך דער לעזער דערמאָנען וואס עס איז געזאָגט געוואָרן איבער דעם אין דעם קאפיטעל וועגען דיא בעארבייטונג פון מעטאלען — אבער אנדערס וואָלט מען טאקע קיינע מעטאלען גע־האט. מיליאָנען מענשען האט מען אזוי אויפגעאָפפערט אויף דעם מזבח פון קולטור; אבער שליסליך איז מען דאך געקומען צו א פראָ־גרעס. דורך דיא ארבייט פון שקלאווען האט מען אויך געלערנט צו שאפען צוזאמען און צו זיין דיסציפלינירט און אָרגאניזירט אין גרויסע געזעלשאפטען.

קורץ, שקלאווערייַ איז געווען א שרעקליכע נויטווענדיגקייט פיר דיא קולטור; אבער ניט ביי אלע קולטור־פעלקער און ניט אין אלע צייטען האט זיא עקזיסטירט אויף דיא זעלבע ארט און ווייזע. מיר וועלען דערווייַלע לאָזען אָן א זייט דיא שפעטערע פאָרמע פון שקלאווערייַ, וועלכע איז בעקאנט אונטער דעם נאָמען קנעכטשאפט אדער פאנטשיזנע און וועלכע איז ענג פערבונדען מיט דער ענט־וויקלונג פון לאנד־אייגענטהום. מיר וועלען דאָ בעטראכטען דיא לאגע פון שקלאווען אין דיא גאנץ אלטע צייטען.

דיא ערשטע צייטען, ווען מען האט אָנגעפאנגען צו לאָזען קריגס־געפאנגענע לעבען, אום צו בענוצען זיך מיט זייער ארבייטסקראפט, האט מען זיי נאטירליך ניט געקענט שטענדיג אזוי אונטערדריקען, איינ־פאך צו שמידען, וויא שפעטער, ווען מען האט שוין געלעבט אין בעשטימטע פערכאפטע לענדער אונטער דער הערשאפט פון דעס־פאָטען מיט א גאנצע רעגירונגס־סיסטעם. דער וואנדערנדער פיה־פיטערער האט געמוזט מיטשלעפען מיט זיך דיא שקלאווען אזוי גוט וויא זיינע בהמות, און ער האט נאטירליך געמוזט זעהען זיך צו בע־גיין מיט זיינע שקלאווען אזוי, אז זיי זאָלען זיך ווייניגסטענס ניט צור־לויפען ביי דער מינדעסטער געלעגענהייט. הגם ער האט זיי געקענט טויטען, ווען ער האט נור געוועלט, אבער זיין אינטערעס איז

אין געווען, אז זיי זאָלען בלייבען לעבען און ארבייטען פאר איהם. דיא שקלאווערייא איז דאַן געווען א הויזליכע און פערהעלטניסמעסיג ניט אזא פירכטערליכע, וויא ווען דיא פיהפיטערער האבען שוין אָר־גאניזירט זייערע בארבארישע מלוכות. דער שקלאוו איז אָפט געווען א מיטגליעד פון דער פאמיליע, און אויב ער האט געמוזט ארביי־טען זעהר שווער, זאָ האט ער דערפאַר געלעבט רוהיג און זיכער.

ווען מען האט אָנגעהויבען צו מאַכען א'ן אונטערשיעד אין דיא פאטריארכאַלישע פאמיליען צווישען דיא ערשטע פרוי און דיא קעפּס־ווייבער, זאָ האט עס זיך אויך אָפּגערופען אויף זייערע קינדער. דיא קינדער פון דיא קעפּס־ווייבער זיינען דאַן געשטעלט געוואָרן אין א נידעריגערע לאַגע וויא דיא קינדער פון דיא ערשטע אדער גע־זעצליכע פרוי, וויא מיר האבען עס שוין געזעהען אין אונזער נאכ־פאָרשונג וועגען פאמיליען. דיזע נידעריגערע לאַגע האט זיך אויס־געדריקט מיט דער צייט אין שקלאווערייא; אבער עס פערשטייט זיך, אז דיא פאטריארכען האבען דאָך בעטראכטעט דיזע שקלאווען ניט אלס פרעמדע און זיי אויך גערעכענט פאר פאמיליען־מיטגליעדער. ווען ירושה־רעכט איז איינגעפיהרט געוואָרן, זיינען דיא קינדער פון דיא קעפּס־ווייבער דערפון געווענליך אויסגעשלאָסען געוואָרן, זא דאס דיי־זער אונטערשיעד אליין האט שוין געפיהרט צו אלץ גרעסערע און ווייטערע אונגלייכהייט אין פערמעגען.

אין יענע צייטען, ווען דער פויסט איז געווען דער אונבע־שרענקטער הערשער, האבען דיא שוואכע איבערהויפּט געמוזט זוכען דיא שטיצע פון דיא שטארקע. דיזע שטיצע האבען דיא שוואכע נור געקענט קויפען דורך אונטערוועֶרפונג, דורך א צוזאָגונג עפּעס צו טאָן פיר זייערע הערען. וויא נאר עס האט זיך אָנגעהויבען ארויסווייזען אונגלייכהייט אין דיא פריהערע רעפּובליקאנישע געמיינ־דעם דורך דיא אויבען אָנגעצייגטע אורזאכען און וויא נאר מען האט אָנגעפאנגען צו יאָגען זיך אלץ מעהר נאָך מענשליכע ארבייטס־קראַפט אלס דיא ניצליכסטע און דיא בעסטע, מאַכענדיג צוליעב דעם איבערפאלונגען אויף פרעמדע שטאמען, האט מען אויך גענומען אומוואנדלען אין שקלאווען דיא יעניגע פון דיא איינענע מיט־

גליעדער, וועלכע זיינען פערבליבען פערלאָזען און פערשולדעט, וועלכע האבען זיך אליין געפיהלט עלענד.

ליווינגסטאָן דערציילט, דאס ער האט געקענט א נעגער, וועלכער האט זיך אליין פערקויפט אלס שקלאוו נאר צוליעב דעם, וואס ער איז געווען עלענד, אָהן א פאָטער, מוטער און נאָהענטע פערוואנדטע, און האט געוועלט האָבען אימעצען, וואס זאָל זיין פער־אינטערעסירט צו בעשיצען זיין לעבען. אזעלכע נידערשלאָגענע און דערשראָקענע מענשען, וואס זיינען צופריעדען צו זיין אָפּהענגיג פון א שטארקערן, אום צו פיהלען זיך זיכערער און רוהיגער — אזעלכע מענשען געפינען זיך איבעראל און אין אלע צייטען, און בעזאָנדערס איז זייער צאָהל געווען גרויס אין דיא צייטען, ווען קיינער האט זיך ניט געפיהלט זיכער אפילו מיט זיין לעבען, ווען מען האט שטענדיג געפירכטעט פאר איבערפאלונגען. דיא שוואכערע און אָרימערע זיינען דארום אלץ מעהר צוגעשטאנען צו דיא שטארקערע און רייכערע, וועלכע זיינען דאדורך אלץ מעכטיגער געוואָרן. אזעלכע עלענדע פלעגען זיך פיהלען אזוי צופרידען מיט זייער קנעכטשאפט, דאס זיי פלעגען גאר ניט וועלען ווערן פריי. זיי זיינען אָנפאנגס אויך געווען פעררעכענט אלס מיטגליעדער פון דעם פאטריארך׳ס פאמיליע. אָפּ־געריסען פון זייערע פאמיליעס און שטאם־ברידער און קריגענדיג זי־כערהייט און שפּייז פון זייערע הערשער, פלעגען זיי געוויינליך טראָ־גען געדולדיג זייער לאסט און שאנדע. אזוי וויא דיא קינדער פון שקלאווען פלעגען אויך גערעכענט ווערן פאר שקלאווען, זא איז מיט דער צייט ענטשטאנען נאך אין דיא ערשטע בארבארישע אָרגאני־זאציאָנען א קלאס, וועלכער האט שוין ניט געוואוסט פון קיין בעסערעס, וויא דיא שקלאווען־קייטען, וועלכער האט שוין ניט גע־האט שטרעבונגען צו פרייהייט, וועלכער האט זיך זאָגאר געפיהלט הילפלאָז אָהן זיינע הערשער, וועלכער איז געווען עהנליך צו דיא מוראשקעס־שקלאווען, וואס ווערן ערצויגען נאר צו ארבייטען און צו דיענען דיא קריגערישע מוראשקעס. ניט נאר האבען אזעלכע גע־האָרכזאם געפאָלגט און שווער געארבייט פא זייערע הערען, ווייל זיי האבען געפירכטעט פאר דעם בייטש, זאָנדערן אויך ווייל זייער

גייסט איז שוין פערשקלאווט געווען. און ווען צו דיא אלטע און נייי־געבארענע שקלאווען פלעגען צוקומען קריעגס־געפאנגענע, וועלבע האבען זיך געריסען צו פרייהייט און וועלבע האבען בעקלאגט זייער ביטערן שיקזאל, פלעגען זיי שוין מוזען טראגען דעם שווערען יאך, זייענדיג אנגעטריבען אפילו פון זייערע געדולדיגע חברים, ביז זיי פלע־ גען אויך צוגעוואהנט ווערן צו זייער שקלאווערייי אדער אויסגעשלאכ־ טעט ווערן פון זייערע הערען ביי דעם מינדעסטען ווידערשטאנד.

און וואס מעהר עס האט זיך ענטוויקעלט א קלאס פון שקלא־ ווען, אלץ מעהר האבען דיא הערען זיי אנגעהויבען צו בעטראכטען אלס נידעריגערע בעשעפעניסען, אלס פיה אין מענשליכע געשטאלטען און האבען זיי אלץ מעהר אונטערדריקט און אונטעריאכט. דער שקלאוו איז אזוי אלץ מעהר ערווייטערט און אויסגעזונדערט געווארן פון דער פאטריארכאלער פאמיליע, וועלבע איז אלץ שטארקער און רייכער געווארן דורך דיא ארבייט פון דיא אונטערטעניגע און ער איז געווארן איינפאך א סחורה אקוראט וויא בהמות. דיא פריהערע מילדערע פארמען פון הויז־שקלאווערייי זיינען ביסלעכווייז אומגעוואנ־ דעלט געווארן אין דיא שרעקליכע פארמען, וועלבע שקלאווערייי האט אנגענומען גראדע ביי דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער פון אלטער־ טהום: דיא גריכען און רוימער, ווען מען פלעגט דיא שקלאווען שי־ קען זיך ראנגלען מיט רויבטהיערע אין דיא צירקען, אום צו פערשא־ פען דערמיט א בעסטיאלישען פערגעניגען זייערע „עדלע" הערען.

מיט דער צייט זיינען גאנצע שטאמען אזוי אונטעריאכט גע־ ווארן, דאס זיי זיינען אויך געווארן גייסטיגע שקלאווען. דיא פיהפיטערער, וועלבע זיינען געווארן מוטהיג, אונטערנעהמענד און גע־ שייט דורך זייערע זארג אנצוהאלטען און צו פערגרעסערן זייערע סטאדעס, האבען גענומען בעהערשען דיא שטאמען, וועלבע האבען זיך ביסלעכווייז בעזעצט אויף געוויסע ערטער, וואס זיינען געווען גינסטיג צו אקערבוי, און האבען דאדורך פערלארען זייער קריעגערישען גייסט, און דיזע פרידליכע אקערבויער פלעגען איינפאך אומגעוואנ־ דעלט ווערן אין שקלאווען אדער מען פלעגט זיי לאזען בעארבייטען זייערע פעלדער מיט דער בעדינגונג, אז זיי זאלען צאהלען א געוויסע

קאנטריבוציע צו דיא זיעגרייכע הערען. און דיא שטאמען וואס זיינען אזוי לאנג בערויבט און בעהערשט געווארן פון דיא רויבערישע נאמאדען, האבען שוין אויך געדולדיג געטראגען זייער יאך. עס איז דארום ענטשטאנען א שקלאווישער גייסט ביי געוויסע פעלקער. מען האט געקענטווירקליך זאגען וועגען זיי, אז זיי זיינען געבארענע שקלאווען. אלס אזעלכע דארף מען בעזאנדערס רעכענען פיעלע פעלקער אין אפריקא און איבערהויפט דיא גאנצע נעגער־ראסע. אפריקא איז נאך ביז היינט צו טאג פערבליבען דער צענטראל־מארק פון שקלאווען פיר דיא גאנצע וועלט. ניט אומזיסט האבען דיא אייראפעער גענומען איינפיהרען שקלאווען פון אפריקא נאך אמעריקא, אום צו ארבייטען אויף דיא פלאנטאציעס. דיא אינדיאנער, וועלכע זיינען ניט געוואהנט געווען צו שקלאווערייא, האט מען טאקע ניט געקענט אומוואנדלען אין שקלאווען. זיי פלעגען איינפאך אויסשטארבען, ווען מען פלעגט זיי צווינגען מיט געוואלט צו שווערע ארבייט.

מיר וואונדערן זיך, דאס א הייפעלע אייראפעער בעהערשען מיליאנען אפריקאנער און אזיאטישע איינגעבארענע. נאטירליך דיא בעסערע געוועהר און מיליטערישע ארגאניזאציאנען פון דיא אייראפעער האבען דא זעהר פיעל צו זאגען, אבער פון דעסטוועגען וואלטען דיא אייראפעער דאך ניט אין שטאנד געווען שטענדיג אנצוהאלטען מיט קליינע צאהלען זייער הערשאפט איבער מיליאנען נפשות, ווען דיזע מיליאנען וואלטען ניט זייט יאהר־טויזענדע צוגעוואהנט געווען צו געפינען זיך אונטער דער הערשאפט פון אנדערע און צו פאלגען שקלאוויש. וועגען דעם שקלאווישען גייסט און יעדענפאלס אונטערטעניגקייט פון דיא אפריקאנישע און אזיאטישע פעלקער פערגעסט מען געוויינליך, ווען מען זעהט, צום ביישפיעל, וויא עטליכע צעהנדליג טויזענד ענגלענדער בעהערשען הונדערטע מיליאנען אין אינדיען.

אונטער דיא נעגערן געפינען זיך וויניג אזעלכע, וואס קענען בעהערשען אנדערע. זיי זיינען גענייגט צו זיין אונטערוואַרפען צו שטארקערע דורך יאהר־טויזענדע פון שקלאווערייא. און דיא זעלבע געפיהלען פון אונטערווארפענהייט, פון א געוויסע הילפלאזיגקייט

האט מען געקענט זעהען ביי דיא „בלאָפּעס“, דיא פּאנסטשיזניקעס. אונטער דיא רוסישע און אַנדערע סלאַווישע בויערן געפינען זיך נאָך ביז היינט צו טאָג אַזעלכע, וואס וואָלטען זיך געפיהלט גאנץ אונגליקליך, ווען זיי וואָלטען ניט געהאַט א הערר, א „באַרין“ איבער זיך, אז ער זאָל זיי קענען אויסהעלפען אין פאַל פון נויט. עבענזאָ גוט וויא דיא בעפרייטע נעגערן אין אַמעריקאַ זיינען נאָך גייסטיג שקלאַוויש, אזוי זיינען נאָך דיא בעפרייטע בויערן אין רוסלאַנד גייסטיג אונטערטעניג און נידערשלאָגען.

עס זיינען דארום ענטשטאַנען ניט נאר צוויי גרויסע קלאַסען ביי דיא קולטור־פעלקער, א קלאַס פון הערן און א קלאַס פון שקלאַווען, זאָנדערןביידע קלאַסען האבען זיך זאָגאר גענומען בעטראַכטען אלס בעזונדערע סאָרטען מענשען, מיט אַנדערע בלוט, מיט אַנדערע נשמות. דיא הערן האבען זיך בעטראַכטעט אלס העכערע בעשעפעניסען, וואס זיינען געשאַפען צו בעפעהלען און צו לעבען אין וואוילטאָג דורך פרעמדע ארבייט, און דיא שקלאַווען האבען זיך אליין גערעכענט פאַר נידעריגערע בעשעפעניסען, וואס זיינען נאר געשאַפען צו האָרעווען און צו ליידען. מיר ווילען זיך דארום ניט וואונדערן, דאס אפילו דיא קליגסטע אַלטע גריכען האָבען געדיינקט, אז דער שקלאַוו האט אַ'ן אַנדער נשמה, וויא דער הערר. דיא הערן האבען אָנגעפאַנגען צו בעטראַכטען דיא ארבייט זעלבסט אלס א צייכען פון שקלאַווערייַ. יעדענפאַלס, ווייסען מיר, אז נאָך אין אונזער צייט קוקט מען מיט פעראַכטונג אויף „פּראָסטע ארבייטער“. אין אַלטערטהום האט מען געהאַלטען, אז פרייע בירגער דאַרפען זיך ניט ערנידעריגען מיט פיזישע ארבייט, דען נאר שקלאַווען זיינען געשאַפען דערצו. אזוי אבער וויא אָהן ארבייט קען דאָך דיא מענשהייט ניט עקזיסטירען און דיא הערן האבען ניט געוואָלט ארבייטען, דארום האבען אפילו אזעלכע געניאַלע גריכען, וויא פּלאַטאָן און אריסטאָטעלעס, געהאַלטען, אז שקלאַווערייַ איז א נויטווענדינגקייט. און עס איז טאקע אין אמת'ן געווען א שווידערליכע נויטווענדיגקייט, וויא עס איז שוין אויבען ערקלערט געווען.

מען מוז אויך צוגעבען, אז דיא ערשטע צייטען, ווען מען האט

גענומען איינפיהרען שקלאווערייא אלס א געזעלשאפטליכע סיסטעם. זיינען דיא ערדען מייסטענס טאקע געוועזען אויסגעקליבענע מענשען. עס איז קלאר, אז דיא הערשער זיינען געוועזען און האבען געמוזט זיין שטארקער און קליגער, וויא דיא בעהערשטע, ווען עס איז ערשט געמאכט געווארן דער אנפאנג פון פריוואט־אייגענטהום און מען האט זיך נאך געפיהרט נאך דיא אלטע רעפובליקאנישע מנהגים. קיינער האט נאך ניט געקענט קריגען שקלאווען און איבערהויפט אייגענ־טהום בירושה, ווייל ירושה־רעכט איז נאך גאר ניט געוועזען איינגע־פיהרט; און דיא פאטריארכען האבען געמוזט אליין ערווערבען אלעס. אלס אזעלכע פעהיגערע און שטארקערע מענשען צו בעהערשען אנ־דערע זעהען מיר ארום דעם אנפאנג פון דער געשיכטליכער צייט דיא פיהפיטערנדע אדער נאמאדען־פעלקער. זיי בעפאלען עס און אונ־טערווארפען אונטער זיך דיא פרידליכע אקערבויער, זיי פאנגען עס אם מייסטען דיא שקלאווען, זיי גרינדען עס מעהר אדער ווייניגער גרויסע מאנארכיעס, וועלכע צופאלען זיך אבער אפט מיט דעם טויט פון זייערע אנפיהרער. וויא ווילד און גרויזאם זיי זיינען ניט געוועזען, זיינען זיי מייסטענס געשטאנען גייסטיג העכער וויא דיא בעזיעגטע און יעדענפאלס האבען זיי שוין געלערנט צו קאמאנדעווען איבער מאסען און צו ארגאניזירען גאנצע מלכות מיט א צימליך גרויסע ארבייטס־פערטהיילונג. דיא יעניגע, וואס האבען געקענט ווערן פיה־רערס און קאמאנדירען איבער מחנות נאמאדען, אזעלכע שרעקליכע מענשען, וויא דיא אטילאס, טשינגיז־כאנען א. ז. וו., זיינען געוועזען דיא נאפאלעאנען פון זייער צייט.

דער פיהפיטערנדער צושטאנד, וועלכער האט, נאך זיין נאטור נאך, געפיהרט צו אנזאמלונגען, צו פערכאפונגען פון בהמות און פון מענשען און איבערהויפט צו פריוואט־אייגענטהום אויף בעוועג־ליכע זאכען, האט אלזא אויך געפיהרט צו גרויסע ארגאניזירטע מלוכות מיט אונטעריאכטע אקערבויער און מיט א סך שקלאווען, וועלכע האבען געשאפען פראדוקטען פיר דיא הערדען, פערגרעסע־רענדיג דערמיט דיא אונגלייכהייט אפילו אונטער דיא בעפעהלס־געבער.

נאָר אָבגעזעהען פון דיא שקלאַווען־אַרבייט, האבען דיא איבערפאַלונגען און מלחמות פון דיא נאָמאַדען געפיהרט צו אונגלייכהייט דורך דיא אונגלייכע פערטהיילונגען פון דיא געראויבטע זאַכען, דען דיא פיהרערס און געשיקטערע האבען דאָך אליין געכאַפּט אדער געקראָגען גרעסערע חלקים, און אויך צו אַ'ן אויסטויש, דען עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז אָפט האבען דיא זיעגרייכע נאָמאַדען גראַדע ניט בעדאַרפט האבען זייער טהייל פון דיא געראויבטע זאַכען, נאָר עטוואסאַנדערעס. צום בייששפּיעל, ווען א נאָמאַד, וואס האט שוין געהאַט א סך בהמות און שקלאַווען, נאָר האט בעדאַרפט האבען אייזערנע אינסטרומענטען, לייווענט, זאָטלען, צירונגען א. ז. וו., און ער האט נאָר בעקומען אויף זיין חלק ווידער בהמות און שקלאַווען, זאָ איז עס נאַטירליך געווען, אז ער זאָל זיין חלק זוכען אויסבייטען אויף דיא זאַכען, וואס ער האט מעהר בעדאַרפט האָבען. דיזער אויסטויש האט שוין ביסלעכווייז געפיהרט צו האַנדעל מיט אלץ ווייטערע געגענדען און צו דיא ענטשטעהונג פון א הענדלער אדער פערמיטלער־קלאַס. דער נאָמאַד האט שוין דאַן אויך געקראָגען אַ'ן אינטערעס צו פערזאָרגען זיך מיט בהומות און שקלאַווען ניט נאָר אום צו האבען מעהר דעה און מאַכט אין זיין אייגענעם שטאַם, זאָנדערן אויך אום זיי אויסצובייטען אויף דיא בעסטע, שענסטע און טייערסטע זאַכען, ספּעציעל פּוץ־זאַכען און עדעלע שטיינער, גאָלד און זילבער, מיט וואס מען האט אָנגעהויבען צו האַנדלען אין געווייסע געגענדען. אין דעם קאַפּיטעל איבער דעם מעטאַלענעם פעריאָד האבען מיר שוין געזעהען, וויא אזוי מען האט נאָך אין דיא ביז־היסטאָרישע צייטען געפיהרט בראָנזע, צין, גלאָז א. ז. וו. פון אזיען נאָך אייראָפּאַ דורך בעשטימטע האַנדעלס־וועגען. און נאָך אין דעם שטיינערנעם פעריאָד האט מען געפיהרט א האַנדעל מיט דיא בעסטע סאָרטען קרעמען. דיזער האַנדעל איז דאַן בעשטאַנען אין אַ'ן אויסטויש פון פראָדוקטען. דיא נאַטור שטעלט ניט איבעראַל צו דיא זאַכען וואס דער מענש ברויכט, און וואס גרעסער דיא בעפעלקערונג איז געוואָרן און וואס מעהר דיא קונסטען האבען זיך ענטוויקעלט, אלץ עפּטער און גרעסער איז געוואָרן דער אויסטויש, וועלכער האט שוין נאַטירליכער־

ווייזע געפיהרט צו א שטאַרקע פערגרעסערונג פון פּריוואַט־אייגענטהום. שקלאַווערייַ פון איין זייט און אויסטויש פון דער אַנדער זייט — דאס זיינען געווען דיא שטאַרקסטע אורזאַכען פון דער ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענטהום ביי אלע קולטור־פעלקער.

# צוועלפטער קאַפּיטעל.

## דער אָנפאַנג פון לאַנד־אייגענטהום.

פערטהיילונגען פון טעריטאָריעס דורך דיא פערמעהרונג פון מענשען. — הייזער אלס בעוועגליכעס אייגענטהום. — הייזער פון פרויען און פון מענער. — פאַמיליען־געמיינדעס און דאָרף־געמיינדעס. — דיא פערבליבענע פאַמיליען־געמיינדעס ביי סלאַווישע פעלקער. — פאַמיליען־גיטער און פאַמיליען־אייגענטהום. — לאַנד־טהיילונגען און איבערבייטונגען פון חלקים דורך דיא ענטוויקלונג פון אינדיווידואַליזמוס. — דיא ענטשטעהונג פון דאָרף־געמיינדעס. — לאַנד־פערטהיילונגען דורך מלחמות.

יעצט בלייבט אונז נאָך צו בעטראַכטען, וויא אזוי מען האט אויך ביסלעכווייז גענומען פערכאַפּען לאַנד אין פּריוואַט־בעזיץ.

עס איז שוין אויבען אָנגעוויזען געווען, אז ווילדע פערשטייען איבערהויפּט ניט, וויא מען קען גאָר פערקויפען לאַנד און אז אפילו ביי קולטור־פעלקער איז פּריוואַט־אייגענטהום אויף לאַנד ניט אנערקענט געוואָרן לאַנג נאָך דעם, ווען מען האט שוין גאר פערגעסען אָן געמיינשאַפטליכקייט אין בעוועגליכע זאַכען. אייגענטליך האבען נאָך זעהר ווילדע שטאַמען שוין גענומען פערכאַפּען שטיקער לאַנד פאר זיך, וויא מיר ווייסען עס שוין; אבער דאס זיינען געווען געמיינשאַפטליכע יאַנד־

פלעצער אדער טעריטאָריעס, וויא מען געפינט עס אויך ביי אייניגע סאָרטען חיות. ווען מען האט אָנגעפאנגען צו בעשעפטיגען זיך אלץ מעהר מיט פיהפיטערונג, האט מען אויך גענומען פערכאפען בעשטימטע פלעצער פאר דיא בהמות. דיא נאָמאַדען פלעגען וואנדערן מיט זייערע סטאדעס נאך דיא יאהרעסצייטען נאך און זיי פלעגען זיך אויף יעדען אָרט אויסקלייבען געוויסע פעלדער, אויף וועלכע זיי פלעגען לייגען א חזקה, ווען זיי פלעגען דיא זעלבע פעלדער בענוצען עטליכע יאָהר נאָכאנאנד. אָנפאנגס האבען דיא פיהפיטערער געזאָרגט, אז זיי זאָלען האבען דיא פרייהייט צו לאָזען פיטערן זייערע בהמות, וואו זיי זאָלען זיך ניט געפינען; אבער מיט דער צייט, ווען דיא בעפעלקערונג האט זיך אלץ פערמעהרט און מען האט שוין אָנגעהויבען צו קעמפפען פאר גוטע גראָז־פעלדער, האט מען זיי אָנגעפאנגען אלץ מעהר פערכאפען און צו בעשיצען געגען דיא פרעמדע. דיא פערכאפטע פעלדער האבען אבער דאך געהערט צו דער גאנצער וואנדערנדער קאָמפאניע פיהפיטערער, וויא גרויס זיא איז ניט געווען. דיא סטאדעס האבען שוין געמעגט געהערען צו איינצעלנע פאטריארכען; אבער דיא פיטערונגס־פעלדער זיינען נאך געווען אלגעמיינעם אייגענטהום.

פון דעסטוועגען האבען דאך דיזע געמיינשאפטליכע טעריטאָריעס מיט דער צייט ארויסגערופען ווייטערע טהיילונגען און פערכאפונגען פון לאנד דורך אלץ קלענערע גרופען מענשען. אויב עס איז רעכט געווען, אז א שטארקערער שטאם זאָל פערכאפען א שטיק לאנד ביי א שוואכערן, זאָ איז שוין מיט דער צייט, ווען עס איז ענטשטאנען אונגלייכהייט אונטער מענשען, אויך רעכט געוואָרן, אז שטארקערע פערזאָנען זאָלען פיר זיך אויסקלייבען אדער פערכאפען דיא בעסערע חלקים לאנד אין דער געמיינשאפטליכער טעריטאָריע זעלבסט. אזוי האט עס ביסלעכווייז געמוזט פאָרקומען ביי דער פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג אויף א געוויסער טעריטאָריע. דיא נאטירליכע פערמעהרונג פון מענשען מוז מען שטענדיג נעהמען אין אנבעטראכט ביי דער ענטוויקלונג פון קולטור אין אלגעמיינען און פון פריוואט־אייגענטהום בעזאָנדערס. דיא אָנפיהרער און דיא שטאר־

קערע און קלײנערע פאטריארכען פלעגען דאן כאפען, וויא פיעל זיי האבען נאר געקענט, און דיא יעניגע, וועלכע עס איז ענג און שלעכט געוואָרן, פלעגען זיך אדער אונטערוואַרפען צו דיא שטאַרקערע אדער איינפאַך זיך צוזאַמענקלייבען אין א בעזונדערע קאָמפּאַניע און אויס־וואַנדערן, אום צו פערכאַפען נייע אדער פרעמדע פּלעצער. און דאס ערקלערט אונז פיעלע אויסוואַנדערונגען און איבערפאַלונגען פון דיא נאָמאַדען, וועלכע האבען אויך אָפט געגרינדעט נייע מלוכות.

ביי דיא שטאַמען און פעלקער, וועלכע האבען זיך בעזעצט אויף געוויסע ערטער און זיך דאָרטען אָפּגעגעבען מיט אַקערבוי, האט זיך אויך ביסלעכווייז אָנגעהויבען א צוטהיילונג פון דיא געמיינ־שאַפטליכע טעריטאָריע צווישען דיא פאַמיליען. מיר ווייסען שוין, אז דיא פּרוכטען פון בעאַרבייטעטע לאַנד, אלס רעזולטאַט פון אַר־בייט, זיינען שוין פערהעלטניסמעסיג פריה געוואָרן פּריוואַט־אייגענ־טהום פון דיא אַקערבויער־פאַמיליעס; אבער עס איז דאך זעלבסט־פערשטענדליך, אז דיא יעניגע פאַמיליען, וואס האבען צופעליג אדער דורך פערכאַפּונג געקראָגען א פרוכטבאַרען חלק לאַנד, האבען עס געזוכט וואס לענגער אָנצוהאַלטען פיר זיך. און ווערענדיג דורך דעם אַליין רייכער און שטאַרקער, האבען זיי שוין געקענט אונטערוואַר־פען אַנדערע אונטער זיך און ווערן דיא אָנפיהרער.

אַזעלכע פערטהיילונגען פון לאַנד אונטער פאַמיליען זיינען אבער אָנגעגאַנגען זעהר לאַנגזאַם, און אפילו ווען דיא חזקה פון א בעשטימטען טהייל לאַנד איז שוין אנערקענט געווען פון אַנדערע, האט עס דאך ניט געהייסען פּריוואַט־אייגענטהום אין דעם זינען, וויא מיר פערשטייען עס יעצט. דעם חלק האט מען נאר בעזעסען; זאָ צו זאָגען, אויף אַרענדע ביי דעם שטאַם, וועלכער איז פערבליבען דער אויבערהאַר איבער דער גאַנצער טעריטאָריע. דיא פאַמיליע האט ניט געקענט און ניט געטאָרט פערקויפען אדער זאָ־גאַר שיינקען צו פרעמדע איהר חלק לאַנד און זיא איז נאר אייגענטליך געווען דער אייגענטהימער אויף דיא פּראָדוקטען פון לאַנד. א פאַ־מיליע איז דאַן בעשטאַנען, שוין ניט רעכענענדיג שקלאַווען און שקלאַ־ווינען, פון וועלכע דיא יונגע זיינען אויך געווען קעפּס־ווייבער, אויס

וויינינסטענס דריי דורות, זאָ דאס צוזאַמען האבען זיי געבילדעט צימליך גרויסע גרופען, וועלכע האבען זיך אין צייטען פון רוהע און איבערהויפּט אונטער גינסטיגע אומשטענדען ענטוויקעלט צו גאַנצע שטאַמען.

וויא אַזוי דיא בעגריפע פון „מיינס און דיינס“ אויף לאַנד האָבען זיך לאַנגזאַם פערשפּרייטעט אונטער דיא פּארצייטיגע מענשען, קען מען אויך שליסען פון דעם, דאס הייזער זיינען נאָך אפילו ביי דיא אלטע גערמאַנען גערעכענט געוועזען פאר בעוועגליכעס איינענטהום. דאס איז צוערשט געקומען פון דעם, וואס דיא געצעלטען און הייזלעך פלעגט מען טאַקע איבערטראָגען מיט זיך ביי דיא וואַנדערונגען. נאכהער, ווען דיא הייזער זיינען שוין אפילו פעסטער געבויט געוואָרן און זיינען שוין פערבליבען שטענדיג אויף איין אָרט, איז קיינעם ניט איינגעפאַלען צו האַלטען דיא ערד אונטער זיי פאר פּריוואַט־איינענטהום. דיא וואָהנונגס־פּלעצער זיינען אייגענטליך גערעכענט געווען, אלס רעזולטאַט פון ארבייט, פאר פּריוואַט־איינענטהום אזוי וויא געצייג און געוועהר. נאָך ביז יעצט זיינען פערבליבען פיעלע פעלקער, וואס בויען זיך הייזער גאר ניט דיינקענדיג וועגען איינענטהומס־רעכטע אויף דעם גרונט אונטער זייערע וואָהנונגס־פּלעצער. צוערשט זיינען אי דיא בויערס אי דיא אייגענטהימער פון דיא וואָהנונגס־פּלעצער געוועזען פרויען, וויא מיר ווייסען עס שוין. איבערהויפּט איז עס אזוי געוועזען אין דיא מאַטריארכלישע צייטען. נאר ביי מאַנכע פעלקער ענטשטייט מיט דער צייט א׳ן אונטערשיעד צווישען א מאַן׳ס הויז און א פרוי׳ס הויז. דיא פרויען־הייזער זיינען אבער פערבליבען דיא צענטערס פון פאַמיליען־לעבען און פון הויזליכע ווירטהשאַפט שוין צוליעב דעם, וואס דיא פרויען האבען געהאַט אויפצופאַסען אויף דיא פייער־פּלעצער. דארום זעהען מיר עס, דאס ביי אלע ווילדע פעלקער האבען דיא פרויען אויפצושטעלען דיא געצעלטען. וויא מיר האבען עס שוין בעמערקט אין דעם קאַפּיטעל איבער וואָהנונגען, איז ביי דיא עסקימאָסען איינגעפיהרט, אז אפילו זייערע שטיינערנע ווינטערדיגע הייזלעך ווערן צוזאַמענגעשטעלט פון דיא פרויען און אז דיא מענער גיבען זיך אפילו ניט א ריהר, ווען

דיא פרויען בויגען זיך אין דרייען אונטער דער לאסט פון דיא שטיינער.

הויזווירטהשאפט ווערט נאך גערעכענט אלס א ספעציעלע פרויען־בעשעפטיגונג אויך ביי דיא ציוויליזירטעסטע פעלקער. ווען דיא פרויען האבען שוין ביי דיא קולטור־פעלקער אויפגעהערט אליין צו בויען הייזלעך, זיינען זיי דאך מייסטענס פערבליבען דיא אייגענטהימער פון זיי. לויט דיא אלטע זאקסישע געזעץ האבען דיא פרויען געהאט זייערע אייגענע הייזער. אין אייניגע ערטער האט מען זיך געפיהרט, אז דער חתן האט געשאנקען דער כלה א הייזעל אלס א חתונה־געשאנק. נאך דעם טויט פון דעם מאן האט דיא פרוי גענומען טאן מיט איהר הייזעל, וואס זיא האט געוועלט; אבער דאס לאנד אונטער דער הייזעל האט געהערט צו דער פאמיליע פון מאן. דאס לאנד איז געוועזן דיא „פאמיליען־ירושה". דיא אלמנה האט אויך געהאט דאס רעכט מיטצונעהמען איהר הייזעל און אויפצושטעלען איהר ווידער אויף דעם גרונט פון איהרע פערוואנדטע. עס זיינען שוין אבער אין דייטשלאנד דאן אויך געוועזן הייזער, וואס זיינען געוועזן פריוואט־אייגענטהום צוזאמען מיט דעם גרונט. דיזע הייזער האט מען גערופען „האללען" און זיי האבען געהערט צום מאן, צום פאטריארך. דיא הילצערנע הייזלעך פון דיא פרויען האט מען דאן גערופען „ציממער".

נאר וואס מעהר און בעזאנדערס וואס געדיכטער מענשען זיינען בעזעצט געווארן אויף א בעשטימטען ארט, אלץ מעהר האט מען גענומען בעטראכטען דעם גרונט אונטער און ארום דיא הייזער אלס פאמיליען־אייגענטהום. דיא אויפבויאונג פון הייזער האט אלזא שליסליך געפיהרט צו א'ן *אפזונדערונג* פון לאנד אלס פריוואט־אייגענטהום. אפילו ביי דיא פיהפיטערער איז דער וואהנונגס־פלאץ געוועזן דער צענטער, מיט וועלכען זייער גאנצער פערמעגען און זאנאר עקזיסטענץ זיינען געוועזן אם ענגסטען פערבונדען. אקערבוי־און פיהפיטערונגס־פעלדער האט מען גענומען אויסטהיילען צו דיא מיטגליעדער פון א שטאם, אבער דיא וועלדער און זומפיגע ערטער זיינען נאך לאנג שפעטער פערבליבען געמיינדע־אייגענטהום. דיא

רוסישע בויערן בעטראכטעט נאך ביז היינט צו טאָג וועלדער אלס אלגעמיינעס אייגענטהום און זיי גייען אויף האַקען האָלץ פאר זייער געברויך, גאר ניט קימערנדיג זיך, ווער עס איז דער געזעצליכער אייגענטהימער פון דיזע וועלדער. נאך דיא געזעצע איז דאס גנבה, אבער אין פיעלע ערטער פון רוסלאַנד וועלען נאך פאַראיבערגיין עטליכע דורות, איידער דיא בויערן וועלען דאס אנערקענען פאר א ווירקליכע גנבה. און פון זייער שטאַנדפונקט, וועלכער איז געווען דער שטאַנדפונקט פון אלע פאַרצייטיגע מענשען, האבען זיי רעכט, דען דיא וועלדער וואַקסען דאך פריי, אָהן דיא אָנווענדונג פון מענ־שליכע ארבייט, וועלכע בערעכטיגט פריוואַט־בעזיץ פון א זאַך, וויא דאס איז שוין אין פאָריגען קאַפּיטעל ערקלערט געוואָרן.

אין אַקערבוי־געמיינדען זיינען געוויינליך דיא פיהטערונגס־פעל־דער אויך פערבליבען געמיינשאַפטליכעס אייגענטהום אזוי וויא וועל־דער, שוין לאַנג נאכדעם, וויא דיא אַקערבוי־ערד איז צוטהיילט גע־וואָרן. יעדע געמיינדע האט זיך געהאַט איהר טעריטאָריע, געוויינליך בעגרענצט מיט א וואלד, וועלכער האט צו קיינעם ניט געהערט. אזוי איז עס וויינינגסטענס געווען אין אייראָפּא און ספּעציעל אין דייטשלאַנד. דיא געמיינדעס זיינען דאָרט צוערשט מייסטענס בעשטאַנען פון גרעסערע און שטאַרקערע פאַמיליען, און דיא „האַללען" אדער מע־נער־הייזער זיינען געבויט געוואָרן פאר דעם הויפּט פון דער פאַמיליע און האבען געדיענט אלס ראַטה־הייזער פאר אלע דערוואַקסענע מיט־גליעדער, אום צו רעגולירען דיא ארבייט און צו פאַסען בעשליסע. דאָר־טען פלעגט מען זיך אויך צוזאַמענקומען ביי פעסטליכקייטען, אום צו עסען, טרינקען און זיך לוסטיג מאַכען צוזאַמען. דאס זיינען געווען דיא הייזער פון דיא פאַטריאַרכען. מיט דער צייט אבער, ווען דיא ערשטע פאַמיליעס זיינען אויסגעוואַקסען אין א שטאַם, האבען זיך אויסגעטהיילט נייע קלענערע פאַמיליעס, וועלכע האבען ווידער געבויט זייערע „האַללען", און נאך שפּעטער, ווען דיא פיהרערס און שטאַר־קערע האבען אָנגעפאַנגען צו זאַמלען און צו פערכאַפּען אלץ גרע־סערע חלקים ערד און האבען זיך אויסגעשיידעט אלס א הערן־קלאַס, אלס באַראָנען, גראַפען און איבערהויפּט אלס „אַדעליגע", זיינען שוין

פיעלע פון אזעלכע „האללען“ אומגעוואנדעלט געוואָרן אין „העררענהייזער“ און שלעסער. דיזע אדעליגע האבען אויך גענומען פערכאַפען מיט געוואַלט דיא געמיינשאַפטליכע ערד פון דיא געמיינדעס, דערפער און שטעדט און האבען איינגעפיהרט דיא פעאָדאַלע סיסטעם, וועלכע האט אויך עקזיסטירט מיט מעהר אדער ווייניגער האַפט ביי פיעלע אַנדערע פעלקער, צום ביישפיעל אין יאַפּאַן, און וועלכע איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין פראַנקרייך אם ענדע פון 18-טען יאָהר־הונדערט, ווען דיא גרויסע רעוואָלוציאָן האט זיך אָנגעפאַנגען, און אין רוסלאַנד ערשט אין 1861, ווען דיא פאַנאַטישיזיקעס זיינען בעפרייט געוואָרן.

נאר לאָמיר ניט פערלויפען פאָראויס און לאָמיר נעענטער בעטראַכטען דיא אָרגאַניזאַציאָן פון דיא געמיינדעס זעלבסט. ביז יעצט האבען מיר קיין אונטערשיעד געמאַכט, ווען מיר האבען גערעדט דאס וואָרט געמיינדע. עס איז אבער דאָ א זעהר טיפער און אַלגעמיינער אונטערשיעד אין געמיינדעס. ווען מען נעהמט זיך זיי גרינדליכער נאָכצופאָרשען, פערפעהלט מען ניט צו געפינען, אז עס זיינען געוועזן און עס זיינען ביז יעצט פערבליבען פאַמיליען־געמיינדעס און צזאַמענגעשטעלטע אדער דאָרף־געמיינדעס. דיא פאַמיליען־געמיינדעס האבען זיך ענטוויקעלט מיט דעם פאַטריאַרכאַט צוזאַמען, און דיא דאָרף־געמיינדעס האבען זיך אָנגעפאַנגען צו בילדען, ווען דיא פריהערע גרויסע פאַמיליעס האבען זיך אָנגעהויבען אויסצוזונדערן אין קלענערע, ווען דיא איינגערע מיטגליעדער האבען זיך גענומען אַליין מעהר ארויסרייסען פון דיא פאַטערליכע איבערמאַכט, ווען, מיט איין וואָרט, דער אינדיווידואַליזמוס איז שטאַרקער איינגעוואָרצעלט געוואָרן ביי מענשען.

פאַמיליען־געמיינדעס עקזיסטירען נאך יעצט ביי דיא סלאַווישע פעלקער, נעמליך: ביי דיא סערבען, בולגאַרען און טשאָרנאָ־גאָרצעס. אין איינינע פערוואָרפענע ערטער פון רוסלאַנד האט מען אויך ענטדעקט אזעלכע געמיינדעס. זייער אָרגאַניזאַציאָן גיט אונז קלאָרע אָנווייזונגען, וויא אונזערע פאָרפאַטערס האבען געלעבט אין דיא ערשטע פאַטריאַרכאַלישע צייטען. דיא זידליכע סלאַווען רופען אזא

געמיינדע „זאדרוגא“ אדער „בראטסטווא (ברודערשאפט)“, און זיא בעשטייט מייסטענס טאקע נור פון פערוואנדטע. פרעמדע קע־נען אריינטרעטען אין איהר נור דורך א חתונה אדער ווען זיי ווערן אדאפטירט (אנגענומען) אלס זיהן. דער הויפט הייסט „דאמאטשין“. ער איז דער בעל־הבית און ווערט געוויינליך אויסגעקליבען פון דיא דערוואקסענע און פערהייראטעטע מיטגליעדער. אהן זיין ערלויבניס טאר קיינער ניט צונעהמען פאר זיך אדער אפגעבען זאכען, וואס האבען אירגענד וועלכען ווערטה. ער איז דער קאסירער פון דער געמיינדע און שאפט איין אלע נויטיגע זאכען פיר אלע מיטגליעדער. געוויינליך מעג ער נאר פערקויפען בעוועגליכעס פערמעגען, אבער ניט לאנד. אין וויכטיגע אנגעלעגענהייטען דארף ער אנפרעגען דעם פא־מיליען־ראטה, וועלכער קען איהם אויך ארונטערזעצען, אבער נאר אין דעם פאל, ווען אלע זיינען וועגען דעם איינשטימיג. דיא פרוי פון דאמאטשין איז געוויינליך דיא „דאמאטשיצע“ אדער דיא ווירטהין. אין איינינע ערטער האבען דיא פרויען דאס רעכט אליין אויסצו־וועהלען א דאמאטשיצע. זיא פערטהיילט דיא ארבייט צווישען דיא פרויען, גיט איהר ענטשיידונג אין זייערע צאנקערייען און האט א זעהר גרויסע דעה אין חתונה־אנגעלעגענהייטען. אלע מיטגליעדער פון אזא „זאדרוגא“ בענוצען זיך גלייך מיט דעם אלגעמיינעם איי־גענטהום. יעדערער האט זיין חלק אין דיא איינקינפטע און א גליי־כען רעכט אויף שפייז, וואהנונג און בעלייכטונג פון דער געמיינדע.

עהנליכע פאמיליען־געמיינדעס האט מען אויך אויסגעפונען אין רוסלאנד. אפט לעבען דארטען אזוי פופציג נפשות, וועלכע ארביי־טען, עסען און וואהנען צוזאמען. דער געמיינשאפטליכער פערמעגען ווערט פערוואלטעט פון איינעם, וואס ווערט אויסגעקליבען פון דעם פאמיליען־ראטה. קיינער פון דיא מיטגליעדער, אפילו דער עלטסטער, האט כמעט קיין פריוואט־אייגענטהום, און דאס געמיינשאפטליכע לאנד קען יעדענפאלס ניט אפגעזונדערט אדער אפילו צוטהיילט ווערן.

אז אויף דעם זעלבען שטייגער זיינען געווען ארגאניזירט דיא אריער־שטאמען, וועלכע האבען זיך בעזעצט אין אינדיען, קען מען

זעהען פון זייערע איבערגעבליבענע הייליגע ביכער, גענאַנט „ריג־וועסטא“ און „אַוועסטאַ“. דאָרטען ווערט דערמאָנט וועגען צוויי סאָרטען פערבינדונגען פון פערוואַנדטע, און דעם זעלבען אונטערשיעד האַבען געלעהרטע נאַכפאָרשער געפונען אויך ביי דיא אַלטע גריכען און רוימער. דיא ערשטע גרופּע, גענאַנט „סאַפּינדאַ“ איז בעשטאַנען פון דיא נעהענסטע קרבים, וואָס האַבען געוואָהנט אונטער איין דאַך און געגעסען צוזאַמען. געוויינליך זיינען דיזע גרופּען בעשטאַנען פון אַ׳ן עלטער־זיידע, אַ זיידע, אַ פאָטער, זיהן, אייניקלעך און אוראייניקלעך, ד. ה. פון אַזעלכע פאַמיליען־מיטגליעדער, וואָס קענען נאָך פערזענליך זיך צוזאַמענטרעפען. זייער אַנערקענטער הויפּט פלעגט פערוואַלטען דעם אַלגעמיינעם פערמעגען, און אַלעם האָט געהערט צו אַלעמען. פון דעסטוועגען איז עס שוין אויך געווען אַנערקענט, דאָס ווען איינער פלעגט זיך ערווערבען אַ פערמעגען מיט דער הילפע פון דעם געמיינעד־אייגענטהום, האָט ער געמוזט אָפּגעבען דער געמיינדע נאָר אַ דריטעל דערפון. צוויי דריטעל זיינען שוין אַלזאָ געווען פּריוואַט־אייגענטהום, און עס איז קלאָר, אַז דאָס איז געווען איינער פון דיא וועגען, דורך וועלכע פּריוואַט־אייגענטהום האָט זיך מיט דער צייט אַלץ מעהר פערשפּרייט, צושטערענדיג דיא אַלטע קאָמוניסטישע פיהרונגען פון אַ פאַמיליען־גרופּע.

דיא צווייטע גרופּע, גענאַנט „זעמאַנדאָס“, איז בעשטאַנען פון פּערזאָנען, וועלכע האַבען שוין ניט געוואָהנט צוזאַמען. דאָס זיינען שוין וואַהרשיינליך געווען אויסגעזונדערטע פון דיא פאַמיליען־גרופּעס, דען זיי פלעגען אויך כמעט קיין אַנטהייל נעהמען אין דיא רעליגיעזע צערעמאָניעס און קרבנות פון דיא פאַמיליען געמיינדעס.

מיר וואָלטען נאָך געקענט ברייננגען אַ גאַנצע רייהע בעווייזע אויס דיא אַלטע מנהגים און געזעץ פון אונזערע פאָרפאַטערס, אַז דיא ערשטע פאָרמע פון לאַנד־אייגענטהום איז געווען דער חלק לאַנד, וואָס דיא פאַמיליען־געמיינדעס האַבען פערנומען; אַבער דיא עטליכע געבראַכטע ביישפּיעלע זיינען גענוג איבערצייגענד איבער־הויפּט איז עס גאַנץ נאַטירליך געווען, דאָס דיא ערשטע פערטהיילונגען פון לאַנד זאָלען זיין צווישען גאַנצע פאַמיליען פון איין שטאַם,

וועלכע האבען געלעבט פאָלקאָמען געמיינשאפטליך אונטער זיך.
דאס איז אויך ענטשטאנען צוליעב א'ן אנדער אורזאכע,
וועלכע האט געהאט דיא גרעסטע וויכטיגקייט אין דער פאמיליען־
אָרגאניזאציאָן. מיר מיינען דאָ נעמליך דיא פערעהרונג פון דיא פער־
שטאָרבענע אורעלטערן ביי אלע פעלקער אויף דער ערד. דיא מיט־
גליעדער פון איין פאמיליע זיינען דורך דעם געווען זעהר ענג פער־
בונדען, דען זיי האבען מורא געהאט פאר דעם כעס פון דיא הויז־
גייסטער, ווען מען זאָל זיי אויפ'ן אָרט — און דאס הייסט, וויא מיר
ווייסען עס שוין, לעבען פייער־פלאץ — ניט אָפּגעבען כבוד און ניט
ברייגנען קרבנות.

אין דיא קאפיטלעך איבער רעליגיאָנען וועלען מיר ערקלערן,
וויא אזוי דיא פערעהרונג פון עלטערן־גייסטער איז ענטשטאנען ביי
אלע פעלקער; דאָ וועלען מיר אָנצייגען אויף דעם פאקט, דאס אין
אָנפאנג פון פאטריארכאט האט יעדע פאמיליע געהאט איהרע איי־
גענע אָבגעטער און איהרע אייגענע רעליגיעזע צערעמאָניעס אדער
גאָטעס דיענסט. מיט זייערע פערשטאָרבענע עלטערן זיינען זיי גע־
ווען אין שטענדיגע פערבינדונג דורך פערשיעדענע קרבנות. מען האט
פעסט געגלויבט, אז אָהן אזעלכע אויפאָפּפערונגען, וויא צום ביי־
שפיעל, לאָזען אדער פערברענען א טהייל שפייז פיר דיא גייסטער,
וועלען זיך דיזע גייסטער פיהלען זעהר אונגליקליך און איינפאך הונ־
געריג; און אזוי וויא מען האט אויך גערעכענט, דאס זיי וועלען דער־
פאר אויסלאָזען זייער כעס צו זייערע קינדער, זאָ האט מען אלע
אזעלכע צערעמאָניעס שטרענג אָפּגעהיט. מען האט אויך אָנגעהאל־
טען געמיינשאפטליך דעם פאמיליען־פערמעגען, וויל מען האט גע־
רעכענט, אז דיא פערשטאָרבענע האבען א חלק אין דעם. די־
זער גלויבען איז צוגלייך געווען דיא אורזאכע, וואָרום דיא פאטריארכען
האבען געקראָגען אזא גרויסע מאכט איבער זייער גאנצער הויזגעזינד,
וויא מיר האבען דאס שוין געזעהען, און ווארום דאס פאמיליען־איי־
גענטהום איז נאך אזוי לאנג פערבליבען אונפערקויפבאר, ווען דיא
שטרעבונג צו פריוואט־אייגענטהום איז שוין געווען שטארק ענטווי־
קעלט. ווען ניט דער גלויבען אין דיא גייסטער פון דיא פערשטאָר־

בענע וואָלטען דיא פאמיליען געמיינדעס זעהר שנעל צופאלען גע־וואָרן, וויא נאר מען האט אָנגעפאנגען צו טהיילען דיא שטאם־טעריטאָריעס. וויא וויט דאס איז ריכטיג, קענען מיר שליסען פון דעם, דאס ביי דיא פעלקער, וועלכע האלטען זיך נאך אָן דיזען גלויבען, וויא צום ביישפיעל ביי דיא בינעזער, זיינען נאך ביז היינט צו טאָג פערבליבען שטיקלעך פאמיליען־לאנד (מייסטענס זיינען דאס בעערדיגונגס־פלעצער), וואס געהערען צו אלע מיטגליעדער און וואס מען טאָר ניט פערקויפען. דאס לאנד ארום איז געוויינליך פריוואט־אייגענטהום, אבער דיא שטיקלעך פאמיליען־לאנד, אלס פאמיליען־ירושה, ווערען נאך לאנג פערבלייבען אלגעמיינעס אייגענטהום.

אזוי וויא אונטער דעם פאטריארכאט האט מען נאטירליך נאר געהאלטען פיר נויטיג צו פערעהרען דיא גייסטער פון דיא פער־שטאָרבענע מענער און אזוי וויא מען האט אויך געגלויבט, דאס דיא גייסטער קענען זיך פיהלען צופרידען נאר דאן, ווען דיא אויפאָפפע־רונגען צו זיי און דיא צערעמאָניעס צו זייער אנדענקען ווערן אויס־געפיהרט פון זייערע אייגענע קינדער, זאָ האט דאס פון איין זייט געפיהרט דערצו, אז מען זאָל שטרענג אָפהיטען דיא טרייהייט פון דיא פרויען און אז מען זאָל בעזאָנדערס זעהען צו האבען זיהן, און פון דער אנדער זייט האט עס אלץ פערשטארקט דיא מאכט פון דיא עלטסטע זיהן, וועלכע האבען געפראוועט דיא צערעמאָ־ניעס. מיט דער צייט האבען אזעלכע פריווילעגירטע אָנגעפאנגען אלץ מעהר צו בענוצען זיך מיט זייער מאכט, אום צו דריקען אנדערע מיטגליעדער און צו פערכאפען דיא גרעסטע טהיילען פון דעם אור־שפרונגליכען פאמיליען־אייגענטהום פאר זיך. דיא ווייטערע פער־וואנדעטע זיינען אזוי אלץ מעהר אויסגעשטויסען געוואָרן פון דעם פריהערן פאמיליען־קרייז און האבען שוין אויך קיין אנטהייל גענומען אין דיא צערעמאָניעס פון דיא פאמיליעס צו דיא פערשטאָרבענע עלטערן און אורעלטערן, וועלכע האבען זיך אזוי אויסגעצייכענט ביי'ן לעבען, אז דיא פאָלגענדע דורות האבען אָן זיי ניט פערגעסען. דיזע אויסגעשיידעטע האבען שוין געלעבט בעזונדער און האבען זיך מיים־

טענס געמוזט אליין ערווערבען זייער לעבענס־מיטעל, זאָ דאס אונ־
טער זיי איז פּריוואט־אייגענטהום אלץ ווייטער ענטוויקעלט געוואָרן.
עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז דיא פאמיליען־געמיינדעס
האבען געקענט זיך ענטוויקלען אויף א נאטירליכען וועג נאר אין
דיא לענדער, וואס זיינען ניט אָפט בעפאלען געוואָרן פון וואנדערנדע
פעלקער און וואס זיינען געוועזען גינסטיג צו אקערבוי. נאר וויא באלד
אזעלכע געמיינדעס האבען זיך געקענט האלטען אויף איין אָרט אין
פערלויף פון דורות, האט זיך פאלגליך דיא בעפעלקערונג שטארק
פערמעהרט, און דיא נייע דורות האבען שוין געמוזט זיך זוכען נייע
שטיקער לאנד אדער פאנאנדערטהיילען דעם פריהערן פאמיליען־חלק.
וואס מעהר א לאנד איז בעזעצט געוואָרן, האט זיך אויך דיא קול־
טור מעהר ענטוויקעלט, און דאס האט ארויסגערופען, וויא מיר האָ־
בען עס שוין געזעהען, אלץ א טיעפערע שטרעבונג צו פריוואט־בע־
זיץ און צו אָנזאמלונגען פיר אייגענעם געברויך און פיר אויסטויש.
מען האט אויך צוגלייך אָנגעהויבען אלץ שטארקער צו פיהלען דעם
דרוק פון דיא פאטריארכאלישע פיהרונגען, אלץ מעהר צו וועלען זיין
זעלבסטשטענדיג, א בעל הבית פאר זיך. איינער פון דיא גרעסטע און
ערגסטע עפעהלערן פון פאמיליען־געמיינדעס איז, וואס דער יחיד ווערט
פערשלונגען און פערלאָרען אין דעם רבים, וואס דיא פערזענליכע זייט
פון מענשען ווערט געשטיקט און געדריקט, וואס דיא פאטריארכען
אדער שפעטער דיא אויסגעקליבענע פערוואלטערס בעהערשען צו
פיעל דיא מיטגליעדער. מיט יעדען פאָרטשריט אויף דעם וועג פון
קולטור, מיט יעדע פערמעהרונג פון פּראָדוקטען, מיט יעדע נייע ער־
פינדונג, מיט יעדע נייע איינפיהרונג אין דעם לעבען פון דיא פאר־
צייטיגע מענשען האט זיך אויך דער פערזענליכער גייסט אלץ ווי־
טער געריסען פון דיא ראמקעס, אין וועלכע ער איז געוועזען איינגע־
פאסט אין פאטריארכאלישע פאמיליען און קאָמוניסטישע געמיינדעס.
דיא שטרעבונג פון פערזענליכע אונאבהייננגיגקייט און זעלבסטשטענ־
דיגקייט אדער דער אינדיווידואליזמוס גראָבט אלץ אונטער דיא פא־
מיליען־געמיינדעס און דיא גאנצע פאטריארכאלישע אָרגאניזאציאָן.
דיא דערוואקסענע מיטגליעדער הייבען אלץ מעהר אָן צו פאָרדערן, אז

יעדערער זאָל האבען דאס רעכט צו זיין אליין דער בעל הבית איבער דיא זאכען, וועלכע ער ערווערבט זיך דורך זיינע אייגענע אָנשטרענגונגען, און דאס פיהרט אויך ביסלעכווייז ארויס פערטהיילונגען פון דעם פאמיליען־אייגענטהום. דער אינדיווידואליזמוס מאכט עס, אז מען הויבט זיך אָן צו רעכענען מיט יעדע פּיצעלע, אז מען וויל לעבען פאר זיך און אליין מעהר אָפּגרענעצען „מיינס און דיינס“. אין דער פאמיליען־געמיינדע ענטשטייען דארום אלץ עפטער צאנקערייען און רייסערייען, וועלכע ווערן נאטירליך בעזאָנדערס הייס און ביטער נאך דעם טויט פון פאטריארך אדער פערוואלטער, און מען קען זיך שוין מייסטענס ניט אויסגלייכען אָהן אָפּטהיילונגען אין בעזונדערע קליינע פאמיליען מיט בעשטימטע חלקים לאנד פיר זייער אייגענעם געברויך. דיא פרויען, וועלכע זיינען מייסטענס פון אַנדערע פּלעצער און שטאמען און וועלכע קענען געוויינליך ניט שטימען מיט זייערע שוויגערמוטערס און דיא פערוואנדטע פון זייערע מענער, זיי העצען עס בעזאָנדערס אויף דיא מענער ארויסצוטרעטען פון דער פאמיליען־געמיינדע מיט א געוויסען חלק פון דיא געמיינשאפטליכע שטיק לאנד, און אזוי וויא ניט אלע פאמיליעס פערמעהרען זיך דאך גלייך און ניט אלע חלקים ערד זיינען גלייך פרוכטבאר און בעקוועם פיר דיא אקערבויער, זאָ הויבט מען אלץ עפטער אָן צו פערטהיילען און צו בייטען זיך פון צייט צו צייט מיט דיא חלקים.

דורך דיזע לאנד־איבערבייטונגען, פון וועלכע עס איז שוין אין א פאָריגען קאפּיטעל גערעט געווען, איז דאך אין פערלויף פון יאָהרטויזענדע אָנגעהאלטען געוואָרן א געוויסע גלייכהייט, וועלכע איז ערשט געבראָכען געוואָרן ביי דיא פאָרטגעשריטענסטע קולטור־פעלקער דורך פערכאפּונגען מיט געוואלט. יעדער ניי־געבאָרענער האט געהאט א רעכט אויף א חלק פון דער פאמיליען־ירושה, וועלכע איז ביי דיא ענטוויקלונג פון פּריוואט־אייגענטהום אויף בעוועגליכע זאכען, בעשטאנען כמעט אויסשליסליך פון לאנד, און אלע זיינען וויינגסטענס געווען פערזאָרגט מיט חיונה. אבער מען האט שוין ניט געלעבט געמיינשאפטליך, נאר בעזונדער, און ביסלעכווייז זיינען דיא ווייטערע קרבים גאנץ ענטפרעמדעט געוואָרן. דיא פריהערע פאמי־

ליען־געמיינדעס ווערן צופאלען אין אינדיווידועלע פאמיליעס, וועלכע פערבלייבען דער פונדאמענט פון אונזער יעצטיגע געזעלשאפטליכע ארגאניזאציאן, נאר אזוי וויא דאס העכסטע רעכט אויף דעם לאנד האט נאך געהערט צום שטאם אדער שפעטער צום קעניג, און דיא אקערבויער האבען זייערע חלקים ניט געקענט פערקויפען, זא איז ביסלעכווייז ענטשטאנען א געמיינדע פון נאכבארען אקערבויער אדער דיא דארף־געמיינדע, פון וועלכע מיר ווייסען פיעל מעהר וויא פון דיא אורשפרונגליכע פאמיליען־געמיינדעס, ווייל זיי האבען גאר ניט לאנג צוריק עקזיסטירט מעהר אדער וויי‏ניגער ביי אלע אייראפעאישע פעלקער. דיזע פארמע פון געמיינשאפטליכע לאנד־אייגענטהום טראגט עס אין רוסלאנד דעם נאמען „אבשטינא" און זיא האלט זיך נאך אן אויך אין אינדיען אין אין אנדערע הינטערשטעליגע לענדער. ביז דער לעצטער צייט האט מען גערעכענט, אז דיא דארף־געמיינדע איז עלטער וויא דיא פאמיליען־געמיינדע, אבער גרינדליכע נאכפארשונגען האבען בעוויזען, אז עס איז פערקעהט געוועו און אז אין רוסלאנד זיינען דיא אבשטשינעס ענטשטאנען נאך דיא פאנאנדערפאלונג פון דיא פאמיליען־געמיינדעס ערשט אין 17־טען יאהר־הונדערט.

דיא ארגאניזאציאן פון דיזע אלע געמיינדעס וויא אויך דיא פערטהיילונג פון לאנד האבען אבער בעריהרט נאר דיא ענטוויקלונג פון פריוואט־אייגענטהום ביי דיא אקערבויערער, ביי דיא בויערן. אין דער זעלבער צייט האבען שוין אלץ גרעסערע שטיקער לאנד געהערט אלס פריוואט־אייגענטהום צו דיא הערען, צו דיא אדעליגע קלאסען און אויך צו דיא גייסטליכע. דיזעס פריוואט־אייגענטהום איז ארויסגערופען געווארן דורך דיא אלע פריהער אנגעצייגטע אורזאכען פון דער ענטשטעהונג פון אונגלייכהייט און קלאסען אין דיא אורשפרונגליכע רעפובליקאנישע געמיינדעס. דא איז שוין דער בעזיץ פון לאנד אפט געוועזן א רעזולטאט פון מלחמות און פערכאפונגען. דיא געשיכטע צייגט אונז, וויא דיא נאמאדען־פעלקער, וועלכע פלעגען זיך אריינרייסען אין א קולטור־לאנד און בעזיגען דיא דארטיגע אקערבויער־בעפעלקערונג, פלעגען נאר איבערלאזען דיא אקערבויער

דאס געמיינדע־לאַנד, און דאס גאַנצע איבעריגע לאַנד פלעגען זיי פערכאַפּען און פערטהיילען צווישען זיך. זיי זיינען געווען דיא הער־שער און האבען זיך נאר בענוצט מיט דיא ארבייט פון דיא אַקער־בויער, וועלכע האבען געמוזט צאָהלען קאָנטריבוציעס און שטייערן. ווען דיזע הערשער זיינען ניט באַלד פעריאָגט געוואָרן פון נייע קריי־געריישע שטאַמען און האבען זיך בעזעצט אויף דיא פערנומענע לאַנד האבען זיי שוין געבילדעט דעם קלאַס פון פּריצים, און דיא אַקער־בויער האבען זיי צוגעבונדען צו דער ערד, ד. ה. אומגעוואַנדעלט אין קנעכט אדער פּאַנסטשיזניקעס.

אום געגויער צו זעהען, וויא אזוי דאס איז צוגעגאַנגען און איבערהויפּט וויא אזוי שריט נאך א שריט איז מען צוגעקומען צו אונזערע יעצטיגע בעגריפע וועגען פּריוואַט־אייגענטהום, וועלען מיר אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל בעטראַכטען דיא ענטוויקלונג פון אייגענטהום ביי דיא פּאָרטגעשריטענסטע קולטור־פעלקער פון אַלטער־טהום, ביי דיא אמת'ע פּאָטערס פון אונזער ציוויליזאַציאָן: דיא אידען, דיא גריכען און דיא רוימער.

# דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

## אייגענטהום ביי אידען, גריכען און רוימער.

דיא רעפּובּליקאַנישע אָרגאַניזאַציאָן ביי אידען פאַר און נאָך דיא פּער־כאַפּונג פון כנען. — זייער שטאַרקער גייסט פון אחדות און גלייכהייט. — וויא דיזער גייסט האט זיך ארויסגעצייגט אין דיא ביבּלישע געזעץ וועגען לאַנד־אייגענטהום, שקלאַווען און אָרימע. — דיא ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענטהום אין ארץ ישראל. — דיא מאָנאַרכישע אָרגאַניזאַציאָן און דיא פריהציימיגע ענטשטעהונג פון אונגלייכהייט ביי גריכען. — ים־רויבעריי און מאַסען־שקלאַווערייא אין גריכענלאַנד. — גרויזאַמע בעהאַנדלונג פון שקלאַווען. — פערכאַפּונגען פון לאַנד. — דיא געזעצע פון סאָלאָן. — דיא ענטוויקלונג פון אינדיווידואַליזמוס און פון פּריוואַט־אייגענטהום דורך האַנדעל און ים־רויב. — גרויסער פאָרטשריט אין אַטהען. — דיא הערשאַפט פון רייכע און דער אונטערגאַנג פון גריכענלאַנד. — געמיינדע־ און פאַמיליען־אייגענטהום אין רוים. — דאס געזעץ פון 12 טאַבּליצעס. — דיא איינפיהרונג פון צואה־רעכט. — געזעצע צו בעשרענקען דאס צואה־רעכט. — לאַטיפונדיען און ריזיגע פּריוואַט־פערמעגענס. — שטרעבונגען צו גלייכהייט און דיא פאָרדערונגען פון דיא ברידער גראַקכוס. — שרעקליכע שקלאַווערייא אין רוים. — גלאַדיאַטאָרס און דער אויפשטאַנד פון ספּאַרטאַקוס. — דיא אומוואַנדלונג פון אַקערבּוי־שקלאַווען אין קאָלאָנען אדער פּאַנסטשיזניקעס

ביז דיא אידען האבען זיך בעזעצט אין כנען זיינען זיי געווען וואַנדערנדע פיה־פיטערערס וויא זייערע שטיפבּרידער, דיא אַראַבען. עס איז א פראַגע, אויב מען האט זיי אויך געברויכט ביי פעלדאַרבייט, ווען זיי זיינען געווען שקלאַווען אין מצרים. יעדענפאַלס האבען

זיי זיך מעהר מיט אקערבוי ניט געקענט בעשעפטיגען בשעת זיי האבען געוואנדערט אין דיא וויסטענעסען. זייער אָרגאַניזאַציאָן איז דאַן געווען א רעפּובליקאַנישע און האט זיך ווענינ אונטערשיידעט פון דיא אָרגאַניזאַציאָנען פון דיא בעדואינען, וועלכע וואנדערן נאך יעצט אין דיא מדבריות און וועלכע זיינען פערבליבען אונפערענדערט אין פערלויף פון יאהר־הונדערטע. דיא אידען זיינען געווען צוטהיילט אין שבטים אדער אייגענטליך אין גרויסע פאמיליען, וועלכע זיינען אלע געווען אדער האבען זיך גערעכענט פון איין אָפּשטאמונג, וויא דיא ביבעל זעלבסט שילדערט עס. פון אייגענטהום אויף לאנד האָבען זיי נאטירליך ניט געוואוסט, און דיא בהמות האבען אויך געהערט צו גאנצע פאמיליעס, וועלכע האבען זיך געפיהרט פאטריארכאליש. וויא ביי אלע אַנדערע פעלקער מיט א רעפּובליקאַנישע אָרגאַניזאַציאָן, איז ביי דיא אידען זעהר שטארק איינגעדרונגען געווען דער גייסט פון אחדות און פון גלייכהייט; נאר אזוי וויא זיי זיינען געקומען אין פערקעהר מיט דיא העכסטע קולטור פון דיא אַלטע צייטען, דיא עגיפּטישע, האבען זיי שוין געוואוסט אפילו פון דעם געברויך און אָנווענדונג פון געלט. זיי זיינען אויך בעקאַנט געוואָרן מיט פיעלע אַנדערע פיהרונגען פון מצרים אונטער דיא פרעה׳ס און דאַרונטער מיט דיא גרויסע אונגלייכהייט פון קלאַסען און מיט דיא הערשאַפט פון דיא כהנים.

אין כנען האבען דיא אידען געטראָפען פעלקער און שטאַמען, וואס זיינען געשטאנען אויף א פיעל העכערע שטופע פון קולטור, וויא זיי. זייער לאַנד האבען אלע שטאַמען פון כנען, וועלכע ווערן אויסגערעכענט אין דער ביבעל, בעארבייטעט אויף דיא בעסטע אַרט אין יענער צייט. אפילו דיא בערג זיינען געווען בעדעקט מיט וויינטרויבען און פרוכטבאַרע בוימער. קאַנאלען האבען זיך געצויגען אין פיעלע ערטער, און ניט אומזיסט איז עס געוואָרן א „לאַנד פון מילך און האָניג", וויא דיא ביבעל רופט „דאס פערשפּראָכענע לאַנד". דיא כנענים זיינען אויך געווען בעקאַנט אלס גוטע האַנדווערקער און בעזאָנדערס אלס שמידען. זיי האבען שוין פאַבריצירט רייטוועגען, געציינ און געוועהר פאר אַנדערע פעלקער. לעזענדיג דיא ביבעל,

קען מען מיינען, אז דיא פלשתים, חטים, אמרים א. ז. וו. זיינען נעוועזעןווילדע ברואים, אבער אין אמת'ן זיינען זיי געוועזען זעהר פאָרטגעשריטען אין אלע קונסטען, אפילו אין דער קונסט פון שרייבען. אזוי וויא כנען איז געוועזען דער פערמיטלונגס־פונקט צווישען בבל און מצרים, דיא ערשטע און גרעסטע קולטורלענדער פון דיא עלטעסטע צייטען, האט דיא דאָרטיגע בעפעלקערונג זעהר פיעל גענאָסען דערפון. נאך לאנג־לאנג איידער דיא אידען האבען זיך אריינגעריסען אהין, זיינען דאָרטען געוועזען שטעט מיט ביבליאָטעקען און אוניווערזיטעטען, וואו מען האט געלערענט צו שרייבען אויף טאבליצעס דיא פיילען־ארטיגע צייכנונגען, וועלכע זיינען ערפונדען געוואָרן אין בבל און אשור און וועלכע זיינען ביסלעכוויז פערשפרייטעט געוואָרן איבער גאַנץ וועסטאזיען און אפילו אין מצרים זעלבסט, וויא אייניגע ערד־גראָבונגען האָבען עס בעוויזען. דיזע שריפטען, גענאַנט אין דער וויסענשאַפט קונעאָפאָרם, ווייל זיי האבען דיא פאָרמע פון קלינעס אדער פיילען, איז געוועזען זעהר שווער צו לערנען, און דארום זיינען אין פיעלע פלעצער געוועזען ספעציעלע שולען מיט בעוואוסטע פראָפעסאָרען און מיט צוגעפאסטע לעהרביכער, וועלכע זיינען בעשטאַנען פון פלאַכע ציגעל מיט דערויף אויסגעקריצטע צייכנונגען. פון אזעלכע פלאַכע ציגעל האט מען צוזאַמענגעשטעלט גאַנצע ביבליאָטעקען, און פיעלע פון זיי זיינען שוין אויסגעגראָבען געוואָרן און געפינען זיך אין מוזעאומס. וועגען דיזע פיילען־ארטיגע שריפטען וועלען מיר האבען צו ריידען אין דער נאכפאָרשונג איבער דיא ענטשטעהונג פון שריפטען; יעצט דערמאָנען מיט עס נאר, אום צו צייגען, וויא וויט כנען איז געוועזען ענטוויקעלט נאך אין דיא ערשטע ביבלישע צייטען. איינע פון אזעלכע שטעט מיט שולען און סופרים ווערט אויך דערמאָנט אין דער ביבעל זעלבסט אונטער דעם נאָמען קרית־ספר.

אָט דיזע „פערשפראָכענע לאַנד“ האבען דיא אידען פערכאַפּט אויף דעם זעלבען שטייגער וויא דיא אראַבער און אַנדערע באַרבאַרישע אָנגרייפערס האבען עס געטאָן אין אַנדערע לענדער. דאס הייסט: זיי האבען אויסגעראָטעט, פעריאָגט אדער אונטעריאָכט דיא בעזיגטע און צוגענומען זייער לאַנד און פערמעגען. וויא דיא ביבעל

שילדערט עס, האבען דיא זיעגרייכע אידען ארויסגעוויזען דערביי נאך אויסערגעוויינליכע גרויזאמקייט. דיא אראבישע זיעגערס אונטער מאהאָמעד און זיינע נאכפאָלגער זיינען שוין געווען פיעל ווייכהערצי־גער ביי זייערע אָנפאלונגען. לעטורנאָ בעמערקט גאַנץ ריכטיג, אז דיא אידען האבען ארויסגעצייגט מעהר מיטלייד צו זייערע בהמות, וויא צו דיא פלשתים. דיא ביבלישע געשיכטע וויא אזוי אידען האָ־בען זיך בעזעצט אין כנען איז איבערהויפט א זעהר ריכטינער בילד, וויא אזוי פערכאפונגען פון פרעמדע לענדער זיינען צוגעגאנגען אין דיא אַלטע צייטען.

נאר דערביי האבען זיך דיא אידען בעזאָנדערס אויסגעצייכענט מיט זייער פערטהיילונג פון דיא פערכאפטע לענדער. אין דעם האט זיך אויף דיא בעסטע און עדעלסטע אַרט ארויסגעוויזען זייער גייסט פון אחדות און גלייכהייט. צו זייערע פיינד, צו דיא בעזיעגטע שטאמען, זיינען זיי געווען אונבארמהערציג, אבער צווישען זיך האבען זיי געהאַנדעלט מערקווירדיג ברידערליך. דיא ביבלישע לאַנד־געזעצ־געבונג איז אין דיזער בעציהונג א מוסטערהאפטע. זיא איז געווען און פערבלייבט א צירונג פאר דעם אידישען פאלק. עס איז ווירק־ליך א וואונדער, וויא אזוי אזא ווילדע און גרויזאמע מחנה וויסטע־נעס־וואַנדערער, וויא דיא בני ישראל זיינען דאַמאָלס געווען, האט געקענט איינפיהרען אין א פערכאפטע לאַנד אזא ערהאבענע סיס־טעם אָנצוהאלטען גלייכהייט, וויא דיא ביבעל שילדערט עס. אויב משה זעלבסט איז געווען דער פערפאסער פון דיא ביבלישע לאַנד־איינענטהומס געזעצע אדער ניט, נאר דאס איז זיכער, אז זיי ווע͏לען אייביג בלייבען א'ן עהרע פאר דעם אידישען פאלק. מיט קיין אַנ־דער זאך, אפילו מיט דעם מאָנאָטעאיזמוס (גלויבען אין איין גאָט), האבען זיך דיא אידען ניט אונטערשיידעט אזוי הויך און גרויס פון אַנדערע פעלקער וויא מיט זייערע געזעצע וועגען לאַנד־איינענטהום. אין דיזער בעציהונג זיינען זיי ווירקליך געווען א'ן אויסערוועהלטעס פאָלק.

דיא פערכאפטע שטיקער לאַנד זיינען אָפּגעגעבען געוואָרן צו דיא מטות און פערטהיילט געוואָרן צווישען דיא פאמיליעס פראָ־פּאָרציאָנעל נאך דיא צאָהל פון זייערע מיטגליעדער. אום אויסצו־

מיידען שטרייטען, האט מען דיא חלקים געזעהען צו מאַכען וואס גלייכער און נאכהער האט מען געוואָרפען גורל (לרב תרבה נחלתו ולמעט תמעיט איש לפי פקדיו יתן נחלתו: אך־בגורל יחלק את הארץ לשמות מטות־אבתם ינחלו. במדבר, כ"ו, נ"ד־נ"ה). דיא אנפיה־רערס האבען דאך געקראָגען גרעסערע חלקים. זאָ האט ישוע בן נון געקראָגען תמנת־סרח, וויא ער האט עס פערלאַנגט, און צו כלב בן יפנה האט ער שוין אליין אָפּגעגעבען דיא שטאָט חברון. נאר אין אלגעמיינען איז עס געווען א גלייכע און ברידערליכע פערטהיילונג פון לאַנד.

זייערע חלקים האבען דיא פאַמיליעס נור געקענט בענוצען, אבער ניט רעכענען אלס זייער פּריוואַט־אייגענטהום. דאס אויבער־רעכט אויף לאַנד האט געהערט צו גאָט, און דיא כהנים און לוים, אלס דיא פערטרעטער פון גאָט אויף דער ערד, האבען זיך דערמיט בענוצט, אום צו קריעגען מעשר און צו נעהמען פערשיעדענע אנדע־רע שטייערן. עס האט געהייסען, אז גאָט פערלאַנגט ערלייזונג אדער אויסקויפונג; אבער דיא געשאַנקען און קרבנות האבען בעקומען דיא לוים. צוזאַמען זיינען דיזע אלע אויסקויפונגען געווען א שווערע לאַסט אויף דעם גאַנצען פאָלק. דיא לוים האבען נאך דערצו געהאט 48 שטעט מיט לאַנד 2000 איילען ארום פאר זייערע בהמות. קורץ, זיי האבען זיך געלאָזט פיין בעלוינען פאר זייער רעכט אויף דאס לאַנד אין נאָמען פון גאָט.

דאס פאַמיליען־לאַנד האט ניט געקענט פערקויפט ווערן. אלע אָפּמאַכונגען און קאָנטראַקטען זיינען בטול געוואָרן יעדע 50 יאהר. דער יובל יאהר איז געווען איינע פון דיא מערקווירדיגסטע איינפיה־רונגען פון משה, אום אָנצוהאַלטען גלייכהייט אונטער דיא אידען. דיא חלקים פאַמיליען־לאַנד זיינען דאַן איבערגעגאַנגען צו דיא ערשטע, זאָ צו זאָגען, ארענדאַטאָרס ביי גאָט; און דיא פאַמיליעס, וואס זיי־נען געצוואונגען געווען צו פערזעצען זייערע חלקים, האבען צוריק גע־קראָגען זייער פערמעגען. אלע אָפּהאנדלונגען וועגען לאַנד און פאַ־מיליען־אייגענטהום זיינען אין אלגעמיינען געווען זעהר בעשרענקט,

וויא ביי אלע רעפובליקאנישע פעלקער. דאס אבסאלוטע צואה־רעכט איז ניט אנערקענט געוועזן: דאס פאמיליען־פערמעגען פלעגט איבער־גיין בירושה צו דיא פערוואנדטע. ערשט שפעטער, אין דיא צייטען פון דיא תנאים, האט מען אנערקענט דאס רעכט צו מאכען א צואה אדער א טעסטאמענט; אבער נאר אין דעם פאל, ווען דיא קרבים זיינען אויסגעשטארבען אדער מען האט זיי ניט געקענט אויסגעפינען. טעכטער פלעגען נאר קענען קריגען ירושה, אז עס זיינען קיינע זיהן געוועזן; און ווען א מיידעל פלעגט ווערן א יורש'טע, פלעגט זיא שוין ניט קענען חתונה האבען מיט קיין אנדערן אויסער מיט איינעם פון איהר פאטער'ס שטאם. דאס איז איינגעפיהרט געווארן, אז דיא פאמיליען־חלקים זאלען ניט קענען איבערגיין פון איין שטאם צו א'ן אנדערן און זאלען שטענדיג פערבלייבען נאך דיא ערשטע פערטהייי־לונג. (ולא תסב נחלה לבני ישראל ממטה אל מטה כי איש בנחלת מטה אבתיו ידבקו בני ישראל. במדבר, ל"ו, ז).

אונטער אזא סיסטעם פון לאנד־אייגענטהום האט מען נאַ־טירליך ניט געקענט אנקלייבען פיעל רייכטהום אין פריוואט הענד. דערצו נאך איז וואוכער שטרענג פערבאטען געוועזן, און אינדוסטריע און האנדעל זיינען גאר ניט ענטוויקעלט געוועזן ביי דיא בני ישראל אין כנען. ווען זיי האבען בעדארפט בויען דעם בית המקדש, האבען זיי געמוזט אנקומען צו דיא הילפע פון פרעמדע, בעזאנדערס צו דיא פיניקיער. זייער פעהיגקייט צו האנדעל האבען דיא אידען א לאנגע צייט שפעטער גלעצענד בעוויזען; אבער אין דער גאנצער צייט, וואס זי'ער מלוכה האט זיך אנגעהאלטען, זיינען זיי מייסטענס געוועזן אקער־בויער. האנדווערקען האבען זיי געלערנט ביי דיא בעזיעגטע כנענים. ווען זיי האבען זיך בעזעצט אין כנען, פלעגען זיי מוזען אנקומען צו ד'יא שמידען פון דיא פלשתים צו פעררריכטען זייערע אקערס.

אום נאך מעהר אנצוהאלטען גלייכהייט צווישען דיא אידען, האט מען אויך געזוכט צו בעשרענקען לוקסוס; דארום האט מען עס פערבאטען צו טראגען קליידער פון וואל מיט לייוועגט, וועלכע זיינען דאן געוועזן זעהר טייער.

אין אלגעמיינען האט ביי דיא אידען געקענט ארויסקומען און־

גלייכהייט נאר דורך פערכאַפּונג פון פרעמדע לענדער און פון שקלאַ־
ווען; דאס הייסט איינפאַך דורך געוואַלט און רויב. נאר ווען זיי
האבען זיך פעסט בעזעצט אין כנען אויף זייערע בעשטימטע חלקים,
האבען זיי שוין ניט געמאַכט אָנפאַלונגען אויף פרעמדע פעלקער.
זעהר פיעל שקלאַווען האבען זיי איבערהויפּט קיין מאָל ניט געהאַט.
זייער גייסט פון גלייכהייט האט זיך אויך ארויסגעוויזען אין דער
ביבלישער געזעצגעבונג וועגען שקלאַווען. אזוי גוט וויא אלע פעלקער
אין יענע צייטען, האבען דיא אידען אויך געהאַט צוויי סאָרטען
שקלאַווען. זיי פערנעהמען אבער א הויכען עהרען־פּלאַץ דערמיט,
וואס זיי זיינען זיך בעגאַנגען מיט זייערע שקלאַווען מערקווירדיג
וויכהערציג און מענשליך. איבערהויפּט זיינען דיא סעמיטישע פעל־
קער ניט געווען גרויזאַם צו זייערע שקלאַווען און יעדענפאַלס פיעל
בעסער אין דיזער בעציהונג, וויא דיא גריכען און רוימער.

דיא אמת׳ע שקלאַווען זיינען געווען קריעגסגעפאַנגענע, דאס
הייסט: פרעמדע. דיא אַנדערע זיינען געווען מייסטענס אייגענע, דאַ־
רונטער אויך אזעלכע, וואס האבען זיך פרייווילליג פערקויפט אלס
שקלאַווען דורך נויט און עלענד. ביי אידען האט מען אויך געקענט
ווערן א שקלאַוו פאַר ניט בעצאָהלען א חוב און מען האט געמעגט
פערקויפען קינדער אין שקלאַווערייא. נאר שקלאַווען פאַר שולדען האט
מען געמוזט פּריילאָזען אין יובל יאָהר צוזאַמען מיט זייערע קינדער; אויך
איז עס פערבאָטען געווען צו געבען אזעלכע שקלאַווען שווערע ארבייט.
דיא אידען האבען איבערהויפּט קיין מאָל ניט בעדאַרפט פערגעסען,
אז זיי זיינען אליין געווען שקלאַווען אין מצרים, און דאַרום זיך בע־
גיין מענשליך און עדעל מיט זייערע שקלאַווען. צו דעם קלאַס פון
אייגענע שקלאַווען, וועלכע דיא ביבעל הייסט גוט בעהאַנדלען, האבען
אויך געהערט אזעלכע, וואס זיינען דערצו בעשטראָפט געוואָרען פאַר
גנבה. אזעלכע זיינען אייגענטליך ניט געווען שקלאַווען, זאָנדערן
דיענערס אויף א געוויסע צייט.

דיא קריעגסגעפאַנגענע אדער איבערהויפּט שקלאַווען פון פרעמ־
דע פעלקער האט מען אפילו געמעגט צווינגען צו דיא שווערסטע
אַרבייט און גרויזאַם בעשטראָפען, וויא און ווען דיא בעלי־הבתים

האבען עס געוועלט. דיזע שקלאווען זיינען שוין געווען פּריוואַט־איי־
גענטהום אין פּולען זינען פון דיזען וואָרט, און צוזאַמען מיט בהמות
האָבען זיי עס געבילדעט דעם ערשטען קאַפּיטאַל ביי אידען אזוי גוט
וויא ביי אַלע אַנדערע פעלקער אויף דער זעלבער קולטור־שטופּע.
דורך דיא צאָהל פון שקלאַווען האט מען ביי דיא בני ישראל גע־
מאָסטען דעם רייכטהום פון איינצעלנע פּערזאָנען. נאר פון דעסט־
וועגען איז דיא מאַכט פון דיא הערערן איבער זייערע אמת'ע שקלאַ־
ווען דאָך בעשרענקט געווען ניט נאר דורך דיא אַלגעמיינע ביבלישע
פאַרשריפטען פון מאָראַל און מענשענליעבע, זאָנדערן אויך דורך
בעשטימטע געזעץ. זאָ, צום ביישפּיעל, איז א הערר בעטראַכטעט
געווען אלס א מערדער, ווען א שקלאַוו איז געשטאָרבען אין צוויי
טעג אַרום, נאַכדעם וויא ער איז געשלאָגען אדער געפּייניגט געוואָרן
פון זיין הערר. אויך האט מען ניט געטאָרט ארויסגעבען א'ן אַנט־
לאָפענעם שקלאַוו צו זיין הערר; מען האט איהם בעדאַרפט געבען
א פּלאַץ, וואס ער וועט זיך אויסקלייבען, (דברים, כ"ג, י"ו).

אזעלכע געזעץ האבען פיעל ווענינ געמוזט ווירקען אפילו אויף
דיא גרוויזאַמסטע הערערן איינצוהאַלטען זיך און צו שאָנעווען זייערע
שקלאַווען. יעדענפאַלס צייגען זיי, אז דיא אידען זיינען דאַן דורכגע־
דרונגען געווען מיט אזעלכע עדעלע און ריין־מענשליכע געפיהלע צו
זייערע שקלאַווען, וועלכע זיינען געווען פרעמד דיא איבעריגע פעלקער
און אפילו שפּעטער דיא גריכען און רוימער.

דיא ביבלישע געזעץ וועגען אָרימע, שוצלאָזע און עלענדע בע־
ווייזען נאָך מעהר, וויא טיעף דער גייסט פון אחדות איז געווען
איינגעוואָרצעלט ביי דיא גרוויזאַמע אונטערדריקערס פון דיא כנענים.
דעם ארבייטער האט מען בעדאַרפט בעצאָהלען זיין שכירות ביז דעם
זונען־אונטערגאַנג, ווייל ער איז אָרעם (ביומו תתן שכרו ולא תבוא
עליו השמש כי עני הוא. דברים, כ"ד, ט"ו). אפילו אָרימע אויס־
לענדער און פרעמדע ארבייטער איז עס פערבאָטען געוואָרן צו אונ־
טערדריקען (ולא תעשק שכיר עני ואביון מאחיך או מגרך אשר
בארצך בשעריך. דברים, כ"ד, י"ד). וועגען אָרימע און פרעמדע
האט מען בעדאַפט געדענקען אין שניטצייט און איבערלאָזען עפּעס

פאר זיי. אויך האט מען ניט געטאָרט אויפקלייבען אלע וויינטרוי־ בען (וכרמך לא תעולל ופרט כרמך לא תלקט לעני ולגר תעזב אתם. ויקרא, י"ט, י), אום אָרימע זאָלען עפּעס קענען געניסען. רייכע האָ־ בען אויך בעדאַרפט מאַכען מאָלצייטען עטליכע מאָל אין יאָהר פאר זייערע פערוואַנדטע און פאר דיא אָרימע לייט ארום.

דיא מערקווירדיגע זאָרג פאר אָרימע לייט ווייזט זיך אויך ארויס אין אזעלכע פאָרשריפטען פון דער ביבעל, וויא פאָלגענדע: „קיינער זאָל ניט נעהמען אין משכון דעם אויבערשטען און אונטער־ שטען מילשטיין, דען ער נעהמט דערמיט א מענשען'ס לעבען אין משכון (דברים, כ"ד, ו)"; „אויב דו וועסט איבערהויפּט נעהמען אין משכון א קלייד פון דיין שכן, זאָלסטו עס אומקעהרען ביז דעם זונענאונטערגאַנג; דען דאס איז זיין איינציגער צודעק, דאס איז דיא קלייד פון זיין קערפּער; אין וואס וועט ער דען שלאָפען? (שמות, כ"ב, כ"ו־כ"ז)"; „אויב דו וועסט לייהען געלט צו אירגענד וועלכען אָרימען פון מיין פאלק, זאָלסטו איהם ניט בעהאַנדלען וויא א פּראָ־ צענטניק און זאָלסט אויף איהם קיין וואוכער ניט ארויפלייגען (שמות, כ"ב, כ"ה)".

נאר אלע פאָרשריפטען פון דער ביבעל צו בעשיצען אָרימע, פרעמדע און עלענדע צייגען אויך פון דער אנדער זייט, אז טראָץ דיא גלייכע פערטהיילונג פון לאַנד אונטער דיא פאַמיליעס און טראָץ דעם יובל, איז דאָך געווען אונגלייכהייט אין פערמעגען. דיא רייכע און שטאַרקע האבען ביסלעכווייז אָנגעפאַנגען צו פערכאַפּען דאס לאַנד פון דיא אָרימע און שוואַכע. אויסער דעם פלעגט דער עלטערער זוהן קריגען צוויי מאָל אזוי פיעל פון דער פאַמיליען־ירושה, וויא יעדערער פון דיא איבעריגע זיהן. ווייטער, אזוי וויא דאס לאַנד איז ניט געווען בע־ ארבייטעט געמיינשאפטליך וויא אין געמיינדעס, און דיא ערשטע חלקים לאַנד פלעגען אלץ צוטהיילט ווערן אין קלענערע חלקים צווי־ שען דיא יורשים־זיהן, זאָ האט דורך דעם אליין געמוזט ענטשטיין מיט דער צייט אונגלייכהייט אויף א נאַטירליכען וועג, ד. ה. צוליעב דעם וואס איין פאַמיליע האט געהאַט מעהר זיהן וויא דיא אנדערע. אויך דיזע אונגלייכהייט און דיא פערכאַפּונגען פון רייכע און שטאַרקע

צייגט אויך דער ביטערער געשריי פון דעם עדעלען ישעיה: „וועה געשריען אויף דיא וואס רוקען צו א הויז צו א הויז, דערנעהענטערן א פעלד צו א פעלד, ביז עס בלייבט קיין פלאץ פאר אנדערע. מיינט איהר דען אליין צו פערבלייבען אין לאנד? (ישעיה, ה)".

דיא אונגלייכהייט אונטער אידען צייגט קלאר, אז מיט קיינע געזעץ און בעשרענקונגען קען מען איהר ניט אפהאלטען וויא באלד מען אנערקענט נאר דעם פרינציפ פון פריוואט־אייגענטהום. אין זיין סיסטעם פון לאנד־פערטהיילונג האט דאך משה ניט אפגע־שאפט פאלשטענדיגע פריוואט־אייגענטהום אויף בעוועגליכע זאכען, אויף בהמות און אפילו אויף שקלאווען, און דאס האט שוין ביסלעכ־וויז געמוזט פיהרען צו אלץ א גרעסערע אונגלייכהייט אין פערמעגען, צו אלץ א שארפערען אונטערשיעד צווישען רייכע און ארימע. איין מאל פאנגט זיך נאר אן דיא ענטוויקלונג פון פריוואט־אייגענטהום, דאן מוז זיא זיך שוין דורכברעכען א וועג אזוי וויא א גרויסער שטראם וואסער און פיהרען צו אלץ א וייטערע ענטוויקלונג פון אונ־גלייכהייט צווישען מענשען.

נאר צוליעב דיא ביבלישע בעשרענקונגען איז ביי אידען, אפילו אין דיא ערגסטע צייטען פון זייער מלוכה, דיא אונגלייכהייט קיין מאל ניט דערגאנגען צו אזא טיעפען אבגרונד, וויא אין דער גריכיש־רוימישער וועלט, בעזאנדערס אין אטהען און רוים.

דיא ערשטע גריכען אדער עלינען זיינען אויך געווען צוטהיילט אין שבטים אזוי וויא דיא אידען. נאר ווען זיי האבען זיך בעזעצט אין איינעם פון דיא בעסטע און שענסטע ערטער פון זידליכע אייראָ־פא, אויסראטענדיג און פעריאגענדיג פון דארטען דיא פעלאזגען און אנדערע איינגעבארענע שטאמען, האבען זיי זיך שוין געפיהרט א בי־סעל מאנארכיש. דיא שבטים זיינען געווען אונטער דער קאמאנדע פון קריעגס־פיהרער, וועלכע פלעגען איבערגעבען זייער מאכט בירושה צו זייערע עלטערע זיהן. דורך דעם אליין איז אויפגעקומען א קלאס פון רייכע און אריסטאקראטען, מיט וועלכע דאס גריכישע פאלק האט שטענדיג געפיהרט א ביטערן קאמפף. דער סאלידארישער גייסט, וועלכער האט זיך אזוי לאנג און שטארק אנגעהאלטען ביי

דיא ביבלישע אידען, איז שנעל אָפּגעשוואַכט געוואָרן ביי דיא גריכישע שטאַמען דורך זייער מאָנאַרכישע אָרגאַניזאַציאָן. ביי זיי האט זיך שנעל און פריה אָנגעפאַנגען צו ענטוויקלען דער אינדיווידואַליסטישער גייסט, וועלכער האט צושטערט זייערע געמיינדעס און האט געפיהרט צו א שרעקליכע שקלאַווערייא און צו פערכאַפּונגען פון לאַנד. דיא גריכען האבען שטענדיג מעהר געשטרעבט צו פּאָליטישע פרייהייט וויא צו עקאָנאָמישע גלייכהייט. אזוי וויא זיי האבען זיך צוזייהט און צושפּרייט איבער דיא פיעלע אינזלען צווישען אזיען און אייראָפּאַ, און זייער הויפּט־לאַנד איז מערקווירדיג צורונצעלט און דורכגעשניטען פון ים און האט פיעלע גוטע און זיכערע האַפענס; זאָ האבען זיי זיך אָבגעגעבען זעהר פריה צום ים־רויב און צום האַנדעל, וואס עס איז אין דיא אַלטע צייטען געגאַנגען האנד אין האַנד און וואס עס האט שוין נויטווענדיגערווייזע געפיהרט צו א זעהר שטאַרקע אונגלייכהייט אין פערמעגען.

האַנדעל איז איבערהויפּט געוועזן און פערבלייבט שטענדיג איינע פון דיא וויכטיגסטע אורזאַכען פון אונגלייכהייט אין פערמעגען. דער הויפּט אַרטיקעל פון דיא גריכישע ים־רויבער און הענדלער איז געוועזן שקלאַווען. וועגען דיא מענשליכע סחורה האבען דיא גריכען און שפּעטער דיא רוימער ניט אויפגעהערט צו פיהרען שטענדיגע מלחמות, דען דורך איהר האט מען עס געקראָגען מאַכט און רייכטהום. זייערע שקלאַווען האבען דיא גריכען בעהאַנדעלט אויף דיא גרויזאַמסטע אַרט. וואס פאר א געוואַלדיגער אונטערשיעד אין דיא בעגריפע וועגען שקלאַווען ביי דיא אידען און ביי דיא גריכען, דיזע ערשטע פּאָטערס פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן! אפילו אַריסטאָטעלעס, איינער פון דיא טיעפסטע גריכישע פילאָזאָפען און איינער פון דיא גרעסטע גאונים אין דער וועלט, האט ניט נאר אַנערקענט שקלאַווערייא אלס א פאָלקאָם געזעצליכע און נאַטירליכע זאַך, וויא דאס איז שוין אין א'ן אַנדער אָרט בעמערקט געוואָרן, זאָנדערן האט אויך קיין אונטערשיעד געמאַכט צווישען געיעג אויף מענשען און געיעג אויף חיות. „דיא מיליטערישע קונסט, זאָגט ער, איז אזוי וויא א נאַטירליכער מיטעל צו קריעגען זאַכען; געיעג איז בלויז איינע פון

דיא פערטהיילונגען פון דיזער קונסט און ווערט אָנגעווענדעט אויף ווילדע חיות און אויף אזעלכע מענשען, וועלכע, זייענדיג געבאָרען צו געהאָרכזאמקייט, ווילען זיך פון דעסטוועגען ניט אונטערגעבען, זאָ דאס דיא נאטור אליין זאָגט, אז אזא מלחמה איז גערעכט".

מיט אזעלכע טענות קענען דיא שטארקערע און רייכערע פער־שקלאווען אלע מענשען, און דאס האבען טאקע דיא גריכען געטאָן וויא ווייט עס האט זיך נאר געלאָזען. בעטראכטענדיג זייערע שקלא־ווען אלס נידעריגערע בעשעפעניסען, וועלכע דיא נאטור האט בע־שאפען צו דיענען זייערע הערען, זיינען זיך דיא גריכישע שקלאווען־האלטערס בעגאנגען מיט זייערע שקלאווען אקוראט וויא מיט זייערע בהמות. דער הערר האט געהאט דאס רעכט צו טויטען זיין שקלאוו אזוי וויא א בהמה. אפילו אין אטהען, דיא ציוויליזירטעסטע און געבילדעטעסטע שטאָט פון גריכענלאנד, האט מען צוגעלאָזען צו פערזיכערן א חוב ניט נאר מיט דיא פרייהייט פון דעם שולדנער זעלבסט, זאָנדערן אפילו מיט דיא פרייהייט פון זיין פרוי און קינ־דער. נאר אין זעלטענע פעלע האט איינער, וואס איז פרייוויליג געוואָרען א שקלאוו, געקענט זיך פערזיכערן דורך א בעזונדערן קאָנט־ראקט, אז זיין הערר טאָר איהם ניט טויטען. זאָ איז עס בעוואוסט פון דער גריכישער געשיכטע, אז דיא איינוואָהנער פון בעאָטיא זיינען געוואָרן שקלאווען פון דיא איינוואָהנער פון טהעסאליען מיט דער בעדינגונג, אז זייערע הערען זאלען זיי ניט קענען פערקויפען אויסער־האלב דיא גרענעצען פון ארנאיאי און זאָלען ניט האבען דאס רעכט פון לעבען און טויט איבער זיי.

דיא צאָהל פון שקלאווען אין גריכענלאנד איז געווען שרעקליך גרויס. 5000 פרייע בירגער פון דער שטאָט קאָרינטהה האבען בע־זעסען 460 טויזענד שקלאווען. פלאטאָן גיט אָן, אז יעדער וואָהל־האבענדער בירגער פון אטהען האט געהאט ביז 50 שקלאווען. דער גריכישער היסטאָריקער און גענעראל קסענאָפאָנט בעהויפטעט, אז פיעלע אטהענער האבען געהאט אין דיא מינען פון 300 ביז 1000 שקלאווען. דיזער קסענאָפאָנט בעקלאָגט זיך אין איין אָרט פון זיינע שריפטען, אז דיא שקלאווען האבען צו פיעל פרייהייט אין אטהען.

„אין דיזער רעפובליק, שרייבט ער, זיינען דיא שקלאַווען מערקווירדיג אויסגעלאַסען. מען טאָר אפילו ניט שלאָגען א שקלאַוו. יעדער שריט אייערער ווערט אָפּגעשטריטען פון א שקלאַוו!" אין דער צייט פון אַטהען'ס גרויסקייט זיינען דאָרטען געווען 20 טויזענד פרייע בירגער און 400 טויזענד שקלאַווען, זאָ דאס איינפאַך צוליעב זעלבסט־פערזיכערונג און פאָרזיכט האבען דיא אַטהענער געמוזט אָנפאַנגען בעסער צו בעהאַנדלען זייערע שקלאַווען, וועלכע האבען אלעס געשאַפען.

אין גריכענלאַנד זיינען אפילו געווען פרייע האַנדווערקער; אבער זייער לאַגע איז געווען א טרויעריגע, און דיא רייכע הערשער האבען זיי פעראַכטעט. פאר אמת'ע בירגער זיינען זיי ניט גערעכענט גע־ווען אין דיא גריכישע רעפובליקען. אפילו אַריסטאָטעלעס זאָגט: „א בירגער דאַרף זיך ניט פערנעהמען מיט מעכאַנישע ארבייט, אויך ניט מיט האַנדעל, דען אין אזעלכע בעשעפטיגונגען שטעקט עפּעס נידריגעס און וויעדערווערטיגעס צו בירגערליכען מוטה... דיא פעל־דער דאַרפען געהערען צו דיא בירגער, דען עס איז נויטווענדיג, אז דיא ערדאַרבייטער זאָלען זיין שקלאַווען, באַרבאַרען (דאס הייסט: ניט גריכען) און פעריעקען (בעזיעגטע און קריעגסגעפאַנגענע)". אין דער שטאָט טהעבעס איז אָנגענומען געוואָרן א געזעץ, אז א בירגער פערלירט זיין רעכט אויף א'ן עפענטליכען אמט, אויב ער איז 10 יאָהר געווען א קליינהענדלער אדער א האַנדווערקער.

דיא קלאַגע פון קסענעפאָנט געגען דיא פרייהייטען פון דיא שקלאַווען אין אַטהען צייגען, אין וואס פאר א שרעקליכען צושטאַנד זיי האבען זיך געפונען אין דיא אַנדערע גריכישע רעפובליקען. דיא ערשטע צייט האט דער הערר געמעגט טויטען זיין שקלאַוו אפילו אין אַטהען; אבער נאכהער האט מען עס פערבאָטען. עס איז איינגע־פיהרט געוואָרן אין אַטהען, אז א שקלאַוו האט געמעגט זיך בע־האַלטען אין טעזעי'ס טעמפעל און פערקלאָגען דאָרטען פאר ריכטער זיין הערר, אז ער בענעהט זיך גרויזאַם מיט איהם. דיא אַטהענער האבען אויך געמוזט שאַנעווען זייערע שקלאַווען, ווייל אונטער דיא שקלאַווען האבען זיך געפונען א סך האַנדווערקער, וועלכע דיא הער־רען פלעגען פערדינגען צו אַנדערע.

אין אלע גריכישע שטעט זיינען געווען פלעצער, וואו מען פלעגט עפענטליך פערקויפען שקלאַווען. דער געוויינליכער פרייז פון א שקלאַוו איז געווען פון 300 ביז 600 דראַכמעס (דער ווערטה פון א דראַכמע איז געווען אונגעפעהר א פראַנק). מען פלעגט זיי בריינגען צושלעפען פון אלע ערטער, וואוהין דיא גריכישע ים־רויבער האבען נאר געקענט דערגרייכען. דער האַנדעל מיט שקלאַווען איז דאָרטען געווען דער וויכטיגסטער אזוי וויא שפּעטער אין רוים. וויא געוויינליך האט מען שקלאַווען גערעכענט פאר בעוועגליכעם אייגענטהום, און דיא קויפערס האבען דארום געמעגט טאָן מיט זייער מענשליכע סחורה וואס זיי האבען געוועלט, וועהרענד דאס רעכט צו פערקויפען לאַנד איז נאך געווען מעהר אדער ווענינער בעשרענקט אין אלע גריכישע רעפּובליקען.

דאס געמיינשאַפטליכע לאַנד איז אם לענגסטען אָנגעהאַלטען געוואָרן אין דער שטרענגער מיליטערישער רעפּובליק ספּאַרטא, וואו עס זיינען נאך אויך פערבליבען געמיינשאַפטליכע סעודות, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דיא קאַפּיטלען איבער פאַמיליען. נאר דיא לאַגע פון דיא שקלאַווען איז דאָרטען פון דעסטוועגען שרעקליכער געווען וויא אין אלע אַנדערע גריכישע רעפּובליקען. דיא שקלאַווען האָבען דאָרטען געטראַגען דעם נאָמען אילאָטען און א סך פון זיי זיינען געווען אלגעמיינעס אייגענטהום; ד. ה. זיי האבען געהערט צו דער גאַנצער רעפּובליק. זיי זיינען עס געווען דיא אַקערבויער, נאר האבען געמוזט אָפּגעבען א העלפט פון זייערע פּראָדוקטען צו זייערע העררען. פון צייט צו צייט פלעגען דיא ספּאַרטאַנער איינפאַך אויסשלאַכטען א צעהנטעל פון זייערע אילאָטען, אום זיי צו האַלטען אין צוים און ניט צו לאָזען זיי צופיעל צו פערמעהרען זיך. דיא יונגע ספּאַרטאַנער פלעגען אויך פּראַקטיצירען אין דער יאַגד־קונסט אויף דיא הויט פון דיא אילאָטען. דאס אליין בעווייזט גענוג, וויא אונמענשליך דיא גריכען זיינען געווען צו זייערע שקלאַווען.

פיעלע גריכישע געזעצע צייגען, אז שוין גאַנץ פריה האט מען אין דיא גריכישע געמיינדען גענומען פערבאַפּען לאַנד אין פּריוואַט־אייגענטהום. אין דער איליאַדע (זאַמלונג פון גריכישע לע־

גענדען) ווערט שוין דערמאַנט וועגען אַפּגעצאַמטע שטיקער לאַנד פון 50 אקערס. דער פּריוואַט־בעזיץ פון בהמות און ספּעציעל פון שקלא־ ווען האט געמוזט פיהרען צו א שנעלע ענטוויקלונג פון פּריוואַט־ איינגענטהום אויף לאַנד. צו לאַנד־איינגענטהום האט מען נאך מעהר אַנגעפאַנגען צו שטרעבען, ווייל דורך דעם האט מען אויך בעזעסען דיא פּאָליטישע מאַכט.

דיא פיטערונגס־פעלדער זיינען נאך פערבליבען געמיינדע־איי־ גענטהום, ווען דאס אקערבוי־לאַנד האט שוין מייסטענס געהערט צו פּריוואַט־פּערזאָנען, וועלכע זיינען געווען גערעכענט פאר דיא אמת'ע פרייע בירגער. נאר ביסלעכוויז האט מען אויך גענומען פערכאַפּען דיזע פעלדער. אין ספּאַרטאַ איז עס פערבאָטען געווען צו פערקויפען אדער אָפּצוגעבען דעם פאַמיליען חלק לאַנד; אין אַנדערע רעפּובלי־ קען האט איינער נאר געקענט פערקויפען לאַנד, ווען ער האט פריי־ הער בעוויזען, אז ער געפינט זיך אין נויט.

נאר אזוי וויא עס איז ערלויבט געווען צו פערזעצען לאַנד און קיין יובל יאָהר איז ניט געווען וויא ביי אידען, זאָ זיינען אלץ מעהר חלקים פאַמיליען־לאַנד איבערגעגאַנגען צו דיא רייכע און פּראָצענט־ ניקעס, וועלכע האבען געטראָגען דעם נאָמען אויפּאַטרידען. אין אַטהען פלעגט מען אויף א פערזעצטע שטיק לאַנד שטעלען א סלופּ און אויף א פערזעצטע הויז פלעגט מען אָנקלאַפּען א ברעטעלע מיט דעם נאָמען פון דעם קרעדיטאָר און מיט דער סומע פון חוב. ביס־ לעכוויז איז אזוי דיא גאַנצע רעפּובליק בעדעקט געוואָרן מיט סלו־ פעס, און דאס גאַנצע פאלק איז געלעגען געבונדען ביי עטליכע געלטהענדלער. דאס איז געוואָרן אזוי אונערטרעגליך, אז עס איז גע־ קומען צו א גאַנצע איבערקעהרענעס אונטער דער פיהרונג פון דעם קלוגען סאָלאָן. דיזער בעריהמטער געזעצגעבער האט פערבאָטען צו גאַראַנטירען א חוב מיט דער פערזענליכער פרייהייט און מיט דער פּערזאָן פון דער פרוי און קינדער; ער האט ערקלערט פאר אונגילטיג אלע חובות און פערפּפליכטונגען, דורך וועלכע פרייע ביר־ גער האבען געקענט ארייגפאַלען אין שקלאַווערייַ; ער האט געבראַכט צוריק אלע שולדנער, וועלכע זיינען פערקויפט געוואָרן אלס שקלאַווען

אין דער פרעמד; ער האט געצוואונגען דיא רייכע צו שענקען דיא חובות, זאָ דאס ער האט בעפרייט דיא אטהענער רעפּובליק פון דיא וואוכער־סלופּעס אויף דיא פעלדער, מיט וואס ער האט בעזאָנדערס שטאָלצירט.

ער האט אויך איינגעפיהרט, אז א פרוי דאַרף ניט געבען איהר מאַן קיין פערמעגען אויסער 3 קליידער און קלייניגקייטען, ווייל ער האט געשטרעבט, אז „דיא פערבינדונג פון א מאַן מיט א פרוי זאָל נאר זיין אויס ריינע ליעבע און צוליעב דיא פאָרטזעטצונג פון גע־שלעכט, אבער ניט צוליעב געלט“. יעדערער איז פערפּפליכטעט גע־וואָרן צו ארבייטען, און דיא ריכטער האבען געדאַרפט זיך ערקונדי־גען וועגען דיא מיטעל פון דיא פרייע בירגער (נאַטירליך האט מען דיא פרעמדע שקלאַווען גאָר ניט געהאַט אין זינען ביי דיזע אלע רעפאָרמען) און בעשטראָפען דיא פוילערס. סאָלאָן האט אויך ארויסגעלאָזען א בעפעהל, אז א זוהן איז ניט פערפּפליכטעט צו ער־נעהרען זיין פאָטער, ווען זיין פאָטער האט איהם ניט געלעהרנט א מלאכה.

אבער דיזע אלע רעפאָרמען האבען נאר אויף א קורצע צייט געקענט אָפּהאַלטען דיא ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענטהום און פון אונגלייכהייט. סאָלאָן האט שוין ניט געקענט אין גאַנצען פער־ביטען צו פערקויפען לאַנד, נאר ער האט עס געזוכט צו בעשרענקען דערמיט, וואס דער פערקויפער האט דערביי אויף פערלאָרען זיין בירגער־רעכט. אזוי וויא דיא אָרימע האבען זיך ניט געקענט אנ־דעם העלפען און האבען געמוזט פערקויפען זייער לאַנד, אום זיך צו רעטען פון שקלאַווערייי, דען דיא חובות זיינען מייסטענס פערזיכערט געוועזען מיט דער פערזאָן פון שולדנער, זאָ איז דער רעזולטאַט פון דיזען געזעץ פון סאָלאָן נאר געוועזען, אז דיא צאָהל פון פרייע בירגער מיט א רעכט צו שטימען און צו פערנעהמען עפענטליכע עמטער איז אלץ קלענער געוואָרן.

דיא ווייטערע ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענטהום האט סאָ־לאָן אליין זעהר פיעל מיטגעהאָלפען דערמיט, וואס ער האט אנער־קענט דאס צוואה־רעכט. פריהער האט מען ניט ערלויבט איבערצו־

לאָזען ירושה נאך דעם פרייען ווילען פון דעם שטערבענדען. מען האט פערלאנגט, אז דאס פערמעגען זאל פערבלייבען אין דער פאמיליע. נאר סאָלאָן האט בעשטימט, אז יעדערער האט דאס רעכט איבערצולאָזען זיין פערמעגען וועמען ער וויל נאר, אויב ער האט ניט אייגענע קינדער. דער פּרינציפּ פון פּריוואט־אייגענטהום האט דורך דיזען צוואה־רעכט געקראָגען פולע אנערקענונג, הגם ער איז נאך בעשרענקט געווען דורך פיעלע אלטע מנהגים און פאמיליען־בעשטימונגען. דיא אנערקענונג פון צוואה־רעכט ביי א פאָלק איז איבערהויפּט א זיכערער צייכען פון א שטארקע ענטוויקלונג פון פּריוואט־אייגענטהום.

אטהען איז געווען דיא ערשטע שטאָט אין גריכענלאנד איינצופיהרען פאָלקאָמענע פּריוואט־אייגענטהום אויף אלע זאכען אויסער לאנד, וועלכע איז נאך פערבליבען פאמיליען־אייגענטהום א לאנגע צייט שפּעטער צוליעב דיא אלטע געזעץ. דאס איז געקומען אלס רעזולטאט פון דיא שנעלע ענטוויקלונג פון דיזער שטאָט דורך האנדעל און ים־רויב. אפילו סאָלאָן האט איבערגעלאָזען דיא שולען, וואו מען האט שטודירט צו זיין א ים־רויבער. דיא איבריגע גריכישע שטעט האבען ביסלעכווייז נאכגעפאָלגט אטהען אין דיזער הינזיכט, וויא אין אלע אנדערע. ספּארטא האט ערשט אנערקענט דאס צוואה־רעכט נאך א לאנגער בלוטיגער מלחמה צווישען גריכישע רעפּובליקען, גענאנט דיא פּעלאָפּאָנעזער, וועלכע האט געבראַכט דיא העגעמאָניע (אויבערמאכט) פון אטהען און געפיהרט צו גרונדע גאנץ גריכענלאנד.

אין אלגעמיינען איז אין גריכענלאנד צוערשט איינגעפיהרט געוואָרן פּריוואט־אייגענטהום מיט דיא פולע רעכטע פון פערקויפען און שיינקען, וויא מיר פערשטייען עס יעצט. אטהען איז אין דיזען פאל געווען דער מוסטער פיר גאנץ גריכענלאנד, וועלכע האט נאכהער געדיענט אלס מוסטער פאר רוים און פיר גאנץ אייראָפּא. דער אינדיווידואליזמוס, וועלכער האט אזוי הויך אויפגעהייבען גריכענלאנד איבער אלע פעלקער פון אלטערטהום, איז איינגעוואָרצעלט געוואָרן בעזאָנדערס דורך דעם האנדעל און ים־רויב, מיט וועלכע דיא

גריכען האבען אָנגעפאנגען צו בעשעפטיגען זיך נאך אין דיא ביז־היסטאָרישע צייטען. זיי פלעגען שטענדיג ארומפאָהרען אויף שיפען און בעפאלען פרעמדע פעלקער, דיא „בארבארען“, מיט דעם צוועק צו פאנגען זיי און צו פערקויפען פאר שקלאווען. א האנדעלסמאן און א פיראט (ים־רויבער) זיינען אין יענע צייטען געווען כמעט דאס זעלבע. ים־רויבעריי איז געווען גערעכענט ניט נאר פאר א מוטהיגע און ניצליכע בעשעפטיגונג, זאָנדערן אויך פאר א'ן עהרענהאפטע. אין בעצוג אויף פרעמדע זיינען דיא גריכען ניט געווען בעסער וויא אלע אנדערע פעלקער פון אלטערטהום. א פרעמדען האט מען גע־מענט אָפּנארען, בעגנב'ענען און בערויבען. דערמיט האט מען זיך זאָגאר בעריהמט. ניט אומזיסט איז דער גריכישער גאָט מערקור געווען גערעכענט צוגלייך פאר דעם בעשיצער פון הענדלער און פון גנבים.

אזעלכע האנדלונגען געגען פרעמדע מוזען זיך אבער נויטווענ־דיגערווייזע אָפּרופען אויף אייגענע. וואס מעהר דער האנדעל און דיא אינדוסטריע ענטוויקלען זיך, אלץ מעהר געברויכען דיא שטאר־קערע און רייכערע דיא זעלבע געוואלט און שווינדעל געגען דיא שוואכערע און אָרימערע פון אייגענעם פאָלק, וויא געגען דיא פרעמ־דע. אזוי איז עס אויך געווען ביי דיא גריכען. זיי זיינען געוואָרן אונבארמהערציג צו דיא שולדנער, האבען געריסען הויכע פראָצענ־טען און פאר קיין זאך זיך ניט אָפּגעשטעלט, אום צו ערווערבען זיך וואס מעהר שקלאווען און פערמעגען. זיי האבען איינגעפיהרט וועק־סלען, האנדעלס־קאָמפּאניעס, ספעקולאציעס און אפילו פערזיכערונגס־קאָמפּאניעס צו קריגען בעלוינונג פאר אנטלאָפענע שקלאווען.

אין בעצוג אויף האנדעל איז גריכענלאנד און ספּעציעל אטהען געווען אזוי פאָרטגעשריטען וויא דיא הייטיגע לענדער. דיא גריכען האבען איבערשטייגט דיא פיניקיער, דיא ערשטע גרויסע און מוט־היגע הענדלער פון דיא אלטע צייטען. זיי האבען דארום אויך אָנ־געקליבען ריזיגע רייכטהימער. דיא אָרימע האבען פראָטעסטירט גע־גען דיא האבזוכט פון דיא רייכע, און דיא שרייבערס און פילאָזאָפען האבען זיך פאר דיא אונטערדריקטע אָנגענומען אזוי וויא דיא אידי־

שע נביאים; אבער אפילו דיא בטשרעגקענדע געזעץ פון סאָלאָן אין אטהען און פון ליקורג אין ספארטא האבען ניט געקענט אָפּ־האַלטען דיא ענטוויקלונג פון פריוואט־אייגענטהום און פון אונגלייכ־הייט.

דיזע אונגלייכהייט האט ביסלעכוויז אונטערגעגראָבען דיא גרויס־קייט פון גריכענלאַנד. אין אלע שטעט האבען געהערשט עטליכע פלוטאָקראַטען. גאַנץ לאַקאָניא האט געהערט צו א 100 בירגער. דיא אָרימע האבען זיך בעקלאָגט, פּראָטעסטירט און אויך געמאַכט אויפשטענדע. ביי אזעלכע אויפשטענדע וויא אין מעגארא, סאַמאָס, מעסינא און ז. וו. מיט איבער 400 יאָהר פאר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג, פלעגט מען אויסשלאַכטען פיעלע פלוטאָקראַטען, מיט געוואַלט פערטהיילען דיא פעלדער, אָפּשאַפען דיא חובות און קאָנ־פיסצירען פריוואט־אייגענטהום. דיא רייכע הערשער האבען גענומען איינפיהרען אלץ מעהר געדונגענע פרעמדע סאָלדאַטען, אום צו בע־שיצען זיך געגען דיא אונצופרידענע בירגער, וועלכע האבען אויך פערלאָרען דעם מוטה צו פערטהיידיגען זייער פאטערלאַנד. דיא בע־פעלקערונג איז איינפאַך קלענער געוואָרן און פיעלע שטעט זיינען וויסט געוואָרן, ווייל דיא אָרימע זיינען אומגעקומען פון ליידען אדער האבען אויסגעוואַנדערט אין פרעמדע לענדער. ווען מאַצעדאָניען (מוקדון) איז אויפגעקומען, זיינען דיא רייכע צוגעשטאַנען צו דיזער מלוכה, אום צו קריגען שטיצע געגען דיא אָרימע. דאס זעלבע איז אויך געווען, ווען דיא רוימישע סאָלדאַטען זיינען געקומען איינגעהמען גריכענלאַנד. דארום האט דיזע קליינע לאַנד, וועלכע איז אמאָל גע־ווען מעכטיג גענוג צו בעזיעגען דיא ריזיגע פערסישע אימפעריע, פער־לאָרען איהר אונאבהענגיקייט.

רוים האט זיך ענטוויקעלט אויף דעם זעלבען שטייגער און איז געפאַלען דורך דיא זעלבע אורזאַכען, וויא גריכענלאַנד, נאר אין א פיעל גרעסערע מאָס, דאָרטען איז לאַנד אויף פערבליבען דאס איי־גענטהום פון געמיינדעס לאַנג־לאַנג נאכדעם, וויא עס איז ענטשטאַ־נען גרויסע אונגלייכהייט צווישען בירגער דורך פריוואט־אייגענטהום אין בעוועגליכע זאַכען. יעדע פאַמיליע האט געהאַט איהר heredium

(ירושה חלק) און האט אויך געהאט א רעכט צו בענוצען זיך מיט דיא ניט־פערטהיילטע קהל'ישע לאַנד. אָנפאַנגס האט יעדער בירגער געמענט, בענוצען דיא קהל'ישע פיטערונגס־פעלדער און שטאאטס־פעלדער; אבער נאכהער האבען דיא פאַטריציער (אריסטאָקראַטישע פאַמיליען) פערכאַפּט פאר זיך דיזע געמיינשאַפטליכע שטיקער לאַנד. צואה־רעכט איז לאַנג ניט אַנערקענט געוועזן. דיא חלקים לאַנד פלעגען איבערגיין בירושה צו דיא פערוואַנדטע. אין פאַל עס זיינען ניט געוועזן נאָהענטע קרבים פלעגט דיא ירושה איבערגיין צו א מיט־גליעד פון גענטילוס (מטה) — א צייכען פון דיא אַמאָליגע בלוטפער־וואַנדשאַפט פון דיא משפחות אין א מטה.

ביי דיא לאַטיינישע שטאַמען האבען דיא פאַמיליען זעהר פריה אָנגעפאַנגען אויסצוטהיילען זיך פון דיא געמיינדען און גענטילוסען. דיא רוימישע פאַמיליע איז געוואָרן א פאַטריאַרכאַלישע אין דעם פולסטען זינען פון דיזען וואָרט. דער פאָטער, pater familias, איז איינפאַך געוועזן דער איינענטהימער פון אלע פאַמיליען־מיטגליעדער; נאר דעם פאַמיליען־חלק לאַנד האט ער דאָך ניט געטאָרט פערקויפען אדער שיינקען. אין שפּעטערע צייטען, ווען מען האט שוין ער־לויבט צו פערקויפען לאַנד, האט מען דאָך איינגעפיהרט פיעלע בעשרענקענדע פאָרמאַליטעטען.

אין רוים האט מען אָנפאַנגס געקענט רייך ווערן נור דורך מלחמה. זיעגרייכע שטאַמען און שטעט האבען דורך דעם געקראָגען נייע שטיקער לאַנד, נאר דיא בירגער האבען גענומען בהמות און קריעגסגעפאַנגענע אלס זייער פריוואַט־אייגענטהום. דיא ערשטע רוימער האבען נאר גערעכענט פאר געזעצליך און עהרענהאַפט בלויז אזא פריוואַט־אייגענטהום, וואס זיי האבען זיך ערוואָרבען דורך מלחמה. בהמות און שקלאַווען זיינען געוועזן דער אָנפאַנג פון פריוואַט־אייגענטהום אין רוים, און בהמות האבען געדיענט אלס געלט ביי'ן אויסטויש גראַדע וויא ביי פיעלע אַנדערע פעלקער.

רוים איז אלזאָ אָנפאַנגס ניט געוועזן א'ן אויסנאַהמע אין בע־צוג אויף אייגענטהום; נאר דיא לאַטיינישע שטאַמען האבען געהאט דיא געלעגענהייט זיך צו בענוצען מיט דיא מעהר ענטוויקעלטע אָר־

גאַניזאַציאָן פון דיא גריכען. ארום 450 יאָהר פאר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג האט דער רוימישער סענאט געשיקט א קאָמיסיאָן נאך גריכענלאנד, אום נאכצופאָרשען דיא געזעצע פון סאָלאָן און צוזאַמענצושטעלען עהנליכע געזעצע פיר דיא רוימישע רעפובליק. דער רעזולטאט דערפון איז געווען דער בעריהמטער קאָדעקס פון געזעצע, וועלכע זיינען אויפגעשריבען געוואָרן אויף 12 טאבליצעס און טראָגען דארום דעם נאָמען „געזעץ פון 12 טאבליצעס". דאס איז געווען דער פונדאמענט פון דער רוימישער יוריספּרודענץ, וועלכע גאַנץ אייראָפּא האט איבערגענומען און וועלכע דיא גאַנצע ציוויליזירטע וועלט אנערקענט ביז היינטיגען טאָג.

אין דיזע געזעץ זיינען מייסטענטהיילס פערשריבען געוואָרן דיא אָנגענומענע פיהרונגען און מנהגים פון רוים. זיי זיינען אָפּגעשטימט געוואָרן פון דיא 3 קלאסען, אין וועלכע דיא רוימער זיינען שוין דאַן פערטהיילט געווען. דאס רעכט פון פריוואט־אייגענטהום אויף לאַנד איז אנערקענט געוואָרן אזוי וויא אין סאָלאָן׳ס געזעץ. יעדער בירגער האט שוין געמעגט פערקויפען און איבערלאָזען דורך א צוואה זיין פערמעגען. לאַנד־אייגענטהום האט מען שוין געקענט צוטהיילען אויף קלענערע חלקים און אָנקלייבען. דורך דעם איז דיא אונגלייכהייט זעהר פערגרעסערט און פערברייטעט געוואָרן. אין דער זעלבער צייט האט דער געזעץ פון דיא 12 טאבליצעס געגעבען דיא קרעדיטאָרען אזעלכע רעכטע, וואס האבען קיין גלייכען ניט אין אלע אַנדערע בעקאַנטע געזעצגעבונגען. איין פונקט האט געלויטעט, אז אויב נאך דיא ערלויבטע 30 טעג אָפּלייגונג פון א חוב וועט דער שולדנער ניט בעצאָהלען און ניט קריגען א גוט־זאָגער, דאַן „זאָל דער קרעדיטאָר איהם אָװעקפיהרען צו זיך, איהם בינדען דיא פיס מיט רימענס און איינשמידען אין קייטען פון 15 פונט געוויכט אדער װעניגער, וויא דער קרעדיטאָר וויל". א׳ן אַנדער פונקט לויטעט אזוי: „נאך דעם דריטען מאַרק־טאָג מעגען זיי (דיא קרעדיטאָרען) צושניידען איהם (דעם בעל חוב) אויף שטיקער. וואס פאר שטיקער זיי זאָלען ניט אָפּשניידען — גרויסע אדער קליינע — זאל דאס ניט בעטראכטעט ווערן אלס רשעות".

עס איז שוין פון דעם אליין פערשטענדליך, אז דער קרעדי־טאָר האט געמענט טויטען דעם שולדנער, וואס האט ניט געקענט בעצאָהלען דעם חוב אין דער בעשטימטער צייט, אדער איהם פער־קויפען אלס שקלאַוו. נאר אַזוי וויא עס איז אויך איינגעפיהרט גע־ווען, אז קיין רוימישער בירגער האט ניט געטאָרט פערקויפט ווערן אויף דעם היילינען לאַנד פון רוים, פלעגט מען דיא אונגליקליכע שולדנער אַריבערשלעפען איבערן גרענעץ, ד. ה. אויף דעם אַנדערן זייט פון טייך טיבר, און דאָרטען פערקויפען אלס שקלאַווען. נאך דיא געזעץ איז דער בעל־חוב געווען דאס איינענטהום פון קרעדיטאָר, וויא באַלד ער האט ניט בעצאָהלט דיא שולד אין דער בעשטימטער צייט. דער קרעדיטאָר האט אויך געהאַט דאס רעכט אויסצוקלייבען אלס זיין שקלאַוו דעם שולדנער זעלבסט אדער דעם גוט־זאָגער. וואס פאר א הימעל־ווייטער אונדערשיעד צווישען דיזע גרויזאַמע גע־זעץ און דיא געזעץ פון משה!

דאס געזעץ פון דיא 12 טאַבליצעס האט אויך בעשטעטיגט דאס צוואה־רעכט, וואס מען האט פריהער ביסלעכווייז גענומען אָנ־ערקענען אין רוים. דער דריטער פונקט פון דער פינפטער טאַבליצע בעשטימט: „וויא דער פאָטער פון דער פאַמיליע וועט ענטשיידען דורך א צוואה וועגען זיין פערמעגען אדער וועגען דיא פאָרמונדשאַפט (אָפּעקונסטווע) איבער דיא קינדער, אזוי זאָל עס זיין". דורך דיזע ברייט־געעפענטע טיר איז דער פריהערער פאַמיליען־אייגענטהום אזוי שנעל צושטערט געוואָרן און דיא אונגלייכהייט איז אזוי טיעף אריינ־געטראָטען, דאס מען האט געמוזט זוכען צו בעשרענקען דאס צוואה־רעכט דורך נייע געזעץ. איין געזעץ האט פערבאָטען איבערצולאָזען דורך א צוואה מעהר וויא 1000 אַסען (אזא מטבעה). א'ן אַנדער געזעץ האט בעשטימט, אז דער בעל צוואה מוז אָנגעבען בערעכטיג־טע גרינדע, ווען ער וויל אָפּזאָגען זיינע קינדער פון דער ירושה, זאָנסט איז דיא צוואה ניט גילטיג. א דריטער געזעץ האט פערזיכערט, דאס א פערטעל פון דער ירושה זאָל געהערען צו דיא יורשים פון דער פאַמיליע. וויטערע געזעץ האבען פערגרעסערט ביז א העלפט דעם חלק פון דיא געזעצליכע יורשים.

נאר דיזע אלע בעשרענקונגען האבען שוין ניט געקענט אָפּ־
האַלטען דיא ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענטהום. זיי האבען נאר
צוגעהאָלפען צו פערטהיילען אלץ מעהר דיא פערמעגענס. ווען פרוי־
ען האבען נאך בעקומען אייגענטהומס־רעכטע, איז נאך מעהר צו־
פאַלען געוואָרן דיא אַלטע פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן, דורך וועלכע דיא
ענטוויקלונג פון אונגלייכהייט איז פיעל־ווינציג געשטערט געוועזן. דיא
רייכע האבען זיך בענוצט מיט דעם אַלעם, אום איינצוקויפען וואס
מעהר לאַנד. עס זיינען ענטשטאַנען דיא זאָ־גענאַנטע *לאַטיפונ־
דיען*, אדער ריזיגע מאַיאָנטקעס, דורך וועלכע דיא מעכטיגע רוי־
מישע אימפעריע איז שליסליך צו גרונדע געגאַנגען. דיא צאָהל פון
דיא פאַטריציער אדער רייכע אַריסטאָקראַטען איז אלץ קלענער גע־
וואָרן, און דיא צאָהל פון אָרימע פרייע בירגער אדער פּראָלעטאַריער
איז אלץ געשטיגען. איינינע האבען צוזאַמענגעקליבען ריזיגע פער־
מעגענס. דער רוימישער היסטאָריקער *פליניאוס* דערציילט, אז
א העלפט פון דער רוימישער פּראָווינץ אפריקאַ איז געוועזן דאס
אייגענטהום פון 6 פּערזאָן, וועלכע דער טיראַן נעראָן האט נאַכ־
הער געהייסען הינריכטען. רייכע הענדלער און פּראָצענטניקעס האָ־
בען אויך גענומען איינקויפען לאַנד ביי דיא נאך פערבליבענע קליינע
אייגענטהימער, אום צו קריגען א גרעסערע דעה אין דער רעגירונג,
דען דאס רעכט אויף עפענטליכע אַמטען איז מייסטענס געוועזן
פערבונדען מיט לאַנד־אייגענטהום. דיא אייגענטהימער פון דיא לאַטי־
פונדיען האבען ניט נאר פערנומען אלע הויכע רעגירונגס־שטעלען,
זאָנדערן פלעגען אויך נעהמען אין פאַכט (אָטקופּ) דיא שטייערן, זאָ
דאס אלע זאָ־גענאַנטע פרייע בירגער זיינען ביי זיי געלעגען אין דיא
הענד.

דיא אונגלייכהייט האט אין רוים דערגרייכט צו א׳ן אונגעהיי־
ערע מדרגה. אזוי וויא אלץ א גרעסערער טהייל לאַנד האט אָנגעפאַנגען
צו פוסטעווען דורך דיא פערכאַפּונגען פון דיא רייכע און הערשער,
האט מען אָנגעפאַנגען צו בעזעצען דאָרטען מיט געוואַלט אַקערבויער.
דיא פעלדער זיינען בעאַרבייטעט געוואָרן פון שקלאַווען אדער שולד־
נער, וואס האבען ניט געקענט בעצאָהלען דיא חובות; אבער הגם

מען האט דיא שקלאווען־אַנגעטריבען צו דער ארבייט אויף דיא גרויזאַמ־סטע אַרט, האבען זיי דאך ניט געקענט שאַפען אזוי פיעל וויא פריהער דיא קליינע גרונדבעזיצער. דאס איז געוואָרען אזוי געפעהרליך פיר דיא גאַנצע אימפעריע, שוין ניט רעדענדיג וועגען דיא שרעקליכע לאַגע פון דיא אָרימע בירגער, דאס איינציגע שטאַאטסמענער האָבען פּרובירט איינפיהרען געזעץ צו פערהאַלטען אדער וויינינגסטענס צו בעשרענקען דיא שנעלע ענטוויקלונג פון אונגלייכהייט. דורך דיא זאָ־גענאַנטע ליציניער געזעצע איז בעשטימט געוואָרען, אז קיינער טאָר ניט ארויסשיקען אויף דיא עפענטליכע פיטערונגס פעלדער מעהר וויא 100 קיה און 500 שעפּסען און ניט בעזיצען מעהר וויא 500 יורגערס (אזא מאָס) לאַנד; אז אָרימע בירגער זאָלען קריגען א חלק פון 7 יורגערס; אז דיא גרויסע לאַנד־איינענטהימער זאָלען בעשעפטיגען אויף זייערע פעלדער אזוי פיעל פרייע בירגער וויא פיעל שקלאַווען; א. ז. וו. דיא בעריהמטע ברידער גראַקכוס זיינען אוועק פיעל ווייטער נעגען דיא רייכע פערכאַפּערס. זיי האבען אָנפאַנגס פאָרגעשלאָגען אָפּצונעהמען דאס לאַנד ביי דיא רייכע פאר א געוויסע בעלוינונג, נאכהער אבער האבען זיי געפאָדערט, אז דאס לאַנד, וואס דיא רייכע האבען פערכאַפּט אונגעזעצליך, זאל מען ביי זיי צוגעהמען אָהן בעלוינונג. דורכפאָהרענדיג דיא פּראָווינץ עטרוריען, האט דער נאָבעלער טיווריאוס גראַקכוס נאר געזעהען ארום און ארום פערלאָזענע פעלדער אדער אזעלכע וואו שקלאַווען האבען געארבייט. דאס האט איהם געפיהרט צו פערלאַנגען נייע געזעץ וועגען לאַנד־איינענטהום. ער האט געקלאָגט אויף דיזען שרעקליכען צושטאַנד, וואס דיא אָרימע האבען אפילו ניט געהאַט וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגען, וואס אויסער לופט און זונענשיין האבען זיי אבסאָלוט נאָר ניט געהאט. „דיא אָרימע נייען אין מלחמה, פלעגט ער זאָגען, צו שלאָגען זיך און צו שטאַרבען אז אַנדערע זאָלען האבען פערגעניגען, רייכטהום און איבערפלוס, און מען רופט זיי נאך דיא הערען און בעפעהלסגעבער פון דער ערד, ווען אין אמת'ן האבען זיי אפילו ניט איין צאָלל לאַנד, וואס זאל צו זיי ווירקליך געהערען!“

נאָר עס איז שוין געוועזן צו שפּעט. מיט קיינע געזעצע האט

מען שוין ניט געקענט אָפּהאַלטען דעם פאַנאַנדערגעגאַנגענעם שטראָם פון פּריוואַט־אייגענטהום און אונגלייכהייט. דיא רייכע זיינען געוואָרען אַלץ אַלמעכטיגער דורך דיא אַלגעמיינע אויסגעלאַסענהייט און פערדאָרבענהייט, וועלכע זיינען געקומען דורך אונגלייכהייט. דיא עדעלע פּאָלקסטריבונען און פייערדיגע רעדנער גראַקכוס זיינען ערמאָרדעט געוואָרען פון דיא רייכע, און דיא מעכטיגע רוימישע רעפּובליק איז שנעל געגאַנגען צו גרונדע דורך דיא זעלבע אורזאַכען, וואס האבען אונטערגעגראָבען דיא גריכישע רעפּובליקען.

עס פערשטייט זיך, אז ווען דיא אייגענע אָרימע בירגער זיינען אזוי געדריקט און געשטיקט געוואָרען פון דיא פּאַטריציער, איז שוין דיא לאַגע פון דיא פרעמדע שקלאַווען געווען שוידערליך. מיט זיי איז מען זיך בעגאַנגען נאך ערגער וויא מיט בהמות. זיי האבען אויך ניט זעלטען געקאָסט ביליגער וויא בהמות. ווען רוים האט אָנגעפאַנגען צו פיהרען מלחמות אויסערהאַלב איטאַליען, זיינען שקלאַווען פערקויפט געוואָרען פאר זעהר קליינע פּרייזען, וועלכע זיינען געווען אָפּהענגיג פון דעם גזעץ פון פערלאַנג און אָנבאָט, וויא אַלע אַנדערע זאַכען צום פערקויפען. מען האט אויסגערעכענט, אז זייט דיא גריכישע שטאָט קאָרינטה איז איינגענומען געוואָרען פון דיא רוימער ביז דעם אימפּעראַטאָר סעפּטימיאוס סעווערוס, ד. ה. אין א צייט פון קנאַפּע 400 יאהר (נעמליך: פון 144 יאהר פאר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג ביז 235 יאהר נאך דיא קריסטליכע צייטרעכנונג) איז אויף יעדען פרייען בירגער אויסגעקומען צו 3 שקלאַווען. ווען רוים האט איינגענומען דעם אינזעל סאַרדיניען און געבראַכט פון דאָרטען קריעגסגעפאַנגענע צו פערקויפען זיי פאר שקלאַווען, איז געוואָרען א ווערטעל: „ביליג וויא א סאַרד". דער רוימישער גענעראַל מאַריוס האט געפאַנגען 90 טויזענד טויטאָנען און 60 טויזענד קימוורען. לוקולוס האט געפאַנגען אזוי פיעל מענשען אין דיא לענדער אַרום דעם שוואַרצען ים, דאס דער פּרייז פון א שקלאַוו איז געפאַלען אויף 4 דראַכמעס (3 און א האַלב פראַנק!). רוימישע היסטאָריקער בעהויפּטען, אז יוליאוס צעזאַר האט גענומען אין גאַליען (אַלט־פראַנקרייך) א מיליאָן געפאַנגענע.

אויסערדעם פלעגען דיא גריכישע, רוימישע און סעמיטישע (פעניקיער און קארטהאגענער) ים-רויבער ברייננגען א סך שקלאווען. אויף דעם אינזעל דעלאָס איז געווען דער הויפט-מארק פיר שקלא־ווען, און יעדען טאָג פלעגט מען זיי אהין ברייננגען אין טויזענדער.

קיין וואונדער דארום, וואס דיא פאטריציער פלעגען שיקען מאסען שקלאווען אין זייערע צירקען צו שלאָגען אויף טויט איינער דעם אַנדערן אדער צו ראנגלען זיך מיט לייבען און אַנדערע בלוט־דורשטיגע חיות. מען האט געהאט ספעציעלע שולען פאר שקלאווען, אז זיי זאָלען ווערן גלאַדיאטאָרם אדער פעכטערם אין דיא צירקען, אום צו אמוזירען מיט זייער בלוט דיא פרייע בירגער. דיא רוימער, סיי אָרעם סיי רייך, האבען קיין גרעסערן פערגעניגען ניט געהאט, וויא בייצו־וואָהנען דיא בלוטיגע געפעכטען פון דיא גלאַדיאטאָרם צווישען זיך און בעזאָנדערס מיט לייבען און טיגרען, וועלכע פלעגען דיא אונגליקליכע צורייסען אויף שטיקער. ביי גרויסע צערעמאָניעס פלעגט מען שיקען ביז 1000 פּאָר גלאַדיאטאָרם זיך ראנגלען אויף לעבען און טויט. דער פערוואונדעטער גלאַדיאטאָר פלעגט אוועק־לייגען זיין געוועהר און פלעגט געטויטעט ווערן פון זיין געגנער, ווען דיא צוזעהער פלעגען עס ניט פערוועהרען, וואס עס איז אָפט געווען דער פאַל (זעה פיגור 74). בלוט האט געפלאָסען טייכענווייז, און דיא פרייע רוימער פלעגען ווערן צוקאָכטע פון ווילדע פריידע. דיא צעזארס אדער אימפעראטאָרס פלעגען אויף בייוואָהנען דיזע שרעק־ליכע שפּיעלען, און אלע גלאַדיאטאָרם פלעגען דאן פאר זייער גע־פעכט פערבייגיין זיין לאָזשע און אויסשרייען: morituri te salutant (דיא וואס גייען שטארבען בעגריסען דיך!). איינער פון דיזע גלא־דיאטאָרס, וואס זייער ביטערער שיקזאל איז געווען פריהער אדער שפּעטער צו פאלען טויט אין דיא צירקען צום פערגעניגען פון דיא פרייע רוימער, דער בעריהמטער ספּארטאקוס, האט ארויסגע־רופען און אָנגעפיהרט א ריזיגען אויפשטאנד פון דיא אונגליקליכע שקלאווען, און עס האט ניט פיעל געפעהלט, אז ער זאל ווערן דער הערשער פון רוים. ער איז געפאלען טויט אין א שלאָכט אין 71־טען יאהר פאר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג. און דיא רוימער



פיגורע 74. קאַמפּף פון גלאַדיאַטאָרס מיט לייבען.

האבען דאן אומגעבראכט אויף דיא גרויזאמסטע ארט גרויסע מאסען שקלאווען.

נאך א געוויסען געזעץ איז קיין אונטערשיעד געווען, אויב מען האט פערוואונדעט א חיה אדער א שקלאוו. אין ביידע פעלע האט מען נאר גערעכענט דעם שאדען, וואס דער הערר האט דורך דעם געהאט. א רוימישער שרייבער מיט דעם נאמען העקאטאן האט אין א בוך בעהאנדעלט דיא פראגע, אויב מען זאל ארייננווארפען אין ים א טייערן פערד אדער א ווערטהלאזען שקלאוו אין פאל עס קומט אויס צו רעטען א שיף פון זינקען דורך פערקלענערן איהר משא!

נאר אין דיא לעצטע צייטען פון דער רוימישער אימפעריע, וואס מעהר דאס לאנד איז געווארן דאס אייגענטהום פון א קליינע צאהל רייכע און וואס מעהר פעלדער עס האבען דארום געפוסטע־וועט, זיינען דיא הערדען געצוואונגען געווען זיך בעסער צו בעגיין מיט זייערע שקלאווען און צו זארגען, אז זיי זאלען ווערן צוגעבונדען צום לאנד. ארבייטסזאמע און געהארכזאמע שקלאווען האבען דיא לאנד־אייגענטהימער אנגעפאנגען צו בעזעצען אויף בעשטימטע פלע־צער און זיי געבען שטיקלעך לאנד און בהמות, אז זיי זאלען צוגע־בונדען ווערן צום ארט און ארבייטען פאר דיא הערדען אויף געוויסע בעדינגונגען. אין דיא אינטערעסען פון אקערבוי און פון שטאאט האט מען גענומען מאכען קאנטראקטען מיט דיא שקלאווען־אקער־בויער. מען פלעגט זיי געבען לאנד אויף ארענדע, וועלבע פלעגט אווך שפעטער איבערגיין בירושה צו זייערע קינדער. דיא לאנד־איי־גענטהימער האבען אויסגעפונען אז דאס איז פאר זיי פארטהייל־האפטער און רוהיגער וויא צו ארבייטען מיט שקלאווען אונטער דעם בייטש פון אויפפאסערס, און זיי פלעגען דארום אפט צווינגען דיא קינדער פון אזעלבע שקלאווען־ארענדאטארס, וועלבע מען האט גע־רופען קאלאנען (קאלאניסטען) אנצונעהמען דיא בעדינגונגען פון זייערע פאטערס און צו פערבלייבען צוגעבונדען צום לאנד. מען האט שליסליך פערבאטען צו פערקויפען אקערבויער־שקלאווען אהן לאנד. דורך דעם איז איינגעפיהרט געווארן דיא לייב־אייגענשאפט אדער

פּאַנסטשיזנע, וועלכע איז א פרייערע און ווייטערע פאָרמע פון
שקלאַווערײ. אונגעפעהר אויף דיא זעלבע אַרט איז זיא ענטשטאַ־
נען ביי פיעלע פעלקער. דיא אויראָפּעאישע פעלקער, וואס האבען
צושטערט דיא רוימישע אימפּעריע, האבען איבערגענומען דיזע פאר־
טיגע פאָרמע פון פּאַנסטשיזנע. דיא קאָלאָנען פון דיא רוימישע
הערען זיינען געוואָרן דיא קנעכט אדער כלאָפּעס פון דיא פיהרערס
פון דיא גערמאַנישע שטאַמען. דיא בעזיעגטע און שוואַכע האט
מען אלץ מעהר גענומען צובינדען צו דער ערד פון דיא הערען,
וועלכע האבען געטראָגען פערשיעדענע טיטולען: באַראָנען, גראַפען,
הערצאָגען, פירסטען. דיא קלענערע הערען אדער אַדעליג זיינען
געווען אָפּהענגיג פון דיא גרעסערע און אלע זיינען געווען אונטער־
וואָרפען צום קעניג. דאס איז געווען א מין לייטער פון אָפּהענגיג־
קייט: גאר אונטען זיינען געווען דיא צוגעבונדענע לאַנד־אַרבייטער
אדער פּאַנסטשיזניקעס און גאר אויבען זיינען געווען דיא קעניגע און
קייזערס. דאס איז דיא זאָ־גענאַנטע פעאָדאַלע סיסטעם,
וועלכע האט געבליהט אין מיטעלאַלטער אין גאַנץ אויראָפּאַ און
וועלכע איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין פראַנקרייך דורך דיא גרויסע
רעוואָלוציאָן פון 1799־טען יאהר און אין רוסלאַנד ערשט אין 1861־
טען יאהר.

אין דיא לעצטע יאהרען פון דער רוימישער אימפּעריע איז דיא
לאַגע פון דיא קאָלאָנען געוואָרן פערהעלטניסמעסיג אזוי גוט, דאס
פיעלע פרייע בירגער פלעגען פרייווילליג אומבייטען זייערע הונגעריגע
פרייהייט אויף דיא זאַטע אַבהענגיגקייט פון דיא קאָלאָנען. דאס
געזעץ האט פערטהיידיגט דיא קאָלאָנען אין דיא אינטערעסען פון
אַקערבוי. דער לאַנד־אייגענטהימער האט ניט געטאָרט פערטריי־
בען א קאָלאָן פון לאַנד און פערגרעסערן דעם קאָלאָן'ס פער־
פּפליכטונגען און אָפּצאָהלונגען אדער רענטע. עס איז פערבאָ־
טען געווען דיא לאַנד־אייגענטהימער אריבערצוציהען צו זיך קאָלאָ־
נען פון אַנדערע ערטער דורך גוטע פערשפּרעכונגען און צו בעזעצען
נייע קאָלאָנען אויף א שטיק לאַנד וואס איז שוין פערנומען און בע־
אַרבייטעט געווען פון פריהערע קאָלאָנען.

נאר אין דער זעלבער צייט זיינען נאך פערבליבען געגוג גע־
וויינליכע שקלאווען, בעזאנדערס אין דיא שטעט. מיט אזעלכע איז
מען זיך דיא גאנצע צייט בעגאנגען העכסט גרויזאם ביז דעם פאל
פון דער גאנצער רוימישער אימפעריע אין 476 יאהר נאך קרים
טוס געבורט.

# פערצעהנטער קאַפּיטעל.

## דיא ערשטע שטאַאטס־אָרגאַניזאַציאָנען.

איבערבליק אויף דיא ענטוויקלונג פון געדאַנקען וועגען רעכט. — רעגעלען אין יעדער אָרגאַניזאַציאָן. — דיא ענטשטעהונג פון שטאַאטען נאך דעם מוסטער פון פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָנען. — צוויי אַלגעמיינע פאָרמען פון פאַטריאַרכאַלישע מלוכות. — דיא ראָלע פון רעליגיאָן אין דער ענטשטעהונג פון דעספּאָטישע מלוכות. — פערהייליגטע פאַמיליען־זאַכען אלס צייכענס פון הערשאַפט. — מלכים פערעהרט וויא געטער. — דיא מלוכות פון פערו און מצרים. — דיא גרויסע מאַכט פון כהנים אין מצרים. — דיא ערשטע מלוכות פון אייראָפּעאישע פעלקער. — דיא פערבליבענע פאַטריאַרכאַלישע מלוכות. — געטליכע קעניגע און זייערע הויפּטמיניסטערס. — דיא פערטהיילונג פון דיא גייסטליכע און וועלטליכע מאַכט פון דיא פאַטריאַרכאַלישע קעניגע. — דיא אויבער־מאַכט פון כהנים אין פיעלע לענדער. — דיא וועלטליכע מאַכט פון פּאַפּסט. — דיא קרוינונגס־צערעמאָניעס און דיא קעניגע מיט „גאָטעס גנאַדע" אלס סמנים פון דיא אַמאָליגע פאַטריאַרכאַלישע מלכים־געטער.

---

שילדערנדיג דיא ענטוויקלונג פון פאַמיליען און פון אייגענטהום איז אונז ניט איין מאָל אויסגעקומען צו געברויכען דיא ווערטער רעכט, געזעץ, גערעכט און רעגירונג. אנדערס האט עס גאר ניט געקענט זיין, דען דאס זיינען אלץ פערבונדענע טהיילען פון דעם מענשליכען געזעלשאַפטליכען לעבען. מיר האבען זיי נאר אָפּגעזונדערט

צו ערלייכטערן אונזער נאכפאָרשונג, האַלטענדיג זיך אָן דעם אנאַ־ליטישען מעטהאָד, וועלכען מיר האבען שוין אין אָנפאנג פון דיזען באַנד ערקלערט.

עס איז קלאָר, אז קיין אָרגאניזאציאָן אונטער מענשען און קיין אייגענטהום קען ניט בעשטיין אָהן א געוויסען בעגריף פון רעכט און פפליכט. אייגענטהום איז א רעכט, דאס רעכט צו בעזיצען א זאך. דיזען רעכט מוז מען צוערשט ערווערבען אויף אירגענד וועלכע אַרט און ווייזע. קיין מענש ווערט ניט געבאָרען מיט איי־גענטהום, וואס דיא נאַטור האט נאר פאר איהם אליין אָנגעגרייט. דיא נאַטור שאפט פאר אַלעמען גלייך נאך איהרע אייביגע געזעץ. זיא קימערט זיך ניט מעהר וועגען א מענש וויא וועגען א וואָרים, וויא וועגען דיא מינדעסטע חיה׳לע אדער גרעזעלע וואס מיר קענען נאר בעמערקען דורך א פערגרעסערונגס־גלאָז. אמאָל האבען זיך מענשען אין זייער גדלות איינגערעדט, אז דיא זון, דיא לבנה, דיא שטערן, דיא גאַנצע וועלט זיינען נור בעשאפען געוואָרן פאר זיי, פאר זייער בעקוועמליכקייט אדער פאר זייער שטראָף; יעצט ווייסען מיר, אז דאס זיינען נור קינדערשע איינבילדונגען, פוסטע פאנטאזיעס. מיר ווייסען, אז דיא גאַנצע ערד איז א פיצעלע אין דעם אונענדליכען רוים מיט א׳ן אונענדליכע צאָהל פערשיעדענע הימלישע קערפערס (זונען, פלאַנעטען, קאָמעטען א. ז. וו.). אלע קולטורגעשיכטליכע נאכפאָרשונגען איבערצייגען אונז, אז מענשען האבען געמוזט שווער און ביטער קעמפפען אויף יעדען שריט זייערן צו פערזאָרגען זיך מיט שפייז, קליידונג, געצייג, וואָהנונג א. ז. וו.

מיר האבען שוין געזעהען וויא דיא ערשטע מענשען האבען געלעבט און געקענט לעבען. אין זייערע בעציהונגען איינער צום אנ־דערן זיינען זיי געוויס ניט געוועזען בעסער וויא דיא העכערע סאָרטען חיות. אין דעם קאמפף פיר עקזיסטענץ האט דער שטאַרקערער אונ־באַרמהערציג פערניכטעט דעם שוואַכערען. מענשען זיינען נאך דער־ביי געוועזען גרויזאמער וויא חיות, דען זיי האבען אויך געפרעסען איינער דעם אַנדערן. פון רעכט אלס א בעגריף פון יושר האט גאר קיין סמן ניט געקענט זיין. מיר זיינען יעצט צוגעוואָהנט צו ריידען

פון נאַטירליכע רעכטע פון אַלע מענשען; מיר זאָגען אַז **יעדער מענש** האט דאס נאַטירליכע רעכט אויף עקזיסטענץ, אויף דיא פּראָדוקטען פון זיין ארבייט, אויף פרייהייט א. ז. וו.; אבער דאס זיינען בעגריפע וואס ווערן פיעל ווייניג אויסגעפיהרט יעצט נאר אין דיא ציוויליזירטעסטע לענדער. זאָגאר מיט א הונדערט יאָהר צוריק איז עס נאר געווען א טרוים פון פילאָזאָפען. ערשט נאך דיא אמעריקאנער און פראנצויזישע רעוואָלוציאָנען מיט זייערע ערקלערונגען פון מענשענרעכטע אם ענדע פון 18־טען יאָהרהונדערט האבען דיא לעהרען פון גרויסע און עדעלע פילאָזאָפען אָנגעפאנגען דורכצוברעכען זיך א שטיקעלע וועג אין געזעלשאפטליכען לעבען, אין דיא געזעצע פון ציוויליזירטע פעלקער.

צו א געדאנקען וועגען נאַטירליכע רעכטע פון מענשען האט מען ערשט געקענט קומען נאך יאָהרהונדערטע פון גייסטיגע און מאָראַלע ענטוויקלונג, דער רעזולטאט פון וועלכע איז צוערשט געווען דיא אנערקענונג, אז אלע מענשען האבען דיא זעלבע בלוט פון דער נאַטור, אז קיינער ווערט ניט געבאָרען און **דארף** ניט געבאָרען ווערן מיט מעהר רעכטע וויא א'ן אנדערער, אז אלע זיינען, מיט איין וואָרט, **גלייכבערעכטיגטע בירגער**, הגם דיא נאַטור שאפט זיי דאך מיט אונגלייכע קרעפטע און פעהיגקייטען. אפילו אין דיא ציוויליזירטעסטע לענדער פון אלטערטהום האט קיין רעדע ניט געקענט זיין וועגען אזעלכע רעכטע, דען שקלאווערייא איז דאך אנערקענט געווען פאר א נאַטירליכע זאך. דיא פרייהייט און רעכטע אין אזעלכע פאַרטגעשריטענע אַלטע רעפּובליקען וויא דיא אַטהענער און רוימישע האבען זיך נור בעצויגען אויף דיא פרייע בירגער, וועלכע האָבען בעטראכטעט און אויך בעהאנדעלט זייערע שקלאַווען וויא בהמות. אין בעצוג אויף שקלאַווען איז דאס רעכט פון דיא פרייע בירגער נאר געווען **פויסטרעכט**, איינפאכע **געוואַלט**. נאך אין אונזערע צייטען זעהען מיר ניט זעלטען, אז רעכט איז מאכט און מאכט איז רעכט. אין דיא אַלטע צייטען איז עס געווען דיא רעגעל. דאס וואס מיר דערגייען יעצט פון דיא אַלטע מנהגים און געזעץ איבערצייגט אונז אין דעם. אפילו דיא רוימישע געזעצגעבונג, וועלכע

איז פערבליבען א מוסטער פאר אלע אויראפעאישע געזעצגעבונגען, איז צוזאמענגעשטעלט געווארן אהן בעטראכטונגען וועגען אלגעמיינע מענשליכע רעכט. דער לאטיינישערווארט jus בעדייטעט אייגענטליך ניט רעכט, נאר געזעץ.

אום צו קענען לעבען צוזאמען, האבען מענשען געמוזט אויסארבייטען געוויסע רעגעלען, בעשטימטע כללים נאך דער צייט און אומשטענדען. אפילו באנדעס פון גנבים און רויבער האבען זיך זייערע רעגעלען און מנהגים, וועלכע זיי היטען אפ גאנץ שטארק. וואס מעהר א שטאט האט זיך ענטוויקעלט, אלץ מעהר איז ער געצוואונגען געוועזן צו ענדערן דיא אלטע כללים און איינצופיהרען נייע, אום צו ענטשפרעכען דיא נייע איינפיהרונגען און אנצוהאלטען וויא ווייט נאר מעגליך פריעדען צווישען זיינע מיטגליעדער. זא לאנג מענשען האבען ניט דערגרייכט דיא קונסט פון שרייבען, זיינען דיא רעגעלען און בעשטימונגען איבערגעגעבען געווארן מינדליך פון איין דור צום אנדערן, און יעדער נייער דור האט עפעס נייעס צוגעלייגט נאך דיא אומשטענדען. ווען מען האט אנגעפאנגען צו שרייבען, האט מען נאטירליך פערצייכענט דיא נויטווענדיגסטע רעגעלען און מנהגים. דאס איז געוועזן דער אנפאנג פון געשריבענע געזעץ. וויא דיא אומשטענדען פון לעבען האבען איינגעפיהרט דיא געזעץ, אזוי האט מען זיי פערשריבען. פילאזאפישע בעטראכטונגען און לעהרען וועגען רעכט האט מען דערביי גאר ניט געהאט אין זינען. דיא פילאזאפיען און לעהרען וועגען רעכט זיינען ערשט ענטשטאנען אין אונזערע צייטען, ווען מען האט גענומען נאכפארשען דיא מנהגים און געזעץ פון אלע פעלקער און זובען דיא אלגעמיינע פרינציפען, אויף וועלכע זיי בערוהען. דיא ערשטע געשריבענע געזעץ, וועלכע מען געפינט אין דיא זאגענאנטע הייליגע ביכער, זיינען פערצייכענט אהן שום ארדנונג, צוזאמענגעמישט מיט מעשות, פאנטאזיעס און רעליגיעזע צערעמאניעס. דיא ביבעל זעלבסט קען אונז דיענען אלסביישפיעל דערפון, הגם אין איהר זיינען שוין פערצייכענט בעגריפע וועגען רעכט, מאראל און רעליגיאן פון פיעל שפעטערע צייטען, וויא אין דיא הייליגע ביכער פון דיא אינדוסען, וואס זיינען געשריבען אין דער סאנ־

סקריטישער שפראך, דיא מוטער־שפראך פון דיא אייראָפּעאישע פעלקער.

אזוי וויא דיא ערשטע פאָרמע פון מענשליכע אָרגאַניזאַציאָן איז געוועזן דיא פאַמיליען־פערבינדונג, זאָ זיינען דיא ערשטע רעגעלען געווען וועגען דיא בעציהונגען פון דיא מיטגליעדער אין דער פאַמיליע זעלבסט און וועגען דיא בעציהונגען פון דיא פאַמיליען איינע מיט דיא אַנדערע. וואס מעהר דיא פאַמיליען זיינען געוואַקסען, זאָ דאס זיי זיינען געוואָרן שטאַמען, אַלץ מעהר רעגעלען האט מען געמוזט איינפיהרען פיר געגענזייטיגע בעשיצונג און פיר אַלגעמיינע פערטהיידיגונג געגען פרעמדע. דער פונדאַמענט פון יעדע מענשליכע געזעלשאַפט איז דיא פאַמיליע; אַנדערש קען עס גאר ניט זיין. יעדע געזעלשאַפטליכע פאָרמע איז אדער א ווייטערע ענטוויקלונג פון דער פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן אדער עטוואָס זעהר נאָהענטעס דערצו. דיא מענשהייט האט קיינע אַנדערע מוסטערס ניט געהאַט פאר זיך אויסער דאס לעבען אין גרויסע אדער קליינע פאַמיליען־גרופּען.

ווען מיר בעטראַכטען דעם גרונד פון א שטאַאט־אָרגאַניזאַציאָן, געפינען מיר אז זיא האט אָנגענומען דיא פאָרמע פון א'ן אונגעהייער גרויסע פאַמיליע אדער פון עטליכע אזעלכע גרויסע פאַמיליען, וועלכע האבען זיך דורך געוויסע אומשטענדען פערבונדען צום אַלגעמיינעם נוצען. אונטער מאַטריאַרכאַלי'שע פיהרונגען זיינען דיא פאַמיליען־פערבינדונגען נור געווען געשטיצט אויף בלוטפערוואַנדשאַפט. דורך דעם זיינען זיי געווען אָפּגעגרענ'צט איינע פון דיא אַנדערע. מיר האבען געזעהען, וויא שוואַך דיזע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען געווען און וויא מען האט געמוזט צולאָזען אפילו בלוטשאַנדע, אום צוזובינדען דיא מענער. אונטער אזעלכע אומשטענדען האבען זעהר זעלטען געקענט ענטשטיין שטאַאטען און רעגירונגען. ערשט ווען דיא פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָנען זיינען געוואָרן פאַטריאַרכאַלישע זיינען זיי אַלץ גרעסער און שטאַרקער געוואָרן. אונטער גינסטיגע אומשטענדען זיינען זיי אויסגעוואַקסען אין שטאַמען און פעלקער, וואס עס האט שוין ניט געקענט געשעהען אָהן א געוויסע שטאַאטס־אָרגאַניזאַציאָן.

מיר געפינען דאַרום, אַז דיא עלטעסטע שטאַאַטען זיינען אַלע
געוועזען אָרגאַניזירט נאָך דעם זעלבען מוסטער, נעמליך: נאָך דיא פּאַ־
טריאַרכאַלישע פיהרונגען. דיא אַבזאָלוטע מאַכט פון דעם פּאַטרי־
אַרך אין דער פאַמיליע איז ביסלעכווייז קאָפּירט געוואָרען פון דיא
פיהרערס אין דעם שטאַם. דיא אורשפּרונגליכע רעפּובליקאַנישע
פאָרמע פון דיא ווילדע פעלקער איז איבעראַל אומגעביטען געוואָרען
אויף א מאָנאַרכישע. דיא מייסטע פון דיזע מאָנאַרכיען זיינען גע־
וועזען איינפאַכע דעספּאָטיען. דער פיהרער איז געוועזען גערעכענט
פאַר דעם פאָטער פון גאַנצען שטאַם און זיין מאַכט איז געוועזען
אונבעשרענקט. דאַס פאָלק האַט קיין ברעקעל דעה ניט געהאַט אין
דיזע דעספּאָטישע אָרגאַניזאַציאָנען; דיא קעניגע האָבען געטאָן וואָס
זיי האָבען געוועלט, גראַדע וויא דיא פאָטערס אין זייערע פאַמיליען.
וואָס גרעסער אַזא דעספּאָטישע מלוכה איז געוואָרען דורך גינסטיגע
אומשטענדען אָדער דורך זיעגרייכע מלחמות, אַלץ אַבזאָלוטער איז
געוואָרען דיא מאַכט פון דיא מלכים. אַזוי וויא דיא פּאַטריאַרכען
האָבען גערעכענט, אַז זייער הערשאַפט אין דער פאַמיליע קומט דורך
דעם ווילען פון דיא געטער, אַזוי האָבען אויך דיא פּאַטריאַרכען פון
דיא מלוכות גערעכענט, אַז זיי זיינען בעשטימט פון דיא געטער צו
הערשען נאָך זייער ווילען. נאָך מעהר, זיי זיינען פון דיא אונטער־
וואָרפענע פעלקער פערעהרט געוועזען איינפאַך אַלס געטער און האָבען
זיך אין זייער גדלות געהאַלטען פאַר געטער. אַלס מוסטער פון אַזעל־
כע פּאַטריאַרכאַליש־דעספּאָטישע מלוכות דאַרף מען רעכענען דיא
גרויסע אַזיאַטישע דעספּאָטיען פון בבל, אשור, פרס ומדי, וועלכע
זיינען שוין פערבונדען מיט דיא היסטאָרישע צייטען.

ביי איינינע שטאַמען זיינען אָבער דיא פּאַטריאַרכען געוועזען
געוויסערמאַסען בעשרענקט אין זייער מאַכט דורך דיא דערוואַקסענע
מיטגליעדער, וועלכע האָבען געבילדעט א פאַמיליען־ראַטה. אַזוי איז
עס מייסטענס געוועזען אין קלענערע פאַמיליען, דען דער פּאַטריאַרך
איז דאָן צופיעל געוועזען אָפּהענגיג פון דיא דערוואַקסענע מיטגליעדער
און האַט זיך געמוזט רעכענען מיט זייער דעה. ביי גרעסערע פאַ־
מיליען, בעזאָנדערס נאָך אין ערטער און צייטען, ווען עס איז אויס־

געקומען צו פיהרען אָפטער מלחמות, האבען דיא פּאַטריאַרכען גע־קענט קריגען און האבען אויך געקראָגען א׳ן אבזאָלוטע מאכט. דיא שטאַמען מיט אויסגעטהיילטע קלענערע פאַמיליען און מיט א פאַ־מיליען־ראטה האבען זיך ביסלעכווייז פערבונדען און אָרגאַניזירט אין א שטאַאט נאך דיזען מוסטער. ביי זיי האבען שוין דיא אָנפיהרערס און קעניגע ניט געהאט א׳ן אבזאָלוטע מאכט. זאָגאר ווען זייערע קעניגע זיינען שוין מעהר ניט געווען אויסערוועהלטע, נאר האבען געקראָגען זייער הערשאַפט בירושה, זיינען זיי נאך אויך ניט געווען דעספּאָטען אין פולען זינען פון דיזען וואָרט. זיי האבען זיך שטענ־דיג געמוזט רעכענען מיט א ראטה פון עלטסטע, וועלכע פלעגען בע־שטימען דיא רעגעלען אדער געזעץ. אין מאַנכע לענדער, בעזאָנדערס אין גריכענלאַנד, האבען דיא קעניגע נאר געמוזט אויספיהרען דיא בעשליסע פון דיא עלטסטע.

עס זיינען אַלזאָ געווען צוויי הויפּט־פאָרמען פון שטאַאטס־אָרגאַני־זאציאָנען: איינע וואס מען קען אָנרופען פאַלקאָם־פּאַטריאַרכאַלישע און א צווייטע וואס מען קען רופען בעשרענקט־פּאַטריאַרכאַלישע. דיא ערשטע פאָרמע איז דיא עלטסטע און אויך דיא פערברייטעס־טע אויף דער ערד. יעדענפאַלס איז עס זיכער, אז ביידע פאָרמען זיינען געווען צוגעפּאַסט צו בעשטימטע פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָנען.

דיא דעספּאָטישע מלוכות זיינען במעט איבעראַל ענטשטאַנען ניט נאר צוליעב מלחמות, זאָנדערן אויך צוליעב דעם גלויבען אין דיא גייסטער פון עלטערן. מיר האבען שוין געזעהען אין א פאָריגען קאַפּיטעל, וויא דיא מאכט פון פּאַטריאַרכען איז פערשטאַרקט גע־וואָרן דורך דעם גייסטער־גלויבען. א פּאַטריאַרך איז צוגלייך געווען דער בעל־הבית איבער דעם גאַנצען פאַמיליען־פערמעגען, דער הער־שער איבער אַלע מיטגליעדער און אויך דער פּריעסט, דער קרבנות־ברייגנער און דער צערעמאָניע־מייסטער. דורך דיא רעליגיעזע צע־רעמאָניעס איז דיא הערשאַפט פון פּאַטריאַרך פערהייליגט געוואָרן. מען האט איהם שוין בעדאַרפט פאָלגען ניט נאר אלס פאָטער און בעל־הבית, זאָנדערן אויך אלס דעם פערטרעטער און פערמיטלער פון דיא געטער. און וואס מעהר מען האט געגלויבט אין דיא מאכט

פון דיא געטער צו בעשטראַפען, אליין מעהר האט מען זיך אונטער־וואָרפען צום ווילען פון פאַטריארך. זיינע בעפעהלע האט מען אויס־געפיהרט, ווייל מען האט מורא געהאט פאר זיין אייגענע בעשטראַ־פונג אלס אויבערהאר און פאר דיא שטראָף פון דיא געטער, וועל־כע ער האט ניט בלויז רעפּרעזענטירט אויף דער וועלט, זאָנדערן איינפאך פערקערפערט אין זיך. ווען מיר ווילען נאכפאָרשען דעם אָנפאנג און דיא ענטוויקלונג פון רעליגיאָנען, ווילען מיר זעהען, אז אויף דער קולטור־שטופע פון דיא ערשטע פאַטריארכאַלישע צייי־טען איז א פריעסט געווען בעטראַכטעט אלס א טהייל פון דיא גייסטער און געטער. א יורש פון א פאַטריארך האט צוזאמען מיט דעם פאמיליען־פערמעגען אויך איבערגענומען דיא פערבינדונג מיט דיא פאמיליען־געטער. א פרעמדער יורש וואָלט ארויפגעצויגען אויף דיא גאַנצע פאמיליע דעם צאָרן פון דיא געטער. מיר האבען שוין געזעהען אין דעם קאַפּיטעל איבער דיא ענטוויקלונג פון פאַטריאַר־כאַט, אז דיזע פורכט פאר אונגעזעצליכע יורשים איז געווען איינער פון דיא הויפּטגרינדע, ווארום דיא מענער האבען אָנגעפאַנ־גען אזוי שטארק אָפּצוהיטען דיא טרייהייט פון זייערע ווייבער.

דער אמת׳ער יורש, דער אמת׳ער הערשער איז דארום געווען דער יעניגער, וועלכער האט בעזעסען דיא זאכען און געצקעס, וועל־כע מען האט בענוצט ביים גאָטעסדיענסט. דיזע זאכען האט מען בעטראַכטעט אלס פערקערפּערטע גייסטער און זיי פלעגען איבערגיין בירושה פון איין פאַטריארך צום אַנדערן און שפּעטער, ביי דער פערמעהרונג פון שטארקע און זיעגרייכע פאמיליען, פון איין „פּאַ־טערליכען" פיהרער צום אַנדערן. זאָגאר אין אונזערע צייטען האלט מען אַלטע פאמיליען־זאכען, וויא צום ביישפּיעל א חתימה, א שלי־סעל, א רינג א. ז. וו. פאר עפּעס א הייליגטהום, פאר א בעשיצונג געגען אונגליק. עס פערשטייט זיך דארום, אז אין דיא אַלטע צייי־טען האט מען אזעלכע זאכען פערעהרט איינפאך וויא געטער. ביי דיא גערמאַנער שטאַמען פלעגט א שווערד דיענען אלס א הייליגע זאך און פלעגט שטענדיג איבערגיין בירושה. דער פאמיליען־שווערד איז געווען דער צייכען פון הערשאַפט. ביי פיעלע אַנדערע פעלקער

האט מען אזוי פערעהרט א'ן אויסגעשניצטען און בעצירטען שטע־קען. דער געזעצליכער יורש פלעגט דיא ערשטע זאך קריגען אין האנד דעם פאמיליען־שטעקען. דאס איז געווען, זא צו זאגען, זיין קרוינונג אלס הויפט און בעפעהלסגעבער. דערפון שטאמט עס, וואס א שטעקען אונטער דעם נאמען סצעפטער (דאס איז א גריכי־שער ווארט, וואס בעדייטעט איינפאך א שטעקען) איז פערבליבען א צייכען פון קעניגליכע הערשאפט נאך ביז היינט צו טאג.

דיא ערשטע הערשער פון גאנץ גרויסע פאמיליען אדער שטאַ־מען זיינען צוגלייך געווען דיא רעגירער און הויפט־פריעסטער. מיט דער צייט האט זיך יעדע פאמיליע פון א שטאם געהאט איהרע אייגענע געטער, בעזאנדערס דיא גייסטער פון איהרע פערשטארבענע עלטערן; אבער אלע צוזאמען האבען זיי פערעהרט דיא גייסטער פון דיא אור־פאטערס אדער פון אזעלכע פיהרערס, וועלכע האבען זיך מיט עטוואס אויסגעצייכענט, זא דאס זיי זיינען פערבליבען אין דער געדעכעניס פון דיא שפעטערע דורות. דיזע גייסטער זיינען שוין געווען אלגעמיינע געטער פאר דעם גאנצען שטאם אדער פאלק, און זייער פריעסט איז געווען דער פיהרער פון שטאם און האט דאדורך בעקומען א דעספאטישע מאכט. אין איהם זיינען שוין גע־ווען פערקערפערט דיא אנגענומענע געטער פון גאנצען שטאם, און ער האט זיך אנגעפאנגען צו רעכענען פאר זייער דירעקטען יורש, אום ער זאל קענען איבערגעבען זיין מאכט צו זיינע אייגענע קינדער. מיר דארפען זיך דארום גאר ניט וואונדערן, ווען מיר לעזען אין דער געשיכטע, דאס דיא הערשער פון דיא אמאליגע מלוכות זיינען גע־ווען פערעהרט וויא געטער.

דיא לאגע פון אזעלכע געטליכע הערשער איז דערפאר אבער אויך אפט געווען פערבונדען מיט גרויסע געפאהרען. ווען עס פלעגט טרעפען א גרויסער אונגליק, ווען עס פלעגט זיין א טריקענעס, א פערפלייצונג, א פערוויסטענדער שטורם, א'ן ערדציטערניס א. ז. וו. פלעגט מען איהם האלטען פעראנטווארטליך דאפיר, דען מען פלעגט דענקען, אז דיא געטער זיינען אונצופריעדען מיט איהם און שטראַ־פען דאס גאנצע פאלק, פאר וואס מען פאלגט איהם. ניט זעלטען

פלעגט מען אזא פערזינדיגטען הערשער ארונטערוואַרפען און טויטען, אום איינצושטילען דורך דיזען קרבן דעם צאָרן פון דיא געטער. נור ווען א שטאַם פלעגט בעזיעגען אַנדערע שטאַמען און זיך בעזעצען אין א געוויסע לאַנד, פלעגט דער פיהרער קריגען אלין א גרעסערע מאכט. דיא זיעגערס פלעגען פערשקלאַווען דיא בעזיעגטע און ווערן דער „אדעליגער" קלאַס. זייער אינטערעס איז דאַן געווען צו האַלטען זיך צוזאַמען ארום זייערע פיהרער, דען זאָנסט וואָלטען דיא פערשקלאַווטע זיי געקענט פערטרייבען, וויא דאַס האט אויך ניט איין מאָל געטראָפען. זיי האבען אויך בעדאַרפט זעהען, אז דיא בעזיעגטע זאָלען אנערקענען זייער פיהרער אלס א גאָט, אום דערמיט לייכטער און זיכערער אָנצוהאַלטען זייער הערשאַפט.

אין דער מלוכה פון דיא אינקאַס אין פערו האט זיך דיא פאַטריאַרכאַלישע דעספּאָטישע אָרגאַניזאַציאָן בעזאָנדערס ריין און שאַרף ארויסגעצייגט. דער זיעגרייכער שטאַם איז געוואָרן דער אַדעליגער קלאַס, וועלכער האט בעהערשט דיא בעזיעגטע אזוי וויא איין פאַמיליע. זייער פערגעטערונג פון דיא זון האבען דיא זיעגערס איינגעפיהרט אין גאַנצען לאַנד. זיי זיינען געווען צוגלייך דער קריגערישער און גייסטליכער קלאַס. איבער זיי אַלעמען האט געהערשט זייער פאָטער, דער אינקאַ, וועלכער איז געווען בעטראַכטעט אלס דיא פערקערפּערונג פון דעם זונען־גאָט אויף דער ערד. דער אינקאַ איז געווען דער אייגענטהימער פון גאַנצען לאַנד, דער פאַטריאַרך פון גאַנצען פאָלק, דער געטליכער בעפעהלס־געבער און דער בעל־הבית איבער אלעס און אַלעמען. נור א דריטעל פון דיא בעאַרבייטעטע ערד איז אָפּגעגעבען געווען צו דיא אַקערבויער פיר זייער אייגענעם געברויך. דיא איבעריגע צוויי חלקים האבען זיי דערפאַר בעדאַרפט בעאַרבייטען פיר דיא הערשער מיט זייער אינקאַ. דיא אַקערבויער זיינען אַלזאָ געווען פאַנסטשיזניקעס אדער קנעכט. דער אינקאַ פלעגט יעדען יאהר בעשטימען דיא שטיקלעך לאַנד פיר דעם אַרבייטענדען פאָלק לויט נאַכדעם, אין וועלכען אָרט מען האט געדאַרפט מעהר אַקערבויער. גרעסערע פאַמיליען פלעגען בעקומען גרעסערע חלקים. דיא בעזיעגטע קנעכט פלעגען אויך דאַרפען בויען וועגען,

טעמפלען און פּאַלאַצען אויף דעם בעפעהל פון דעם פּאַטערליכען אינקאַ. דעם איבערשוס פון תבואות פלעגט מען האלטען אין ספּע־ציעלע מאַגאַזינען, אום צו ערנעהרען דאס פאָלק אין פאַל פון אונ־גערעטעניסען. אין דיזער איינפאַכער שטאַאטס־אָרגאַניזאַציאָן איז יעדער געווען פערזיכערט מיט ברויט; אבער דאס פאָלק איז געווען פערשקלאַוט און אפילו דיא אַדעליגע זיינען געווען אונטערוואָרפען דעם גוטען ווילען פון דעם פּאַטריאַרכאַלישען דעספּאָט אינקאַ.

דיא פרעה'ס זיינען אויך געווען אזעלכע פּאַטריאַרכאַלישע דעספּאָטען וויא דיא פּערואַנער אינקאַס; זיי זיינען אויך געווען גע־רעכענט פאר דיא זיהן פון דעם עגיפּטישען הויפּטגאָט אַמאָן־רא. דיא פּערזאָן פון א פרעה איז געווען אזוי הייליג וויא א געצקע. דאס פאָלק פלעגט גלויבען, אז פרעה שיקט צו גוטע שניטצייטען און ברייננט גליק, אז ער איז דער הערשער פון דער וועלט און זאָ־גאַר א בורא. דיא אַלטע עגיפּטער פלעגען זאָגען, אז פרעה „גיט יעדען לעבען און א נשמה", און דאס איז ניט געווען בלויז א פראַזע, א'ן אונטערלעקעריי, נאר א ווירקליכער גלויבען. נאך דיא רעליגיאָן פון דיא מצריים האט אמאָן־רא געקענט אריינוואַנדערן אין יעדע זאַך. אבער נור דיא פּריעסטער האבען געוואוסט דיא ריכטיגע מיטעל, וויא אריינצואָטהמען דעם גייסט פון גאָט אין א שטיינערנע געצקע. איי־נער פון דיזע מיטעל איז געווען „זאַלבונג". דיא איינפיהרונג פון אמאָן־רא'ס גייסט אין א פרעה האט אויך נאר געקענט געשעהען דורך דיא פערמיטלונג פון דיא פּריסטער. אָהן זייער זאַלבונג האט א פרעה ניט געקענט ווערן א געזעצליכער און געטליכער הערשער.

דורך דיזען גלויבען האבען אבער דיא פּריעסטער געקראָ־גען א גרויסע מאַכט אין מצרים. ביסלעכוויז האבען זיי זיך ער־וואָרבען גרויסע רייכטהימער, האבען פערנומען דיא העכסטע שטע־לען אין שטאַאט און געפיהרט דיא מלוכה וויא זיי האבען געוועלט, מאַכענדיג דיא פרעה'ס פאר זייער שפּיעלצייג און פאר צאַצקעס פיר'ן פאָלק. דאס לאַנד האט געהערט צום שטאַאט אדער, וואס עס איז בעטראַכטעט געווען איינס און דאס זעלבע, צום פרעה, נאר דיא פּריעסטער, וועלכע האבען גענומען איבערגעבען זייערע אמטען

בירושה צו זייערע קינדער, האבען אויך גענומען אויסטהיילען זייערע לענדער אלס פּריוואַט־אייגענטהום פון זייערע פאַמיליען. דאס פאָלק איז יעדענפאלס געווען פערשקלאַווט; נאר דער פאַטריארכאַלישער דעספּאָטיזמוס פון דיא פּרעה׳ס איז שוין געווען בעשרענקט דורך דיא מאַכט פון דיא כהנים.

אויף דעם זעלבען שטייגער האבען זיך געפיהרט אלע אַלטע מלוכות, בעזאָנדערס אין אַזיען, וואו דער דעספּאָטיזמוס פון דיא מלכים־געטער האט דערגרייכט זיין העכסטע שטופע. אבער אין גריכענלאַנד און אין רוים האט זיך ענטוויקעלט דיא צווייטע פאָרמע פון פאַטריארכאַלישען שטאַאַט, נעמליך: וואו דיא פיהרער זיינען געווען בעשרענקט דורך א ראַטה פון עלטטסטע. דיא זעלבע פאָרמע איז מעהר אדער וועניגער איינגעפיהרט געוואָרן ביי דיא גערמאַנען און אַנדערע פעלקער, און דאס האט שוין ארויסגערופען א פרייערע שטאַאַטס־אָרגאַניזאַציאָן. אין וועסט־אייראָפּאַ האט דארום קיין מאָל ניט עקזיסטירט אזא שטיקענדער דעספּאָטיזמוס וויא אין דיא אַזיאַטישע לענדער. דער גריכישער נאָמען באַזילעאוס פאר דיא פיהרער פון דיא פערשידענע אונאבהענגיגע שטאַאַטען, אין וועלכע גריכענלאַנד איז צוטהיילט געווען, ווערט געוויינליך איבערזעצט: קעניג. נאר אין אמת׳ן איז א באַזילעאוס נאר געווען דער פאַטריארך פון שטאם און האט גאַנץ וועניג מאַכט געהאַט. א באַזילעאום איז מייסטענס געוועבענט געווען פאר דעם הויפּט־פּריעסט. דער אַלט־דייטשער וואָרט Kunning, פון וואַנען עס שטאַמט דער וואָרט קעניג, בעדייטעט נאר א פיהרער פון א „קונע“ אדער פון א שבט. ביי דיא ערשטע רוימער האט זייער rex געהאַט מעהר מאַכט וויא דער באַזילעאוס ביי דיא גריכען, אבער ער איז דאך געווען פיעל מעהר א פּריעסט וויא א קעניג. ער איז געווען דער הויפּט־פּריעסט פון שטאַאַט אלס דער פּאַטריארך פון גאַנצען שטאַם. זיין פּערזאָן איז געווען היילינג, ווייל מען האט געגלויבט, אז ער פערקערפּערט דעם הויפּטגאָט יופּיטער. דער רעקס און דיא סטאַטוע פון יופּיטער זיינען אויף דיא זעלבע אַרט בעפּוצט געווען. אזוי וויא דאס געזיכט פון יופּי־טער׳ס סטאַטוע איז געווען בעשמירט מיט א רויטע פאַרב (א גע־

ווײסע בלײ־זאַלץ), דאַרום איז אויך דער פּנים פון דעם רעקס געווען אַזוי בעשמירט. זיין מאַכט איז אָבער געווען בעשרענקט פון דעם סענאַט אָדער ראַטה פון עלטסטע.

ביז היינט צו טאָג זיינען נאָך פערבליבען פּאַטריאַרכאַלישע מלוכות אויף דעם אַלטען שטייגער. דיא גרעסטע און עלטסטע פון זיי איז דיא כינעזישע. דער כינעזישער קייזער ווערט בעטראַכטעט אַלס אַ פערקערפּערטער גאָט. אַזוי וויא דיא כינעזער האַלטען, דאָס גאָט געפינט זיך ניט גראַדע אויף דער זון, נאָר אויף׳ן גאַנצען הימעל, דאַרום ווערט זייער שטאַאַט גערופען דיא „הימלישע מלוכה״ און זייער הערשער דער „הימעלזוהן״. זיי בעטראַכטען זייער קעניג אַלס דעם הערשער פון דער גאַנצער וועלט און גלויבען, אַז ער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר גוטע אָדער שלעכטע גערעטעניסען. זיין פּערזאָן איז זעלבסטפערשטענדליך הייליג. ער איז דער אייגענטהימער פון דער גאַנצער ריזיגער אימפּעריע. קיינער קען זיך דאַרום ניט בענוצען מיט אַ שטיקעל לאַנד, ווען ער צאָהלט ניט דערפאַר אַ בעשטימטען חלק דעם הימעלזוהן, וועלכער איז דער פאָטער פון גאַנצען פאָלק. ער מעג און קען צו יעדער צייט פעריאָגען דיא אַקערבויער פון זיינע שטיקלעך ערד, וועלכע זייערע אור־אור־עלטערן האָבען נאָך בעאַרבייטעט; אָבער אין דער ווירקליכקייט טרעפט עס נאָר, ווען א׳ן אַקערבויער איז נאַכלעסיג און לאָזט פוסטעווען זיין פעלד.

אויף דיא זעלבע אַרט איז אָרגאַניזירט געווען ביז ניט לאַנג צוריק דיא מלוכה אין יאַפּאַן. דער הערשער פון יאַפּאַן, דער מיקאַדאָ, איז אויך געווען גערעכענט פאַר אַ פערקערפּערטען גאָט און פאַר דעם אייגענטהימער פון גאַנצען לאַנד. דער דאַלאַי־לאַמאַ אין טיבעט, צענטראַל־אַזיען, ווערט נאָך ביז היינט צו טאָג פערעהרט אַלס אַ פערקערפּערטער גאָט.

נאָר אַזוי וויא אַזעלכע פערגעטערטע הערשער האָבען זיך געמוזט אָפּזונדערן וויא ווייט נאָר מעגליך פון זייערע אונטערטאַנען, אפילו פון דיא דיענערס אין זייערע פּאַלאַצען, אַז עס זאָל זיך ניט וואַרפען צופיעל אין דיא אויגען, דאָס זיי זיינען מענשען גלייך מיט אַלעמען אין זייערע פיזישע בעדירפניסע, האָבען זיי אויך געמוזט איר־

בערלאָזען אלץ מעהר מאכט זייערע הויפט־מיניסטערס. דורך דעם פלעגען אזעלכע מיניסטערס ביסלעכווייז ווערן דיאווירקליכע רעגי־רערס. זייערע געזאַלבטע הערשער פלעגען זיי אומוואנדלען אין איינ־פאַכע געצקעס. אזוי איז עס געווען אין יאפּאַן, וואו דיא הויפּט־מיניסטערס אדער „טאַיקונען" האבען געהאַלטען דיא רעגירונגס־לייצעס אין זייערע הענד, און אזוי איז עס יעצט אין טיבעט, וואו דער „קעניג פון געזעצע" איז דער רעגירער, און דער דאַלאַי־לאַמאַ איז א פערשפּארטער גאָט, וואס נאר זיינע נעהענטסטע דיענער קענען זעהען. אין מצרים האבען דיא הויפּט־פריעסטער פון אמאָן אָפּט פערנומען דיא שטעלע פון הויפּט־מיניסטערס און זיינען געווען דיא ווירקליכע רעגירערס.

אויך דיא געשיכטע פון אייראָפּאַ ציינט אונז אָן אויף בייי־שפּיעלע פון אזא פערטהיילונג פון דער מאכט, וועלכע איז אָנפאַנגס געווען אין דיא הענד פון דעם פּאַטריארכאַלישען הערשער און פער־קערפּערטען גאָט. ביי דיא אַלטע פראַנקען זיינען זייערע קעניגע געוואָרן איינפאַכע געצקעס, וועלכע מען פלעגט ארומפיהרען אין א וואָגען מיט איינגעשפּאַנטע אָקסען, ווייל מען האט געגלויבט, אז זיי בעזיצען דיא צויבערקראַפט אויסצוהיילען קראַנקע דורך אָנריהרען זיי. מיט דער פערוואַלטונג פון לאַנד האבען זיך דיזע קעניגע, גענאַנט אין דער געשיכטע מעראָווינגען, גאַר ניט בעשעפטיגט. זיי האבען דאס איבערגעלאָזען צו דיא אויפפאַסערס פון זייער פּאַלאַץ, דיא זאָ־גענאַנטע מאַזשאָרדאָמען, וועלכע האבען געשפּיעלט דיא זעלבע ראָלע וואס דיא טאַיקונען אין יאַפּאַן. איינער פון זיי פּעפּין דער קורצער, האט שליסליך איינגעשפּארט זיין „געטליכען הערשער" אין א קלויס־טער (אין דער צייט האבען שוין דיא פראַנקען געהאַט אָנגענומען דעם קריסטענטהום) און איז אליין געוואָרן קעניג, גרינדענדיג א נייע דינאַסטיע אין פראַנקרייך, גענאַנט דיא קאַרלאָווינגען נאך דעם קייזער קאַרל דער גרויסער, וועלכער איז געשטאָרבען אין 814 יאָהר.

אבער דיא היילקראַפט, וועלכע מען האט צוגעשריבען דיא מעראָווינגען, האט מען אויך אריבערגעטראָגען אויף דיא קאַרלאָווינגען. אויך אין ענגלאַנד האט מען דיא קעניגע צוגעשריבען א וואונדער־

בארע הייל־קראפט. מאסען קראנקע פלעגען קומען בעטען דיא מלכים זיי נאר אָנריהרען מיט דיא הענט, גלויבענדיג, אז דאס וועט זיין זייער רפואה שלמה. דער קעניג קארל דער צווייטער פון פראנקרייך האט 100 טויזענד מאָל דורכגעמאכט דיא צערעמאָניע פון קורירען דורך אָנריהרען. דיא יעניגע וואס גלויבען אין עין הרע אָפּשפּרעכען, אין טאָטערס, מכשפים, אין דיא וואונדער־קראפט פון צויבער־רינגען, אין קאמייעס א. ז. וו., דארפען זיך ניט וואונדערן, דאס מען האט אויך געגלויבט אין דיא הייל־קראפט פון קעניגע. פיר דיא קולטור־געשיכטליכע נאכפאָרשונגען איז דיזער פאקט פון דער אייראָפּעאי־שער געשיכטע אין מיטעלאלטער אונטער דער פאלקאָמענער הער־שאפט פון קריסטענטהום נאר אינטערעסאנט אלס א צייכען פון דעם גאר אלטען גלויבען אין דיא געטליכקייט פון פאטריארכאלישע קעניגע, וויא דאס איז אויבען ערקלערט געוואָרן.

דיא גייסטליכע און וועלטליכע מאכט, וועלכע דיא פאטריאר־כאלישע הערשער האבען אָנפאנגס בעזעסען, איז מיט דער צייט ביס־לעכווייז צוטהיילט געוואָרן כמעט אין אלע לענדער, נאר אויף פער־שיעדענע ארטען. אין אייניגע ערטער זיינען דיא קעניגע פערבליבען איינפאכע געצקעס, און דיא אמת'ע רעגירענדע מאכט איז איבער־געגאנגען צו דיא הויפּט־מיניסטערס; אין אנדערע האבען דיזע הויפּט־מיניסטערס זיך אליין ערקלערט פיר הערשער און דיא פריהערע געטליכע קעניגע ארונטערגעשליידערט, וויא דיא פרענקישע מאזשאָר־דאָמען האבען עס געטאָן, אדער זיי איבערגעלאָזען פיר הויפּט־פריע־סטער וויא אין טיבעט. אין פיעלע לענדער האט זיך דורך דעם ענטוויקעלט א זעהר שטארק אָרגאניזירטע גייסטליכקייט. א דינאס־טיע פון געטליכע קעניגע האט געקענט אונטערגיין, א קעניג האט געקענט אומגעבראכט ווערן דורך א'ן אויפשטאנד אדער געטויטעט ווערן אין א מלחמה; אבער דיא פריעסטער, וועלכע האבען געדיענט דיא אלגעמיינע געטער פון שטאאט, זיינען דאך שטענדיג פערבליבען אלס קלאס. זיי האבען עס אָנגעהאלטען דעם אלטען גלויבען און געפראוועט דיא אלגעמיינע צערעמאָניעס. ווען א קעניג פלעגט שטארבען דורך וועלכע ניט איז אורזאכע, פלעגען דיא פריעסטער

איינאָטהמען דורך בעשמירונג, וויא אין מצרים, אדער דורך א'ן אַנדער צערעמאָניע דעם שטאַאטס־גאָט אין דעם קערפּער פון א נייעם קעניג. וואס עפּטער דיא קעניגע פּלעגען זיך בייטען, אלץ מעהר מאַכט האבען דיא פּריעסטער דורך דעם געקראָגען. אזוי וויא נאר דורך זייער האַנד פּלעגען דיא קעניגע קריגען זייער געטליכע מאַכט, האבען דיא פּריעסטער געקענט שטעלען דיא מלכים געוויסע פּאָרדערונגען ביי דער קאָראָנאַציאָן און זיך ארויסשטעלען איבער־הויפּט העכער פאר דיא מלכים זעלבסט. דאס איז נעמליך געשע־הען אין מצרים און אין אַנדערע לענדער. אום צו האַלטען אין צוים דיא פּרעה'ס, וועלכע פּלעגען אָפט ניט קענען אריבערטראָגען דיא אויבערמאַכט פון דעם הויפּט־פּריעסט פון אמאָן־רא, האבען דיא כהנים פון מצרים געלערנט, אז א פּרעה קריגט נאר זיין מאַכט פון זיי און אז גאָט קען פערלאָזען זיין קערפּערליכע הייטעל, דעם גוף פון פּרעה, ווען ער איז מיט איהם ניט צופריעדען. ווער האט אבער געקענט ענטדעקען, אז גאָט איז אין צאָרן אויף זיין לעבעדיגע געצקע און האט פערלאָזען זיין אויסערוועהלטען פערטרעטער אויף דער ערד? נאַטירליך אלץ דער הויפּט פּריעסט. אויף דיזער אַרט האבען דיא כהנים פון מצרים געהאַלטען דעם שיקזאַל פון דיא פּרעה'ס אין זייערע הענד.

ביי דיא בורגונדען, וועסטגאָטען, פראַנקען און אַנדערע גער־מאַנער שטאמען האבען דיא הויפּט־פּריעסטער אויך געקראָגען א זעהר גרויסע מאַכט, און ווען קריסטענטהום איז איינגעפיהרט גע־וואָרן, האבען דיא ביסקופען נאַטירליך געוועלט שפּיעלען דיא זעלבע ראָלע אין דיא נייע מלוכות, וועלכע דיזע שטאמען האבען געגרינדעט. דער ביסקופּ פון רוים, וועלכער איז ביסלעכווייז געוואָרן דער הויפּט פון אלע קריסטליכע גייסטליכע אין וועסט־אייראָפּא און האט זיך ארויסגעשטעלט פאר דעם פערטרעטער פון קריסטוס אויף דער ערד, האט אויך געקראָגען א גוואַלדיגע וועלטליכע מאַכט אין זיינע הענט. דער פּאַפּסט האט ניט נאר בעהויפּטעט, אז ער האט א געטליכען רעכט צו קרוינען און אראָפּצוזעצען קעניגע, וויא דיא רוימישע קיר־כע טענה'ט עס נאך עד היום, זאָנדערן ער האט עס אויך פּאַקטיש

דורכגעפיהרט אין מיטעלאַלטער. עס איז געווען א געוואוינהייט, אז דער פּאַפּסט זאָל ארייןלייגען אין חרם א קעניג, אום דיזער קעניג זאָל קומען צו איהם בעטען גנאַדע אויף די קניע. עס זיינען געווען צייטען, ווען א חרם פון פּאַפּסט האט בעדייטעט א טויטאורטהייל אפילו פאר א גאַנצען שטאַם און א פערוויסטונג פאר גאַנצע געגענדען. וואס פאר א גרויסע ראָלע דער פּאַפּסט שפּיעלט נאך יעצט ביי די קאַטאָליקען, ווייס יעדערער, הגם ער בעזיצט נאר אין רוים זיין פּאַלאַץ וואַטיקאַן און האט שוין קיין שום וועלטליכע מאַכט.

אין די פינסטערע צייטען פון די קרייץ־ציגע, ווען דער קריסטליכער פאַנאַטיזמוס האט דערגרייכט זיין העכסטע שטופע און ווען מאַסען מענשען זיינען געגאַנגען אויף גאָט׳ס בעראָט בעפרייען דעם קבר פון יעזוס קריסטוס און זיינען אויפ׳ן וועג געפאַלען ווי פליגען — ד. ה. אין פערלויף פון צוויי יאָהרהונדערטע (דער ערשטער קרייץ־צוג נאך פּאַלעסטינא האט זיך אָנגעפאַנגען אין 1095 און דער לעצטער קרייץ־צוג איז געווען אין אין 1270) — אין יענע צייטען זיינען די פּאַפּסטען ווירקליך געווען אַלמעכטיג ווי געטער. א פּאַפּסט איז דאַן געווען א מלך המלכים און פּולען זינען פון דיזע ווערטער. אויף זייער בעפעהל זיינען ריזיגע מחנות געגאַנגען אין פייער און אין וואַסער, האבען געברענט און געשלאַכטעט אָהן ערבארמען. דער גרעסטער און שטאַרקסטער פון אַלע פּאַפּסטען, דער זעלבער גרעגאָריאוס דער זיבעטער וואס האט געצוואונגען די גלחים צו טאָן א נדר צו לעבען אונפערהייראַטעט, האט אויך ארויסגעוויזען זיין גאַנצע מאַכט אין זיין קאַמפּף מיט דעם דייטשען קייזער היינריך דעם פיערטען. דיזער קייזער, וועלכער האט געהערשט פון 1056 ביז 1106, האט פּרובירט פיהרען א קאַמפּף געגען די אויבערמאַכט פון דעם פּאַפּסט און האט איהם זאָגאַר אראָפּגעזעצט. אבער ער איז ביטער דורכגעפאַלען. גרעגאָריאוס VII האט איהם ארייןגעלייגט אין חרם, און דיזער חרם האט אזוי ווייט געווירקט, אז דער שטאָלצער קייזער האט געמוזט טאָן תשובה און בעטען פערגעבונג, שטייענדיג באָרוועס לעבען דעם פּאַפּסט׳ס שלאָס אין קאַנאָסאַ, איטאַליען!

אויסער דעם פּאַפּסט זיינען נאך אין אייראָפּאַ פערבליבען

אנדערע סמנים פון דיא אַלטע פּאַטריאַרכאַלישע שטאַאַטס־אָרגאַני־זאַציאָן, צום ביישפּיעל: דיא פערעהרונג פון סצעפּטערס, קרוינען, שווערדען און אַנדערע אַזעלכע צייכענס פון קעניגליכער מאַכט; דיא צערעמאָניע פון קאָראָנאַציאָן מיט דער „זאַלבונג". דורך דיא קאָ־ראָנאַציאָנס־צערעמאָניע, וועלכע ווערט נאַטירליך געפּראַוועט פון דיא גייסטליכע אין נאָמען פון גאָט, קריגען עס דיא קעניגע זייער טיטול „מיט גאָטעס גנאַדע". אין אייניגע לענדער ווערט נאָך ביז היינטיגען טאָג א קעניג אָהן א „זאַלבונג" ניט בעטראַכטעט פאַר א בערעכטיגטען און פאָלקאָמענען מלך. קעניגע מוזען דאָרטען דורכמאַכען דיא קאָראָנאַציאָנס־צערעמאָניע, אום צו קריגען פולע מאַכט.

דאָ זעהען מיר ווידער וויא אוראַלטע פיהרונגען און צערע־מאָניעס פערבלייבען אין דער ווירקליכקייט אונטער נייע פאָרמען.

---

# פופצעהנטער קאפיטעל.

## נייע פאָרמען פון שטאאטס־אָרגאניזאציאנען.

דיא פערשיעדענהייטען פון פאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען. — דיא ווירקונג פון פערשיעדענע בעשעפטיגונגען אויף דיא שטאַאטס־פאָרמען. — אַזיאַטישע פיה־פיטערער און דעספאָטישע מלוכות. — געצוואונגענע איבערוואַנדערונג פון פעלקער. — דיא גרינדונג פון דער אידישער מלוכה. — דיא גינסטיגע לאַגע פון אויראָפאַ. — דער קאַמפף פון דיא פעראייניגטע פרייע גריכישע רעפובליקען מיט דעם אַזיאַטישען דעספאָטיזמוס. — דיא אלגעמיינע פאָרמע פון שטאַאטס־אָרגאַניזאַציאָן אין אויראָפאַ. — דיא ענטשטעהונג פון שטעט אין צענטראַל־אויראָפאַ. — דיא שטרעבונג צו פריעדען און דיא ווירקונגען דערפון אין אַזיען און אין אויראָפאַ. — דיא גרינדונג און דיא מלחמות פון רוים. — דיא גרופּי־רונגען און פערבינדונגען אין דיא אינטערעסען פון פריעדען. — דער אָנפאַנג פון פאַרלאַמענטען. — דיא צוויי הייזער פון ענגלישען פאַרלאַמענט. — דער קלאַסען־קאַמפף אין גריכענלאַנד און אין רוים. — דער קאמפף פון דיא שטעט אין מיטעלאַלטער. — דער האַנזאַ־פערבאַנד. — דיא ראָלע פון דיא שטעט אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד. — דער אָנפאַנג פון דיא רעפרעזענטאַטיווע רעגי־רונגס־סיסטעם.

---

יעצט בלייבט אונז צו בעטראַכטען וויא אזוי עס האבען זיך פון דיא אַלטע פאַטריאַרכאַלישע פאָרמען ענטוויקעלט נייע פאָרמען פון שטאַאטס־אָרגאַניזאָציאָן. מיר האבען שוין געזעהען, אז דיא

דאָפּעלטע מאכט פון דיא פּאַטריאַרכאַלישע הערשער, דיא גייסטליכע און וועלטליכע, איז ביסלעכווייז אָפּגעטהיילט געוואָרן, פיהרענדיג יעדענפאַלס צו דער ענטוויקלונג פון א שטאַרקען און גוט־אָרגאַניזירטען פּריעסטער־שטאַנד. דאס איז אבער געשעהען ניט אין איין צייט און ניט גלייך ביי אלע פעלקער אפילו אויף דער זעלבער קולטור־שטופע. פּאַלהאָמענע עהנליכקייט עקזיסטירט איבערהויפּט ניט. וויא גלייך צוויי איינפאַכע זאַכען זאָלען ניט זיין, אונטערשיידען זיי זיך דאָך מיט עטוואס. און מענשליכע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען, וויא קליין און שוואַך זיי זאָלען ניט זיין אין אָנפאַנג, זיינען אזעלכע קאָמפּליצירטע און צוזאַמענגעשטעלטע זאַכען, דאס מען מוז זיי גרינדליך נאכפאָרשען, אום צו ענטדעקען עהנליכקייטען צווישען זיי, אום צו בעשטימען זייערע אלגעמיינע פּרינציפּען.

זאָגאַר דיא יעצטיגע אויראָפּעאישע נאַציאָנען, וועלכע געפינען זיך אויף איין קולטור־שטופע און זיינען אזוי ענג פערבונדען איינע מיט דיא אַנדערע אין זייער עקאָנאָמישען און גייסטיגען לעבען, אונטערשיידען זיך זעהר פיעל אין זייערע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען. איינע האבען שוין איינגעפיהרט רעפּובליקען, אַנדערע האַלטען נאָך אָן דיא מאָנאַרכישע פאָרמען, און איין רעפּובליק אונטערשיידעט זיך אין פיעלע איינצעלהייטען פון א'ן אַנדערע. נאָך מעהר איז עס דער פאַל אין דיא זאָ־גענאַנטע קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיען. וויא געוואַלדיג גרויס איז דער אונטערשיעד אין דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציאָן פון דער ענגלישער און דייטשער מאָנאַרכיען! אין יעדען לאַנד וויעדער זיינען דיא פיהרונגען פון איין שטאָט ניט גלייך צו דיא פיהרונגען פון א'ן אַנדער שטאָט. יעדע שטאָט האט זיך איהר בעזונדערע פיזיאָנאָמיע. א רוסישער ווערטעל זאָגט גאַנץ ריכטיג: וואס א שטאָט — א'ן אנדער מנהג. וויא אזוי דיזע פערשיעדענהייטען ענטשטעהען און ענטוויקלען זיך, דאס איז געוויינליך זעהר שווער צו ערקלערן. מיר ווייסען נאר, אז דאס הייננט אָפּ פון פערשיעדענע אומשטענדען און צופעלע, וועלכע מיר קענען ניט קאָנטראָלירען. מיט דיזע פערשיעדענהייטען דאַרפען מיר זיך רעכענען, דען זיי צייגען אונז וויא וויט און אויף וועלכער אַרט און וויזע

דיא ערשטע און אלגעמיינע פאָרמען קענען זיך ענדערן. נאר נאך מעהר דארפען מיר זוכען עהנליכקייטען און מאכען פערגלייכע, אום אויסצוגעפינען דיא געזעצע, וועלכע בעהערשען יעדע געזעל־שאפטליכע אָרגאניזאציאָן. דאס איז שוין אבער דיא אויפגאבע פון דער וויסענשאַפט, וואס הייסט סאָציאָלאָגיע.

עס איז יעדענפאַלס קלאָר, אז דיא זעלבע אורשפּרינגליכע פּאטריארכאלישע שטאאטס־אָרגאניזאציאָן האט געמוזט קריגען פער־שיעדענע פאָרמען ביי פעלקער, וואס האבען זיך בעשעפטיגט מיים־טענס מיט אקערבוי אדער מיט פיהפיטעריי. א פאָלק וואס איז גע־ווען מעהר בעשיצט געגען איבערפאלונגען פון ווילדע קריגערישע שטאמען, אדער וואס האט ניט געהאט צו פיהרען אָפטע מלחמות האט נאטירליך לענגער אָנגעהאַלטען דיא אַלטע מנהגים און אָרגאַ־ניזאציאָן, וויא א פאָלק וואס האט געהאט שטענדיג צו קעמפּפען פיר זיין אונאבהענגיגקייט, אדער וויא א פאָלק וואס איז עטליכע מאָל בעזיעגט און פערשקלאַווט געוואָרן. א לאַנד, וואס איז בעזעצט געוואָרן פון פערשיעדענע פעלקער אין פערשיעדענע צייטען, האט געמוזט איבערנעהמען א טהייל פון דיא פיהרונגען פון יעדען פאָלק, און דיא שטאאטס־אָרגאניזאציאָן האט זיך דאָרט דארום אויך גע־מוזט אָפט ענדערן.

דער פיהפיטערנדער צושטאנד האט נאטירליך געהאט בע־שטימטע ווירקונגען אויף דיא ענטוויקלונג פון גרויסע מלוכות, וויא אויף דיא ענטוויקלונג פון שקלאַווערייי און פּריוואַט־אייגענטהום. זעהר פיעלע מלוכות זיינען געגרינדעט געוואָרן פון קריגערישע פיה־פיטערנדע שטאמען; אבער דיא מייסטע פון זייערע מלוכות זיינען גיך צופאלען געוואָרן. דיא פיהפיטערער האבען געקענט פערשקלא־ווען דיא בעזיעגטע און בילדען דורך דעם צאָהלרייכע מחנות; אבער זיי זיינען געוועזן צו בעוועגליך און צו ווייניג צוגעבונדען צו איין לאַנד, אום זיך דאָרט צו בעזעצען און צו פערבלייבען. איין קריגע־רישער שטאם האט געיאָגט דעם אנדערן און געוויינליך געזוכט צו בערויבען דיא אקערבויער, וועלכע פלעגען נאטירליך מוזען פערבליי־בען אויף זייערע ערטער און זיך פיהרען אויף זייער אַלטען שטייגער.

אזא לאַנד וויא אינדיען האט געהאַט פערשיעדענע הערשענדע פעל־קער, אבער דיא אַקערבויער האבען אָנגעהאַלטען זייערע געמיינדעס נאָך ביז היינט צו טאָג. דיא הערשער פלעגען נאר פערלאַנגען א חלק פון דיא פּראָדוקטען און האבען געוויינליך צו רוהע געלאָזען דיא אַקערבויער און דיא האַנדווערקער.

אויף דיזער ווייזע האבען דיא שטאַרקערע שטאַמען און מלוכות געקענט איינגעהמען א סך שוואַכערע און גרינדען ריזיגע אימ־פּעריעס. פאַר דיא אַקערבויער איז עס געוויינליך נאר געווען א׳ן ענדערונג פון הערשער אוי זיי האבען זיך אָפט גאר ניט געוועהרט געגען דיא נייע הערשער. אַזעלכע ריזיגע אימפּעריעס פלעגען אויפ־קומען און נאָך א געוויסער צייט צופאַלען ווערן דורך דעם אָנגריף פון א נייעם מעכטיגען קריגערישען שטאַם בעזאָנדערס אין אזיען, דיא וויגעלע פון דער מענשהייט. דיא גרויסע דעספּאָטישע מלוכות פון מדי, אשור, בבל און פרס, וועלכע האבען בעהערשט איינע נאָך דיא אַנדערע וועסט־אַזיען אין אָנפאַנג פון דיא היסטאָרישע צייטען, זיינען נאר געווען א פאָרטזעטצונג פון דיא, וואס זיינען אויפגעקומען אין דיא ביז־היסטאָרישע צייטען, וויא מאַנכע אויסגראָבונגען בעוויי־זען עס. דיא הערשער פון דיזע פּאַטריאַרכאַלישע מלוכות פלעגען אויך אָפּרייסען גאַנצע פעלקער פון זייערע בעארבייטעטע פעלדער און זיי אוועקשלעפּען אין געפאַנגענשאַפט אַנדערסוואו. דאס האבען דיזע דעספּאָטען געטאָן, אום צו פערהיטען זיך געגען אויפשטענדע און צו זיין רוהיגער וועגען דיא בעהערשטע. פיעלע פעלקער זיינען דורך דיזע געצוואונגענע וואַנדערונגען צומישט און איינגעשלונגען געוואָרן. אין דער ביבעל געפינען מיר ביישפּיעלע פון דיזער באַרבאַ־רישער פּאָליטיק, וועלכע דיא דעספּאָטען פון אשור, בבל און פרס האבען פאָרטגעזעצט נאָך פריהערע מוסטערס. צעהן אידישע שבטים זיינען אזוי אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרן, און שמרון איז בע־זעצט געוואָרן פון שטאַמען, וואס שלמנאסר מלך אשור האט אריי־בערגעשלעפּט פון בבל, כות א. ז. וו. וויא עס ווערט געשילדערט אין מלכים ב, י״ז.

אין שפּעטערע צייטען האט מען אויך אָנגעווענדעט איבערהאַנדע־

רונגען פון גאַנצע פעלקער, נאַר אין אַ קלענערע מאָס און אין אַזעלכע פעלע, ווען מען האַט געהאַט צו אָפּט צו אונטערדריקען אויפשטענ־דע פון אַ פאָלק, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו קעמפפען פאַר זיין אונאַבהענגיגקייט. איבערשלעפּען אַ פאָלק פון איין אָרט אויף אַ׳ן אַנדערן איז ניט נאַר אַ זעהר שווערע און קאָסטבאַרע אונטער־נעהמונג, דען דערביי מוזען אומקומען פיעלע יונגע און אַלטע לייט, זאָנדערן דאָס רואינירט אויך אַ גאַנצע לאַנד. דיא פעלדער בלייבען וויסט, גאַנצע געגענדען ווערן חרוב, און איידער דיא נייע אַקערבויער קענען עפּעס ארויסקריגען פון דער ערד גייען פּאַריבער עטליכע יאָהר. אפילו דיא גרעסטע און ווילדעסטע אַזיאַטישע דעספּאָטען, וועלכע פלעגען פערוויסטען גאַנצע לענדער אין צייט פון זייערע אי־בערפאַלונגען און מלחמות, האָבען דאָך געמוזט זאָרגען, אַז זיי זאָלען אויך האָבען מיט וואָס צו דעקען זייערע אויסגאַבען. זיי האָבען זיך וועניג געקימערט וועגען דעם לעבען פון זייערע אייגענע סאָלדאַטען און האָבען געהייסען אויסשלאַכטען גאַנצע שטאַמען צו בעפריעדיגען זייער גרויזאַמקייט און איינפאַך קאַפּריז; אָבער זיי האָבען אויך גע־מוזט נעהמען אין בעטראַכט, אַז אָהן אַקערבויער און האַנדווערקער מוזען זיי מיט זייערע גאַנצע מלוכות צו גרונדע גיין.

דיא אַזיאַטישע דעספּאָטען האָבען נאָך געקענט זיך ערלויבען צו טראַנספּאָרטירען דיא אַקערבויער פון איין אָרט אויפ׳ן אַנדערן, ווייל דער שאָדען דערפון איז נאַר געווען אויף אַ בעשטימטע צייט ביז דיא זעלבע אַקערבויער האָבען געקענט שאַפען פּראָדוקטען אויף נייע פעלדער. אָבער מינענאַרבייטער און שמידען האָט מען שוין גע־מוזט לאָזען אויף זייערע ערטער ווייל דיא מינעס האָט מען דאָך ניט געקענט אַריבערשלעפּען. אַזעלכע אַרבייטער זיינען אין דיא אַלטע צייטען זעהר הויך געשעצט געווען, און זיי האָט מען געוויינליך ניט געריהרט, וויא פיעל הערשער עס האָבען זיך ניט געביטען. דיא בני ישראל האָבען געלאָזען ביי זיך דיא פלשתים און אַנדערע כנענים, וואָס האָבען צוגעשטעלט מעטאַלענע געצייג און געוועהר, און דאָס זעלבע האָבען אויך געטאָן דיא אַזיאַטישע דעספּאָטען. אין דעם קאַ־פּיטעל איבער דיא בעאַרבייטונג פון מעטאַלען האָבען מיר שוין גע־

זעהען, אז דיא שמידען אין אפריקא געהערען דארום אָפט צו גאַנץ אַנדערע שטאַמען, וויא אַלע ארום זיי.

דיזע אלע אומשטענדען און פיעלע אַנדערע, אויף וועלכע מיר קענען זיך דאָ ניט אָפּשטעלען, ווייל דאס וועט אונז צו ווייט אראָפּפיהרען פון אונזער ענין — האבען נאטירליך געהאַט זייערע ווירקונגען אויף דיא פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן פון יעדען לאַנד. נאר אין אזיען, וואו גרויסע מאַסען מענשען האבען זיך געפונען מיט יאָהרטויזענדע פריהער איידער אוירָאָפּאַ האט גאר געהאַט א מענשליכע בעשעפענים — אין אזיען האבען דיא גרעסערע און שטאַרקערע שטאַמען איינגעשלונגען קלענערע און שוואַכערע, בילדענדיג אזוי גרויסע אימפעריעס, וואס יעדע פון זיי האט ניט לאַנג עקזיסטירט, נאר אלע צוזאַמען האבען זיי אָנגעהאלטען און איינגעוואָרצעלט ביז'ן היינטיגען טאָג דיא אַלטע דעספּאָטיש-פּאַטריארכאַלישע רעגירונגס-פאָרמע. דיא שטאַמען און פעלקער, וואס האבען זיך געפיהרט אויפ'ן רעפּובליקאַנישען שטייגער, וויא דיא אידען צום ביישפּיעל, אדער וואס האבען געהאַט מלכים, וועלכע זיינען בעשרענקט געווען דורך ראַטהען פון עלטסטע, האבען ניט געקענט בעשטיין געגען דיא ריזיגע מחנות, וואס דיא פּאַטרי־אַרכאַלישע דעספּאָטען פלעגען צוזאַמענקלייבען אונטער זייער קאָמאַנ־דע. דיזע מחנות פלעגען זיך אראָפּלאָזען וויא היישעריקען אויף א לאַנד און אלעס פערניכטען און חרוב מאַכען. דיא גרויסע אזיאַטישע אימפּעריעס זיינען אויפגעבויט געוואָרן אויף דיא חורבות פון פיעלע קלענערע.

אַנדערע רעפּובליקאַנישע שטאַמען האבען אליין געמוזט ארויפ־זעצען אויף זיך דעספּאָטען, אום בעסער צו קענען אָנהאַלטען זייער אונאַבהענגיגקייט. אזוי איז אויך געווען דער פּאַל מיט דיא אידען, וויא דאס ווערט פּאָרטרעפליך געשילדערט אין שמואל א, ח. אויב דיא אידען האבען אליין ניט געוואוסט, וואס זיי האבען צו ערוואַרטען פון א מלך, האט זיי דער אַלטער שמואל גאַנץ דייטליך ערקלערט, וואס עס הייסט „משפט המלך". אייערע זיהן, האט שמואל זיי גע־וואָרנט, וועט דער מלך מאַכען פאר זיינע סאָלדאַטען, פאר אינ־סטרומענטען פון מלחמה, פאר אָנטרייבערס פון זיינע רייטוועגען;

אייערע טעכטער וועט ער צונעהמען פאר זיין קיך; אייערע בעסטע פעלדער וועט ער פערכאפּען פאר זיך און פאר זיינע דיענערס. ער וועט נעהמען א צעהנטעל פון אייערע פּראָדוקטען און וועט אייך אלעמען מאכען פאר זיינע שקלאווען. און איהר וועט דאַן שרייען פון ווייטאָג, אבער עס וועט אייך שוין ניט העלפען.

נאר אויף אלע טענות פון דעם קלוגען שמואל האבען דיא אידען אין איין קול גענטפערט: מיר ווילען האבען א קעניג, מיר ווילען זיין גלייך מיט אלע נאציאָנען, מיר ווילען האבען איינעם וואס זאָל אונז אָנפיהרען אין אונזערע מלחמות. און זיי האבען זיך אויסגעקליבען א קעניג אין דער פּערזאָן פון שאול, וויא יעדערער ווייס עס. אין דיזער זעהר אינטערעסאנטער און כאראקטעריסטישער שילדערונג פון שמואל ווענען דעם „משפט המלך“ געפינען מיר אויך א'ן אָפּרוף פון דעם קאמפף צווישען דיא גייסטליכע און וועלטליכע מאכט, א קאמפף וועלכער איז געפיהרט געוואָרן ביי פיעלע אנדערע פעלקער, וויא מיר ווייסען עס שוין פון פאָריגען קאפּיטעל. שמואל האט געוועלט אָנהאלטען דיא הערשאפט פון דיא שופטים, אבער דיא בני ישראל האבען געוועלט האבען א בעזונדערן וועלטליכען פיהרער, אום בעסער צו פערטהיידיגען זיך געגען זייערע שונאים, מיט וועלכע זיי האבען געהאט צו פיהרען אָפטע שלאכטען. יעדענפאלס האבען דיא אידען געהאט נאך ערגערע מלכים, וויא שמואל האט עס זיי פאָראויסגעזאָגט. דיא אידישע מלכים זיינען אלע געווען שרעקליכע דעספּאָטען, וויא דיא ביבעל זעלבסט שילדערט עס. איינער איז געווען פערדאָרבענער און גרויזאמער פאר דעם אנדערן. און אזוי איז עס אויך געווען ביי אלע אנדערע פעלקער אין יענע צייטען. דיא אידישע מלכים זיינען ניט געווען א'ן אויסנאהמע; פערקעהרט, זיי האבען ניט געקענט האבען אזא דעספּאָטישע מאכט וויא דיא מלכים פון אנדערע אזיאטישע פעלקער, ווייל דיא ביבלישע געזעץ און דיא נביאים האבען זיי געהאלטען א ביסעל אין צוים.

אין אייראָפּא האבען קליינע פעלקער מיט א רעפּובליקאנישע אדער א בעשרענקטע פּאטריארכאלישע רעגירונגס־פאָרמע געקענט זיך אָנהאלטען און ווייטער ענטוויקלען, ווייל אייראָפּא איז פערהעלט־

ניסמעסיג זעהר ווענינ בעזעצט געוועז מיט מענשען. געגען דיא אַנ־פאַלונגען פון אַזיאַטישע מחנות איז אייראָפּא בעשיצט געוועז דורך דעם מיטעלמעער און דיא סטעפּעס און וועלדער פון רוסלאַנד. דער זידליכער טהייל פון אייראָפּא, וואו עס איז געוועז דיא וויגעלע פון אונזער ציוויליזאַציאָן, איז אויך בעשיצט אין נאָרד־זייט דורך הויכע בערג (אַלפּען, פּירענעען און באַלקאַנען), זאָ דאס דיא שטאַמען, וועלכע האבען ארויסגעוואַנדערט פון אזיען (אַלע אייראָפּעאישע פעלקער זיינען פון אַזיאַטישער אָפּשטאַמונג) און האבען זיך דאָרט בעזעצט, האבען געקענט פיעל רוהיגער און זיכערער לעבען, וויא אין אזיען.

דיא אייראָפּעאישע שטאַמען, וועלכע זיינען דיא ערשטע ארויס־געטראָטען אויף דעם פאָרדערגרונד פון דער געשיכטע, זיינען געוועזען דיא עלינישע אדער גריכישע. זייער אָרגאַניזאַציאָן קען דיענען אלס מוסטער פאר אַלע אַנדערע פעלקער, וואס האבען זיך בעזעצט אין אייראָפּא. דורך דיא גינסטיגע געאָגראַפישע לאַגע פון זייער לאַנד האָבען דיא גריכען זיך שנעלער ענטוויקעלט וויא זייערע שכנים צום נאָרד און וועסט, אבער אָנפאַנגס האבען זיך אַלע אייראָפּעאישע שטאַמען געפונען אונגעפעהר אויף א'ן עהנליכער קולטור־שטופע. אין זייער קליינע לאַנד האבען דיא גריכען געלעבט אין אונאַבהענגיגע גרופּען, וועלכע זיינען מייסטענס בעשטאַנען פון א שטאָט מיט א שטיק לאַנד ארום. זיי האבען פון צייט צו צייט געפיהרט מלחמות אונטער זיך; אבער געגען א'ן אויסלענדישען שונא זיינען זיי אַלע געוועזען פעראייניגט. דאס האבען זיי בעזאָנדערס בעוויזען אין זייער העלדישען קאַמפּף מיט דער מעכטיגער פּערסישער דעספּאָטיע אין אָנפאַנג פון פינפטען יאָהרהונדערט פאר דיא קריסטליכע צייטרעכ־נונג. דיזע הייפעלע פרייע און מוטהיגע מענער פון א קליינינקע לאַנד האבען בעוויזען וואונדער אין א מלחמה מיט דיא 2 מיליאָן סאָלדאַטען און 4000 שיפען פון דעם דעספּאָט קסערקסעס. 300 ספּאַרטאַנער אונטער דער קאָמאַנדע פון זייער קעניג לעאָני־דאס האבען אָפּגעהאַלטען ביי דעם בערג־דורכגאַנג טהערמ פּי־לעס אין טהעסאַליען (א נאָרדליכער טהייל פון גריבענלאַנד) דיא אונצעהליגע מחנות פון קסערקסעס. דיא גריכען האבען פער־

שטאנען, אז זייער אלעמעס פרייהייט איז אין געפאהר דורך דעם אזיאטישען דעספאָטיזמוס, און זיי זיינען אלע ארויסגעטראָטען וויא ברידער פון איין פאמיליע נעגען דעם געמיינשאפטליכען שונא. אין דער בעריהמטער שלאכט לעבען דעם אינזעל סאלאמין האבען די גריכען בעזיעגט דעם ריזיגען פלאָט פון קסערקסעס (אין יאָהר 480 פאר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג) און דערמיט גערעטעט אוי־ראָפּא פון אזיאטישען דעספאָטיזמוס. דער ווילדער דעספאָט קסערק־סעס האט פאר בעס געהייסען שמייסען מיט קייטען דעם ים, אבער ער האט זיך דאך געמוזט צוריקקעהרען נאך פערסיען. ער האט געבושעוועט איבער גאנץ וועסט־אזיען; אבער דאס קליינע גריכענ־לאנד האט ער דאך ניט געקענט איינגעהמען. נאך מעהר, בלויז מיט א 150 יאהר שפעטער האט דיזע הייפעלע גריכען אונטער דער פיהרונג פון אלעקסאנדער מוקדון זיך אָפּגערעכענט פאר דעם אי־בערפאל פון קסערקסעס, צושטערענדיג דיא גאנצע פערסישע אימ־פעריע און איינגעהמענדיג אזיען ביז אינדיען און דערצו נאך אויך מצרים. דיא גריכען זיינען אזוי פערבליבען דיא הערשער פון דער אלטער וועלט ביז עס זיינען אויפגעקומען נייע אויראָפּעאישע וועלט־הערשער — דיא רוימער.

זייער וואונדערבארע קראפט האבען דיא גריכען און שפעטער דיא רוימער בעוויזען נור דורך זייער פרייע אָרגאניזאציאָן. זיי זיינען ניט געווען א מחנה סאָלדאטען, וואס זיינען געטריבען געוואָרן אין מלחמה פון א דעספּאָט אָהנע צו וויסען פאר וואס און פאר ווען, נאר יעדערער איז געווען ציעלבעוואוסט און האט געקעמפפט פאר פרייהייט און פאר זיין פאטערלאנד. דיא פערבינדונגען פון דיא גריכישע שטאמען און פון זייערע קליינע רעפּובליקען זיינען אויך מייסטענס געווען פרייווילליגע. דער צוועק פון דיא פערבינדונגען איז געווען זיכערהייט, פריעדען. איין פאמיליע האט זעלטען איינגעשלונ־גען אזן פערשקלאווט א'ן אנדערע, וויא אין אזיען, דען זיי האבען זיך געפונען אונטער עהנליכע בעדינגונגען און זיינען אלע געווען גע נוג שטארק צו פערטהיידיגען זיך נעגען אָנגרייפער. פאמיליען און געמיינדען זיינען צוגעשטאנען איינע צו דיא אנדערע אוים געמיינ־

שאפטליכע אינטערעסען און זיינען דארום געווען און פערבליבען גלייכבערעכטיגטע מיטגליעדער. אפילו אין דיא שפעטערע צייטען, ווען אין גריכענלאנד איז ענטשטאנען א זעהר גרויסע אונגלייכהייט דורך דיא ענטוויקלונג פון האנדעל, ים־רויב און שקלאווערייַ, וויא דאס איז ערקלערט געווען אין א'ן אנדער קאפיטעל, אפילו דאן האבען דיא גרעסערע רעפובליקען ניט געשטרעבט אין גאנצען צו אונטערדריקען דיא קלענערע, זאנדערן צו האבען א העגעמאניע, דאס הייסט צו האבען א העכערע דעה און אויבערלייטונג אין גאנץ גריכענלאנד. דיא פעלאפאנעזער מלחמה, וועלכע האט אונטערגעגראבען דיא לעצטע קרעפטען פון גריכענלאנד, איז אייגענטליך געפיהרט געווארן צווישען דיא שטארקסטע גריכישע רעפובליקען, אטהען און ספארטא, צוליעב דיא העגעמאניע אין דעם פערבאנד פון אלע גריכישע רעפובליקען.

נאך אין דיא ביז־היסטארישע צייטען, ווען דיא גריכישע שטאמען האבען געהאט זייערע באזילעאוסען אדער קעניגע, זיינען זיי ניט געווען אונטערווארפען צו דיזע קעניגע, וויא דיא שטאמען וואס זיינען פערבליבען אין אזיען. דאס איז געקומען דורך דעם, וואס זיי האבען אויך שטענדיג אנגעהאלטען זייערע ראטהען פון עלטסטע. זייערע קעניגע האבען געקראגען דורך דיא פאטריארכאלישע ארגאניזאציאן אזוי פיעל מאכט, אז זיי האבען געגומען איבערגעבען זייער אמט בירושה צו זייערע זיהן; נאר דאס האט פון דעסטוועגען ניט געשטערט, אז מיט דער צייט זאלען דיזע קליינע מאנארכיעס אומגעוואנדעלט ווערן אין מעהר אדער וועניגער פרייע רעפובליקען. דורך דיא פאמיליען־ראטהען האט זיך דיא ערשטע פאטריארכאלישע ארגאניזאציאן אין גריכענלאנד און אין רוים גאנץ אנדערש ענטוויקעלט וויא אין אזיען. דיא פערטהיילונג פון דיא גייסטליכע און וועלטליכע מאכט פון דיא פאטריארכאלישע קעניגע האט ביסלעכווייז געפיהרט צו א רעפובליקאנישע פארמע. דער באזילעאוס איז געווארן א פריעסט און דיא וועלטליכע מאכט איז איבערגעגאנגען צו דיא אסיפות פון דיא פרייע בירגער. וואס מעהר דיא גריכישע שטאמען און שטעט זיינען געוואקסען, וואס מעהר דיא אינדוסטריע און האנדעל זיינען געשטיגען,

אלין פערשיעדענארטיגער און קאמפליצירטער איז געוואָרן דיא פערוואלטונג פון דיא קליינע שטאאטען. מען האט ניט נאר בעדארפט פערזאָרגען פיעלע נייע זאכען אין דיא פערגרעסערטע שטעט זעלבסט, זאָנדערן אויך אלין מעהר פערהאנדלען מיט דיא אנדערע שטעט און רעפובליקען. דיא יורשים פון דיא באזילעאוסען זיינען נאטירליך ניט אלע מאָל געווען פעהיג צו פערוואלטען זייערע מלוכות וויא געהעריג, און דיא ראטהען פון דיא עלטסטע האבען אין אזעלכע פעלע געמוזט אויסוועהלען פעהיגע פיהרער, בעזאָנדערס אין צייט פון מלחמה און אונרוהען. אויסער דעם האבען דיא באזילעאוסען בעדארפט אָפּגעבען פיעל צייט צו דיא רעליגיעזע צערעמאָניעס. דארום האבען דיא גריכישע געמיינדעס גענומען אָפּגעבען זייערע באזילעאוס־פאמיליען בעשטימטע טהיילען לאנד, אז דיא באזילעאוסען זאָלען זיך קענען לעבען פיין און רוהיג אלס הויפּט־פריעסטער און ריכטער, נאר קריעגספיעהרערס האבען זיי אָנגעפאנגען אויסצר־וועהלען אונטער דיא פעהיגסטע און אָנגעזעהענסטע פון דיא געמיינדע־מיטגליעדער.

אזוי זיינען ענטשטאנען דיא קליינע גריכישע רעפובליקען מיט קעניגע־פריעסטער; אזוי זיינען אויפגעקומען פיעלע גריכישע פריעסטער־פאמיליען, וואס האבען געפיהרט זייער אָפּשטאמונג פון אמאָליגע קעניגע און פלעגען איבערגעבען זייער אמט צו זייערע זיהן בירושה.

אויף דעם זעלבען שטייגער איז דיא מאָנארכישע אָרגאניזאציאָן פון דיא ערשטע רוימער אומגעוואנדעלט געוואָרן אין א רעפובליקאנישע. אין רוים זיינען דיא קעניגע איבערהויפּט געווען אויסערוועהלטע, און עטליכע שטאמען האבען זיך פערבונדען מיט גלייכע רעכטע. דער קעניג ווערט מיט דער צייט נאר א פריעסט, גענאנט ex sacrificulus, און דיא רוימישע געמיינדע פערוואלטעט דיא וועלטליכע אנגעלעגענהייטען. איהר סענאט, א ראטה פון עלטסטע, קריעגט דיא גאנצע שטאאטס־מאכט.

אין מיטעלאלטער האבען זיך אונגעפעהר אויף דיא זעלבע ארט אויסגעטהיילט דיא „פריי שטעט“ אין צענטראל־אייראָפּא, בעזאָנדערס אין דייטשלאנד. דיא ערשטע שטעט אין דייטשלאנד האָ־

בען זיך ענטוויקעלט אין דיא ערטער, וואו דיא קאַטוילישע ביסקופּען אדער „פּרינצען פון דער קירכע" האבען אויך פּאָליטיש געהערשט. דיזע קירכען־פּרינצען האבען ביסלעכווייז אָפּגעטראָטען א טהייל פון זייער מאַכט צו דיא געמיינדען, אום זיי צוצובינדען צו זיך און צו קענען בעסער בעשטיין געגען דיא אָנגריפע פון דיא וועלטליכע פּרינ־צען. זיי האבען אויך בעדאַרפט זיך בעשעפטיגען מיט דעם גאָטעס־דיענסט און מיט רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען, און זייערע דערפער און שטעטלעך האָבען דאַרום געקראָגען זעלבסטפערוואַלטונג. אין דיא לענדער פון דיא וועלטליכע פּרינצען האבען דיא שטעט געמוזט אויסקויפען א רעכט צו האבען אייגענע ריכטער. נאָכהער האבען דיא בירגער, ד. ה. דיא איינוואָהנער פון בורגען אדער גרויסע דער־פער, ארומגערינגעלט זייערע פּלעצער מיט ווענט און האבען ניט זעלטען געקעמפּפט געגען זייערע הערען, אום אָנצוהאַלטען זייערע ערוואָרבענע פּרייהייטען. דאָ איז ניט דער אָרט צו שילדערן דיא העכסט אינטערעסאַנטע געשיכטע, וויא שטעט זיינען ענטשטאַנען און האבען זיך ענטוויקעלט אין אויראָפּאַ. פאַר אונז איז גענוג צו וויסען, אז דיא אורשפּרונגליכע פּרייערע פּאַטריאַרכאַלישע אָרגאַני־זאַציאָן פון דיא אויראָפּעאישע שטאַמען האט שליסליך געפיהרט צו דיא זעלבע רעזולטאַטען אין גריכענלאַנד, רוים און וועסט־אויראָפּאַ. אין מיטעלאַלטער וואָלטען נאָך אין אויראָפּאַ אויך אויפגעקומען אונ־אבהענגיגע פּריעסטער־פאַמיליען וויא אין גריכענלאַנד, ווען דער פּאָפּסט גרעגאָריאוס VII וואלט ניט איינגעפיהרט צו ענדע פון 11־טען יאהרהונדערט, אז דיא קאַטוילישע גלחים זאלען ניט חתונה האבען. דיא קאַטוילישע קירכע איז אַלזאָ געוואָרן דיא יורש'טע פון דעם פערמעגען פון אלע רעליגיעזע אָרדענס.

אין דיא ערגסטע צייטען פון דער רוימישער אימפּעריע, ווען דיא אימפּעראַטאָרס זיינען געוואָרן שרעקליכע טיראַנען און האבען זיך ערקלערט פאַר געטער, און אין דיא פינסטערסטע יאָהרען פון מיטעלאַלטער איז אויראָפּאַ דאָך געווען זעהר וויית פון אַ'ן אזיאַטי־שע דעספּאָטישע מלוכה. שטענדיג איז פערבליבען א קערענדעל פון פרייהייט און אונאַבהענגיגקייט, וועלכער איז געוואַקסען און האט

געשפּראָצט. פון דיזען קערענדעל איז געוואָרן א מעכטיגער און וועלט־בעגליקענדער בוים — דיא אויראָפּעאישע ציוויליזאציאָן. שטענדיג האט וועניגסטענס א טהייל פון פאָלק געהאט א שטיקעל דעה אין דער פערוואלטונג פון לאנד. דיא אַקערבויער זיינען געוועזן מעהר אדער וועניגער פערשקלאווט, צוגעבונדען צו דער ערד, אבער אין דיא שטעט האבען זיך אלין פערמעהרט פרייע בירגער, וועלכע האָבען געפאָדערט און אויך געקראָגען א דעה אין דער רעגירונג דורך דיא פּארלאמענטען. דיא מאכט פון דיא קעניגע איז אויך בעשרענקט געוועזן דורך דיא רעכטע און פריווילעגיעס פון דיא אַדעליגע. דיא שטעט פלעגען זיך דא פערבינדען מיט דיא אַדעליגע געגען דיא קעניגע, דאָרט מיט דיא קעניגע געגען דיא אַדעליגע, וויא דיא אומשטענדען האבען עס געפאָדערט. דיא שטרעבונג פון דיא שטעט איז דערביי שטענדיג געוועזן אָנצוהאַלטען זייערע פרייהייטען, וועלכע זיי האבען זיך ערוואָרבען פאר געלט אדער פאר זייער הילפע אין מלחמות אדער איינפאך מיט געוואלט.

דיא העכסטע און וויכטיגסטע שטרעבונג פון אלע פּאָליטישע אָרגאַניזאציאָנען איז געוועזן און פערבלייבט: זיכערהייט. אפילו דיא ערגסטע דעספּאָטישע מלוכות זיינען שליסליך געוועזן בעסער פאר דיא אונטערטאַנען וויא א צושטאנד פון שטענדיגע איבערפאַלונגען, רויבערייען און מלחמות. דיא פּאַטריארכאַלישע דעספּאָטען האבען געשטיקט און געדריקט, האבען זיך צוגענומען דעם גרעסטען חלק פון דיא פּראָדוקטען און האבען אויך ניט אויפגעהערט צו פיהרען שטענדיגע מלחמות, אום צו פערגרעסערן זייערע מלוכות און צו אונטעריאָכען וואס מעהר פעלקער, אבער זייערע לענדער זיינען זיי געוועזן אין שטאנד צו בעשיצען געגען איבערפאַלונגען און זייערע אונטערטאַנען האבען זיי געקענט צווינגען צו לעבען פריעדליך און צו אַרבייטען. אין פיהפיטערנדען צושטאנד איז מלחמה געוועזן א צוועק, א רעגעלמעסיגע בעשעפטיגונג, און דיא אַקערבויער־שטאמען פלעגען געדולדיג איבערטראָגען דיא גרעסטע טיראַניי פון דיא אַזיאַטישע הערשער, אַבי נור צו שטיין אונטער זייער שוץ און צו זיין פערזיכערט געגען איבערפאַלונגען פון רויבערישע שטאמען, וויא דיא בעדואינען

זיינען עס ביז היינטיגען טאָג פערבליבען. דער אונגליק פאר דיא אזיאטישע פעלקער איז אבער געווען, אז זיי האבען זיך שטענדיג געפונען צווישען צוויי פייערן, דען דיא דעספאָטען האבען געוועלט בעהערשען אלץ מעהר לענדער און האבען דארום געפיהרט שטענדיגע מלחמות. א טהייל פון דיא אונטערטאנען אין דיא דעספאָטישע מלוכות פלעגט אבער דאך בלייבען אויף דיא פעלדער, אין דיא מינען און אין דיא שטעט מעהר אדער וועניגער בעשיצט געגען איבערפאלונגען און רויבערייען, און דאס איז שוין געווען פיעל בעסער וויא א צושטאנד פון שטענדיגע אונזיכערהייט דורך אָפטע געגענזייטיגע מלחמות.

נאר בעזאָנדערס האט זיך דיא שטרעבונג צו זיכערהייט און פריעדען אויסגעדריקט אין דער פאָליטישער אָרגאניזאציאָן פון אויראָפּעאישע פעלקער. דיא פערבינדונגען פון פאמיליען און שטאמען אין קליינע מלוכות אדער רעפּובליקען זיינען הויפּטזעכליך געמאכט געוואָרן, אום אָנצוהאלטען פריעדען אונטער זיך און צו האבען א שטארקערע בעשיצונג געגען פיינדליכע שטאמען. צוליעב דעם זיינען עס דיא פערבונדענע געווען גערעכענט פאר גלייכע בירגער מיט דיא זעלבע שטימע אין דער פערוואלטונג. רוים איז געגרינדעט געוואָרן פון ווייניגסטענס דריי שטאמען, וועלכע האבען זיך אָנפאנגס בעזעצט אויף דריי בערג און האבען זיך ביסלעכווייז אין גאנצען צוזאמענגעשמאָלצען. דיא אונגלייכהייט אין יעדען שטאם, נעמליך דיא פערטהיילונג פון דיא פרייע בירגער אין צוויי קלאסען: פּאטריציער (אריסטאָקראטען) און פּלעבעיער (פּראָסטע בירגער), איז פערבליבען אין דעם בונד. דיא פּאטריציער פון יעדען שטאם האבען געבילדעט דיא העכערע קלאסע און דיא פּלעבעיער זיינען געוואָרן דאס פּראָסטע פאָלק פון דער רוימישער רעפּובליק. אזוי איז עס אויך צוגעגאנגען ביי אנדערע אויראָפּעאישע פעלקער אין דיא אַלטע צייטען, נאר דיא גרינדונג פון רוים איז מעהר בעקאנט און מעהר נאכגעפּאָרשט געוואָרן פון געלעהרטע, און דארום דיענט זיא אלס ביישפּיעל. רוים איז אויך געגרינדעט געוואָרן פערהעלטניסמעסיג ניט לאנג, מיט א יאָהר 753 פאר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג, זאָ דאס מיר קענען

מעהר דערגיין װעגען דעם פון דיא איבערגעבליבענע שריפטען און מאָנומענטען, װיא אפילו װעגען דיא גרינדינג פון דיא ענטװיקעלט־סטע גריכיישע רעפּובליק אטהען.

דיא רוימישע רעפּובליק און שפּעטער דיא אימפּעריע האבען ניט אויפגעהערט צו פיהרען מלחמות, נאר פון דעסטװעגען איז דער־צװעק דערביי ניט בלויז געװען צו בעהערשען און צו פערשקלאַװען פרעמדע פעלקער, נאר אויך איינצופיהרען פריעדען אין דער גאַנצער אַלטער װעלט. דיא ערשטע מלחמות האבען דיא רוימער װירקליך געפיהרט אין דיא אינטערעסען פון פריעדליכען פערקעהר. װען זיי פלעגען צװינגען איין שכן אריינצוטרעטען אין זייער פריעדענס־פער־באַנד, פלעגען זיי זיך צוזאַמענטרעפען מיט א׳ן אנדערן, װעלכער האט װיעדער געשטערט דעם פריעדען. דערגרייכענדיג אזוי אַלץ װייטער און װייטער און בעהערשענדיג גאַנץ איטאַליען, זיינען זיי געקומען אין צוזאַמענשטויס מיט דיא קאַרטהאַגענער, גריכען און אַנדערע פעלקער, װעלכע זיי האבען שוין געזוכט איינצונעהמען און צו בעהערשען, אום צו האבען מעהר שקלאַװען און רייכטהום. אבער איבעראַל, װאו זייערע זיעגרייכע סאַלדאטען האבען דערגרייכט, האָ־בען זיי געזוכט אָנצוהאַלטען אָרדנונג און פריעדען, איינצופיהרען זייער סיסטעם פון פערװאַלטונג און יוריספּרודענץ, צו פערשפּרייטען, מיט איין װאָרט, דיא גריכיש־רוימישע ציװיליזאַציאָן.

דער איינפלוס פון דיזע ציװיליזאַציאָן אויף דיא אַלטע װעלט איז געװען זעהר גרויס, נאר אין אַזיען איז זיא פערניכטעט געװאָרן דורך דיא אָנפאַלונגען פון נייע מחנות קריעגערישע און רויבערישע פיהפיטערער און דורך דיא צו שטאַרק און פעסט איינגעװאָרצעלטע פּאַטריאַרכאַליש־דעספּאָטישע שטאַאטס־פאָרמען; אבער אין אײראָפּאַ איז זיא פערבליבען אפילו אין דיא פינסטערע צייטען פון מיטעלאַל־טער און איז שליסליך ארויסגעטראָטען אין פולער קראַפט אין 15־טען יאָהרהונדערט, א צייט װאס טראָגט אין דער געשיכטע דעם נאָמען רענעסאַנס (renaissance). דיא בעדייטונג פון דיזען װאָרט איז אויפלעבונג, נייע געבורט. אײראָפּאַ האט דאַן װירקליך אָנגעפאַנגען א נייעם לעבען און איז אװעק אויף דעם װעג,

וועלכער האט אונז געבראכט צו אונזער יעצטיגער ציוויליזאציאָנס־שטופע.

דער פונדאמענט פון דער אויראָפּעאישער פאָרמע פון שטאַאטס־אָרגאניזאציאָן איז אַלזאָ געווען א פערבאנד אין דיא אינטערעסען פון פריעדען. מיט דער ענטוויקלונג פון קונסטען, האנדעל און קענטשאפטען זיינען דיא פערבונדענע גרופּען — מיט געוואלט אדער דורך פריעדליכע אָפּמאכונגען — אלץ מעהר צוזאמענגעמישט און צוזאמענגעוואקסען געוואָרן, ביז עס זיינען ענטשטאנען דיא יעצטיגע נאציאָנען.

א גוטען און קלאָרען ביישפּיעל, וויא אזוי דיא אויראָפּעאישע שטאאטס־פאָרמע האט זיך ענטוויקעלט, געפינען מיר אין דער אָרגאניזאציאָן פון דיא סקאנדינאווען (נאָרמאנען און דענען), וועלכע האבען זיך בעזעצט אויף דיא אינזלען גאָטלאנד און אייזלאנד. דאָרטען האבען זיי קיינע בהמות געפונען און האבען זיך גלייך גענומען צו אַקערבוי. דאס לאנד איז פערטהיילט געוואָרן צו איינצעלנע פאמיליען. עטליכע פאמיליען האבען געבילדעט א געמיינדע, און דיא געמיינדען האבען ביסלעכווייז גענומען שליסען א פערבאנד. צוערשט האבען זיך פעראייניגט דיא געמיינדען, וועלכע זיינען געווען אין נעהענטערע בעציהונגען. דיא מיטגליעדער פלעגען זיך אין א בעשטימטע צייט פון יאָהר צוזאמענטרעפען אין א בעשטימטען אָרט. אויף דיזען אָרט פלעגען זיי פיהרען זייער האנדעל, פאסען בעשליסע, משפּט'ן און אויך אָפּהאלטען רעליגיעזע צערעמאָניעס. דיזער צוזאמענטרעף־פונקט איז געווען צוגלייך א יאהרמארק, א געריכט און א טעמפּעל. דאָרט האט זיך אויך געפונען דער אלגעמיינער פייערפּלאץ אלס צייכען פון פערבאנד און פון פריעדען. אזעלכע פריעדליכע גרופּען האבען געטראָגען פערשיעדענע נעמען ביי פערשיעדענע שטאמען און פעלקער — ביי דיא רוימער „קוריא", ביי דיא גערמאנען „זענד", ביי דיא דענען „הערעד" א. ז. וו. — אבער זייער כאראקטער איז פערבליבען דער זעלבער. יעדע פאמיליע האט געהאט איהר פאטריארך, וועלכער איז געווען צוגלייך דער ריכטער און דער פּריסט פון אלע איהרע מיטגליעדער; יעדע געמיינדע האט געהאט א'ן עלט־

סטען אדער אויבער־פאטריארך, וועלכער איז געוועזען אפּהענגיג פון דעם ווילען פון דיא פאמיליען־פאטריארכען. ווען עטליכע געמיינדען פלעגען זיך פערבינדען, פלעגען זיי אויסוועהלען א הויפט, א פיהרער, אדער איבערלאָזען דיא פערוואלטונג פון דיא אלגעמיינע געשעפטען פון פערבאנד אין דיא הענד פון דיא געמיינדע־פאטריארכען, וועלכע פלעגען זיך צוזאממענטרעפען אין בעשטימטע צייטען און ערטער צו פאסען בעשליסע, צו ענטשיידען וויכטיגע שטרייטען און צו בעשטראָפען פערברעכער געגען דיא אלגעמיינע אינטערעסען פון דעם פערבאנד. יעדער הויפט, א גרויסער אדער א קליינער, איז שטענדיג געוועזען אי א ריכטער אי א פריעסט אזוי וויא דיא שופטים ביי אידען.

מיט דער צייט זיינען דיא גרופען זעלבסט געוואקסען אין צאָהל מיטגליעדער און האבען אויך געדארפט שליסען פריעדען מיט דיא גרופען ארום, אום פריעדליך אויסצוטוישען זייערע פראָדוקטען. דיא האנדעלס־אינטערעסען זיינען דאָ געוועזען דיא גרעסטע פריעדענס־מאכער. דיא פערבאנדען זיינען אלץ גרעסער און פעסטער געוואָרען ביז אלע געמיינדען צוזאממען האבען געבילדעט איין שטאאט מיט א געוויסען צענטראל־פונקט. אין רוים, צום ביישפיעל, איז א קוריא בעשטאנען פון עטליכע gentes, ד. ה. פון פאמיליען, וועלכע זיינען געוועזען אדער האבען זיך גערעכענט אלס קרובים; עטליכע קוריען צוזאמען האבען געבילדעט א טריבע (שבט), און דריי פערבונדענע טריבען האבען געגרינדעט דעם רוימישען שטאאט. ביי אידען זיינען געוועזען עהנליכע פערטהיילונגען און פערבינדונגען: עטליכע משפחות האבען געבילדעט א מטה, עטליכע מטות — א שבט און דיא 12 שבטים — דעם אידישען שטאאט.

דיא עלטסטע פון דיא שבטים זיינען געוועזען דיא געזעצגעבערס פון גאנצען פאָלק אזוי וויא אין רוים דער סענאט, וויא ביי דיא אַל־טע טשעכען און אנדערע סלאווען דער „קעמעט" א. ז. וו. יעדער עלטסטער איז געוועזען א פ ע ר ט ר ע ט ע ר פון זיין גרופּע און אלע צוזאמען האבען געפאסט בעשליסע צום וואָהל און בעסטען פון גאנ־צען לאנד. דיא אסיפות פון דיא עלטסטע קען מען בעטראכטען אלס דעם אָנפאנג פון **פ א ר ל א מ ע נ ט א ר י ז מ ו ס.**

דער ענגלישער פּארלאַמענט, וועלכער האט גֶעדיענט אלס מוס־טער פאר אלע יעצטיגע אויראָפּעאישע נאַציאָנען, בעשטייט פון צוויי טהיילען, וואס ווערן גערופען: דיא הויז פון לאָרדען און דיא הויז פון קאָמאָנס. ביידע דיזע געזעצגעבענדע הייזער טראָגען אויף זיך דעם שטעמפּעל פון גאַנץ אַלטע צייטען און פיהרונגען. דיא הויז פון לאָרדען בעשטייט נאך יעצט פון פערטרעטער פון דיא העכסטע פּאַמיליען אין ענגלאַנד. זייער רעכט צו זיצען אין דיזער הויז האָ־בען דיזע פּאַמיליען בירושה. אלע צוזאַמען פערטרעטען זיי יעצט דיא אַלטע רעכטע און פּריווילעגיעס פון דעם אַדעליגען קלאַס. דיא הויז פון לאָרדען איז נאך אויך ביז היינט צו טאָג אַנערקענט פאר דעם העכסטען געריכט אין ענגלאַנד, אזוי וויא אמאָל דער סענאַט אין רוים און איבערהויפּט דיא אסיפות פון דיא עלטסטע, וואס פאר נעמען דיזע אסיפות האבען ניט געטראָגען ביי פערשיעדענע פעלקער.

מיר האבען שוין אין א פריהערן קאַפּיטעל געזעהען, וויא אזוי עס זיינען ענטשטאַנען הערען און בעהערשטע, וויא עס זיינען אויפגעקומען אַריסטאָקראַטישע פּאַמיליען. דיא פערטרעטער פון דיזע פּאַמיליען זיינען געווען דיא עלטסטע, דיא פּאַטערס, patres conscripti, וויא מען האט גערופען דיא סענאַטאָרען אין רוים. זיי האבען געפּאַסט בעשליסע און געזעצע פאר׳ן גאַנצען פּאָלק און האָ־בען נאַטירליך געזוכט צו בעשיצען פריהער זייערע אייגענע אינטע־רעסען. דאס רעכט צו פערנעהמען א זיץ אין דיא אסיפות פון דיא עלטסטע האבען דיא שטאַרקערע און רייכערע אַריסטאָקראַטישע פּאַמיליען פערכאַפּט פיר זיך אין עטליכע לענדער, דאַרונטער אויך אין ענגלאַנד, וואו עס איז אזוי פערבליבען ביז היינט צו טאָג דורך געוויסע אומשטענדען, וועלכע ווערן ערקלערט אין דער געשיכטע פון דיזען לאַנד. אזא הויז פון לאָרדען, וויא אין ענגלאַנד, איז אויך געווען אין סקאָטלאַנד. ביידע דיזע אַריסטאָקראַטישע הייזער זיינען צוזאַמענגעשמאָלצען געוואָרן, ווען ענגלאַנד האט איינגענומען סקאָט־לאַנד. ניט יעדע אַריסטאָקראַטישע ענגלישע פּאַמיליע האט א רעכט אויף א זיץ אין דער הויז פון לאָרדען, בלויז אייניגע וואס זייערע פּאָרפאַטערס האבען זיך ערוואָרבען דיזע פּריווילעגיע. אין דיא אַלטע

צייטען זיינען דיא לאָרדען טאקע געווען ניט נאר דיא הערען איבער דיא אַקערבויער, זאָנדערן אויך דיא אַנפיהרער פון בעשטימטע געגענדען. דיזע געגענדען זיינען געווען דאס אייגענטהום פון עטליכע פערבונדענע געמיינדען, נאר דיא הערען, גענאַנט געוויינליך **גראַפען**, האבען ביסלעכווייז פערכאַפּט דאס לאַנד פאר זיך, וועז דיא ארבייטער זיינען געוואָרן קנעכט אדער פאַנסטשיזניקעס. דיזע גראַפען זיינען אייגענטליך געווען דיא אַלטע פאַטריארכען, נאר אין א נייע פאָרמע. דער ענגלישער נאָמען פיר א בעצירק אונגעפעהר וויא א רוסישער אויעזד הייסט „קאונטי“, וואס עס בעדייטעט א שטיק לאַנד אונטער דער הערשאַפט פון א „קאונט“ אדער גראַף. זאָגאר אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען איז דער נאָמען קאונטי פערבליבען פיר דיא בעצירקען, אין וועלכע יעדער שטאַאט איז פערטהיילט צוליעב אדמיניסטראַטיווע און וואַהל־צוועקען.

אין 11־טען יאָהרהונדערט האבען דיא נאָרמאַנען, וועלכע האַבען זיך פריהער בעזעצט אין פראנקרייך, איינגענומען ענגלאַנד אונטער דער פיהרונג פון ווילהעלם, וואס טראָגט אין דער געשיכטע דיא נעמען עראָבערער אדער ממזר. דיא זיעגערס האבען פערכאַפּט דיא לענדער פון דיא איינגעבאָרענע אדעליגע און אויך פון דיא געמיינדען, און דיא יעצטיגע לאָרדען־פאַמיליען שטאַמען עס מייסטענס פון דיזע פערכאַפּערס. פיעלע פון זייערע אַמאָליגע פריווילעגיעס, וויא אויך דיא פערכאַפּטע גרויסע שטיקער לאַנד, האבען דיא מייסטע פון דיזע נאָרמאַנער פאַמיליען אַנגעהאַלטען ביז יעצט, און דארום איז עס אויך פערבליבען אין ענגלאַנד א הויז פון לאָרדען וועהרענד אין אַנדערע לענדער איז שוין לאַנג דערפון א סמן ניט געבליבען.

וואס אַנבעלאַנגט צו דער הויז פון קאָמאָנס, זאָ איז זיא דער רעזולטאַט פון דעם קאַמפּף, וואס דאס פּראָסטע פאָלק אין אייראָפּאַ האט ניט אויפגעהערט צו פיהרען געגען דיא הערשאַפט פון דיא אַדעליגע אדער אריסטאָקראַטען. דאס איז געווען א קאַמפּף פון דיא געמיינדען געגען דיא הערען, פון דעם נייעם גייסט געגען דעם אַלטען, פון דעם פרייען פערבאַנד געגען דעם אַלטען פאַטריארכאַלישען, פון אַלגעמיינע גלייכע מענשענרעכטע געגען פּריווילעגיען — א

קאמפף, וועלכער ווערט נאך עד היום פארטגעזעצט אין דיא לענ־
דער, וואו דיא אדעליגע בעזיצען נאך געוויסע פריווילעגיען און וואו
גלייכהייט פאר'ן געזעץ ווערט נאך ניט אויסגעפיהרט אין גאנצען.

דיא גאנצע געשיכטע פון גריכענלאנד און רוים איז פול מיט
דיזען קאמפף. אין גריכענלאנד האבען דיא קעמפפענדע פארטייען
געטראגען דיא נעמען אריסטאקראטען און דעמאקראטען און אין
רוים — פאטריציער און פלעבעער. דיזע נעמען זיינען ביז יעצט
פערבליבען אין אלע שפראכען צו בעצייכנען דיא אדעליגע און רייכע
קלאסען און דעם פראסטען פאלק. דיא פלעבעער האבען זיך צור
ערשט ערווארבען דאס רעכט פון פרייע בירגער און א שטימעלע
דעה אין שטאאטס־אנגעלעגענהייטען, נאר דער סענאט איז געבליבען
אין דיא הענט פון דיא פאטריציער. גאנצע 400 יאהר האט געדויי־
ערט דיזער קלאסענקאמפף, וועלכער האט זעהר פיעל מיטגעווירקט
צו דער אפשאפונג פון דיא אלטע פאטריארכאלישע קעניגע און צו
דער איינפיהרונג פון דער רעפובליק. דיא פלעבעער האבען ביסלעכ־
וויז געצוואונגען דיא פאטריציער אלץ מעהר נאכצוגעבען, און זייערע
ריכטער, גענאנט טריבונען האבען געקראגען א גרויסע מאכט. דיא
געזעצע פון דיא 12 טאבעלצעס, וועגען וועלכע מיר האבען שוין גע־
רעט אין א פארינען קאפיטעל, זיינען טהיילוויז ארויסגערופען גע־
ווארען דורך דיא קלאגען פון דיא פלעבעער געגען דיא אויבערמאכט
און פערבאפונגען פון דיא פאטריציער, דיא פאמיליען פון דיא פריי־
הערע געמיינדע־פאטריארכען. ביסלעכוויז האבען דיא פלעבעער אויך
געצוואונגען דיא פאטריציער צו אנערקענען דיא זא גענאנטע comita
tributa. דאס זיינען געוועזען פאלקספערזאמלונגען, וואו פרייע בירגער
האבען געהאט א גלייכע שטימרעכט. דער הויפטצוועק פון דיזע
פאלקספערזאמלונגען איז אנפאנגס געוועזען אויסצוקלייבען דיא טריבו־
נען צו פערטרעטען דיא אינטערעסען פון דיא פלעבעער אין דער
רעפובליק; אבער נאכהער האבען זיי געקראגען א גרויסע וויכטיג־
קייט אין שטאאטס־אנגעלעגענהייטען.

דיזע קאמיטא טריבוטא קען מען רעכענען פאר דעם אנפאנג פון
דיא היינטיגע פארלאמענטען אדער פון געזעצגעבענדע הייזער, וואו

עס זיצען דעפּוטאַטען, אויסערוועהלטע פערטרעטער פון פאָלק. אין גריבענלאַנד, בעזאָנדערס אין דער אַטהענער רעפּובליק, זיינען דיא אסיפות פון פרייע בירגער געוואָרן דיא הערשענדע מאַכט. דיא גריכישע אַריסטאָקראַטען זיינען קיין מאָל ניט געווען אזוי שטאַרק וויא דיא רוימישע פּאַטריציער, און דער קאַמפּף מיט זיי איז דארום געווען לייכטער, זאָ דאס עטליכע גריכישע רעפּובליקען זיינען געוואָרן דעמאָקראַטישע, דאס הייסט אונטער דער הערשאַפט פון גאַנצען דעמאָס אדער פאָלק.

אין מיטעלאַלטער איז דער זעלבער קאַמפּף אָנגעפיהרט געוואָרן צווישען דיא אַדעליגע און דיא גרויסע דערפער אדער בורגען, וועלכע זיינען ביסלעכווייז געווארן שטעט. דיא פרייע בירגער פון דיא שטעט, וועלכע זיינען געווען צוטהיילט אין צעכען נאך זייערע בעשעפטיגונגען, האבען אָנגעפאַנגען צו פערלאַנגען אלץ מעהר רעכט און פרייהייט. דיא איינוואָהנער פון דיא בורגען האבען געבילדעט דעם מיטעלקלאַס אדער בירגערשטאַנד, וועלכער איז בעשטאַנען פון קויפלייטע און מייסטערס־האַנדווערקער. דער וואָרט בירגער האט אָנפאַנגס בעדייטעט א'ן איינוואָהנער פון א בורג. אזוי וויא דיזע איינוואָהנער האבען זיך ערוואָרבען פרייהייט ביי דיא אַדעליגע און גייסטליכע הערען, האט דער וואָרט בירגער שפּעטער אויך בעדייטעט א פרייען מאַן מיט א שטימרעכט אין שטאַאטס־אַנגעלעגענהייטען, וואס מיר פערשטייען אויך יעצט אונטער דיזען וואָרט. דער פראַנצויזישער וואָרט פיר בירגער איז בורזשואַ און פיר בירגערשטאַנד — בורזשואַזיע. יעצט הייסט בורזשואַזיע דער מיטעלקלאַס, ספּעציעל קויפלייטע און פאַבריקאַנטען. אונגעפעהר אזוי איז עס אויך געווען אין מיטעלאַלטער, נאר אזוי וויא דיא אינדוסטריע און האַנדעל זיינען נאך געווען ווייניג ענטוויקעלט, איז דיזער קלאַס געווען קליין אין צאָהל און דארום אויך פּאָליטיש שוואך. דאס פאָלק איז בעשטאַנען פון אַקערבויער, וועלכע זיינען געווען צוגעבונדען צו דער ערד, און איבער זיי האבען געהערשט דיא אַדעליגע, וועלכע זיינען דארום געווען דיא הויפּטמאַכט אין שטאַאט.

נאר דיא שטעט זיינען ביסלעכווייז אלץ געוואַקסען אין בע־

פעלקערונג און אין רייכטהום און זיי האבען דארום אויך געקראָגען אלץ מעהר מאכט און זיך ערוואָרבען אלץ מעהר פרייהייטען ביי דיא גראפען, פירסטען און קעניגע. זיי האבען אלץ מוטהיגער גענומען פערלאנגען א שטימע אין דער רעגירונג און אין דיא שטאאטס־אסיפות אדער פּארלאמענטען. אין 1241 יאהר האבען זיך עטליכע דייטשע שטעט פעראייניגט, אום צו פערטהיידיגען זייערע רעכטע און פריווילעגיען געגען דיא פּרינצען און אויך צו בעשיצען דעם האנ־דעל געגען רויבער אויף דער יבשה און אויף'ן באלטישען ים. דיזער פערבאנד איז בעקאנט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען האנזא. פיעלע שטעט זיינען צוגעשטאנען צו דיזען בעריהמטען בונד, אפילו אויך צווייי רוסישע שטעט, נעמליך: נאָווגאָראָד און פּסקאָוו. דיזע שטעט האבען געהייסען פרייע, ווייל זיי האבען דורך געוויסע אָפּמאכונגען מיט דיא פירסטען אדער קעניגע געקראָגען דאס רעכט פון זעלבסטפערוואלטונג. דער האנזא־פערבאנד איז געוועזען צוגלייך א קאָמערציעלער און א פּאָליטישער. ער האט גע־שפּיעלט א העכסט וויכטיגע ראָלע אין דער געשיכטע פון אייראָפּא און האט עקזיסטירט עטליכע יאָהרהונדערט. אם ענדע פון 16־טען יאָהרהונדערט איז ער בעשטאנען פון 64 האנדעלס־שטעט, האט בעזעסען א'ן אייגענעם פלאָט, א'ן אייגענע אַרמעע, א בעזונדערע קאסע און זאָגאר א ספּעציעלע רעגירונג. דיזע האנזא־שטעט זיינען געוועזען א שטאאט אין א שטאאט, און אייניגע פון זיי, וויא ליובעק, ברעמען און האמבורג, בעזיצען נאך יעצט א סך פון דיא אלטע פּריווילעגיען און הייסען פרייע שטעט.

עס איז שוין אויבען בעמערקט געוועזען, אז אין זייער קאמפּף פאר פרייהייט האבען דיא שטעט אמאָל געשטיצט דיא באראָנען, גראפען און פירסטען געגען דיא קעניגע און אמאָל פערקעהרט, וויא זייערע אינטערעסען האבען עס געפאָרדערט. געוויינליך פלעגען דיא שטעט שטיצען דיא זייט, וועלכע פלעגט זיי פערזיכערן מעהר פריע־דען און פערשפּרעכען מעהר פּריווילעגיען. אין פראנקרייך האבען דיא שטעט געשטיצט דיא קעניגע געגען דיא אדעליגע, וועלכע האָ־בען געוועלט אָנהאלטען אלע זייערע אלטע פּריווילעגיען און האבען

געוועלט זיין וואס מעהר אונאבהענגיג פון קעניג אין זייערע גיטער און געגענדען. מיט דער הילפע פון דיא שטעט האבען אבער דיא פראנצויזישע קעניגע געבראכבען דיא מאכט פון אדעליגען קלאס, נאר דאס האט וויעדער געפיהרט צו א נייע צרה פאר'ן פאָלק, נעמליך: צו א'ן אבזאָלוטע הערשאפט פון דיא קעניגע, וועלכע הערשאפט איז ערשט געבראָכען געוואָרן פון דעם פערשטארקטען און ענטוויקעלטען מיטעלקלאס מיט דער הילפע פון דיא פערקנעכטעטע בויערן אם ענדע פון 18־טען יאָהרהונדערט דורך א רעוואָלוציאָן, דיא גרויסע פראנצויזישע רעוואָלוציאָן פון 1789 יאָהר.

דאן איז אָפּגעשאפט געוואָרן דיא אלטע מלוכה מיט אלע פריווילעגיען פון דיא אדעליגע; דיא בויערן זיינען בעפרייט געוואָרן, און אלע מענשען זיינען ערקלערט געוואָרן פאר גלייכבערעכטיגטע בירגער.

אין ענגלאנד איז עס גראדע אויסגעקומען פערקעהרט: דיא איינוואָהנער פון דיא בורגען און שטעט האבען זיך פעראייניגט מיט דיא אדעליגע געגען דיא קעניגע. דורך דעם האבען דיא אדעליגע געמוזט צולאָזען, אז דיא שטעט זאָלען האבען א דעה אין דער פערוואלטונג פון לאנד. דיא אדעליגע האבען אבער ניט געוועלט זי־צען צוזאמען מיט דיא פערטרעטער פון דיא קאָמאָנס אדער גע־מיינדען, אזוי וויא דיא סענאטאָרען פון רוים האבען ניט געוועלט זיצען צוזאמען מיט דיא פערטרעטער פון דיא פלעבעער. דיא לאָר־דען האבען דארום פערטראָטען זייערע קלאסען־אינטערעסען אין זייער אלטע הויז, און דיא געמיינדען פון מיטעלקלאס האבען אויסגעוועהלט אייגענע פערטרעטער, וועלכע האבען זיך פערזאמעלט בעזונדער. דאס איז געשעהען אין 13־טען יאָהרהונדערט און דאס איז געווען דער אָנפאנג פון דיא הויז פון קאָמאָנס.ביידע הייזער האבען גע־האנדעלט צוזאמען צו בעשיצען זייערע פרייהייטען און רעכטע און האבען זעהר שטארק בעשרענקט דיא מאכט פון דיא קעניגע. ניט איין מאָל איז זיי אויסגעקומען צו בעקעמפּפען איינע דיא אנדערע, ווען זייערע קלאסען־אינטערעסען האבען עס געפאָדערט; אבער גע־גען דיא קעניגליכע מאכט זיינען זיי געוויינליך געווען איניג.

אויף אזא ארט איז אין ענגלאנד צוערשט איינגעפיהרט גע־
וואָרן דיא רעגירונגס־סיסטעם, וואס ווערט גערופען קאָנסטיטוציאָנע־
לע אדער רעפּרעזענטאטיווע און וואס איז אין 19־טען יאָהרהונדערט
אָנגענומען געוואָרן אין אלע וועסט־אייראָפּעאישע לענדער און אויך
אין יאפּאן, דיא פאָרטגעשריטענסטע מדינה פון אזיען. דיזע סיסטעם
איז מעהר אדער ווייניגער בעקאַנט יעדען איינעם. זיא בעשטייט אין
דעם, דאס דיא רעכטע און פרייהייטען פון פאָלק ווערן בעשטימט
דורך געזעצע, וואס הייסען קאָנסטיטוציאָנעלע און וואס דיענען אלס
פונדאמענט פון דער שטאאטס־אָרגאניזאציאָן. דיא הויפּט־פּונקטען
פון דיזע קאָנסטיטוציאָנעלע געזעץ זיינען, דאס דיא געריכטליכע
מאכט איז מעהר אדער ווייניגער אונאבהענגיג פון דער רעגירענדער
אדער אויספיהרענדער, דאס דיא רעגירענדע מאכט איז אבהענגיג
פון דער געזעצגעבענדער און דאס דיא געזעצגעבענדע מאכט געהערט
צום פאָלק זעלבסט דורך זיינע אויסערוועהלטע רעפּרעזענטאנטען
אדער פערטרעטער. אלס הויפּט פון דיא אויספיהרענדע מאכט
קען זיין א קעניג אדער א פרעזידענט, וועלכער ווערט דירעקט אדער
אונדירעקט אויסגעוועהלט פון פאָלק, אבער דיא געזעצגעבענדע מאכט
מוז געהערען צו פּארלאמענטען אדער אסיפות פון פאָלקס־פערטרע־
טער. זאָנסט איז עס ניט א קאָנסטיטוציאָנעלער שטאאט, נאר א'ן
אבזאָלוט־מאָנארכישער נאך דעם אלטען שטייגער. אין דיא לענדער
אָהן א קאָנסטיטוציאָן ליגט דיא געזעצגעבענדע מאכט אין דיא הענד
פון דיא קעניגע.

---

# זעכצעהנטער קאַפּיטעל.

## געזעץ, געריכטען און שטראָפען.

פויסטרעכט. — דיא ענשטעהונג פון געזעץ און געריכטען דורך דיא ווירקונגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען. — דיא עלטסטע געשריבענע געזעצגעבונגען. — גרויזאַמע שטראָפען. — געריכטען אין אַזיאַטישע און אוראָפּעאישע שטאַאַטען. — חזקה־צערעמאָניעס. — מאַרקען און געריכטס־פּלעצער. — העכערע און נידעריגערע געריכטען. — דיא ערשטע געריכטס־פיהרונגען אין רוים. — חזקה דורך מאַנציפּאַציאָן. — ווינדעקסען. — פאָלקסגעריכטען און שעפענס ביי דיא אַלטע דייטשען. — קרימינאַל־געריכטען און גאולת הדם. — דיא איינפיהרונג פון געלטשטראָפען פאר מאָרדען. — פערשטאָרבענע אלס עדות. — אָראַקעל און אַנדערע מיטעל צו דערגיין דורך דיא גייסטער און געטער דעם אמת אין געריכטען. — געטליכער משפּט. — דיא פאָרמען פון אָרדאַליען און פון געוויינליכע שבועות. — עדות און צייכענס צו געדיינקען דיא פערהאַנדלונגען וועגען אייגענטהום. — פייניגונגען אין געריכטען. — זעלבסט־פייניגונגען פאר פערברעכען. — זעלבסט־פייניגונגען נאך דיא הייליגע ביכער פון דיא אַלטע אינדוסען.

---

אויב מען דאַרף גאר האבען בעווייזע, אז דיא ערשטע מענשען פלעגען ענטשיידען זייערע שטרייטען מיט זייערע פויסטען, קענען מיר זיי געפינען אין דיא אַלטע געזעצגעבונגען און אפילו אין דעם זאָ גענאַנטען „געטליכען משפּט“, פון וועלכען עס וועט שפּעטער דיא

רייך זיין. דער שטארקער האט ניט נאר בערויבט דעם שוואכען אויף דעם שטייגער פון ווילדע חיות, נאר האט נאך אויך אויפגעפרעסען זיין געפאלענעם אָפּפער. יושר און רעכט זיינען געווען אזוי פרעמד דיא ערשטע מענשען, וויא זיי זיינען פרעמד דיא העכערע סאָרטען חיות. אבער וויא נאר מענשען האבען זיך אָנגעפאנגען צו פערבינדען אין מעהר אדער ווייניגער גרויסע פאמיליען-גרופּען, איז שוין זייער אלגעמיינער אינטערעס געווען צו פערהיטען דיא עקזיסטענץ פון דיא שוואכע מיטגליעדער געגען דיא קולאקעס פון דיא שטארקע. עטליכע שוואכע מיטגליעדער צוזאמען האבען נאטירליך געקענט בעזיעגען א שטארקען, און דאס האט ביסלעכווייז געמוזט פיהרען דערצו, אז דיא שטארקערע זאָלען זיך אָנהייבען צו רעכנען מיט דעם ווילען פון דער גאנצער גרופּע.

מיר געפינען דארום ביי דיא ווילדעסטע פעלקער געוויסע רעגעלען, וועלכע אלע מוזען פאָלגען. ענטשיידונגען פון שטרייטען דורך דיא קראפט פון פויסט זיינען נאך אין מאנכע פעלע אנערקענט אין דיא ציוויליזירטעסטע לענדער, וויא צום ביישפּיעל דועלען ביי דער ענטשיידונג פון פראגען וועגען עהרע; אבער מען האט אלץ מעהר גענומען איינפיהרען בעשרענקונגען. דיא קעמפּפענדע האבען געמוזט אָננעהמען בעשטימטע רעגעלען און ברייגנען עדות דערביי, אז דער זיעגער זאָל ניט בעשולדיגט ווערן אין מארד און אז דיא געמיינדע זאָל דעם פויסט-קאמפּף אנערקענען פאר א מין רעגעלמעסיגען גערילכט. קורץ, דיא איינגענמאכט האט געמוזט אלץ מעהר בעשרענקט און בעשטראָפט ווערן, וואס מעהר מענשען עס האבען זיך אָנגעפאנגען צו פערבינדען צוזאמען. יעדער צוזאמענלעבען וואלט געווען אונמעגליך, ווען יעדער איינער וואלט געמעגט טאָן, וואס ער וויל, און ווען דער ווילען פון דער מעהרצאָל, וועלכער איז נאטירליך שטענדיג געווען צו גונסטען פון פריעדען צווישען דיא מיטגליעדער, וואלט קיין מאָל ניט אויסגעפיהרט געוואָרן.

דער ווילען פון דעם כלל האט נאטירליך אלץ מעהר געמוזט אויסגעדריקט ווערן אין אלגעמיינע רעגעלען, און דאס איז געווען דער ריכטיגער אָנפאנג פון רעכט, פון געזעץ און פון געריכטען. וויא

פיעל צייט עס האט גענומען ביז מענשען זיינען געקומען צו אזא שטופע, ווען דער צוזאמענלעבען איז פיעל ווייניג רעגולירט געוואָרן דורך בעשטימטע רעגעלען, דאס קענען מיר ניט וויסען. עס איז קלאָר יעדענפאלס, אז דיזע שטופע האט ערשט געקענט דערגרייכט ווערן, ווען מענשען האבען שוין געלעבט אין גרויסע פאמיליען, וועל־כע זיינען געוועזן, וויא מיר ווייסען עס שוין, דיא ערשטע געזעל־שאפטליכע פערבינדונגען.

דער אָנפאנג פון געריכטען איז נאטירליך ענג פערבונדען מיט דיא ארט און ווייזע, וויא דיא פאמיליען האבען זיך ענטוויקעלט און זיך פעראייניגט פיר געגענזייטיגע בעשיצונג. ווען פאָטער־רעכט האט פערנומען דעם פּלאץ פון מוטער־רעכט, וויא עס איז ערקלערט גע־ווען אין דיא קאפיטלען איבער פאמיליען־לעבען, זיינען דיא פאטרי־ארכען זעלבסטפערשטענדליך אויך געוועזן דיא ריכטער איבער דיא מיטגליעדער אונטער זייער הערשאפט. דיא פאָטערליכע מאכט פון א פאטריארך איז געוועזן צוגלייך א געזעצגעבענדע און ריכטערליכע. דער פאטריארך האט בעפוילען און בעשטראָפט, וויא ער האט גע־וועלט און פערשטאנען. זאָ לאנג דיא פאטריארכאלישע פאמיליען זיינען פערבליבען אָפּגעזונדערט איינע פון דיא אנדערע, איז ניט גע־ווען קיינע העכערע מאכט צו בעשרענקען דעם ווילען פון דיא פאָ־טערס איבער דעם לעבען פון זייערע קינדער און אלע אנדערע, וואס זיינען גערעכענט געוועזן אלס זייער הויזגעזינט. דער אינטערעס פון א פאטריארך איז זעלבסטפערשטענדליך געוועזן אז זיין פאמיליע זאָל בעזיצען וואס מעהר פערמעגען און זיין וואס צאָהלרייכער און שטאַר־קער, נאר קיינער האט איהם ניט געקענט צווינגען צו האנדלען שטענדיג נאך דיזען אינטערעס. קיינער האט איהם, צום ביישפּיעל, ניט געקענט פערוועהרען צו ערמאָרדען זיינעם א קינד, ווען ער איז געוועזן אין כעס אויף איהם. קורץ, א פאטריארכאלישער געריכט איז געוועזן דאס זעלבע וואס דער פאָטערליכער ווילען.

נאר ווען פאמיליען האבען זיך אָנגעפאנגען צו פעראייניגען אין אלץ גרעסערע גרופּען, וויא מיר האבען דאס שוין געזעהען אין דיא פאָריגע צוויי קאפּיטלעך, איז שוין דיא מאכט פון דיא פאטריארכען

איבער זייערע פאמיליען ביסלעכווייז בעשרענקט געוואָרן דורך דיא אלגעמיינע אינטערעסען פון דער גרופּע. דיא שטרייטען צווישען מיטגליעדער פון אָפּגעזונדערטע פאמיליען האט מען אָנגעפאנגען צו שליכטען פריעדליך דורך דיא בעשטימונגען פון דיא עלטסטע אנ־שטאָט דורך א געשלעג, וויא אין פריהערע צייטען. דיא עלטסטע זיינען געוויינליך געוועזן פאטריארכען פון דיא פעראייניגטע פאמיליען. זיי האבען געמוזט אויפּפאסען, אז אלע זאָלען זיך פיהרען נאך אל־געמיינע רעגעלען, וועלכע זיינען אריינגעטראָטען אין קראפט דורך דיא אומשטענדען פון געזעלשאפטליכען לעבען. א פאטריארך האט שוין ניט געקענט האנדלען אייגענהענטיג, ווען זיינע האנדלונגען האָ־בען ניט געשטימט מיט דיא אינטערעסען און מנהגים פון דער גאנצער געמיינדע. דיא פריהערע אונבעשרענקטע מאכט פון דיא פאטריארכען איז אזוי ביסלעכווייז איבערגעגאנגען צו א ראטה פון עלטסטע. דיא ענטשיידונגען פון דיא עלטסטע זיינען געוואָרן געזעץ. אין זייערע ענטשיידונגען האבען דיא פאטריארכען און שופטים גע־האנדעלט נאך זייער פערשטאנד, און אזוי וויא אויף דיא זעלבע שטופע פון ענטוויקלונג דיינקען געוויינליך מענשען אויף דער זעלבער אָרט און וויזע, זאָ זיינען דיא ערשטע בעשטימונגען און מנהגים געוועזן עהנליך ביי אלע פעלקער.

דער געזעלשאפטליכער לעבען פון דיא ערשטע גרופּען איז גע־וועזן זעהר איינפאך, און זייערע אלגעמיינע רעגעלען זיינען דארום אויך געוועזן זעהר איינפאך, צוגעפּאסט צו דיא אומשטענדען. דיא ערשטע שטאאטס־פערבינדונגען האבען געוויינליך געהאט א מיליטערישען צוועק. עטליכע פאמיליען פון איין אָפּשטאמונג פלעגען זיך פעראייניגען, אום בעסער צו בעשיצען זיך געגען איבערפאלונגען אדער אום אליין צו איבערפאלען אנדערע. דיא אינערליכע אָרגאני־זאציאָן פון יעדער מיליטערישער גרופּע איז פערבליבען, וויא פריהער, דאס הייסט: אונטער דער הערשאפט פון דיא פאטריארכען. נאר מיט דער צייט איז דער מיליטערישער פערבאנד אויך געוואָרן א מיטעל פון אינערליכע אָרגאניזאציאָן אין דיא גרופּען. דיא פערבונדענע פאמיליען האבען זיך אָנגעפאנגען צו פיהלען און צו בע־

טראכטען אלס מיטגליעדער פון איין שטאם, און דיא פריהערע אפּזונדערונג אין פאמיליען איז דארום שוואכער געווארן. דיא וואס פלעגען זיך אויסשיידען פון דיא גרויסע פאמיליען, אום צו זיין פרייער און אונאבהענגיגער, פלעגען שוין קענען עקזיסטירען אונטער דעם שוץ פון שטאאט. דיא אלגעמיינע פערוואלטונג פון דער גרופּע איז דורך דעם אלץ קאמפּליצירטער און פערשיעדענארטיגער געווארן, און דאס הייסט מיט אנדערע ווערטער, אז מען האט געמוזט פאסען אלץ מעהר נייע בעשליסע צו רעגולירען דעם געזעלשאפטליכען לעבען און איינפיהרען רעגעלמעסיגע געריכטען מיט בעשטימטע שטראפען פאר פערשיעדענע פערברעכען און פאר אונגעהארכזאמקניט.

דאס אלעס איז ווידער געווען דער רעזולטאט פון דער געזעלשאפטליכער ענטוויקלונג. דיא געשיכטע פון אלטע צייטען צייגט אונז אן אויף גרויסע געזעצגעבער, און געוויס זיינען אזעלכע מענשען וויא מאנו (ער ווערט גערעכענט פאר דעם הויפּט־פערפאסער פון דיא הייליגע געזעצביכער פון דיא אלטע אינדוסען), מען (ער ווערט גערעכענט פאר דעם פערפאסער פון דיא עלטעסטע עגיפּטישע געזעץ), משה, סאלאן, ליקורג א. ז. וו. — געווען גרויסע גאונים; אבער אין אמת'ן האבען זיי נאר צוזאמענגעשטעלט אין א געוויסע ארדנונג און בעסער אויסגעדריקט דיא געזעץ און מנהגים, וואס זיינען אין פערלויף פון ווער ווייסט וויא פיעל יאהרען אנגענומען געווארן פון דיא פעלקער, אום צו קענען פריעדליך לעבען אין געזעלשאפטען. דיא עלטעסטע געזעצגעבונגען זיינען זעהר יונג אין פערגלייך מיט דיא ניט געשריבענע געזעץ, וואס פלעגען מינדליך איבערגעגעבען ווערן פון איין דור צום אנדערן. ווען מען איז דערגאנגען צו דער קונסט פון שרייבען און מען האט אנגעפאנגען צו פערצייכנען דיא געזעץ און רעליגיעזע פארשריפטען און צערעמאניעס, האט מען נאטירליך אזא וויכטיגע ארבייט איבערגעגעבען צו דעם קליגסטען אנפיהרער אדער בעסטען ריכטער, וועלכע האבען אלעס צוזאמענגעקליבען, און דיא שפּעטערע דורות האבען גענומען בעטראכטען דיזע פערזאן אלס דעם אמת'ן פערפאסער פון דיא „הייליגע" געזעצביכער. דיא שטרעבונג צו פריעדען, וועלכע האט געפיהרט צו דיא ארגאני־

זאציאָן פון שטאאטען, וויא מיר ווייסען עס, האט צוגלייך בעוואָגע דיא מענשען צו בעשטימען געוויסע אלגעמיינע רעגעלען, וועלכע אלע זאָלען פאָלגען. דיא אָרגאניזאציאָן פון שטאאטען און געריכ־טען איז אַלזאָ געגאנגען האנט אין האנט אין דיא אינטערעסען פון דיא געזעלשאפטליכע גרופּען.

דאָרט וואו עס זיינען אויפגעקומען שטאאטען נאך דעם מוס־טער פון שטרענג פּאטריארכאלישע פאמיליען, וויא דיא אזיאטישע דעספּאָטיען — דאָרט איז דער הערשער נאטירליך פערבליבען דער הויפּט־ריכטער, נאר ער האט דאך שוין אליין ניט געקענט ענטשיי־דען אלע שטרייט־פראגען און משפט'ן אלע פערברעכער. א טהייל פון זיין מאכט האט ער געמוזט איבערגעבען צו זיינע אנפערטרויטע דיענער, וועלכע זיינען געוואָרן דיא ריכטער. ער אליין האט געקענט און געמעגט ענטשיידען, וויא עס האט זיך איהם געלוסט, ער איז פאר קיינעם ניט פעראנטוואָרטליך געווען, אפילו ניט פאר דיא געט־טער, דען ער איז דאך גערעכענט געווען פאר א פערקערפּערטען גאָט, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דיא פּאריגע קאפּיטלעך. אבער זיינע אָנגעשטעלטע ריכטער זיינען געווען פעראנטוואָרטליך צו איהם. זיי האבען איהם בעדארפט אָפּגעבען א רעכנונג פון זייער דין ומשפט און זיי האבען געמוזט זעהען, אז ער זאָל בלייבען צופריעדען מיט זיי און מיט זייערע ענטשיידונגען. אום צו קענען אויספיהרען זיין ווילען האבען זיי געמוזט האבען געוויסע אויסגעארבייטע רעגעלען, און דאס האט נאטירליכערווייזע געפיהרט צו א בעשטימטע געזעצ־געבונג און צו א געוויסע אָרגאניזאציאָן פון רעגעלמעסיגע געריכטען.

דיא שטראָפען זיינען אָנפאנגס געווען זעהר גרויזאמע, וויא דיא מענשען זעלבסט. עין תחת עין, שן תחת שן איז געווען דער פּרינציפּ פון גערעכטיגקייט. פאר גאנץ אונבעדייטענדע פערברעכען פלעגט מען בעשטראָפען מיט אָפּהאקען גליעדער און אפילו מיט'ן טויט. ביז מען האט גענומען בויען געפענגנישע זיינען פאָריבער ווער ווייסט וויא פיעל יאָהרען. אפילו אין דיא צייטען, ווען אנ־שטאָט אויפצופרעסען קריעגס־געפאנגענע, האט מען זיי גענומען מאַ־כען פאר שקלאַווען, איז א מענשען'ס לעבען זעהר ווייניג געשעצט

געווען. דיא וואס האבען ניט געפאַלגט דיא אָנגענומענע געזעץ און האבען געשטערט דעם פריעדען פון כלל, זיינען אָהן צערעמאָניעס געטויטעט געוואָרן. דיא שטראָף איז איבערהויפּט ניט געשאצט געווען נאך דעם פערברעכען. דער פּאַטריארך, וועלכער האט בע־טראַכט יעדע איבערטרעטונג פון זיין ווילען פאר א גרויסען פער־ברעכען, האט אין זיין צאָרן בעשטראָפט וויא ער האט געוועלט. אום מען זאל מורא האבען פאר איהם, האט ער געזוכט איינצושרע־קען דורך גרויזאמע שטראָפען. זייער כעס פלעגען דיא פּאַטריאַר־כאַלישע הערשער אויסלאָזען צו גאַנצע שטאמען, צו גאַנצע דערפער און געגענדען, אפילו צו ניט־לעבעדיגע זאכען.

אין פּאָרינען קאַפּיטעל איז שוין בעמערקט געווען, אז דער פּערסישער דעספּאָט קסערקסעס האט געהייסען שמייסען מיט קיי־טען דעם ים, וויל זיינע שיפען זיינען אונטערגעגאַנגען אין דער צייט פון א גרויסען שטורם, ווען ער האט זיי געשיקט צו פערניכטען דיא „חוצפּה׳דיגע״ גריכען. דאס איז גאר ניט געווען אזא משוגעת, וויא מיר דיינקען עס יעצט. דער פּערסישער דעספּאָט, וועלכער האט זיך גערעכענט פאר א גאָט, האט אויף אזא ארט געוועלט בע־שטראָפען דעם ים־גאָט ווענען ער האט געהאַלטען פעראַנטוואָרט־ליך פאר דעם שטורם און דיא צערשטערונג פון זיינע שיפען. אזעל־כע בעשטראָפונגען זיינען גאר ניט געווען אזא זעלטענהייט, און אין דער ביבעל זעלבסט געפינען מיר ביישפּיעלע פון אזא משונה׳דיגע פּאַטריאַרכאַלישע גערעכטיגקייט. עס איז גערעכענט געווען פאר א גאַניץ געוויינליכע זאך צו בעשטראָפען גאַנצע פאַמיליען און זאָגאר שטעט פאר דעם פערברעכען פון איין מיטגליעד. אפילו דיא צו־קונפטיגע דורות זיינען גערעכענט געווען פאר מיטשולדיגע. דאס איז שוין געווען פערבונדען מיט רעליגיעזע אַנזיכטען מען האט נעמליך געגלויבט, אז דער בייזער גייסט פון דיא עלטערן גייט איבער צו דיא קינדער און קינדס־קינדער.

דיא ערשטע געזעץ און געריכטען זיינען נאַטירליך געווען קרי־מינעלע. אויסער גנבה זיינען דיא פערברעכען געוויינליך געווען געגען פּערזאָנען, מייסטענס רויב פון פרויען און מאָרדען. דארום זיינען

אויף דיא שטראָפען געווען אזעלכע גרויזאמע. אונגעהאָרכזאמקייט צו דיא פאטריארכען איז גערעכענט געווען פאר אונגעהאָרכזאמקייט צו דיא געטער און איז דאדורך זעהר גרויזאם בעשטראָפט געוואָרן. דיא ציווילנע אדער בירגערליכע געזעץ זיינען ענטשטאנען פיעל שפעטער, הויפטזעכליך ווען פריוואט־אייגענטהום האט זיך אָנגעפאנגען צו ענטוויקלען. עס איז קלאָר, דאס זאָ לאנג אייגענטהום איז געווען געמיינשאפטליך, האט מען ניט בעדארפט האבען אונזערע יעצטיגע בערג מיט געזעץ וועגען קויפען, פערקויפען, ירושה, חובות, פראָצענטען, באנקראָטען א. ז. וו. שטרייטען וועגען אייגענטהום האבען געקענט פאָרקומען צווישען פאמיליען און שטאמען, און דיזע שטרייטען זיינען געוויינליך ענטשיעדען געוואָרן דורך מלחמות און ניט דורך געריכטען.

אין דיא שטאאטס־אָרגאניזאציאָנען אויף דעם אויראָפעאישען שטיינער זיינען דיא פערהעלטניסע פון דיא מיטגליעדער פון איין פאמיליע און פון דיא פאמיליען אין דיא געמיינדען געווען פיעל פערשיעדענארטיגער און קאָמפליצירטער וויא אין דיא פאטריארכאלישע שטאאטען נאך דעם אזיאטישען מוסטער. דיא מאכט פון דיא פאטריארכען איז בעשרענקט געווען דורך דעם פאמיליען־ראטה. דאס שטראָף־רעכט פון דיא פאָטערס איז נאך זעהר גרויס, וויא דיא רוימישע געזעץ צייגען עס; אבער דיא שטאאטס־מאכט מישט זיך אלץ מעהר און ווייטער אריין אין דיא פאמיליען זעלבסט און בעשרענקט דיא רעכטע פון דיא פאָטערס. פריהער נעהמט מען ביי דעם פאָטער צו דאס רעכט צו טויטען זיינע קינדער און ווייבער, זיין רעכט זיי צו פערקויפען, און שפעטער בעשרענקט מען אפילו זיין מאכט איבער זיינע שקלאווען. דיא געזעצגעבונגען פון גריכענלאנד און רוים בעווייזען דאס גאנץ קלאָר. דאס אויבער־רעכט איבער דיא פאמיליען געהערט צו דיא געמיינדען, וועלכע רעכענען זיך ספעציעל מיט דיא אינטערעסען פון גאנצען כלל. דיא געמיינדע בעשטימט שוין, וויא דיא פאטריארכען דארפען זיך פיהרען און בעשטראָפט זיי, ווען זיי פאָלגען ניט און איבערטרעטען דיא אלגעמיינע רעגעלען.

וואס מעהר פּריוואַט־אייגענטהום עס ווערט איינגעפיהרט און איינגעוואָרצעלט, אַלץ נויטוועגדיגער ווערט עס פיר דיא געמיינדען און שטאַאַטען צו רעגולירען דיא פערהעלטניסע פון דיא מיטגליעדער. דיא פאַמיליען זיינען פערבונדען מיט גלייכע רעכטע, און דיא געמיינדע מוז זאָרגען, אַז דיזע רעכטע זאָלען וויא ווייט מעגליך אָנגעהאַלטען ווערן אין דיא אינטערעסען פון פריעדען. דיא געמיינדע קען ניט דערלאָזען, אַז יעדער איינער זאָל פערטהיידיגען זיינע רעכטע און זיין חלק אייגענטהום מיט זיינע אייגענע קולאַקעס, דען זאָנסט וועט מען לעבען אין א שטענדיגען קריעגס־צושטאַנד. יעדער אַנשפּרוך אויף אייגענטהום מוז דאַרום אַנערקענט ווערן פון דער געמיינדע. נור דורך דיזע אַנערקענונג קריעגט מען דאס רעכט צו בעזיצען אייגענטהום. זאָנסט הייסט עס רויב, און דיא געמיינדע בעשטראָפט דערפאַר וויא ווייט זיא קען נאָר. אום אויסצופיהרען איהר ווילען און איהרע בעשטימונגען, מוז זיא איינפיהרען א געריכט מיט פערשיעדענע פאָרמאַליטעטען. אַלע אָפּמאַכונגען וועגען אייגענטהום וויא קויפען, שיינקען, אויסטוישען א. ז. וו. דאַרפען זיין עפענטליכע, וועניגסטענס אין דער אַנוועזענהייט פון א בעשטימטע צאָהל עדות. אויך דאַרפען זיי פאָרקומען אויף א בעשטימטען אָרט און אין א בעשטימטע צייט. זאָנסט קריעגט מען ניט דיא נויטיגע חזקה. אין פאַל מען קען ניט גראַדע איבערגעבען אייגענטהום אויף דעם בעשטימטען אָרט און נאָך דיא בעשטימטע פאָרמאַליטעטען, מוז מען צוזאַמענרופען א געוויסע צאָהל שכנים אלס עדות.

ביי פיעלע פעלקער זיינען איינגעפיהרט געוואָרען פערשיעדענע צערעמאָניעס מיט דעם צוועק צו געבען א חזקה אויף ערוואָרבענע זאַכען. מען האַט בעדאַרפט דורך עטוואָס בעווייזען דאס אייגענטהומס־רעכט אויף א זאַך. דאס וואס מען טוט יעצט דורך געשריבענע דאָקומענטען, האַט מען אין דיא אַלטע צייטען געטאָן דורך א צייכען, א צערעמאָניע. דאס איז אויך דער אורשפּרונג פון דעם זאָ־גענאַנטען „טאַבו“ ביי דיא פעלקער אויף דיא אינזלען פון גרויסען אָקעאַן. א טאַבו איז א מין חרם. א זאַך וואס איז ערקלערט געוואָרען פאַר טאַבו קען נאָר געברויכט ווערן פון איהר

אנערקענטען אייגענטהימער. דיא ווילדע פעלקער היטען שטארק אָפּ דיזע פערבאָטען און חרם׳ס, ווייל דערמיט זיינען אויך פערבונדען רעליגיעזע צערעמאָניעס. איינע פון דיא מיטלען צו מאכען א זאך פאר טאבו און צו קריגען דורך דעם חזקה אויף איהר בעשטייט אין דעם, דאס דיא זאך ריהרט מען אָן מיט׳ן צונג, מאכענדיג אזוי וויא מען וואלט איהר ארומלעקען. ביי דיא עסקימאָסען איז אויך איינגעפיהרט, אז זיי טראָגען צו צום מויל יעדע זאך וואס זיי קויפען, מעג עס זיין אפילו א נאָדעל אדער א פּאטשערקע.

דיא ערטער, וואס זיינען בעשטימט געווען פיר אויסטויש אדער האנדעל מיט זאכען, האבען ביי דיא פראנקען געהייסען „מאלבערג". זיי האבען זיך געוועהנליך געפונען לעבען דיא וואָהנונגען פון דיא אמאָ־ליגע פּאטריארכען און ריכטער. אין דיא פאר־קריסטליכע צייטען האט מען אויף דיזע ערטער אויך געפראוועט רעליגיעזע צערעמאָני־עס. אין דיא קריסטליכע צייטען זיינען דאָרטען געוואָרן קירכען־פּלעצער. אין קליינע דערפער פלעגט דער געריכט זיין אין דער הויז פון דעם עלטסטען אדער געמיינדע־מייסטער און אין דיא אלטע שטעט פלעגט דער געריכטס־אָרט זיין אויף א פּלאץ לעבען א קירכע. אזוי איז עס געווען אין פּראג, בערלין, האלע, ברעמען א. ז. וו.

אלגעמיינע אנערקענונג אדער א פאָרמאלנע חזקה אויף גע־קויפטע, אויסגעביטענע אדער געשאָנקענע זאכען האט מען נאר גע־קראָגען, ווען דיא פערהאנדלונגען זיינען געשלאָסען געוואָרן אויף דיזע ערטער אין דער אנוועזענהייט פון א סך פערזאמעלטע מענשען. אויף דעם אינזעל גאָטלאנד האט מען קיין חלק לאנד ניט געקענט פערקויפען אָהן דיא ערלויבנים פון דיא גאנצע געמיינדע, וועלכע איז אָנפאנגס בעשטאנען פון עטליכע פערוואנדטע פאמיליען, דאס הייסט פון א צוזאמענגעשטעלטע פאמיליע. אזוי איז עס אויך געווען אין אנדערע ערטער, און דאס צייגט, אז מען האט נאך געדארפט קריגען דיא צושטימונג פון דער פאמיליע ביי׳ן פערקויפען פון לאנד, ווען אפילו קליינע פאמיליען האבען זיך שוין אויסגעטהיילט פון דיא פריהערע גרויסע און געלעבט אין איין אָרט צוזאמען מיט פרעמדע פאמיליען אין א׳ן אקערבוי־געמיינדע.

אזוי וויא דאס אויבער־רעכט אויף לאנד־אייגענטהום איז מיט דער צייט איבערגעגאנגען פון דיא גרויסע פאטריארכאלישע פאמי־ליען צו דיא נייע געמיינדע־גרופען, זאָ האט אויך דיא געמיינדע גע־האט צו געבען דיא נויטיגע ערלויבנים אויף אירגענד וועלכע ענדע־רונג אין דער פערטהיילונג פון לאנד־אייגענטהום. שפעטער אבער ווען דיא אלטע פאמיליען־פערבינדונגען און פערפפליכטונגען זיינען פערגעסען געוואָרן, ווען דאס אייגענטהומס־רעכט אויף לאנד איז אנערקענט געוואָרן אזוי וויא אויף בעוועגליכע זאכען, איז פון דער אלטער צושטימונג פון דער געמיינדע נאר פערבליבען א צייכען אין דער פאָרמאליטעט אדער צערעמאָניע, דאס א סך מענשען זאָלען זיין אנוועזענד אויף א בעשטימטען פלאץ ביי אלע אָפּמאכונגען וועגען אייגענטהום. מיר זעהען דאָ אלזאָ ווידער, וויא א'ן אלטער מנהג, וועלכער האט אָנפאנגס געהאט א העכסט וויכטיגען ראַיעלען גרונד, נעמליך: דיא צושטימונג פון דער פאמיליע אויף דיא פער־טהיילונג און פערקויף פון איהר אייגענטהום — איז אומגעוואנדעלט געוואָרן אין א פאָרמאליטעט, אין א חזקה־צערעמאָניע, אָהן וועלכע מען האט זיך שוין גאנץ פיין געקענט בעגיין.

אזוי וויא אויף דיא בעשטימטע געריכטס־פלעצער פלעגען זיך געוויינליך צוזאמענקומען א סך מענשען אין פייער־טעג אדער מארק־טעג, זאָ פלעגט מען אָפליינען אלע אָפּמאכונגען וועגען האנדעל און דיא שליסונגען פון מינדליכע אדער געשריבענע קאָנטראקטען אויף דיזע טעג. דיא מארקען און ירידען־פלעצער זיינען דארום אויך גע־ווען געריכטס־פלעצער. אפילו חתונות פלעגט מען דאָרט מאכען. א ווייב איז בעטראכטעט געוועןְ, וויא מיר וויסען עס שוין, פאר פריי־וואט אייגענטהום. אזוי וויא געזעצליכע אנערקענונג אויף אייגענטהום פלעגט מען נאר קריגען, ווען דיא קאָנטראקטען זיינען געשלאָסען געוואָרן אויף דיא ירידען אין דער אנוועזענהייט פון גאנצען פער־זאמעלטען פאָלק, דארום האט מען אויך דאָרטען געשלאָסען היי־ראטהס־קאָנטראקטען. דערפון האט געשטאמט דער מנהג צו פיה־רען דיא כלה ארום דעם זאָ־גענאנטען „ראָלאנד" אדער דעם אלטען געריכטס־פלאץ. דאָרטען פלעגט מען אויך קויפען שקלאָווען. ווען

קריסטענטהום איז איינגעפיהרט געוואָרן, האט דיא קירכע פטרנומען, וויא שוין אויבען בעמערקט, דיזע אלע געריכטס און האנדעלס־פלעצער, וואו מען פלעגט פריהער אויף בריינגען קרבנות צו דיא געטער און פראַווען רעליגיעזע צערעמאָניעס. דאַרום פלעגט מען שפּעטער פריילאָזען שקלאַווען, מאַכען חתונות און בריינגען נייגעבאָרענע לעבען דעם אַלטאַר (מזבח) פון דיא קריסטליכע קירכען.

דיא העברעע געריכטען זיינען געוועזן דיא ערטער, וואו דיא פערטרעטער פון עטליכע פערבונדענע געמיינדען פלעגען זיך צוזאַמענטרעפען. דאָרט פלעגט מען שוין ענטשיידען שטרייטען צווישען געמיינדען וועגען זייערע גרענעצען און אַנדערע אַנגעלעגענהייטען. א׳ן ענטשיידונג אויף אזא אָרט איז געוועזן דיא העכסטע חזקה. אין דיא עלטערע צייטען איז איינער פון דיא וויכטיגסטע פונקטען פון דיזע אסיפות געוועזן וועגען דעם, וואס דיא רוימער האבען גערופען connubium, דאס הייסט אויסטויש פון כלות. אלע פערבינדונגען פון דיא רוימער מיט אַנדערע שטאַמען זיינען אָנפאַנגס געמאַכט געוואָרן צוליעב conubium און commercium (האַנדעל). מיט דעם אויסטויש פון כלות איז אויך געוועזן פערבונדען גאולת הדם. וויא מיר האבען עס שוין געזעהען, איז דיא פפליכט צו נעהמען נקמה פאר פערגאָסענע בלוט געלעגען אויף דיא פערוואַנדטע פון דער מוטער׳ס זייט. אזוי וויא דיא מוטערס האבען געוויינליך געהערט צו אַנדערע שטאַמען וויא זייערע מענער, זאָ פלעגט א מאָרד ארויסרופען א שטרייט צווישען וועניגסטענס צוויי שטאַמען אדער געמיינדען. ווען עס פלעגט געשעהען א מאָרד פון א מאַן, וואס זיין מוטער האט געהערט צו א׳ן אַנדער שטאַם, פלעגען איהרע ברידער דאַרפען נעהמען נקמה פון דיא מיטגליעדער פון דעם שטאַם, צו וועלכען דער מערדער האט געהערט. דאַרום זיינען דיא שטאַמען און געמיינדען געצוואונגען געוועזן זיך צו פערבינדען, אום פון איין זייט צו שליסען פריעדען צווישען דיא שטרייטענדע גרופּען און פון דער אַנדער זייט צו בעשטראָפען דיא שולדיגע מיט דער אלגעמיינער צושטימונג.

אויסער דעם זיינען דיא אינטערעסען פון גאַנצען פערבאַנד ניט

זעלטען געווען אַנגעריהרט דורך דיא פערטהיילונגען אדער פערקויף פון לאַנד אין איין געמיינדע, בעזאָנדערס ווען דיזע לאַנד איז געלעגען לעבען א טייך, וואס האט זיך געצויגען דורך דיא שטיקער לאַנד פון אַנדערע פערבונדענע געמיינדען. אין אזעלכע פעלע איז שוין נויטווענדיג געוואָרן צו קריגען דיא צושטימונג פון אלע פעראינטערעסירטע געמיינדען. איבערהויפּט וואס מעהר דיא פערבונדענע פאַמיליען און שטאַמען האבען זיך צוזאַמענגעמישט און זיינען געקומען אין נעהענטערן פערקעהר, אלץ עפטער זיינען פאָרגעקומען פעלע, ווען דער גאַנצער פערבאַנד האט בעדאַרפט ענטשיידען און געבען זיין הסכמה. אויף אזא אַרט זיינען ביסלעכווייז ענטשטאַנען נידריגערע און העכערע געריכטען. נאר אזוי וויא עס איז מיט דער צייט געוואָרן אונמעגליך, דאס אלע מיטגליעדער פון געמיינדע זאָלען אנטהייל נעהמען אין דער פערוואַלטונג פון קהל׳ישע זאַכען און אין דער ענטשיידונג פון שטרייטען און קלאַגען, זאָ איז דורך דעם ביסלעכווייז ענטוויקעלט געוואָרן א סיסטעם פון פ ע ר ט ר ע ט ע ר ש א פ ט. יעדע געמיינדע האט גענומען אויסוועהלען א בעשטימטע צאָהל ריכטער, וועלכע פלעגען זיך צוזאַמענקומען אין געוויסע אויסגעקליבענע ערטער און ענטשיידען דיא פראַגען, וואס זיינען נוגע געווען דעם פערבאַנד.

דיא אַלטע גריכען, רוימער און גערמאַנען האבען געהאַט אזעלכע געריכטס־פּלעצער אונטערן פרייען הימעל. נאָך אין דיא גרויאַלטע צייטען איז בעריהמט געווען דער אָרט „מאַנטע קאָנאָ“, וואו דער „לאַטיינישער פערבאַנד“ פלעגט האַלטען זיינע אסיפות און געריכטען. אין פראַנקרייך זיינען געריכטען פערבליבען אויף אָפענע פּלעצער אפילו אין דיא צייטען פון דעם קעניג לודוויג דעם 9־טען, וועלכער האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין פרומקייט און איז א קורצע צייט נאָך זיין טויט אין 1270 יאהר געמאַכט געוואָרן פאר א הייליגען פון דער קאַטוילישער קירכע. דיזער קעניג פלעגט אויך אליין משפּט׳ן זיצענדיג אונטער א דעמבענעם בוים אין ווענסען (א פאָרשטאָט פון פּאַריז).

דיא אַלטע רוימישע געריכטס־פיהרונגען קענען דאָ ווידער

דיענען אלס ביישפיעל פאר אלע אייראָפּעאישע פעלקער. דיא ריכטער זיינען אָנפאַנגס געוועזן איינפאַכע מיטגליעדער פון דער געמיינדע, וואס דיא שטרייטענדע פלעגען רופען אלס עדות און פערמיטלערס. זיי זיינען געווען מעהר וויא געוועהנליכע עדות: זיי האבען אָפּגעשעצט דיא זאַכען, אויסגעהערט דיא טענות פון ביידע צדדים און געזאָרגט אז דער מסחר זאָל צוגיין ריכטיג. ווען זיי פלעגען צושטימען, פלעגען זיי דערמיט אויך גאַראַנטירען געגען שווינדעל און איינפאַך צווינגען, אז דער אָפּמאַך זאל ריכטיג אויסגעפיהרט ווערן. ניט זעלטען פלעגען זיי בענוצען זייערע קולאַקעס געגען דעם צד, וואס האט געבראָכען דעם קאָנטראַקט. עס איז גערעכענט געווען פאר א שאַנדע זיך אָפּצוזאָגען פון אזא פערמיטלונג, און ווען איינער פלעגט זיך אָפּזאָגען דערפון, פלעגט מען איהם ערקלערן פאר א׳ן עהרענלאָזען און אונפעהיגען מענש.

א סמן פון דיזע עדות מיט קולאַקעס איז נאָך פערבליבען אין דיא רוימישע געזעצגעבונג אין דער צייט פון דער אימפעריע. זאָ, צום ביישפיעל, איז א פרוי ניט אַנערקענט געווען אלס עדות ביי דיא צוזאַמענשטעלונג פון טעסטאַמענטען; און דער אַלטער גרונד דערפון איז געווען, דאס א פרוי האט דאָך ניט שטאַרקע קולאַקעס צו צווינגען דיא יורשים צו פאָלגען דעם לעצטען ווילען פון דיא, וואס האבען געלאָזען א ירושה מיט א צואה.

דיא איינפיהרונג פון עדות-פערמיטלער איז שוין געווען א גרויסער שריט פאָראויס אין פערגלייך מיט דיא צייטען, ווען מען פלעגט אייגענהענטיג ענטשיידען שטרייטען. אויסער דעם האבען דיא פערזאָגען, וואס מען פלעגט מייסטענס רופען צו זיין אזעלכע עדות-פערמיטלער צוליעב זייער ערפאַהרונג און קלאָרען פערשטאַנד אדער איינפאַך צוליעב זייערע שטאַרקע קולאַקעס, געקראָגען אלץ מעהר אָנזעהען און אויטאָריטעט אין דיא געמיינדען. מען האט זיי אָנגעפאַנגען צו בעטראַכטען אלס דיא פערטרעטער פון דער גאַנצער געמיינדע ביי שטרייטען און קאָנטראַקטען, דען עס פערשטייט זיך, אז אין זייערע האַנדלונגען האבען זיי זיך בעדאַרפט רעכענען מיט דיא מיינונגען און גלויבענס פון אלע מיטגליעדער. דאַדורך איז שוין א׳ן

עדות־פערמיטלער טהיילווייז געוואָרן אויף ריכטער, דען ער איז שוין געוועזן ערפאַהרען און פלעגט דאַרום בעשטימען וויא דיא פערהאַנד־לונגען דאַרפען אָנגיין, אום זיי זאָלען קריגען געזעצליכע אנערקענונג. ווען איין זייט פלעגט ברעכען דעם אָפּמאַך, פלעגען דיא עדות־פער־מיטלער אָנגעבען אלע איינצעלהייטען און אָנגענומענע פאָרמאַליטעט־טען און זאָגען זייער מיינונג, ווער עס איז שולדיג און וויא וויית ער איז שולדיג. אזוי וויא דיא זעלבע פערהאנדלונגען פלעגען נאַ־טירליך אָפּט פאָרקומען צווישען פערשיעדענע מיטגליעדער פון דיא געמיינדען, זאָ זיינען מיט דער צייט אויסגעאַרבייט געוואָרן בעשטימ־טע פאָרמען און ענטשיידונגען, נאך וועלכע מען פלעגט שוין האַנדלען וויא נאך אָנגענומענע געזעץ.

אויף דיא עקזיסטענץ פון פערמיטלער ביי אלע ציווילנע פער־האַנדלונגען צייגט בעזאָנדערס אָן דיא קוריעזע רוימישע חזקה אויף זאכען, וואס האט געטראָגען דעם נאָמען „מאַניספּאַציאָ“ און וואס בעדייטעט איינפאך: נעהמען מיט דער האַנט. דאס איז געוועזן דיא ערשטע און וויכטיגסטע חזקה אויף זאכען. ביי דיא רוימער זיינען זאכען געוועזן פערטהיילט אויף „רעס מאַנסיפּי“ און „רעס נעק מאַנסי־פּי“. דיא זאַכען וואס מען פלעגט איבערגעבען פון האַנד צו האַנד זיינען גערעכענט געוועזן פאר „רעס מאַנסיפּי“. דיא פאָרמע פון די־זען איבערגעבען איז געוועזן אזוי: אין דער אַנוועזענהייט פון וועניג־סטענס פינף דערוואַקסענע רוימישע בירגער און נאך איינעם, וואס פלעגט האַלטען אין דיא הענט בראָנזענע וואָג, פלעגט דער קויפער אויסרופען האַלטענדיג אין דער האַנד א שטיקעל קופּער אדער דיא זאך זעלבסט (א מאָל פלעגט מען דאַרפען איינפאך אָנכאַפּען דיא זאך מיט דער האַנד): „איך ערקלער אז דיזער מענש (אדער זאך) איז מיינער נאך דעם רעכט פון קוויריטען (אזוי האט מען בעצייכענט דיא רעכטע פון א פרייען רוימישען בירגער) און אז ער ווערט געקויפט פון מיר מיט דיזען מעטאַל און דיזער וואָג“.

נאָכהער פלעגט דער קויפער אָנריהרען דיא וואָג מיט דעם מעטאַל און אָפּגעבען דעם מעטאַל צום פערקויפער. דאס שטיקעל מעטאַל איז ניט געוועזן דער פרייז־ווערטה פון דיא געקויפטע זאך, נאר

בלויז א צייכען דערפון, דען אין דיא אַלטע צייטען פלעגען שטיקלעך קופּער דיענען אלס געלט. אמאָל פלעגט מען וואהרשיינליך ניט בלויז אָנריהרען דיא וואָג מיט א שטיקעל מעטאַל, נאר איינפאך אָפּוועגען אזוי פיעל קופּער, וויא פיעל מען האט אָפּגעמאַכט צו גע־בען פאר דיא געקויפטע זאַך. געשטעמפּעלטע מטבעות זיינען ערשט איינגעפיהרט געוואָרן ארום דער צייט, ווען מען האט אָנגענומען דעם געזעץ פון דיא 12 טאַבליצעס. דיא אַלטע חזקה־צערעמאָניע איז אבער לאַנג פערבליבען אין איהרע הויפּט־פּונקטען.

ביי קאָנטראַקטען וועגען חתונות, הלואות, אָפּצאָהלען חובות א. ז. וו. האבען אויך שטענדיג געמוזט זיין 5 עדות אויסער דעם 1 bripens (טרעגער פון דיא וואָגשאָלען). זיי פלעגען דארפען זיין ביי דיא פּראָצעסען, אום אָנצוגעבען וויא דיא קאָנטראַקטען זיינען גע־שלאָסען געוואָרן. דיא אורזאַכע, ווארום מען האט אין רוים גראדע פערלאַנגט 5 עדות (אין מאנכע פעלע אויך 10), איז ווייל דיא צאָהלען 5 און 10 האבען ביי דיא רוימער געהאט א בעזונדערע בע־דייטונג. אלע זייערע רעכנונגען און פערטהיילונגען האבען דיא רוי־מער געמאַכט נאך דיא צאָהלען 5 און 10: דיא צייט איז גערעכענט געווען נאך 10 טעג, גענאַנט דעקאַדען; פאָלקסצעהלונגען זיינען גע־מאַכט געווען יעדע 5 יאָהר; דאס פאָלק איז צוטהיילט געווען אין 5 קלאַסען א. ז. וו.

וויא געזאָגט, זיינען דיא עדות פריהער געווען דיא פערמיטלער וועלכע האבען אייגענהענטיג געצוואונגען אויסצופיהרען ריכטיג דיא קאָנטראַקטען. אזא מאַכט פון עדות איז אנערקענט געוואָרן אפילו אין דיא געזעצע פון דיא 12 טאַבליצעס. דאס איז געווען „דיא אויספיהרונג פון געזעץ דורך ארויפלייגען דיא האַנט". ספּעציעל האט מען דיזען אַלטען מיטעל בענוצט ביי׳ן אויפמאָהנען א חוב ביי איינעם, וואס האט נים געקענט אדער ניט געוועלט בעצאָהלען. אין דער בעגלייטונג פון דיא עדות־פערמיטלער ביי דער הלואה פלעגט דער קרעדיטאָר אויפזוכען דעם בעל חוב און אויף איהם ארויפלייגען דיא האַנט. דערביי פלעגט ער אויסרופען דיא בעשטימטע דערצו ווערטער. דער בעל חוב האט געמוזט פאָלגען און נאָכגיין זיין קרע־

דיטאָר, וועלכער איז בעשיצט געווען פון דיא עדות. פאר דעם בעל חוב האט זיך אימיצער געמעגט אָננעהמען. אזא פערזאָן האט מען גערופען „ווינדעקס", און געוויינליך איז עס געווען איינער פון דעם בעל חוב'ס פערוואנדטע. דער ווינדעקס פלעגט פערטרעטען דעם בעל חוב און פיהרען א פראָצעס מיט דעם קרעדיטאָר; אין פאל ער פלעגט פערלירען דעם פראָצעס, פלעגט ער אליין מוזען בעצאָהלען דעם חוב. דער קרעדיטאָר האט אויך געהאט דאס רעכט צו פער־כאפען א זאך ביי דעם בעל חוב אין דער אנוועזענהייט פון עדות און דיא זאך פערהאלטען ביז ער וועט קריגען בעפריעדיגונג פון דעם בעל חוב. דערביי האט דער קרעדיטאָר נאר בעדארפט אויס־שרייען דיא בעשטימטע דערצו ווערטער.

דער קלעגער האט איבערהויפט בעדארפט אליין ברייגנען צום געריכט דעם אָנגעקלאָגטען. דיא געזעץ פון דיא 12 טאבליצעס בעשטימען דיא פאָרמען, וויא דאס דארף צוגיין און וואס דער קלע־גער דארף זאָגען בשעת ער פאקט דעם אָנגעקלאָגטען. דער אָנגע־קלאָגטער האט געמוזט פאָלגען, זאָנסט פלעגט ער געצוואונגען ווערן פון דיא עדות נאכצופאָלגען דעם קלעגער. ווען דער אָנגעקלאָגטער איז געווען אלט אדער קראנק, איז דער קלעגער פערפפליכטעט גע־ווען איהם צו ברייגנען אויף דעם געריכטס־אָרט אין א וואָגען, אויף א פערד אדער אויף א'ן עזעל. אנשטאָט דעם אָנגעקלאָגטען האט געמעגט קומען זיינער א שטעלפערטרעטער, א ווינדעקס. מיט דער צייט איז פון א ווינדעקס געוואָרן א'ן איינפאכער גוט־זאָגער.

אָט אזוי האט זיך עס ביסלעכווייז ענטוויקעלט דיא יוריספרו־דענץ ביי אלע פעלקער, נאר בעזאָנדערס ביי דיא רוימער, וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער קונסט צו פערוואלטען און צו בעהערשען. זיי האבען אויסגעארבייט אזא פאָלקאָמענע סיסטעם פון יוריספרודענץ, אז זיא איז פערבליבען אלס מוסטער אויך אין אונזער צייט.

איידער דיא רוימישע סיסטעם איז אין גאנצען איינגעפיהרט געוואָרן ביי אלע אויראָפעאישע פעלקער, זיינען וויכטיגע פראָצעסען פערהאנדעלט געוואָרן אויף פאָלקס־געריכטען. דיא ריכטערס זיינען

אייגענטליך נאר געווען דיא פּרזיצענדע. זייערע ענטשיידונגען האָ־בען ניט געהאַט דיא קראַפט פון א געזעץ זאָ לאַנג דאס פאָלק האט דערצו ניט צוגעשטימט. דיא ריכטערס, וועלכע האבען געטראָגען ביי דיא גערמאַנער דעם נאָמען שעפען, זיינען נאטירליך געווען אויסגעקליבען פון דיא אָנגעזעהענסטע און ערפאהרענסטע מיטגליע־דער אין דעם געמיינדע־בונד, און זיי האבען דארום געהאַט א גרויסע דעה. זיי פלעגען שוין אויסקלייבען עטליכע „גערענקמענער“, וועלכע זיינען געווען א מין דזשורי און האבען פערטראָטען דיא מיי־נונגען און אינטערעסען פון דער געמיינדע. דיא שעפענס מיט דיא גערענקמענער פלעגען נעהמען אנטהייל אין דיא אלגעמיינע געריכ־טען פון דעם געמיינדע־פערבאַנד. ביסלעכווייז אבער האבען דיא שעפענס אָנגעפאַנגען אויסצוטהיילען זיך אליץ מעהר פון פאָלק אלס ספּעציעלע ריכטערס. דאס איז געקומען דורך דעם, וואס מיט דער צייט האט מען אליץ מעהר געמוזט קענען דיא פריהער אָנגענומענע געזעץ און פיהרונגען. דאס פאָלק האט זיך געמוזט פערלאָזען אויף דיא קענערס פון יוריספּרודענץ, און דיזע קענערס האבען אליין גענומען ענטשיידען דיא שטרייט־פראַגען און פּראָצעסען. צולעצט איז ביי'ן פאָלק נאר פערבליבען א רעכט אויסצודריקען דורך אפּלאָ־דיסמענטען זיין צושטימונג צו דיא ענטשיידונגען פון דיא שעפענס.

דיא ערשטע קרימינאַל־געריכטען, וועלכע זיינען איינגעפיהרט געוואָרן אום אָפּצושאַפען גאולת הדם, וויא מיר ווייסען עס שוין, זיינען צוזאַמענגעשטעלט געווען פון דיא עלטסטע אדער פּאַטריאַר־כען. דער צוועק פון דיזע געריכטען, וויא פון אלע אַנדערע, איז נאטירליך געווען אָנצוהאַלטען פריעדען און צו פערמיידען אייגענהענ־טיגע האַנדלונגען, פּויסטרעכט. דיא ערשטע דייטשע קרימינאַל־גע־ריכטען פלעגען נאר ארויסלאָזען א פּסק. דיא אויספיהרונג פון דעם פּסק פלעגען זיי איבערגעבען צו דעם קלעגער זעלבסט אדער צו זיינע פערטרעטער. עס איז אוועק א צייט ביז בעשטימטע פּערזאָנען זיינען אַנפערטרויט געוואָרן אויסצופיהרען דיא אורטהיילען פון דיא געריכ־טען. דער קרימינאַל־געריכט פלעגט אַלזאָ נאר געבען דער בעליידיגטער זייט א רעכט צו נעהמען נקמה מיט דער צושטימונג פון דער גאַנ־

צער געמיינדע, אייגענטליך דעם זעלבען רעכט, וואס דער גואל הדם האט זיך פריהער אליין גענומען. דורך דיזע אנערקענונג פון קרימי־נאל־געריכט האט שוין אבער דער בעליידיגטער ניט געקענט ליידען אדער פערפאלגט ווערן פאר זיין נקמה נעהמען. דער פערברעכער פלעגט פערלירען יעדען רעכט צו זיין בעשיצט פון דער געמיינדע, און ביי דער אויספיהרונג פון דער שטראף האט שוין דער נקמה־נעהמער געהאט דיא שטיצע פון דער געמיינדע. דעם פעראורטהייל־טען פערברעכער׳ס אייגענטהום און לעבען פלעגען ווערן הפקר.

ביסלעכוויז האט מען גענומען איינפיהרען געלטשטראפען פאר אלע פערברעכען, אפילו פאר מארדען. אין דיא אלטע דייטשע גע־ריכטען פלעגעןביידע זייטען, דער קלעגער און דער אנגעקלאגטער איינלייגען געוויסע סומען אלס פארי אדער וועט־געלט, אז זייערע טענות זיינען ריכטיג. און דיא זייט, וואס פלעגט פערלירען דורך ענטשיידונג פון דיא ריכטער, פלעגט אויך פערלירען דאס וועט־געלט. דיזער פערלוסט איז געווען גערעכענט פאר דיא שטראף. וואס אנ־בעלאנגט צו דיא געלט־שטראפען פאר מארדען, זא האט מען זיי ביסלעכוויז איינגעפיהרט ניט אלס א בעלוינונג פאר דעם פערלוסט פון א מענשליכען לעבען, זאנדערן אלס א בעפריעדיגונג דעם גואל הדם דערפאר, וואס ער האט זיך אפגעזאגט פון זיין רעכט צו נעהמען נקמה. אין זיין קאמפף מיט׳ן מערדער וואלט דער גואל הדם געקענט עפעס געווינען, ווען ער וואלט ארויס דער זיעגער. ווען ער האט זיך אבער אין דיא אינטערעסען פון דער געמיינדע אפגעזאגט פון זיין רעכט צו נעהמען נקמה, האט ער דערפאר גע־מעגט פערלאנגען, אז דיא געמיינדע זאל איהם גאראנטירען א געווי־סע בעלוינונג פאר אזא האנדלונג, דורך וועלכע ער האט ניט גע־קענט צופריעדענשטעלען זיין ראכע־געפיהל און אויך ניט פערבאפען דעם מערדער׳ס זאכען אין פאל פון א זיעג. דיזע גאראנטיע איז געווען דיא ענטשיידונג פון דער געמיינדע, אז דער מערדער דארף צאהלען דעם גואל הדם א בעשטימטע סומע אלס שטראף.

אנפאנגס איז דער גואל הדם ניט געצוואונגען געווען אנצונעה־מען אירגענד וועלכע געלטשטראף פון דעם מערדער אלס „קאמפא־

זיציאָן" אדער בעפרידיגונג. ער האט געמעגט פאָרדערן זיין אלטען רעכט צו נעהמען אליין נקמה. דארום פלעגט דיא געלטשטראָף פאר א מאָרד ניט געגעבען ווערן צו דיא קינדער און צו דער פרוי פון דעם ערמאָרדעטען, הגם זיי האבען דאך ספּעציעל געליטען דורך דעם מאָרד, זאָנדערן צו דיא יעניגע, וועלכע האבען בעדארפט נעהמען ראכע פאר דיא פערגאָסענע בלוט.

עס פערשטייט זיך, אז אין דיא צייטען, ווען מען האט נאך ניט געוואוסט פון שרייבען אדער ניט בענוצט געשריבענע דאָקומענ־טען, זיינען דיא בעווייזע אין אלע געריכטען און ביי אלע פּראָצעסען צוגעשטעלט געוואָרן נאר דורך עדות. אין דיא אלטע צייטען זיינען אבער פאר עדות גערעכענט געווען ניט בלויז לעבעדיגע מענשען, זאָנדערן אויך געשטאָרבענע. דאס שיינט אונז ווילד און אונגלויב־ליך, אבער אזוי איז עס געווען און אנדערש האט עס אויך ניט גע־קענט זיין. אלעס וואס מיר ווייסען שוין פון דיא פריהערע קאַפּיט־לעך וועגען דעם אַמאָליגען גלויבען אין דיא גייסטער אדער נשמות פון טויטע, גיט אונז א גענינענדע ערקלערונג, וואָרום מען האט זיך אויך ביי פּראָצעסען בענוצט מיט דער גייסטער־וועלט, אום צו דער־גיין דיא וואַרהייט, ווען דורך לעבעדיגע עדות האט מען עס ניט גע־קענט בעווייזען. מיר האבען שוין געזעהען, אז מען האט געגלויבט, דאס דיא שאָטענס אדער גייסטער פון דיא פערשטאָרבענע וואַנדערן ארום צווישען דיא לעבעדיגע און מישען זיך אריין אין אלע אנגעלע־גענהייטען פון דיא לעבעדיגע. מיר האבען אויך געזעהען, אז פאר דיא טויטע פלעגט מען זאָגאר איבערלאָזען שפּייז אויף דיא קברים, אז מען פלעגט זיי זוכען גוט צו מאַכען דורך געבעט און קרבנות. עס איז דארום געווען גאנץ נאַטירליך צו זוכען צו דערגיין דיא וואַר־הייט ביי פּראָצעסען דורך דער גייסטער־וועלט.

וויא אזוי האט מען עס אבער געקענט דערגיין? דיא גייסטער ענטפערן דאך אליין ניט, און ניט אלע מאָל ווילען זיי ענטפערן דיא פריעסטער און מכשפים. דאָ האט מען שוין געמוזט זוכען גע־וויסע אָנווייזונגען, געוויסע צייכענס, אָפּשפּרעכונגען א. ז. וו. קורץ, מען האט זיך געמוזט בענוצען מיט דיא רעליגיעזע צערעמאָניעס,

וועלכע מען האט איבערהויפּט געברויכט ביי דער פערגעטערונג פון דער גייסטער־וועלט. דאס וואס מיר בעטראַכטען יעצט אלס צופאַל אדער אלס רעזולטאַט פון נאַטירליכע אורזאַכען, האט מען אמאָל גערעכענט פאר דיא ווירקונגען פון דיא גייסטער און געטער. אַלעס וואס דער מענש פערשטייט ניט מיט זיין אייגענעם שכל, בעטראַכט ער פאר א דירעקטע אריינמישונג פון א׳ן איבערנאַטירליכע אדער געטליכע קראַפט. אזוי איז שוין דעם מענשען׳ס דיינקונגס־קראַפט בעשאַפען. און עס פערשטייט זיך, אז ווען מענשען האבען ניט געקענט ערקלערן דיא מינדעסטע נאַטירליכע ערשיינונג, האבען זיי אין יעדע זאַך געזעהען א גייסט אדער דיא ווירקונג פון א גייסט. מען האט דאַרום אויך געגלויבט, אז א פערברעכען איז אדער דירעקט ארויסגערופען געוואָרן פון א גייסט אדער יעדענפאַלס בעגאַנגען געוואָרן מיט זיין וויסען. דיא פאַרצייטיגע מענשען האבען פעסט געגלויבט, אז פון דער גייסטער־וועלט האט מען קיין זאַך ניט געקענט בעהאַלטען און אז מען קען ביי זיי דערגיין יעדע געהיימניס, ווען מען זאל נאר געברויכען דיא ריכטיגע מיטעל דערצו.

דער אַבערגלויבען און דיא ערפינדונגס־קראַפט פון מענשען האבען אויסגעטראַכט זעהר פערשיעדענע וועגען און מיטלען אויסצופרעגען און צו קריגען אַנטוואָרטען ביי דיא גייסטער און געטער. מען קען אָנפילען גאַנצע ביכער מיט אפילו קורצע בעשרייבונגען פון דיזע מיטלען. דער אלגעמיינער נאָמען פאר זיי איז אָראַקעל (פון דעם לאַטיינישען וואָרט orate, וואס הייסט: ריידען). אָנפרעגען א׳ן אָראַקעל האט געהייסען אויספרעגען דעם ווילען פון דיא געטער דורך בעשטימטע פריעסטער. אין גריכענלאַנד און רוים זיינען געוועזען געוויסע בעזאָנדערס בעריהמטע אָראַקעלן, וועלכע מען פלעגט קומען אָנפרעגען פון דיא ווייטעסטע ערטער. דער בעריהמטעסטער איז געוועזען אין דעם דעלפיער טעמפעל, וואו א פריעסטין, וואס מען האט גערופען פיטהיע, פלעגט ענטפערן אויף פראַגען אין נאָמען פון גאָט אפּאָלאָן. איידער זיא פלעגט אָנפאַנגען צו געבען איהרע צווייידייטיגע אַנטוואָרטען (עס פערשטייט זיך, אז דיא פריעסטער פלעגען ספּעציעל זוכען צו געבען אַנוואָרטען, וועלכע עס זאל זיין

וואס שווערער צו פערשטיין און צו פערטייטשען), פלעגט זיא פאס־
טען דריי טעג. נאכהער פלעגט זיא קייען לאָרבער־בלעטער און
פלעגט דערפון ווערן זעהר אויפגערעגט און בערוישט. אין דיזען היס־
טערישען צושטאנד פלעגט זיא זיך זעצען אויף א דרייפיסיגען בײנ־
קעל איבער א'ן עפענונג, פון וועלכע עס פלעגען זיך אויפהויבען בע־
רוישענדע גאזען. איהר גאנצער קערפער פלעגט דאן ציטערן, איהרע
האָר פלעגען זיך שטעלען קאפויר און פון איהר פערקרימטען מויל
פלעגט ארויסגיין שוים. ערשט דאן איז זיא געווען פערטיג צו גע־
בען אנטוואָרטען אין נאָמען פון גאָט אויף אלע פראגען, וועלכע מען
האט איהר געשטעלט. וואס פאר א'ן אונזין עס פלעגט ניט ארויס
פון איהר מויל, האט מען עס אָנגענומען פאר א געטליכע אנטוואָרט
און זיך געבראָכען דעם קאָפ צו פערטייטשען עס נאך'ן שכל.

ביי נאכפאָרשונגען וועגען פערברעכען איז דער געוויינ־
ליכסטער מיטעל געווען צו ווארפען גורל. דיזער מיטעל איז אָנגעווענ־
דעט געווען ביי אלע פעלקער אויף דער זעלבער קולטור־שטופע. ביי
אידען פלעגט מען אויך דורך גורל זוכען ביי שטאמען און פאמיליען
אויב אונטער זיי געפינט זיך ניט דער פערברעכער. דיא כהנים פון
מצרים פלעגען טראָגען מיט זיך א זעקעל מיט גורל'ס ביי פראָצע־
סען, אין וועלכע זיי פלעגען שוין צוליעב דעם אליין אנטהייל נעהמען.
דיזע פערבינדונגען פון געריכטען מיט געטליכע בעווייזע האט נאטיר־
ליכערווייזע געפיהרט דערצו, אז דיא טעמפלען און איבערהויפט פלע־
צער פון גאָטעס־דיענסט, בעזאָנדערס ערטער, וואו מען פלעגט בריינ־
גען קרבנות, זאָלען צוגלייך זיין געריכטס־ערטער. אין אפריקא ווערן
נאך יעצט געברויכט פערשיעדענע מיטעל, וועלכע ענדיגען זיך מיט
א גורל, ווען מען זוכט אויסצוגעפינען דעם ריכטיגען פערברעכער.
ביי דיא אלטע אינדוסען פלעגט דער אָנגעקלאָגטער זיך מוזען צור־
ריהרען צו דיא געצקעס (און דאס האט בעדייטעט צו דיא געטער
זעלבסט) און פערלאנגען פון זיי א שטראָף, אויב זיינע ווערטער זיי־
נען פאלש. אלע אינדוסען זיינען געווען איבערצייגט, אז אויף דיזער
ארט וועט זיך ארויסצייגען דיא וואהרהייט, דען דיא געטער וועלען
דאך געווים בעשטראָפען דעם מאן, וואס האט ניט מורא געהאט פאר

זייער צאָרן. עס איז געווען אָנגענומען, אז דיא פּערזאָן וואס האט פאַלש געשוואָרען אין נאָמען פון דיא געטער, וועט זיכער בעשטראָפט ווערן אין פערלויף פון א יאָהר. אזא אַבערגלויבען איז נאך איינגעוואָרצעלט ביז היינט צו טאָג ביי דעם פּראָסטען עולם אין אוירא־פּאַ: מען גלויבט נאך אלץ, אז דער וואס האט פאַלש געשוואָרען וועט ניט איבערלעבען א יאָהר. דיא אינדוסען פלעגען נאך אריינגעהמען אין זייער שבועה פאר דיא געטער זייערע קינדער און ווייבער, זאָ דאס ווען איינער פון דער פאַמיליע פלעגט שטאַרבען אין פערלויף פון א יאָהר נאך זיין שבועה, איז דאס גערעכענט געווען אלס א שטראָף פאר פאַלש שווערען.

איבערהויפּט האט מען געגלויבט, אז נאך דעם שיקזאַל פון דיא זאַבען, וואס מען האט אריינגערעכענט אין דער שבועה, קען מען אויסגעפינען דעם וואהרען פערברעכער. אַבערגלויבען איז נאך יעצט אזוי שטאַרק איינגעוואָרצעלט ביי מאַסען מענשען אפילו אין דיא ציוויליזירטעסטע לענדער, אז מיר דאַרפען זיך גאר ניט וואונדערן וואס דיא פאַרצייטיגע מענשען האבען ניט נאר געגלויבט אין דיא אריינמישונג פון דיא גייסטער און געטער אין אלע מענשליכע אַנגעלעגענהייטען, זאָנדערן האבען אויך דיזען גלויבען דירעקט אָנגעווענדעט צו זייערע שטרייטען און פּראָצעסען. קיינער האט ניט געצווייפעלט אז דיא שבועה אין נאָמען פון דיא געטער מוז ווען עס איז מקוים ווערן, אז דער וואס האט פאַלש געשוואָרען מוז פריהער אדער שפּעטער בעשטראָפט ווערן. אבער אין דער ווירקליכקייט האט מען נאַטירליך ניט פערפעהלט איינצוזעהען, אז דיא ווירקונגען פון דער שבועה זיינען יעדענפאַלס זעהר לאַנגזאַם, אז דיא זינדיגע ווערן דאך ניט בעשטראָפט פאר פאַלש שווערען. ביי פּראָצעסען, וואו דיא אינטערעסען פון דיא שטרייטענדע האבען פערלאַנגט א שנעלע ענדע, האט מען דארום געזוכט אַנדערע מיטעל צו דערגיין דיא וואהרהייט. איינער פון דיזע מיטעל איז געווען דיא אָ ר ד אַ ל י ע, דאס הייסט א שבועה מיט א פּראַקטישע פּראָבע אויסצוגעפינען דעם ווילען פון דיא געטער. גלייך נאך דער שבועה פלעגט מען דעם אָנגעקלאָגטען שטעלען אין אזא געפעהרליכע לאַגע, אז דיא שטראָף פון דיא

געטער פאר א פאַלשע שבועה זאל זיך וואס שנעלער ארויסווייזען.

אזעלכע פּראָבעס זיינען זעהר פערשיעדען ביי אלע פעלקער. ביי דיא גערמאַנישע פעלקער איז דיא געברויכליכסטע פּראָבע געוועזן א געריכטס־געפעכט אדער א דועל. דער קלעגער און אָנגעקלאָגטער פלעגען ארויסגיין פעכטען מיט זייערע שווערדען. דער געווינער איז גערעכענט געוועזן פאר דעם גערעכטען. מען האט פעסט געגלויבט, אז ביי אזא געפעכט וועלען דיא געטער שטיצען דיא גערעכטע זייט און בעשטראָפען דעם וואס האט פאַלש געשוואָרען. פאר דיא ריכטער איז דאַן נאר געבליבען ארויסצולאָזען א פּסק, אז דיא גערעכטיגקייט און דיא געטער זיינען אויף דער זייט פון דעם זיעגער. נאך דיא אַלטע זאַקסישע געזעץ פלעגט מען איינשווערען ביידע זייטען, דעם קלעגער און דעם אָנגעקלאָגטען. איין זייט האט דאך אַלזאָ זיכער פאַלש געשוואָרן, און גאָט׳ס משפּט האט זיך געמוזט ארויסווייזען, דען איינער פון דיא געגנער האט דאך געמוזט זיעגען. דעם געפעכט פלעגט מען אָנפאַנגען נאך דעם אויסרוף ביי דער שבועה: „זאָ וואהר מיר גאָט העלפע צו דיזען קאמפּף!“ אַנדערע פּראָבעס זיינען געוועזן מיט פייער, אָנגעברענטע אייזען, קאַלטע וואַסער, געוויסע געטרענקע און שפּייזען א. ז. וו. ווער עס פלעגט אויסאַלטען דיא פּראָבע, פלעגט גערעכענט ווערן פאר דיא גערעכטע זייט. דאס איז געוועזן דער בעסטער בעוויז פון אונשולד. נאר געוויינליך זיינען דיא פּראָבעס געוועזן אזעלכע שווערע און פּיינליכע, אז מען פלעגט זיי ניט קענען אויסהאַלטען, און דאַן פלעגט פאָלגען דיא אונבאַרמהערציגע שטראָף, געוויינליך דיא טויט־שטראָף. דיא פּייניגונגען און אלע צוואַנגס־מיטעל ביי דער אונטערזוכונג פון פערברעכען שטאַמען אויך טהיילווייז פון דיזע אָרדאַליען אדער געטליכע געריכטען.

ווען דיא קריסטליכע קירכע איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אין אייראָפּאַ האט זיא גענומען איינפיהרען א ריין רעליגיעזע אָרדאַליע, נעמליך דיא צערעמאָניע וואס טראָגט דעם נאָמען הייליגע אויקאַריסטיע (ד. ה. דיא ברייט און וויין וואס שטעלען פאָר דעם קערפּער, דיא נשמה און דאס בלוט פון יעזוס קריסטוס). אזא שבועה

איז געווען און ווערט גערעכענט פאר דיא העכסטע נאך דיא לעה־רען פון דער קריסטליכער קירכע. דערמיט האבען דיא קריסטליכע גייסטליכע געזוכט ניט נאר צו פערשטארקען זייער איינפלוס, זאָנ־דערן אויך אָפצושוואכען דיא געריכטס־געפעכטען און אנדערע פראָ־בעס, וועלכע זיינען פערבליבען פון דעם פריהערן געצענדיענסט.

דער פרינציפּ פון דער אָרדאַליע אדער גאָט'ס משפט איז אבער פערבליבען אין דער נייער קריסטליכער פאָרמע. דיא געוויינ־ליכע שבועות און דיא אָרדאַליען, וועלכע זיינען אָנפאַנגס געווען ענג פערבונדען, האט מען דארום ביסלעכוויז גענומען אָפטהיילען. נאר אין זעהר וויכטיגע פעלע און אלץ זעלטענער האט מען ערלויבט אין געריכטען דיא געפעכטען און דיא געצענדינערשע פאָרמען פון גאָט'ס משפט. מען האט אויך ביסלעכוויז אָנגעהייבען איינצוזעהען, אז דורך אזעלכע מיטעל קען מען דאך ניט דערגיין דיא וואהרהייט. דיא זיטען זיינען עדעלער געוואָרן, און דיא פראָבעס מיט דיא פּיי־ניגונגען האט מען גענומען בעטראכטען אלס א בארבאריי. דיא געפעכטען זיינען נאר פערבליבען אונטער דיא ריטער, מייסטענס אין עהרען־פראגען. דיא היינטיגע דועלען זיינען א צייכען פון דיזע רי־טערליכע זיטען און מנהגים. מען האט געהאלטען, אז עהרען־פראגען געהערען ניט צו געריכטען, נאר דארפען ענטשיידען ווערן אייגענ־הענטיג פון דיא ריטער זעלבסט. א פלעק אויף דער עהרע פון א ריטער, האט מען געדיינקט, קען נאר אָפגעוואשען ווערן דורך א דועל, און אזוי דיינקען אויך יעצט געוויסע קלאסען מענשען, מייסטענס אריסטאָקראטען און מיליטעריסטען, אין געוויסע לענדער, וואו דועלען ווערן געדולדעט און זיינען נאך אין דער מאָדע.

אין אלגעמיינען איז דיא שבועה אליין, אָהן געפעכטען און בארבארישע פראָבעס, פערבליבען אלס א וויכטיגער בעוויז אין גע־ריכטען ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער. איהר בעדייטונג איז גרעסער געוואָרן אונטער דעם איינפלוס פון דער קריסטליכער רעליגיאָן, ווייל פאר פאלש שווערען האט מען אויך געסטראשעט מיט שטראָפען אויף יענער וועלט. דיא שטראָף פאר א פאלשע שבועה איז געווען און ווערט גערעכענט א דאָפּעלטע: אי אויף דער וועלט (נאטירליך, ווען

מען געפינט עס אויס) אי אויף יענער וועלט. אלע שרעקען פון גיהנם ערוואַרטען דעם וואס האט פאַלש געשוואָרען. דיא פאָרמע פון דער שבועה איז דאַרום געענדערט געוואָרן. אנשטאָט צו זאָגען: „זאָ וואהר מיר גאָט העלפע צו דיזען קאמפף“, פלעגט מען שוין זאָגען: „זאָ וואהר מיר גאָט העלפע צו איי ביגע זעליגקייט“.

דיא פאָרמע פון שבועות האבען זיך איבערהויפט געענדערט מיט דער צייט לויט נאך דיא רעליגיעזע אַנזיכטען. אין דיא געצענדינער־שע צייטען האט מען גערעכענט, אז א שבועה קען נאר זיין גילטיג, ווען זיא ווערט געגעבען אין דער אַנוועזענהייט פון א גאָט אויף דעם געריכט זעלבסט, וואס איז געוויינליך אויף געוועזן דער אָרט פאר קרבנות און רעליגיעזע צערעמאָניעס, וויא מיר ווייסען עס שוין. דאַ־רום פלעגט מען ביי א שבועה אָנריהרען געצקעס אדער אנדערע זאכען, וואס זיינען בעטראַכטעט געוועזן אלס פערקערפערונגען פון דיא געטער. קריגערישע שטאַמען האבען זעהר פערעהרט פאַמיליען־שווערדען, וויא מיר ווייסען עס שוין, דאַרום פלעגען זיי מייסטענס געבען שבועות מיט זייערע שווערדען אדער אנדערע געוועהר אין דיא הענט. דיא קריסטליכע קירכע האט לאַנג געפּרעדיגט גע־גען דיזען געצענדיענערשען מנהג, וויא געגען פיעלע אַנדערע. דיא גלחים האבען געזוכט איינצופיהרען אַנשטאָט דיא פריהערע געצקעס קריסטליכע הייליגע זאכען ביי שבועות, וויא צום ביישפּיעל, דיא ביי־נער פון הייליגע, איקאָנעס (הייליגע בילדער), קרייצען א. ז. וו. אָהן דיזע זאַכען האט א שבועה אָפט קיין שום בינדענדע קראַפט ניט געהאַט פאר דיא שבועה־געבערס. זאָ איז עס בעקאַנט פון דער גע־שיכטע דער פאַל דאס דיא געזאַנדטע פון דיא אַלטע פראַנקען האָ־בען אָהן שום שאלות און מעלות געבראָכען זייער שבועה, וועלכע זיי האבען געגעבען אָנריהרענדיג זיך אָן א קעסטעלע מיט דיא ביינער פון א הייליגען, ווייל דורך א שווינדעל האט מען פריהער ארויסגע־גנב'עט דיא ביינער פון דאָרטען. דיזע געזאַנדטע האבען ספּעציעל גע־מאַכט דיזען דיפּלאָמאַטישען דריידעל, אום זייער שבועה זאל זיין ניט גילטיג פאר זיי.

נאך דיא אַנזיכטען פון דיא אויראָפּעאישע פעלקער, וועלכע

האבען אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען, זיינען דיא הייליגע געשטאַנען נעהענטער צו דיא מענשליכע אַנגעלעגענהייטען אויף דער וועלט, וויא גאָט. דיא פערעהרונג פון דיא קריסטליכע הייליגע איז אייגענטליך געווען א פאָרטזעטצונג פון דעם אַלטען גלויבען אין גייסטער. דאַרום פלעגט מען אויך געברויכען דיא פאָלגענדע פאָרמע ביי שבועות: „זאָ וואַהר מיר גאָט העלפע און זיינע *ליעבע הייליגע*“. ביסלעכוויז האט מען אַנשטאָט דיא ביינער פון הייליגע און אַנדערע אזעלכע געטליכע זאַכען גענומען געברויכען ביי שבועות דעם אַלטען און דעם נייעם טעסטאַמענטען אדער דיא יעוואַנגעליע אליין. דאַן האט מען עס ערשט אָנגעפאנגען צו ערקלערן, אז מען שווערט אייגענטליך ניט מיט דעם הייליגען בוך, נאר מיט זיין אינהאַלט, וויא מען פערשטייט עס יעצט. אָט אזוי ענדערן זיך עס דיא פאָרמען און אַנזיכטען מיט דער ענטוויקלונג פון מענשליכען גייסט.

ביי געוויינליכע אָפּמאַכונגען וועגען אייגענטהום האט מען ניט בעדאַרפט אָנקומען צו דיא עדות פון גייסטער און געטער, דען מען פלעגט זיך פריהער פערזאָרגען מיט לעבעדיגע עדות. מען פלעגט צוזאַמענרופען עדות, און יעדער האט געהאַלטען פאר זיין פפליכט צו פאָלגען נאך דעם צוזאַמענרופער, אום איהם צו העלפען אין פאַל פון נויט און יעדענפאַלס אום צו זיין אויגענצייגע. דאס צוזאַמענרופען פון עדות האט ביי דיא אַלטע דייטשען געהייסען „געריפטע“. יעדע אָפּמאַכונג, יעדע ענדערונג פלעגט מען בעקאַנט מאַכען צו דיא אַרומיגע מענשען דורך *אויסגעשריען*. אלע וואס האבען געהערט דיזע געשרייען זיינען שוין דורך דעם אליין גערעכענט געווען פאר עדות. א סך אזעלכע עדות האבען אויך געמעגט זיין דיא ריכטער און בעשטראָפען דעם פערברעכער. אייגענטהומס־רעכטע פלעגען איבערגעבען ווערן ניט נאר אין דער אַנוועזענהייט פון עדות, זאָנדערן אויך דורך געוויסע צייכענס, וויא דורך איבערברעכען א שטעקען, שפּרינגען איבער א פאַרקען א. ז. וו. דיזע צערעמאָניעם זיינען איינגעפיהרט און אָנגעהאַלטען געוואָרן, אום דיא עדות זאָלען בעסער געדיינקען, וויא דיא פערהאַנדלונג איז צוגעגאַנגען. מען האט אזוי שטענדיג געהאַט עפּעס א פאַקטישען צייכען, דאס זאַכען און אויף

לאַנד זיינען איבערגעגאַנגען פון איין אייגענטהימער צו א'ן אנדערן.

איינִיגע פון דיזע חזקה־צערעמאָניעס זיינען נאָך פערבליבען ביז היינט צו טאָג. זאָ, צו ביישפּיעל, איז פערבליבען דער מנהג צו טרינקען נאָך א מסחר. פריהער פּלעגט מען טראַקטירען עדות מיט געטרענק (מייסטענס מיט וויין, פון וואַנען עס שטאַמט דער דייטשער נאָמען דאפיר „לייקויף־וויינקויף“), אום זיי זאלען בעסער געדיינקען ווען און וויא אזוי דער מסחר איז געשעהען. ביי איינִיגע דייטשע שטאַמען פּלעגט מען דיא עדות אָנכאַפּען פאר דיא אויערן, אז זיי זאלען בעסער בעטראַכטען דיא פערקויפטע אדער אויסגעטוישטע זאכען. ווען לאַנד־אייגענטהום איז שוין פעסטגעשטעלט געוואָרן, פּלעגט מען אויך ביי איינִיגע שטאַמען ארומפיהרען עדות איבער דיא גרענעצען פון דיא ערוואָרבענע שטיק לאַנד און אויף געוויסע פּונקטען איינפאַך שמייסען יונגע לייט, אז זיי זאָלען געדיינקען דיזע פּונקטען זאָלאַנג זיי װעלען לעבען.

ווען מען האט אָנגעפאַנגען צו געברויכען אין געריכטען פּייני־גונגס־מיטעל צו צווינגען פערברעכער און עדות צו זאָגען דעם אמת, ווייס מען ניט. זיכער איז נאר, אז צוערשט האט מען דיזע מיטעל אָנגעווענדעט געגען שקלאַווען. מען פּלעגט שמייסען און שלאָגען דיא שקלאַווען אום זיי זאלען זאָגען דעם אמת געגען זייערע הערן און זיך מודה זיין אין זייערע אייגענע פערברעכען. דאס האט מען געטאָן ניט נאר, ווייל מען האט איבערהויפּט גרויזאם בעהאַנדעלט דיא שקלאַווען, זאָנדערן אויך ווייל מען האט זיי געהאלטען פאר ליגנערס און פאַלשע מענשען. אין רוים האט מען ביסלעכווייז גענומען אָנווענדען אַלץ מעהר שמערצליכע צוואַנגס־מיטעל, אום צו צווינגען שקלאַווען צו זאָגען עדות געגען זייערע הערען. פרייע בירגער האבען נאר געהאט אויסצושטיין דיא פּייניגונגען, וועלכע זיינען געווען פערבונדען מיט גאָט'ס משפט. מיט דער צייט אבער האט מען אויפגעהערט צו מאַכען אונטערשיעדע צווישען שקלאַווען און פרייע בירגער ביי פּייניגונגען אויף געריכטען. אזוי איז עס בעזאָנדערס געווען אין מיטעל־אַלטער, ווען אויראָפּא האט נאָך איבערגעשטיגען אזיען אין דער אָנ־ווענדונג און אין דער שרעקליכער גרויזאמקייט פון דיא געריכטס־

פייניגונגען. דיזע פייניגונגען האבען דערגרייכט זייער העכסטע און שרעקליכסטע שטופּע אין דיא שפּאנישע און רוימישע אינקוויזיציאָנען.

וואס אנבעלאנגט צו דיא שטראָפען, איז שוין אויבען בעמערקט געווען, אז זיי זיינען געווען זעהר גרויזאמע. אפילו אין דיא צייטען, ווען מען האט אָנגעפאנגען צו פערשרייבען געזעץ, זיינען דיא שטראָפען פערבליבען אזעלכע בארבארישע וויא אין ווילדען צושטאנד. דיא פערבליבענע הייליגע ביכער לאָזען אונז קיין ספק ניט איבער וועגען דעם. דער צוועק פון אלע שטראָפען איז געווען און פערבלייבט ניט נאר אָפּצורעכענען זיך מיט דיא פערברעכער, זאָנדערן אויך ארויפּצולייגען א שרעק אויף אלעמען, אז מען זאל קיינע פערברעכען בעגיין. אזוי וויא אבער דיא פּראַקטיקע האט בעוויזען אין אלע צייטען און לענדער, אז פערברעכען קען מען ניט אָפּשאפען מיט שטראָפען, וויא גרויזאם און פירכטערליך דיא שטראָפען זאָלען ניט זיין, זאָ האט מען אויך געזוכט אלץ מעהר איינצושרעקען דורך דיא שטראָפען פון דיא געטער און גייסטער. מען האט אויך ביסלכוויז איינגעפיהרט זעלבסט־שטראָפען אלס תשובה פאר בעגאנגענע פערברעכען, אום דערמיט איינצושטילען דעם צאָרן פון דיא געטער און צו רעטען דיא נשמות פון גיהנם, ווען דיא ענטוויקלונג פון דער רעליגיאָן איז דערגאנגען צו דער לעהרע פון א גיהנם און פון א גן־עדן.

בעזאָנדערס אינטערעסאנט און וויכטיג זיינען אין דיזער בעציהונג דיא הייליגע ביכער פון דיא אלטע אינדוסען. א גרויסער טהייל פון זיי איז פערנומען מיט אויסרעכנונגען פון דיא שטראָפען אין דיא 22 אָבטהיילונגען פון גיהנם, וועלכע ווערן בעשריבען ניט נור מיט פיעלע איינצעלהייטען און מיט בעשטימטע אויסלייטערונגען פון דיא זינדיגע נשמות, זאָנדערן אויך מיט פּאָרשריפטען פון זעלבסטפּייניגונגען, אום צו קענען אויסמיידען דיא שרעקען פון גיהנם. אין איין אָרט ווערט דעם בעל־תשובה פּאָרגעשריבען זיך צו קאלעטשיען (פערקריפּעלן) און צו גיין אין א בעשטימטע ווענדונג ביז ער וועט אנידערפאלען טויט. אין א׳ן אנדער אָרט הייסט מען דעם בעל־תשובה אריינווארפען זיך דריי מאָל אין פייער אריין אדער גיין אין א שלאכט און זיך אויסשטעלען אזוי, אז דיא פיינדע זאָלען איהם טויטען. פאר

א גרויסען פערברעכען איז דיא תשובה בעשטאַנען אין ליעגען זיך אויף א רויט־אָנגעברענטע אייזערנע בעט אדער אין פערברענען זיך אויף טויט אין א צימער.

דיא ריכטער זיינען נאַטירליך געווען דיא פֿריעסטער, דיא בראַמינען־קאַסטע. זיי האבען עס אויך אויסגעאַרבייט און פערשריבען דיא הייליגע געזעץ. נאר נאַטירליך זעהר וועניגע פערברעכער האבען געקענט תשובה טאָן נאך דיא גרויליכע פֿאָרשריפטען פון דיא הייליגע ביכער, וויא אַבערגלויביש מען איז דאַן ניט געווען. דיא בראַמינען האבען דאַרום בעדאַרפט האבען אָ וועלטליכע מאַכט אויסצופיהרען דיא פֿאָרגעשריבענע שטראָפען. דיזע מאַכט האבען זיי איבערגעגעבען צו דיא פיהרערס און קעניגע. סער הענרי מעין, דער בעוואוסטער נאכפֿאָרשער וועגען אַלטע געזעץ און מנהגים, דיינקט, אז דיא קעניגע זיינען נאר געווען העלפערס פון דיא בראַמינען און אז זייער פֿפליכט איז געווען צו צווינגען אויסצופיהרען דיא פֿאָרשריפטען פון זעלבסט־בעשטראָפונג פאר עבירות און פערברעכען. אין דעם הייליגען בוך פון אַפּאַסטאַמבא ווערט אויסדריקליך ערקלערט: „ווען אירגענד וועלכע פערזאָנען וועלען איבערטרעטען דעם בעפעהל פון זייער גייסטליכען פיהרער, זאל ער זיי ברייגנען פאר דעם קעניג. דער קעניג דאַרף זיך בעראַטהען מיט זיין הויז־פֿריעסט וועלכער דאַרף קענען דיא געזעץ און אויך וויסען וויא צו רעגירען איבער מענשען. אויף זיין ראַטה הייסט דער קעניג דיא שולדיגע אויספיהרען דיא נויטיגע תשובה, אויב דיא שולדיגע זיינען בראַמינען; ער קען זיי אויך צווינגען צו טאָן תשובה דורך פערשיעדענע מיטעל אויסער קערפערליכע שטראָף און פערשקלאַפונג. אבער מענשען פון אַנדערע קאַסטען קען דער קעניג בעשטראָפען זאָגאר מיט׳ן טויט נאכדעם ער האט נאכגעפֿאָרשט זייערע פערברעכען“.

דיא געריכטליכע שטראָף איז אַלזאָ בעשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון דיא בראַמינען אין דער געצוואונגענער אויספיהרונג פון דיא זעלבסט־פייניגונגען, וואס דיא הייליגע ביכער האבען בעפוילען אום צו טאָן תשובה. און דער „הויז־פֿריעסט“ פון דעם קעניג איז פאַקטיש געווען דער הויפט ריכטער און רעגירער,

אייגענטליך דער ערשטער מיניסטער. אז דיא בראַמינען זיינען גע־
ווען דיא פערפאַסערס פון דיא געשריבענע געזעץ, קען מען אויך זע־
הען פון דעם, דאס זיי האבען ערקלערט, אז „א בראַמין טאָר מען
ניט קערפערליך בעשטראָפען; דיא העכסטע שטראָף פאר איהם איז
בעקאַנט צו מאַכען זיין פערברעכען, איהם פעריאָגען און שענדען".

מיר קענען זיך אבער דאָ ניט אָפּגעבען מיט א ספּעציעלע
נאכפאָרשונג וועגען דיא אַלטע געזעץ פון דיא אינדוסען און פון אנ־
דערע פאַרצייטיגע פעלקער, דען דאס וועט אונז אוועקפיהרען אין צו
ווייטע דרכים. פאר אונז איז גענוג צו וויסען דעם אלגעמיינעם וועג,
וויא געזעץ און געריכטען זיינען ענטשטאַנען און וויא מען האט גע־
משפט אין דיא אַלטע צייטען, וויא דאס איז ערקלערט אין דיזען
קאַפּיטעל.

# זיעבצעהנטער קאַפּיטעל.

## אלגעמיינע געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט.

דאס לעבען אין סטאַדעס. — מוטערליכע פאַמיליען, אָנקעל־רעכט און פאָטער־רעכט. — פּאָליגאַמיע, ערשטע פרויען און מאָנאָגאַמיע. — דיא וויר־קונגען פון פּאַטריאַרכאַט אויף דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און אויף דיא ענט־שטעהונג פון שטאַאטען. — דיא געגענזייטיגע ווירקונגען פון האַנדעל און שטאַ־אַטס־אָרגאַניזאַציאָן. — דיא קולטור־ראָלע פון שקלאַווערייַ. — פערטהיילונגען אין קלאַסען און קאַסטען. — פעאָדאַליזמוס. — טעאָקראַטישע שטאַאטס־אָרגאַ־ניזאַציאָנען. — דער קלאַסענקאַמפּף. — דיא אַריער אין פערגלייך מיט אַנדערע פעלקער און ראַסען. — דיא אלגעמיינע ענטוויקלונג פון דיא אוירא‎ָפּעער. — דיא אוירא‎ָפּעאישע ציוויליזאַציאָן.

מיר זיינען יעצט צו ענדע מיט אונזערע נאכפאָרשונגען איבער דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון דיא פאַרצייטיגע מענשען און אונז בלייבט נאר צו בעטראַכטען זייער גייסטיגען לעבען, נעמליך: דיא ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פון שפּראַכען, שריפטען, קונסטען און גלויבענס.

מיר האבען אבער אין דיא פאָריגע 16 קאפּיטלעך אָנגעריהרט אזוי פיעל העכסט קאָמפּליצירטע פּונקטען — מיר זאָגען אָנגעריהרט, ווייל וועגען יעדען פון דיזע פּונקטען האט מען שוין אָנגעשריבען בערג מיט ביכער — און דערביי האבען מיר געהאַט צו בעהאַנדלען דיא גע־

זעלבשטאנדיגע פיהרונגען און אָרגאניזאציאָנען בעזונדער, וועהרענד אין דער ווירקליכקייט זיינען זיי שטענדיג געווען ענג צוזאמענגעפלאָכטען און צוזאמענגעוואקסען,—דאס עס וועט גאר ניט איבריג זיין צו ווארפען א׳ן אלגעמיינעם בליק אויף דעם פאָרטשריטס־וועג, וואס דיא מענשהייט האט אזוי לאנגזאם און מיט אזעלכע שוועריגקייטען דורכגעמאכט ביז אונזער צייט.

נאך אין דיא אונגעהייער ווייטע צייטען צוריק, ווען מענשען האבען זיך גאנץ וועניג אונטערשיידעט פון דיא העכערע סאָרטען אפפען, האבען זיי שוין אייגענטליך ניט געלעבט יעדער בעזונדער, נאר אין קליינע גרופען. דאס האבען זיי געמוזט טאָן אום צו האבען א בעסערע בעשיצונג געגען אנדערע חיות, וועלכע זיינען שטארקער און בעסער בעוואפענט פאר זיי פון דער נאטור. דיא ערשטע מענשען האבען געוואנדערט איבער דיא וועלדער אין גרופען פון א פאָטער און מוטער מיט זייערע יונגע קינדער אזוי וויא נאך ביז היינטיגען טאָג דיא וועדדאכען אויף דעם אינזעל סעילאָן, דיא ווילדעסטע מענשען אויף דער ערד. נאר דער אינסטינקט פון זעלבסט־פער־טהיידיגונג האט דיא ווילדע מענשען געטריבען צו פערבינדען זיך אין אלץ גרעסערע גרופען. דאס זיינען אבער נאך ניט געווען געזעל־שאפטען, נאר סטאדעס. דיא מיטגליעדער האבען אויך געלעבט וויא חיות אונטער דער אָנפיהרונג פון שטארקערע זכרים. אין דיזע מענשליכע סטאדעס האבען אלע ווייבער געהערט צו אלע מענער, בעזאָנדערס צו דיא פול־ערוואקסענע און שטארקערע. בלוטשאנדע איז געווען א געוועהנליכע זאך, און דיא קינדער האבען קיינע פאָטערס געהאט און געהערט צו דער גאנצער גרופע. גערעכענט האבען זיי זיך נאך זייערע מוטערס, וועלכע האבען זיי געמוזט קאָרמענען יאָה־רענלאנג, דען עס איז נאך קיין אנדער שפייז פאר יונגינקע קינדער געווען אויסער מוטערמילך. מוטערליעבע איז געווען דיא ערשטע און שטארקסטע צוציהונגס־קראפט פון פאמיליען לעבען. ארום דיא מו־טערס האבען זיך גרופירט זייערע קינדער, בעזאָנדערס זייערע טעכ־טער, וועלכע זיינען פריהצייטיג געוואָרן מוטערס און האבען צוגעצויי־גען צו זיך מענער אלס בעשיצער און העלפערס.

דאס האט נאטירליכערווייזע געפיהרט צו דער פאמיליען־אָר־גאניזאציאָן, וועלכע ווערט בעצייכענט אין דער קולטור־געשיכטע מיט דעם נאָמען מאטריארכאט און וועלכע איז ערקלערט און בע־שריבען געוועזען אין דיא ערשטע דריי קאפיטלעך פון דיזען באנד. דיזע פערבינדונגען זיינען געוועזען זעהר שוואכע, בעזאָנדערס צווישען דיא מענער און פרויען. זיי האבען זיך אָנגעהאלטען נאר דורך דיא בלוטפערוואנדטשאפט. דיא פרויען האבען נאטירליך ניט געקענט בעהערשען דיא מענער אפילו אין דיא צייטען פון פאָלקאָמענע מוטער־רעכט, ווען דיא פרויען זיינען געוועזען גאנץ אונאבהענגיג אין זייער חיונה פון דיא מענער און האבען צוגעשטעלט פלאנץ שפייז. דיא מענער האבען געהאט בעזונדערע שוואכע פערבינדונגען פיר געיעג און מלחמה. גרופּירונגען אין געמיינדען און שטאאטען האבען ערשט גע־קענט ענטשטיין, ווען וועניגסטענס א טהייל פון דעם אלטען מוטער־רעכט איז איבערגעגאנגען אין אָנקעל־רעכט. מיט דער פערמעהרונג פון דיא מאטריארכאלישע פאמיליען איז אליין נויטיגער געוואָרען אָנצוהאלטען דאס צוזאמענלעבען דורך דיא שטארקע האנד פון א מאן, וועלכער איז צוערשט געוועזען דער ברודער פון דער מוטער, דער אָנקעל, און וועלכער איז גערעכענט געוועזען פאר דעם פאָטער נאך דיא אורשפּרינגליכע בעגריפע וועגען בלוטפערוואנדשאפט.

אין דיא מאטריארכאלישע פאמיליען זעלבסט איז אלזאָ ביס־לעכווייז פערשטארקט געוואָרן דיא מאכט פון דיא מענער. קינדער האבען זיך נאך אלץ גערעכענט נאך דיא מוטערס און ירושה איז איבערגעגאנגען ניט צו דיא זיהן פון דיא פאָטערס, נאר צו דיא פּלע־מעניקעס; אבער אין אלע אנדערע אנגעלעגענהייטען האבען שוין געהערשט דיא מענער. סמנים פון מוטער־רעכט זיינען דארום פער־בליבען ביז היינטיגען טאָג אפילו ביי קולטור־פעלקער. אבער ווען דיא מענער זיינען שוין אין זייער חיונה ניט געוועזען אבהענגיג פון גע־יעג אליין, בעזאָנדערס ווען זיי האבען זיך גענומען פיר פיהפיטערונג און געקענט ערנעהרען זייערע פרויען און קינדער, האבען זיי ביסלעכ־ווייז איינגעפיהרט זייער רעכט, פאָטער־רעכט. אויף דעם פּלאץ פון מאטריארכאט איז אויפגעקומען דער פאטריארכאט, וויא דאס

אין ערקלערם אין פינפטען קאפיטעל. דיא פאָטערס האבען זיך ביסלעכוויז צוגעבונדען צו זייערע קינדער און זיינען געוואָרן קאָלקאָמענע הערשער איבער זייערע פרויען, וועלכע זיי פלעגען כאפען מיט געוואלט, וויא פריהער, אדער אויסקויפען ביי זייערע עלטערן אדער שטאמען. דיא קינדער און פרויען זיינען געוואָרן דאס אייגענטהום פון דיא מענער, וועלכע האבען גענומען אלץ מעהר בעשרענקען דיא פריהערע ליעבע־פרייהייט פון דיא פרויען. מען האט איינגעפיהרט אלץ שטרענגערע הייראטס־פאָרמען און שטרענג בעשטראָפט דיא פרויען פאר אונטרייהייט. נאכהער האבען דיא מענער אויך אָנגעפאנגען צו בעשרענקען דיא ליעבע־פרייהייט פון דיא מיידלעך.

פרויען האבען שוין געקענט אָנצייגען אויף דיא פאָטערס פון זייערע קינדער, הגם דיא קינדער האבען נאך געטראָגען דיא נעמען פון זייערע מוטערס אויף דעם אלטען שטייגער אדער האבען געהערט צום גאנצען שטאם. ביסלעכוויז האבען זיך דיא פרויען בעפרייט פון דעם שרעקליכען שקלאווען־יאך, וועלכען זיי האבען געטראָגען אין דיא צייטען, ווען דער פאטריארכאט איז אריין אין פולע קראפט נאך א מעהר אדער ווייניגער לאנגען קאמפף מיט דיא אלטע מאטריארכאלישע פיהרונגען און גרופּירונגען. פאָליגאמיע איז געוועזן אלגעמיין, אָפּהענגיג נאר פון דיא מאטעריעלע מיטעל פון דיא מענער און פון דיא צאָהל פרויען וואס דיא מענער האבען געקענט פאנגען אדער קויפען; אבער ביסלעכוויז האבען זיך אלץ מעהר גענומען אויסטהיילען דיא ערשטע פרויען, וועלכע זיינען געוואָרן דיא ווירטהינען און האבען מעהר אדער ווייניגער געהערשט איבער דיא אנדערע פרויען פון זייערע מענער. דיא ערשטע פרויען זיינען מיט דער צייט אנערקענט געוואָרן אלס דיא געזעצליכע און זייערע קינדער זיינען געוואָרן דיא געזעצליכע יורשים, דיא נאמענטרעגערס פון זייערע פאָטערס. עס איז אזוי ענטשטאנען מאָנאָגאמיע, און דיא פרויען האבען זיך ערוואָרבען אלץ מעהר רעכטע און אויך פרייהייט. פאָטער־רעכט איז פערבליבען און האט ארויפגעלייגט זיין שטעמפעל אויף אלע געזעלשאפטליכע איינריכטונגען; אבער דיא מאכט פון דיא פאטריארכען איז ביסלעכוויז בעשרענקט געוואָרן ביי אלע קולטור־פעלקער.

אונטער דעם פּאַטריאַרכאַט איז ניט נאָר איינגעפיהרט געוואָרן א שטרענגע און שטאַרקע פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן, זאָנדערן אויך א פעסטע און שטרענגע אָרדנונג אין דיא בעציהונגען פון דיא פאַמיליען איינע צו דיא אַנדערע. דיא פאַמיליען זיינען געוואַקסען אין צאָהל, אין קראַפט און אין פערמעגען, און פיעלע פון זיי זיינען אויסגעוואַקסען אין גאַנצע שטאַמען. דאַס האַט שוין געפיהרט צו א געוויסע שטאַאַטס־אָרגאַניזאַציאָן, צו א פערבאַנד צוערשט פון מעהר אדער ווענינער פערוואַנדטע פאַמיליען און נאַכהער פון בענאַכבאַרטע געמיינדען. דיא שטאַאַטליכע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען דורך דעם אַלץ פערשפּרייטעט און ענטוויקעלט געוואָרן.

אָנפאַנגס האַט מען זיך ספּעציעל פערבונדען מיט מיליטערישע צוועקען, אום בעסער צו בעשיצען זיך געגען איבערפאַלונגען אדער ערפאָלגרייכער צו בעפאַלען אַנדערע שטאַמען. קריעג איז געווען דער אָנפאַנג און דער סוף פון דיא ערשטע פערבאַנדען פון פאַמיליען און שטאַמען. אין דיא פאַמיליען זעלבסט זיינען דיא פּאַטריאַרכען פערבליבען דיא אַבזאָלוטע הערשער. דער ווילען פון א פּאַטריאַרך איז געווען א געזעץ פאַר זיינע פרויען, קינדער און שקלאַווען, וויא גרויס זייער צאָהל איז ניט געווען. נור ווען דיא מיליטערישע פערבאַנדען האַבען אָנגעהאַלטען א לענגערע צייט, זיינען דורך דעם ענטשטאַנען אויך געוויסע בירגערליכע פערהעלטניסע צווישען דיא מיטגליעדער. אין דיא אינטערעסען פון אינערליכען פריעדען איז ניט אייז מאָל אויסגעקומען צו שליכטען דורך אַלגעמיינע בעשליסע שטרייטען צווישען פאַמיליען. דיא גרויסע נוצען פון פריעדען און אָרדנונג האַבען נאַטירליך אויך דיא ווילדעסטע מענשען איינגעזעהען און דאַרום האַט מען אַלץ מעהר גענומען שליסען פערבאַנדען צווישען גרופּען, וויא ווייט עס האַט נאָר געקענט אויסגעפיהרט ווערן. שוין צוליעב דיא בעשרענקונג פון דיא אַלטע גאולת הדם, וואָס עס איז אַזוי ענג פערבונדען געווען מיט דעם פּאַטריאַרכאַט און וואָס האַט געפיהרט צו שטענדיגע געגענזייטיגע אויסשלאַכטונגען פון פאַמיליען און שטאַמען, האַט מען געמוזט איינפיהרען א בעשטימטע אָרגאַניזאַציאָן פון געריכטען, אום צו בעשטראָ־

פען דיא שולדיגע נאך אלגעמיין אָנגענומענע רעגעלען. פאמיליען און שטאמען האבען גענומען אָפּמאכען, אז זיי זאָלען ארויסגעבען איינע דיא אנדערע זייערע פערברעכער אדער אליין צו בעשטראָפען זיי, אום אָנצוהאלטען שלום. דאס זעלבע איז אויך געווען וועגען דעם רויב פון פרויען, וועלכער האט אין דיא מאטריארכאלישע צייטען ארויסגערופען שטענדיגע שטרייטען און מלחמות.

צו דער זעלבער צייט ווען דיא פאטריארכען האבען אָפּגע־שאפט מוטער־רעכט און גענומען איינפיהרען זייער אָרדנונג, האט שוין דיא מענשהייט געמאכט גרויסע פאָרטשריטע אין אקערבוי, פיהפיטערונג און האנדווערקען. מען האט שוין געקענט ארויסקריגען פון דער ערד מעהר פּראָדוקטען, וויא מען האט עס בעדארפט צום געוויינליכען געברויך; מען האט שוין געהאט גרויסע סטאדעס בהמות און דערגאנגען וויא צו וועבען פערשיעדענע שטאָפען, וויא צו שמעל־צען מעטאלען און צו שמידען געוועהר און געצייג. דיא מאטעריעלע קולטור איז, מיט איין וואָרט, שוין געווען וייט ענטוויקעלט אין דיא אלע לענדער, וואו דער פאטריארכאט האט פערנומען דעם פלאץ פון אלטען מאטריארכאט. איין זאך איז דאָ געווען אָפּהענגיג פון אנדערע, וויא אין אלע מענשליכע אנגעלעגענהייטען און אויפטואונ־גען. אָהן דיא מעגליכקייט צו שאפען פּראָדוקטען דורך ארבייט און ערפינדונגען וואלט דער מאטריארכאט פערבליבען וויא נאך ביז היינט צו טאָג ביי דיא ווילדע פעלקער אויף דער נידריגסטער קולטור־שטופע, און אָהן דעם פאטריארכאט וואלט מען ניט געקענט צווינגען און נאכהער צוגעוואָהנען מענשען צו שטענדיגע צוועקמעסיגע ארבייט און אויך ניט געקענט איינפיהרען א בעסערע אָרגאניזאציאָן און שטרענגערע אָרדנונג אין דיא פאמיליען זעלבסט. אונטער דער אויפפאסונג פון פאטריארכען זיינען מענשען דיסציפלינירט גע־וואָרן. גאולת הדם און רויב פון פרויען, דיא שטענדיגע אורזאכען פון שטרייטען און שלאכטען אין מאטריארכאלישע גרופען, זיינען ביסלעכווייז אָפּגעשאפט געוואָרן; פאמיליען האבען געקענט רוהיגער לעבען, ארבייטען און זיך ענגער פערבינדען אין געמיינדען און קליינע שטאאטען. דיא בעציהונגען פון פאמיליען און געמיינדען זיינען אלץ

פערבעסערט געוואָרן דורך דיא שטרעבונג צו פריעדען און אָרדנונג. יעדער פּאַטריאַרך האט אָנגעהאַלטען א שטרענגע אָרדנונג אין זיין פאַמיליע און אלע צוזאמען האבען זיי אויפגעפּאַסט, אז זייערע בע־שליסע זאָלען ריכטיג אויסגעפיהרט ווערן און אז פריעדענסשטערער זאָלען שטרענג בעשטראָפט ווערן.

דורך דיא נעהענטערע און עפטערע פערבינדונגען פון געמיינ־דען איז דער אויסטויש פון זאכען, דער ערשטער האַנדעל, אליין גע־שטיגען. פון דער אַנדער זייט האט מען געהאַט אויסצוטוישען אדער צו פערקויפען א סך זאכען, ווייל דיא מאַטעריעלע קולטור איז אליין העכער געשטיגען דורך דיא פריעדליכע און אָרגאַניזירטע ארבייט אונטער דער השגחה פון דיא פּאַטריאַרכען. דיא פאָרדערונגען פון האַנדעל האבען ווייטער געפיהרט צו אליין ווייטערע פערבינדונגען אונטער פערשיעדענע שטאַמען, וועלכע האבען זיך אויף שטענדיג בעזעצט אין געוויסע ערטער און האבען זיך מייסטענס בעשעפטיגט מיט אַקער־בוי, וויא אין אייראָפּאַ און אין וועסט־אַזיען. א פערגרעסערונג פון האַנדעל האט נאטירליך געפיהרט צו אַ'ן ענטוויקלונג פון האַנדווער־קען און איבערהויפּט פון קולטור. מיר האבען דאָ אַלזאָ א קייט פון פיעלע רינגען, וועלכע זיינען אליין שטאַרקער צוזאמענגעשלאָסען גע־וואָרן. דורך דיזע שטענדיגע געגענזייטיגע ווירקונגען איז דער פאָרט־שריט פון דער מענשהייט אליין געשטיגען אין דיא גינסטיגסטע דער־צו ערטער, ספּעציעל אין דיא לענדער ארום דעם מיטעלמעער, צו־ערשט אין מצרים און קליין־אַזיען, נאכהער אין גריכענלאַנד און רוים און צולעצט אין גאַנץ וועסט־אייראָפּאַ.

אונטער דעם פּאַטריאַרכאַט איז אויך פערמעהרט און פערשטאַרקט געוואָרן דיא שקלאַווערייא, וועלכע האט געפיהרט צו דער ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענטהום, צו דער פערטהיילונג פון מענשען אין קאַסטען און קלאַסען און צו דער גרינדונג פון גרויסע שטאַאטען. שקלאַווערייא האט זיך אייגענטליך אָנגעפאַנגען אין יעגערישען צו־שטאַנד, ווענינגסטענס ביי געוויסע פעלקער, וועלכע האבען געהאַט גוטע יאַגד־פּלעצער וויא דיא אַמעריקאַנער שטאַמען אין נאָרד־אַמע־קאַ, נאר בעזאָנדערס איז זיא איינגעפיהרט געוואָרן אין פיהפיטערנ־

דען צושטאנד, וויא דאס איז שוין אויספיהרליך ערקלערט געוואָרן אין פיעלע פלעצער פון דיזער קולטורגעשיכטע. מיר האבען אויך געזעהען, אז וויא שרעקליך שקלאווערייא איז ניט געווען, איז זיא דאך געווען איינע פון דיא מעכטיגסטע מיטעל פון פראָגרעס. דיא פאטריארכען זיינען געוואָרן דיא הערשער ניט נאר פון זייערע פרויען און קינדער, זאָנדערן אויך פון פרעמדע מענשען, וועלכע מען האט געפאנגען אין מלחמה אדער געקויפט. דורך דעם זיינען נאך אין דיא עלטעסטע געזעלשאפטליכע גרופירונגען ענטשטאנען צוויי קלאסען: הערשער און בעהערשטע, הערען און שקלאווען.

דיא ענטשטעהונג פון שקלאווערייא איז געווען א העכסט וויכטיגער און ריזיגער שריט פאָרווערטס, דען מען האט אויפגעהערט צו טויטען קריעגסגעפאנגענע און אָנגעפאנגען צו בענוצען זיי צו ניצליכע ארבייט. דיא פאָרמען און מדרגות פון שקלאווערייא זיינען געווען פערשיעדען אין פערשיעדענע צייטען און לענדער, וויא מיר האבען עס געזעהען; אבער דיא רעזולטאטען דערפון זיינען שליסליך געווען דיא זעלבע איבעראל.

איינער פון דיא וויכטיגסטע רעזולטאטען איז דיא געוואָהנהייט צו דיסציפלינירטע ארבייט און צו געהאָרכזאמקייט. איין טהייל פון דיא געזעלשאפטליכע גרופען האט קאָמאנדעוועט איבער דעם אנדערן, האָבענדיג זאָגאר דאס רעכט פון לעבען און טויט איבער דיא בעהערשטע; אבער אלע צוזאמען האבען זיך צוגעוואָהנט צו לעבען אין א געוויסע אָרדנונג אונטער בעשטימטע פיהרונגען און געזעץ. שוין אין דיא ערשטע יעגערישע און מיליטערישע גרופען האט מען געפונען פיר נויטיג און ניצליך אויסצוקלייבען אָנפיהרער פון דיא שטארקסטע, פעהיגסטע און ערפאהרענסטע. אנדערס האט עס ניט געקענט זיין און וועט אויך קיין מאָל ניט זיין. א געוויסע צאָהל מענשען קען ניט אויספיהרען א'ן אלגעמיינע זאך, א בעשטימטען פלאן און בעזאָנדערס א קאמפף אָהן א געוויסע דיסציפלין און אָהן א געוויסע געהאָרכזאמקייט צו זייערע פערטרעטער און קאָמאנדירען. מיר וויסען, אז אין יעגערישען צושטאנד פיהרט מען שטענדיגע מלחמות. דיא יעגערישע גרופען האבן אלזאָ שטענדיגע געמוזט האָ־

בען אָנפיהרער און קאָמאַנדירען, וועלכע זיי האבען געמוזט פאָלגען צוליעב זייערע אַלגעמיינע אינטערעסען. דיא שטאַרקערע האבען אויך געקענט צווינגען דיא שוואַכערע צו פאָלגען. דאס וואס עס איז אין אָנפאַנג ענטשטאַנען אויס נויטווענדיגקייט איז מיט דער צייט גע־וואָרן א געוואָהנהייט. מען האט שוין אויך ניט געקענט אויס־קומען אין דיא צייטען פון פריעדען אָהן קאָמאַנדירען, וועלכע האבען דורך דעם פערכאַפּט פאר זיך אַלץ מעהר מאַכט. אין מענשליכען גייסט האט זיך אזוי ביסלעכווייז איינגעוואָרצעלט א געוויסע אונטער־טעניגקייט צו פיהרער און הערשער, וועלכע האבען נאַטירליכערווייזע געזוכט איבערצוגעבען זייער מאַכט און פערמעגען צו זייערע קינדער, ווען דיא פאַמיליען־אָרגאַניזאַציאָן איז געוואָרן א שטרענג פּאַטריאַר־כאַלישע.

עס איז אויך געווען נאַטירליך, אז דיא בעסערע יעגערס אדער קריעגערס זאָלען קריגען מעהר אָנזעהען און אויך גרעסערע חלקים ביי דיא פערטהיילונגען פון דיא ערוואָרבענע און געראויבטע זאַכען. פון זיי איז עס ענטשטאַנען דיא ערשטע אַריסטאָקראַטיע. ווען מען האט גענומען אומוואַנדלען קריעגסגעפאַנגענע אין שקלאַווען האבען דיא פיהרערס און שטאַרקערע זיך צוגענומען דיא מעהרסטע און בעסטע קריעגסגעפאַנגענע. צו דער זעלבער צייט איז שוין פּריי־וואַט־אייגענטהום אַלץ מעהר איינגעפיהרט געוואָרן און אזוי וויא דורך דיא אַרבייט פון שקלאַווען האט מען געקענט ערווערבען אַלץ גרעסערע פערמעגענס און אויך מעהר מאַכט, האבען דיא שטאַרקע גענומען פערשקלאַווען אויך דיא שוואַכע און אָרימע פון זייער אייגע־נעם שטאַם. שקלאַווערייַ איז פערבליבען און איז נאַך אַלץ מעהר פערשפּרייט געוואָרן, ווען קריגערישע שטאַמען האבען זיך בעזעצט אויף בעשטימטע ערטער און מען האט בעדאַרפט האבען א סך אַר־בייטער הענט. דיא ביישפּיעלע פון גריכענלאַנד און רוים צייגען אונז אז גראַדע ביי דיא העכסטע קולטורפעלקער פון דיא אַלטע צייטען האט שקלאַווערייַ דערגרייכט דיא העכסטע שטופע.

דיא געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן איז דורך דעם זעהר קאָמ־פּליצירט געוואָרן. עס זיינען געווען ניט נאר פרייע און שקלאַווען,

זאָנדערן דיא פרייע זעלבסט זיינען צוטהיילט געוואָרן אין עטליכע קלאַסען, בעזאָנדערס דורך דיא אונגלייכהייט אין פערמעגען. דיא פאַמי־ליען פון דיא הערשער, כהנים און קריעגערס האבען געבילדעט דעם העכערן קלאַס, דיא אַריסטאָקראַטיע, וועלכע איז ביי איינעגע פעל־קער, וויא צום ביישפּיעל ביי דיא אינדוסען, צוטהיילט געוועזן אין קאַסטען. דיא פאַמיליען פון האַנדווערקער, הענדלער און אַקערבויער זיינען געוועזן דער נידריגער קלאַס. דיא שקלאַווען זיינען גאַר ניט גערעכענט געוואָרן פאַר מענשען, נאַר פאַר דעם אייגענטהום פון זייערע בעלי־הבתים. דורך דעם בעזיץ פון שקלאַווען האבען דיא הערשענדע קלאַסען אַנגעקליבען גרויסע רייכטהימער און געקראָגען גענוג מאַכט צו אונטערדריקען און פערשקלאַווען דיא נידריגע קלאַ־סען פון זייער אייגען פאָלק, בעזאָנדערס דיא אַקערבויער. דיא הע־כערע קלאַסען, בעזאָנדערס דיא פּריעסטער, וועלכע האבען געשפּיעלט א פיעל גרעסערע ראָלע ביי אלע קולטור־פעלקער וויא מיר קענען זיך עס יעצט פאָרשטעלען, האבען געזוכט שטרענג צו בעשטימען דיא אונטערשיעדע צווישען דיא פערשיעדענע קלאַסען, אום בעסער אָנצוהאַלטען זייער הערשאַפט. דאָס האָט געפיהרט צו דער פער־טהיילונג אין קאַסטען אדער אין אזעלכע קלאַסען, וואָס זייערע פריי־ווילעגיען גייען נאַר איבער בירושה פון דיא עלטערן צו דיא קינדער. דיא העכסטע שטופען פון א קאַסטען־אָרגאַניזאַציאָן האבען דערגרייכט דיא אַלטע אינדוסען און אַלטע עגיפּטער. קיינער האָט ניט געקענט ארויסרייסען זיך פון זיין קאַסטע, צו וועלכע ער האָט געהערט דורך דעם צופאַל פון זיין געבורט. יעדערער האָט געמוזט פאָרטזעטצען דיא בעשעפטיגונג פון זיין פאָטער. דיא גאַנצע געזעלשאַפט איז גע־ווען איינגעקלאַמערט אין שטייגען, פון וועלכע מען האָט ניט גע־טאָרט ארויסגיין, דען דיא פּריעסטער האבען געלערנט, אז אזוי איז עס בעשטימט פון דיא געטער און אַנדערס דאַרף עס גאָר ניט זיין.

וועגען דיא פערבינדונג פון קאַסטען מיט רעליגיאָן וועלען מיר נאָך האבען צו ריידען אין דיא קאַפּיטלעך איבער דיא ענטוויקלונג פון רעליגיאָנען און פון פּריעסטער־קלאַסען. דאָ צייגען מיר נאַר דאַרויף אָן, אלס א וויכטיגען גרונד פון אונגלייכהייט אונטער מענשען און

פון א גאנצע שטאאטס־אָרגאניזאציאָן, אום דיזע אונגלייכהייט אָנצור־האַלטען. דיא הערשענדע קלאסען האבען אַלעס פאַרגעשריבען און אַלעס אזוי פעסטגעשטעלט, אז נאָך ביז היינט צו טאָג זיינען דיא קאסטען פערטהיילונגען געוויסערמאסען פערבליבען אין אינדיען. דיא ענטוויקלונג פון קאסטען האט נאַטירליכערווייזע געמוזט פיהרען צו דער גרינדונג פון א שטרענג פאַטריארכאַלישע אויבערמאכט פון דיא קעניגע אַלס דיא פערטרעטער פון דיא געטער אויף דער ערד. דיא הערשענדע קלאסען זעלבסט זיינען דארום מיט דער צייט געוואָרן אונטערוואָרפען צו זייערע קעניגע, וויא שקלאַווען. אפילו אין דיא לענדער וואו קאסטען זיינען ניט געווען אזוי שטרענג איינגעפיהרט און דורכגעפיהרט וויא אין אינדיען זיינען אויך דיא קעניגע געוואָרן דעספאָטישע הערשער דורך דיא פערטהיילונגען אין קלאסען.

אזוי איז עס צוגעגאנגען ביי אלע פעלקער אויף א געוויסער קולטורשטופע, ניט נאר אין מצרים, אינדיען, כינא, בבל, אשור און אנדערע אַזיאַטישע מלוכות, אין מעקסיקאָ און פערו, זאָנדערן אויך אין אייראָפּאַ. דיא מלכים פון דיא אייראָפּעאישע פעלקער זיינען געווען מעהר אדער וועניגער בעשרענקט אין זייער אייבערמאכט, וויא דאס איז ערקלערט געוואָרן אין פאָריגען קאפּיטעל, נאר דיא קלאַ־סען־פערטהיילונג איז פערבליבען און האט זיך ספּעציעל אויסגעדריקט אין דער געזעלשאפטליכער אָרגאניזאציאָן, וועלכע ווערט בעצייכענט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען פ ע אָ ד א ל י ז מ ו ס. אין יאַ־פּאַן זיינען נאָך ביז יעצט פערבליבען טהיילען פון דיזער סיסטעם פון קלאסען־פערטהיילונג און אין פּאָלינעזיען (דיא אינזלען פון גרויסען אָקעאַן) האט זיא זיך ערשט אָנגעפאנגען צו ענטוויקלען, ווען דיא אייראָפּעער האבען אהין דערגרייכט אין זייערע ים־רייזען. ספּעציעל אבער האט דיזע אָרגאניזאציאָן, — א געוויסע פאָרמע פון קאסטען־פערטהיילונג, הויפּטזעכליך אין א׳ן אדעליגע און א לייבקנעכט קאסטען — געבליהט אין מיטעלאַלטער אין וועסט־אייראָפּאַ.

אזא אַלגעמיינע סאָציאַלע סיסטעם, וועלכע איז ערשט געבראָ־כען געוואָרן אם ענדע פון 18־טען יאָהרהונדערט דורך דיא גרויסע פראנצויזישע רעוואָלוציאָן, האט נאַטירליכערווייזע ארויסגערופען א

גאַנצע רייהע געזעץ און בעשטימטע שטאַאטס־פאָרמען. וואס ווייטער האט מען אַלץ מעהר אַנגעלעגענהייטען געהאַט צו נעהמען אין אַכט און צו פערוואַלטען. מען האט געהאַט פעסטצושטעלען דיא רעכטע פון יעדען קלאַס בעזונדער, זייערע בעציהונגען איינע מיט דיא אַנדערע, זייערע פערהעלטניסע צום קעניג; מען האט אויך געהאַט צו בעשטימען דיא פערהעלטניסע צווישען פעלקער אין דיא אינטערעסען פון פריעדען, דעם האַנדעלס־פערקעהר א. ז. וו. דורך דעם זיינען דיא געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען אַלץ קאָמפּליצירטער געוואָרן.

וויא איינפאַך עס איז געווען דיא געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן אפילו אין דיא צייטען, ווען מען האט שוין אָנגעפאַנגען צו פערשרייבען געזעץ און רעליגיעזע פאָרשריפטען, דאס וויסען מיר פון דיא איבערגעבליבענע זאָ־גענאַנטע הייליגע ביכער. דיא גייסטליכע און וועלטליכע מאַכט פון דיא הערשער איז נאָך געווען צוזאַמענגעמיישט. דאס זעלבע איז אויך געווען מיט דיא געזעצגעבענדע און אויספיהרענדע מאַכט. דיא געזעטער און רעליגיאָנען זיינען געווען נ א צ י א נ א ל ע, און דיא גאַנצע שטאַאטס־אָרגאַניזאַציאָן האט בערוהט אויף דעם וואס דיא כהנים האבען געלערנט אין נאָמען פון דיזע געטער. דארום געפינען מיר, אז ביי אידען איז געצענדיענריי געווען גערעכענט פאר דעם ערגסטען פערברעכען. דאס איז געווען וויא האָכפערראַטה, דען דערמיט האט מען ניט געאַכטעם דעם נאַציאָנאַלען גאָט און אַלע זיינע בעפעהלע וויא אויך דיא געזעצע פון לאַנד אין זיין נאָמען.

נאר אַזעלכע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע מען רופט געוויינליך און מען קען אויך רופען ט ע א ק ר א ט י ש ע, ווייל דיא פריעסטער זיינען געווען דיא ריכטער און האבען איבערהויפּט געהאַט א גרויסע מאַכט, וויא ביי אידען אין דיא צייטען פון דיא שופטים, — אַזעלכע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען שוין געווען א ריזיגער שריט פאָרווערטס אין פערגלייך מיט דיא פריהערע. מען האט שוין ניט נאר געהאַט בעשטימטע געזעץ וועגען אייגענטהום און וועגען דיא אויפפיהרונג פון מענשען צו גאָט און צו לייטען, זאָנדערן מען האט געהאַט בעשטימטע ריכטער און בעשטימטע אויספיהרער פון דיא געזעץ. ביסלעכווייז איז דיא שטאַאטס־מאַכט אַלץ מעהר געוואָרן

א וועלטליכע, און דיא כהנים האבען מייסטענס געהאט צו פראווען רעליגיעזע צערעמאָניעס.

דורך דיא ענטוויקלונג פון פריוואט־אייגענטהום, וועלכע האט פערשטארקט דיא פריהערע קלאסען־פערטהיילונגען און געפיהרט צו אלץ א גרעסערע און שארפערע אונגלייכהייט, איז אויך ענטשטאנען א קלאסען־קאמפף, וועלכער האט זיך בעזאָנדערס ארויסגעוויזען ביי דיא פעלקער, וואס זייער שטאאטס־אָרגאניזאציאָן איז ניט געווען א דעספאָטיש־פאטריארכאלישע נאך דעם אזיאטישען מוסטער. מיר האבען געזעהען, צו וואס דיזער קאמפף האט געפיהרט אין גריכענלאַנד, רוים און אין גאנץ אייראָפּא. צו גלייכער צייט איז אויך דיא גייסטיגע ענטוויקלונג פון דיא קולטור־פעלקער אלץ געשטיגען. מען האט זיך שוין ניט בעגנוגענט מיט בלינדען גלויבען, מען האט שוין ניט געאכטעט פיהרונגען נור דארום, ווייל זיי זיינען געווען אלטע, מען האט געפרעגט קשיות, מען האט געהאנדעלט נאך דעם אייגענעם שכל, מען האט פילאָזאָפירט און קריטיקירט, מען האט פראָטעסטירט געגען דיא אונגערעכטיקייטען פון דיא אלטע פיהרונגען, געגען דיא פריווילעגיען פון דיא אדעליגע, מען האט גענומען פערלאנגען אלץ העכער און פעסטער גלייכע רעכטע פיר אלעמען אָהן אונטערשיעד פון ראסען און רעליגיאָנען. דיא געזעלשאפטליכע אָרגאניזאציאָן האט זיך דורך דעם אלץ ראדיקאלער געענדערט ביז מען האט ערוואָרבען פאָליטישע פרייהייט און גלייכהייט פאר'ן געזעץ, ביז דיא געזעצגעבענדע מאכט איז איבערגעגאנגען צו דיא פעלקער דורך זייערע אויסערוועהלטע פערטרעטער.

אזוי איז עס יעדענפאלס צוגעגאנגען ביי דיא שטאמען, וועלכע האבען זיך בעזעצט אין אייראָפּא. זיי האבען דערגרייכט דיא העכסטע שטופע פון ציוויליזאציאָן און זיי בעהערשען יעצט דיא גאנצע וועלט, הגם כינא אליין האט א פיעל גרעסערע בעפעלקערונג וויא גאנץ אייראָפּא. נאר מען דארף פון דעסטוועגען ניט מיינען, אז דיזע שטאמען זיינען אלע מאָל געשטאנען העכער וויא אנדערע פון דער ווייסער ראסע און אפילו פון דער מאָנגאָלישער ראסע. דיזע שטאַמען: גריכען, לאטיינער, סעלטען, גערמאנען, סלאווען און ז. וו. זיינען

אלע געקומען פון אזיען און ווערן גערופען אינדאָ־אויראָפּעער אדער אריער. זיי בעזיצען זיכער ניט גרעסערע גייסטיגע פעהיגקייטען, וויא דער אַנדער גרויסער צווייג פון דער ווייסער ראַסע: דיא סעמיטישע פעלקער. דיא אריער וואס זיינען פערבליבען אין אזיען, וויא דיא אינדוסען, פערסען, ארמעניער, קורדען, אפגאנער א. ז. וו., האבען זיך ניט אויפגעהויבען העכער פאר זייערע שכנים פון אנדערע ראַסען. פון דער אנדער זייט זעהען מיר, אז א טהייל פון דער מאָנגאָלישער ראַסע, דיא יאפּאנעזער, האט אין א גאַנץ קורצער צייט געמאַכט א וואונדערבאַרען שריט פּאָרווערטס און האט שוין דערגרייכט צו דער שטופע פון א ציוויליזירטע אויראָפּעאישע נאציאָן. וואס אָנבעלאַנגט צו דיא כינעזער, וועלכע בילדען דעם גרעסטען טהייל פון דער מאָנגאָלישער ראַסע, זאָ האבען זיי ניט נאר דערגרייכט צו א הויכע ציוויליזאציאָן פריהער פאר דיא אויראָפּעער, זאָנדערן זיי וועלען אויך אין א גאַנץ קורצע צייט מיט קיין זאך ניט אָפּשטיין פון דיא ציוויליזירטעסטע אויראָפּעאישע נאציאָנען. אין דעם קען קיין שום צווייפעל ניט זיין.

נאַטירליך, יאפּאנעזער, כינעזער און אנדערע אָפּגעשטאַנענע פעלקער בענוצען זיך יעצט מיט דיא פּארטיגע קולטור־ארבייט פון דיא פּאָרטגעשריטענסטע אויראָפּעאישע נאציאָנען און ווערן אויך אלץ געצוואונגען דערצו דורך דיא פערכאַפּונגען און קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פון דיא גרויסמעכטע. אבער יעדענפאַלס צייגט דיזע נאָכאַהמונג, אז דיא מאָנגאָלען, מאלאַיער און אפילו נעגערן זיינען פעהיג צו ווערן אזוי ציוויליזירט וויא זייערע לעהרער זעלבסט.

אונטער דיא אויראָפּעאישע פעלקער האבען ניט אלע געמאַכט דיא זעלבע פּאָרטשריטע אין דער זעלבער צייט. ווען דיא אריער זיינען ארויס פון אזיען, האבען זיי זיך אלע געפונען אויף דער זעלבער קולטור שטופע, וויא ווייט מיר קענען עס יעצט דערגיין דורך גרינדליכע נאכפאָרשונגען פון זייערע שפּראַכען און לעגענדען. זיי זיינען דאן אריבערגעקומען דעם אמת'ן ווילדען צושטאנד און האבען זיך שוין בעשעפטיגט מיט פיהפיטערונג און אקערבוי. זיי זיינען געווען אָרגאַניזירט אין שטאַמען און געמיינדען, פון וועלכע עס זיינען

מיט דער צייט ענטשטאַנען שטאאטען גראַדע אזוי וויא ביי זייערע ברי־ דער, דיא סעמיטען. יעדער איינצעלנער אייראָפּעער שטייט אויף יעצט ניט העכער פאַר א׳ן אזיאט. עס האט ניט איין מאָל גע־ טראָפען, אז אייראָפּעער וואס זיינען פערוואָרפען געוואָרן אונטער ווילדע שטאַמען, זיינען אליין אזוי פערווילדעט געוואָרן, דאס זיי זיינען געוואָרן מענשענפרעסער. דער בעריהמטער ענגלישער רייזענדער קוק האט, צום ביישפּיעל, אין איניגע מאַלאיער מלוכות פון באַטאַוויא געזעהען דיא קינדער פון פּאָרטוגעזער אין א שקלאַווישען צושטאַנד. אין אונזערע גרעסטע און ציוויליזירטעסטע שטעט וואַלגערן זיך ניט וועניג מענשען, וואס זיינען אזוי גראָב, אונוויסענד און ווילד וויא דיא אינדיאַנער פון אַמעריקאַ זיינען געוועזען.

אין אלגעמיינען אבער האבען זיך דיא אַריער פון אָנפאַנג אָן אויסגעצייכענט מיט א געוויסע אונאַבהענגיגקייט, מיט א נייגונג צו נאכפאָרשונגען, מיט א שטרעבונג צו פּערזענליכע פרייהייט און גלייכהייט. מיר האבען געזעהען, אז דער רעזולטאט דערפון איז גע־ ווען, דאס זייערע ערשטע שטאאטס־אָרגאַניזאציאָנען זיינען שוין ניט געוועזען אזעלכע שטרענג־פּאַטריאַרכאַלישע און דעספּאָטישע וויא א׳ן אזיען. בעזאָנדערס איז עס אזוי געוועזען ביי דיא גריכען און רוימער, וועלכע האבען געלייגט דעם פונדאַמענט פון אונזער יעצטיגער ציוויי־ ליזאציאָן. גראַדע דיא אינדאָ־אייראָפּעער שטאַמען, וואס זיינען גע־ קומען אין נעהענטערע בעריהרונגען מיט דער גריכיש־רוימישער צי־ וויליזאציאָן, וויא דיא סעלטען און גערמאַנען, זיינען טאַקע פריהער ענטוויקעלט געוואָרן וויא דיא סלאַווען, וועלכע האבען זיך בעזעצט אין מזרח־זייט פון אייראָפּאַ. דיא זאָ־גענאַנטע ראָמאַנישע פעלקער— נעמליך פראַנצויזען, איטאַליענער, שפּאַניער און פּאָרטוגעזער — און א טהייל פון דיא גערמאַנער פעלקער, ספּעציעל דיא ענגלענדער, האָ־ לענדער און דייטשען — זיי זיינען עס געוועזן דיא טרעגערס פון דער גריכיש־רוימישער ציוויליזאציאָן און דורך זייערע אייגענע קולטור־אר־ בייט און פּאָרשונגען אין אלע צווייגען פון קונסטען און וויסענשאַפ־ טען האט עס גאַנץ אייראָפּאַ דערגרייכט צו איהר יעצטיגע הויכע שטופע פון ציוויליזאציאָן.

וואס אָנבעלאַנגט ספּעציעל צו דער יעצטיגער פאָרמע פון שטאַאַטס־אָרגאַניזאַציאָנען אין אויראָפּא און אין אַמעריקא, זאָ איז זיא דער רעזולטאַט פון דעם סאָציאַלען קאַמפּף, וועלכער איז אָנגע־גאַנגען בעזאָנדערס אין ענגלאַנד און פראַנקרייך. אין ענגלאַנד איז צוערשט פעסטגעשטעלט געוואָרן דער מאָדערנער פּארלאַמענטאַריז־מוס. אויסער דעם זיינען עס געוועזען ענגלענדער, וועלכע האבען גע־גרינדעט דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון אמעריקא און בעוויזען דער וועלט, אז מען קען גאַנץ פריי און לייכט אויסקומען אָהן אריסטאָ־קראַטען און קעניגע, אָהן א שפּור פון דעם פעאָדאַליזמוס. אבער אָהן דיא גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן וואָלט זיך פון דעסטוועגען דער פעאָדאַליזמוס נאָך לאַנג אָנגעהאַלטען אפילו אין דייטש־לאַנד. דיזע רעוואָלוציאָן האט עס אויף אויביג געבראָכען דיא גע־ביידע פון פעאָדאַליזמוס אין אויראָפּא, זיא האט עס בעלויכטען דיא גאַנצע וועלט מיט דיא שטראַהלען פון פּאָליטישע פרייהייט, וועלכע האט געטריבען דיא מענשהייט אויף דעם וועג פון פּראָגרעס מיט ריזיגע שריט.

פון דיזער רעוואָלוציאָן האט זיך עס אָנגעפאַנגען, קען מען זאָ־גען, א ווירקליך נייע געזעלשאַפטליכע וועלט, פון וועלכע דיא גרע־סטע מוחות האבען אפילו ניט געוואַגט צו טרוימען מיט א יאָהר 200 צוריק. דאס וואס מיר רופען יעצט אויראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן איז סך הכל אלט א יאָהר 300, נאר איהר ערשטער פונדאַמענט איז געלייגט געוואָרן אין דיא ערשטע רעפּובליקאַנישע געמיינדען מיט ראַטהען פון עלטסטע, וועלכע האבען נאָך אין אַלטערטהום אזוי הויך אויפגעהויבען גריכענלאַנד און רוים.

**ענדע פון צווייטען באַנד.**

# קאַטאַלאָג

פון די

# אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק

פּרייז

פיליפ קראנץ, קולטור געשיכטע, 1טער באַנד, געבונדען.... $ .75
" " " " 2טער " " .... .75
" " " " 3טער " " .... .75
" " " " 1טער " פּאַפּיער.... .60
" " " " 2טער " " .... .60
" " " " 3טער " " .... .60
" " פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, געבונדען....... .75
" " " " פּאַפּיער...... .60
" " אַמעריקא פאר קאָלומבוס, געבונדען......... .50
" " יציאת מצרים ..................... .15
" " וואָס הייסט נאַציאָן .................. .10
" " אַריסטאָטעל ביאָגראַפיע...... .10
" " ברוך שפינאזא " ...... .15
" " שבתי צבי " ...... .15
" " יאָזעפוס פלאוויוס " ...... .15
" " בר כוכבא " ...... .15
" " לעסינג און מענדעלסאָהן " ...... .25
" " די פאַמיליע ראָטהשילד " ...... .15
" " דון יצחק אברבנאל " ...... .15
" " מאָהאַמעד " ...... .15
" " מעיערבעער " ...... .15

| | פרייז |
|---|---|
| מארריס ראזענפעלד, שריפטען, 1טער באנד, געבונדען | 1.00 |
| " " " 2טער " " | 1.00 |
| " " " 3טער " " | 1.00 |
| " " היינריך היינע, ביאגראפיע | .15 |
| " " יהודה הלוי " | .15 |
| ד. פינסקי, ערצעהלונגען, 1טער באנד | .50 |
| " " " 2טער " | .50 |
| " " אייזיק שעפטעל, דראמא | .15 |
| " " זרבבל | .5 |
| דר. קאספע, מעכאניקע | .10 |
| " " כעמיע | .15 |
| " " אסטראנאמיע | .15 |
| יהואש, געזאמעלטע ליעדער, געבונדען | 1.00 |
| י. גארדין, ערצעהלונגען | .50 |
| " " גאט, מענש און טייוועל | .25 |
| " " סאפפהא | .25 |
| " " אלישע בן אבויה | .15 |
| " " דער אונבעקאנטער | .20 |
| " " די אמת'ע קראפט | .20 |
| " " וואלטער, ביאגראפיע | .10 |
| מאקסים גארקי, ערצעהלונגען | .15 |
| " " אינטערוויוס | .15 |
| ליעוו טאלסטאי, איינציגער מיטעל | .5 |
| " " פאטריאטיזמוס און רעגירונג | .5 |
| " " צום ארבייטער פאלק | .15 |

## פאלגענדע ווערק ווערען פערפערטיגט צום דרוק:

אַ פאָלשטענדיגע אויסגאבע פון י. ל. פרץ'ס שריפטען
דר. ח. זשיטלאָווסקי'ס שריפטען
ליעסינ'ס געזאַמעלטע ליעדער
יודישע פאָלקס־ליעדער געזאַמעלט פון י. ל. כהן
מילל'ס פרייהייט, איבערזעצט פון דר. י. מעריסאָן
דער מטורף, דראמא אין 4 אקטען, פון יעקב גאָרדין
יעקב גאָרדין'ס ערצעהלונגען, צווייטער באַנד
ל. טאָלסטאָי'ס די שקלאפעריי פון אונזער צייט
" " דער סוף פון דער היינטיגער וועלט
" " די אויפשטעלונג פון גיהנם
" " וועגען דער געזעלשאפטליכער בעוועגונג אין רוסלאַנד
" " תחית המתים
היינעס געדיכטע, איבערזעצט פון ד. פינסקי
סאקראטעס, אַ ביאָגראַפיע פון דר. ק. פאָרנבערג
געקליעבענע ערצעהלונגען פון גיואי דע מאפאסאן, איבערזעצט פון י. ענטין

